


אַרויסגעגעבן פֿונעם דאַווידזאָן בוך=קאָמיטעט
אונטער שעפֿטום פֿון בר. 170 א.ק.אָ. טשעלסי, מאַס.
און מיט דער מיטהילף פֿון בר. 132 א.אַ.אָ. אָרדן
פעברואַר – 1942 – ניו=יאָרק

# דערקלערונג פון ברענטש 170

דער קאַלמען-מאַרמאָר בר. 170 פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן — ווי אַ קולטור-אינסטיטוציע — איז שטאָלץ מיטן קאָוועד, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן, צו נעמען דעם שעפּטום איבערן 2-טן באַנד פונעם מילכאָמע-ראָמאַן „איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער״, פון טאַלאַנטפולן שרייבער כאַים מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן, און העלפן אַרויסגעבן אים. מיר, די טוער אין ברענטש, וואָס האָבן ביז איצט שוין באַוויזן צו פאַרשפּרייטן עטלעכע דרייסיק עקזעמפּליאַרן פון ערשטן באַנד (אַ כרץ אַ צאָל פונעם גאַנצן ווערק), וועלן זיך איצט מיט מער ענערגיע אַ נעם טאָן צו דער פאַרשפּרייטונג.

מיר פאַרשפּאָרן דאָ אָנווייזן וועגן דער וויכטיקייט און אינטערעסאַנטקייט פון אָט דעם ווערק. יעדער איינער וואָס האָט געליענט דעם ערשטן באַנד, האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אַף דער דערשיינונג פון 2-טן, און מיר זענען זיכער, אַז פונקט מיט אַזאַ אומגעדולד וועט יעדער אויך דערוואַרטן דעם דריטן באַנד. און קעדיי דאָס זאָל קאָנען וואָס גיכער צו שטאַנד קומען, רופן מיר אַלע אונדזערע שוועסטער-אָרגאַניזאַציעס, די ברענטשעס פון אָרדן, אונדז צו העלפן אין דער אויפגאַבע דורך פאַרשפּרייטן צווישן זייערע מיטגלידער אַזויפיל ביכער וויפל נאָר מעגלעך. דאָס וועט זיין ניט נאָר אַ מאַטעריעלע הילף פאַרן מעכאַבער, — נאָר וועט אויך זיכער דינען פאַר אים ווי אַן אינספּיראַציע פאָרצוזעצן זיין וויכטיקע אַרבעט אַף צו באַרייכערן די פּראָגרעסיווע אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע.

עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פון ברענטש 170:

ב. שאָר, ב. באָרדן, ה. פיין, ב. גודמאַן, ס. וואַסטרעל, טש. בעקער, וו. סאָקאָל, ד. דאַוויס, וו. פּאָלאַק. טש. קליינפעלד — קולטור-דירעקטאָר.

# I CAME OUT ALIVE

(ICH BIN AROIS A LEBEDIKER)



2855 BARKER AVENUE

— BRONX, N. Y. —

PHOTOLITHOGRAPHED FROM AUTHOR'S MANUSCRIPT IN U·S·A· 1941-2

VOLUME II

מיינע זין
לוין און רובין




## מיטגלידער פון ספּעציעלן בוך־קאָמיטעט

ווילי‌אַם אייבראַמס
איטשע אָפּנבערג
ש. אַלמאַזאָוו
מ. ל. אָלקין
לינאַ אָזעראָוו
סאָרע לייע אייבראַמסאָן
י. ב. ביילין
לייע בלום (שיקאַגאָ)
ר. בראָנשטיין (פּילאַ)
סאָניע בערמאַן
מאַקס בראָנשטיין
בען גודמאַן (טשעלסי)
מאַקס דזשענקינס (פּיטסבורג)
גאָלדע דוביצקי
ג. האָכבערג
ווילי‌אַם ווײַנער
רוּווען זאַלצמאַן
כ׳ טאַפּט
רוּווען יוקלסאָן
לואיס יוסין
סעם ליפּצין
קאַלמען מאַרמאָר
מאָריס מאַרקוס
ל. מילער
א. מאַנדלבוים
פּ. נאָוויק
טשאַרלז נעמעראָוו
געדאַליע סאַנדלער
מיני סמאָלער (לאָס. אַנזש)
שילעם סיטמאַן
פּינכעס ענגעל
ריילי פּיליצער (פּעטערסאָן)
י. פריד
ש. פעלדמאַן
כאַים פאָמען
מוישע קאַץ
טש. קליינפעלד (טשעלסי)
דאָוויד קאַפּלאָוויטש
נ. ד. קאָרמאַן (פּילאַ)
י. קאַציק (פּעטערסאָן)
פּיליפּ קאַרפּ (אַטל. סיטי)
מוישע ראָזנפעלד
מאַקס שטיינבערג
אָסקאַר שניידערמאַן
סאָניע שניידער
ליליען שער
ג. שערמאַן
ב. שיפער, סעקרעטאַר

# אינהאַלט פון צווייטן באַנד



# די לידער

אין דעם באַנד — פריי איבערזעצט פון מעכאַבער:





# פון מעכאַבער

**איבער** דער צייט, זינט עס איז דערשינען דער ערשטער באַנד פון אָט דעם ווערק, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דער וועלט-לאַגע. די צוויי גרעסטע פרידלעכע לענדער אין דער וועלט, סאָוועטן-פאַרבאַנד און אַמעריקע, וועלכע האָבן מיט אַלע קויכעס געוואָלט אויסמיידן פון אַריינגעצויגן צו ווערן אין דער מילכאָמע, זענען איבער גוואַלד אַריינגעשלעפט געוואָרן אין דער בלוט-באָד. דער מערדערישער פאַשיזם, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרכאַפּן און פאַרגוואַלדיקן דעם גאַנצן ערד-קיילעך, אויסצוראָטן און פאַרניכטן די אידן פון דער ערד, און פאַרשקלאַפן אַלע אַנדערע פעלקער, קעדיי צו שטעלן זיי אין קאַטאָרזשנע דינסט פון זיין — דורך זיינע פאַלש-געשאַפענע טעאָריעס — „הערן-ראַסע”, — האָט פאָרגעזעצט זיין באַנדיטישע אַרבעט. ער האָט שוין געזען, אַז קיין פרידלעך ווינקל זאָל ניט בלייבן אף דער ערד און אַז די בליענדיקסטע מענטשהייט, — די יוגנט, — זאָל מיט איר בלוט באַפייכטן דעם גאַנצן ערד-פלאַך.

דער פאַרעטעריש-אומגעריכטער איבערפאַל אינמיטן נאַכט מיצאַד די פאַשיסטישע באַנדיטן אפן פרידלעך-בויענדיקן סאָוועטן-פאַרבאַנד און — מיט עטלעכע כאַדאָשים שפּעטער — דער פונקט אַזאַ פאַרעטעריש-גנייווישער איבערפאַל אף אונדזער פרידלעכן לאַנד מיצאַד די ניי-געשאַפענע געלע „אַריער” פון מיזרעך, די יאַפּאַנעזער, — האָט ניט נאָר אינגאַנצן געענדערט די וועלט-לאַגע, נאָר אויך דעם אויסקוק פון אַלע פרייהייטלעכע מענטשן.

דער פאַרייניקטער אָפּרוף פון די פאַרשידענע ברידערלעכע פעלקער, וואָס באַוואוינען דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד (אידן אַריינגערעכנט), זייער העלדישער שטאַנד, אין קאַמף קעגן די אַריינדרינגנדיקע פאַשיסטישע האָרדעס, — האָט באַוויזן, אַז דאָרט וואו דאָס פאָלק איז ניט פאַרשקלאַפּט; אַז דאָרט וואו די קינדער פונעם לאַנד פילן, אַז דאָס לאַנד איז טאַקע זייערס און עס איז פאַראַן אַ פאַרוואָס עס צו פאַרטיידיקן, — שלאָגט עס זיך מיט מעסירעס-נעפעש און מיט אַזאַ העלדישקייט, וואָס רופט אַרויס באַוואונדערונג אף דער גאַנצער וועלט. עס האָט באַוויזן, אַז עס קאָן גאָרניט באַשאַפן ווערן אַזאַ קויעך, מעג ער זיין ווי טייוולישטאַרק, וואָס זאָל קאָנען פאַרגוואַלטיקן אַ פאַרייניקט, געטריי פאָלק. דער זיגרייכער קאַמף פון די סאָוועטישע העלדן, זייער דערפאָלגרייכער צעשמעטערן די מעכטיקע קריגס-מאַשין, ווי עס איז אין די לעצטע עטלעכע וואָכן געשען פאַר אונדזערע אייגענע אויגן אף די סאָוועטישע שלאַכט-פעלדער, — גיסט ניט נאָר אַן אַ נייעם מוט אין די הערצער פון די שוין ביז איצט פאַרשקלאַפטע פעלקער, נאָר זאָגט אויך פאָר אַן ענדגילטיקן זיג און אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון דער וועלט-שלאַנג. ניט איין פאַרשקלאַפּט פאָלק בענטשט איצט די סאָוועטישע העלדן פאַר זייער זיגרייכן קאַמף; ניט איין אומגליקלעכער, וועמען די באַרבאַרן פירן צו דער טליע, גייט אַוועק מיט פולער זיכערקייט, אַז אויך פאַר זיין אומגעבראַכט לעבן וועט גענומען ווערן נעקאָמע...

פונקט אַזוי מערקט זיך שוין די אַקשאָנעסדיק-העלדישע אייניקייט פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן ביי אונדז אין לאַנד. די מאַסן, וואָס ווען, אָן צווייפל, מיט מוט און מיט העלדישקייט זיך שטעלן קעגן די נאַצישע שוטפים, די יאַפּאַנעזישע מילכאָמע-צינדער און איבערפאַלער, און זיי אויסראָטן לויטן מוסטער פון די סאָוועטישע קעמפער...

וואָס שייך די פאַשיסטישע אַרמייען גופע, וועלכע זענען פאַר אַ צייט לאַנג באַצייכנט געוואָרן ניט נאָר פאַר גרויסע אומבאַזיגבאַרע קריגער, נאָר אויך פאַר אַזעלכע, צווישן וועלכע עס הערשט אַ הויכע מאָראַל, — איז זיכער, אַז שוין איצט וואַקסן און אַנטוויקלען זיך אין זייערע רייען די „דאַווידאָווס” און גרישונינס” (אָדער ווי זיי הייסן דאָרט), — וועלכע הויבן שוין איצט אָן אונטערצוגראָבן די הערשאַפט פון זייערע פאַרשקלאַפער. עמעס, זיי שווייגן נאָך דערווייל, פונקט ווי עס האָבן אין אָנהויב געשוויגן די דאַווידאָווס און די גרישונינס אין צאַרישן רוסלאַנד. זיי האָבן איצט נאָך מוירע פאַר זייערע שׂוֹנאים און

כאַווירים, וועלכע הערן זיך אונטער. אָבער ווען די קלעפּ, וואָס די פריי־הייט־ליבנדיקע קעמפער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער, וועלן ווערן שטאַרקער און ווירקזאַמער, — וועלן יענע זיך ערשט אָנבעמען מיט מוט און צוטראָגן זייער טייל, אַף צו פאַרענדיקן און באַגראָבן די פאַשיסטישע מאַכט, וועלכע האָט זיי פאַרשקלאַפט, פונקט ווי זי האָט געוואָלט פאַרשקלאַפן די גאַנצע איבעריקע וועלט. און דעמלט...

ווי זאָגט עס דאָ, אין דעם בוך, די הויף־דאַמע, — דער שליעך פון צאַר, וועלכע איז אין די לעצטע טעג געקומען אַף צו פּראָבירן ראַטעווען זיין מאַראָכע: — „און אויב עס וועט זיי נאָר געלינגען אָנצוכאַפּן דעם קנופּ, דאַן...”

און עס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז די דייטשישע פאַרשקלאַפטע אַרבעטער וועלן אין צייט פאָרט קענען אָנכאַפּן יענעם קנופּ, וואָס האַלט צוזאַמען די פאַשיסטישע מאַכט, אַזוי ווי עס איז אין צייט געלונגען די רוסישע אַרבעטער דאָס צו טאָן. און דאַן, דאַן וועט געשאַפן ווערן די רואיקע מילכאָמע־לאָזע וועלט, אין וועלכער אַלע פעלקער וועלן לעבן אין פרידן, ווי פריינט, פונקט ווי עס האָבן זיך פרידלעך און ברידערלעך צוזאַמענגעלעבט די פאַרשידענע פעלקערשאַפטן אין דעם באַפרייטן סאָוועטן־לאַנד...

מיט פאַרשטאַרקטע און פאַרייניקטע קויכעס מיצאַד די פעלקער פון דער וועלט, — וועט אָט יענע צייט וואָס גיכער דערגרייכט ווערן!...

***********

עס האָט גענומען געוויי אַ יאָר צייט פון זינט עס איז דערשינען דער ערשטער באַנד ביז דער דערשיינונג פון צווייטן. און זיכער איז עס ניט איבער דער שולד פונעם מעכאַבער. דאָס ווערק איז געלעגן פאַרטיק און גרייט, פונקט ווי עס ליגט שוין גרייט דער דריטער באַנד, וועלכער וועט, האָף איך, אינגיכן דערשיינען. ניט דאָ איז דער פלאַץ אויסצורעכענען און אָנצעווייזן די סיבעס פונעם אָפּהאַלט. עס מעג און דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז די באַציאונג צום אידישן בוך איז אַ נאַכלעסיקע. געווויסע קולטור־טוער אַף די ערטער, וואָס פאַרשפּרייטן געוויינטלעך ליטעראַטור צווישן די מאַסן, האָבן זיך געשאַפן אַ פאַלשע איינשטעלונג, אַז איצט, אין מילכאָמע־צייט, איז בּיכלאַל ניט די צייט אַף צום שרייבן און פאַרשפּרייטן בעלעטריסטישע ווערק. אַנדערע ווידער, וואָס האָבן ניט אָט דעם „קוק”, באַגרייפן ניט, אַז ביכער — ווי יעדער אַרטיקל — קאָסט געלט צו פּראָדוצירן, און זיי איילן זיך ניט אָפּצוצאָלן פאַר די גענומענע ביכער.

אָבער זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז עס זענען פאַראַן אויסנאַמען. וואָרים וואָלטן זיך ניט געפונען אָט יענע ערנסטע און איבערגעגעבענע טוער, וואָס האָבן יאָ אַ באַציאונג צום בוך און צום שרייבער, — וואָלט אָסער מעגלעך געווען אָנצוגיין מיט דער אַרבעט פון אַרויסגעבן דאָס בוך און עס וואָלט געבליבן אָפּגעשטעלט אינמיטן.

עס איז דעריבער אַ פרייד פאַר מיר דאָ־אָ צו פאַרצייכענען די נעמען פון אַ ריי אַזעלכע כאַווירים און פריינט, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן אין דער פאַרשפּרייטונג און דורך דעם געגעבן מיר מוט אָף פאָרצוזעצן די אַרבעט. אַזעלכע כאַווירים ווי בראָנשטיין פון פילאַדעלפיע, גודמאַן און קליינפעלד — טשעלסי, קאַציק און ריילי פיליצער — פעטערסאָן, לייע בלום — שיקאַגאָ, מיני סמאָלער — לאָס אַנזשעלעס, מוישע ראָזנפעלד — נ.י. און נאָך אַ צאָל אַזעלכע פריינט, וועמעס נעמען עס ווערן באַזונדער אויסגערעכנט, — האָבן מאַמעש געהאָלפן באַשאַפן די נויטיקע אויפלעבונג אָף פאָרצוזעצן די אַרבעט.

אַ באַזונדערע פרייד פאַר מיר איז אויך דער פאַקט, וואָס דער בּרענטש 170 פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן אין טשעלסי האָט גענומען אָף זיך שעפסטום איבערן צווייטן באַנד. עס איז זיכער, אַז בּרענטש 170, צוזאַמען מיט בּרענטש 132, וואָס האָט געהאַט שעפסטום איבערן ערשטן באַנד, וועלן — דורך פאַרשפּרייטן דאָס ווערק — האָבן געטאָן אַ וויכטיקע קולטור־אַרבעט. זייער אַקציע רעדט פאַר זיך אַליין. צו זיי אַלעמען — מיין טיפסטן דאַנק.

כאַיים [illegible]

# קאַפּיטל זעכצן

די מילכאָמע איז אַריין אין איר צווייטן יאָר. קיין אויסזיכט אף שאָלעם האָט זיך אַלץ ניט געזען. מען האָט שוין אַפילע מער ניט גערעדט וועגן דעם, פּונקט ווי די מילכאָמע וואָלט געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אָן וועלכער מען קאָן ניט אויסקומען. דערצו נאָך, אַביסל פון געוואוינשאַפט און אַביסל אויס מוירע, אַז אויב מען וועט נאָר אָנהויבן רעדן וועגן שאָלעם, — וועלן זיך, פאַרקערט, ווי שטענדיק, אָנהויבן נייע פאַרשטאַרקטע שלאַכטן — האָט מען בעסער געשוויגן. מען איז געוואָרן אַפּאַטיש, גלייכגילטיק און אָפּגעלאָזן. אויבנאויפיק האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז מען האָט זיך שוין אַזוי איינגעלעבט אין דעם שטייגער לעבן, פּונקט ווי קיין אַנדער לעבן וואָלט גאָר ביכלאַל אף דער וועלט ניט געווען.

אפן פראָנט איז געווען אַ שטילשטאַנד. די שלאַכטן, וואָס זענען יאָ פאָרגעקומען, און דאָס בלויז אין די בייסאָגן, — זענען דאָס ראָוו געווען לאָקאַלע. עס האָט אין זיי אָנטייל גענומען בלויז אַ קלייניע אָפּטיילונג, אָדער העכסטנס — אַ ראָטע. אין די אָוונטן, — ווי עס וואָלט געווען אַן אָפּמאַך צווישןביידע צדאָדים — איז געוואָרן שטיל, רואיק. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. בלויז צייטנווייז האָט זיך פון ערגעץ ווייט געהערט אַ צופעליקער שאָס, וואָס אַן אויסשפּיר-גרופּע האָט דורך אַ טאָעס אַרויסגעלאָזט און וואָס האָט ווי אַ דונער איבערגעשלאָגן די שווערע בייכאַכטיקע שטילקייט. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ הירזשעריי פון אַרטילעריע-און אָבאָז-פערד, וואָס זענען געשטאַנען באַהאַלטן ערגעץ אין אַ שפּאַלט צווישן די בערג, ווי פאַר ווייטע מיילן אַוועק. טיילמאָל האָט זיך אויך געהערט דאָס פאַרבייטראָגן פון פאַרשפּעטיקטע פּראָוויאַנט-וועגעלעך, וואָס האָבן אין זייער פאָרן געקלאַפּט מיט די אייזערנע רעדער-רייפן איבער דעם שטיינערנעם וועג און פאַנאַנדערגעטראָגן אַ הילכיקן טומל אפן גאַנצן אַרום. פונווייטנס

האָט זיך דערטראָגן די „מוזיק" פון טערקישע „אַרבאַ'ס" 1), וועלכע האָבן זיך פּאַמעלעך געשלעפּט ערגעץ אַף די געדרייטע בערג־וועגן און מיט זייערע טרוקענע אַקסן „אויסגעשפּילט" אייגנטאָניקע, קרעכצנדיקע סקריפּעריייען אין דער שווייגנדיקער נאַכט אַריין. אין דער לופט האָט זיך געצויגן דאָס מאָנאָטאָנע געגעצן פון די מידע „אישאַקעס" 2) און דאָס קעסיידערדיקע מר־אר־קען פון פוילע „בויוואָלן" 3), וואָס האָבן זיך — פאַרשלאָפענע — געשלעפּט אין זייערע יאָכן און אויסגעווײַנט זייער בענקשאַפט נאָך אַביסל היי און אַביסל אָפּרו.

מיר זענען געוואָרן אָפּגעלאָזן און פויל. מיר האָבן זיך שוין אַזוי געהאַט צוגעוואוינט צום שמוץ און צו דער בלאָטע, וואָס איז אָנגעוואַקסן אַף אונדזערע לײַבער ווי אַ קאָרע, — אַז עס האָט אונדז שוין מער ניט געאַרט אַפילע. ניט מיר האָבן זיך געוואַשן און ניט מיר האָבן זיך געבאָדן. אויב עס האָט זיך אונדז אַמאָל יאָ געמאַכט אַ געלעגנהייט און מען האָט זיך אַרומגעוואַשן, האָט עס שוין אויך גאַנץ ווינציק געהאָלפן. אין אַ ווײַל אַרום זענען מיר ווידער פאַרבאַקן געוואָרן מיט פרישן שמוץ. אַפילע די לײַז, וואָס האָבן זיך מאַסנווײַז געפּלאָדיעט אין די פאַלדן פון אונדזערע קליידער און וועש, — האָבן אונדז שוין אויך ניט אַזוי דאָקוטשעט ווי אַמאָל. טאָמער זענען זיי יאָ געוואָרן צודרינגלעכער, האָט מען פּאָשעט אַרײַנגערוקט אַ האַנט צו זיך אונטערן העמד, אַ כאַפּ געטאָן וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, און דאָס אַרויסגעוואָרפן לעבן זיך, אַף דער ערד, וואו מען איז דאַן געשטאַנען. קיינער האָט זיך אַפילע ניט גענומען די מי צו פאַרניכטן זיי. פון אויסרײַביקן זיך אינגאַנצן — איז געווען אָפּגערעדט. מען האָט געוואוסט, אַז גלייך וועלן זיך סײַ ווי סײַ אָנפּלאָדיען אַנדערע. טשעריאַק פלעגט עס טאַקע דערקלערן אַף זײַן שטייגער:

— ס'וועט אונדז דען לײַכטער זײַן, ווען בײַע לײַז וועלן זויגן אונדזער בלוט?... מיט די אַלטע און באַקענטע, וואָס ווייסן שוין יעדן פאַלד און מוסקול, איז באַקוועמער ווי מיט נײַע, וועלכע דאַרפן ערשט זוכן וואו און וואָס און דערווײַל צעלעכערן דאָס גאַנצע לײַב...

יאָ, טרויעריק איז געווען אונדזער לעבן. טרויעריק — ווײַל קיין האָפנונג איז מער ניט געווען. בײַ אַלעמען האָט זיך אויסגע־אַרבעט אַ זיכערער גלויבן, אַז די מילכאָמע איז אַן אייביקע און אַז זי וועט זיך שוין אַוואַדע קיינמאָל ניט ענדיקן. בלויז דאַווידאָוו האָט ניט אַזוי געהאַלטן. ער, אַז מען האָט גערעדט דערפון, — האָט שאַרף געפּלעגט זאָגן:

1) אַ וואָגן אַף 2 מאַסיווע רעדער. 2) אייזעלעך. 3) בופל־אָקסן.

— עמעס, פון זיך אַליין וועט זיך די מילכאָמע ניט פאַרענדיקן, אָבער אָפּשטעלן קאָן מען זי... יאָ, אין איין טאָג בלויז קאָן מען מאַכן אַ סאָף פון איר, אויב מיר זאָלן נאָר שטאַרק וועלן...

יאַטן האָבן אים אָנגעקוקט מיט פאַרשפּיצטע אויגן און אים ניט פאַרשטאַנען. טערמאַקאָוו האָט פאַרכידעשט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס הייסט, אויב מיר זאָלן נאָר שטאַרק וועלן?... צי איז דען גאָר פאַראַן אַ פראַגע אויב מיר ווילן?...

דאַווידאָוו האָט דערויף אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיט אַ שמייכעלע צוגעגעבן:

— אָ, ניט פון אַזאַ שטייגער וועלן, מיין איך. אַ כוץ וועלן — דאַרף מען נאָך, ברודערל, נו...

ער האָט ניט פאַרענדיקט. ער האָט זיך מאַשמאָעס דערמאַנט, אַז רעדן אַזוי פריי וועגן די דאָזיקע זאַכן איז אַביסל צו ריזיקאַליש...

אונדזער אַרמיי איז שוין געווען גאַנץ טיף אין טערקיי. מיר זענען געווען די זיגער. פון איינאָפּעאישן פראָנט אָבער, האָבן מיר באַקומען שלעכטע, אָפּגעריסענע גרוסן. אויסגעהיילטע קראַנקע און פאַרוואונדעטע, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון די שפּיטאָלן אין טיל, האָבן דערציילט וועגן פאַרביטערטע, גרויסע שלאַכטן, וועגן מאַסן געהאַרגעטע און פאַרוואונדעטע און ביכלאַל וועגן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע,— וואָס זיי האָבן געהערט אין די שפּיטאָלן בײַ די קראַנקע און פאַרוואונדעטע פון יענע פראָנטן. אויך האָבן זיי אונדז דערציילט, אַז וואַרשע און נאָך אַ צאָל אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, זענען שוין לאַנג פאַרנומען פון די דײַטשן, וועלכע זענען אַרײַנגעדרונגען טיף אין לאַנד צו אונדז, צעשמעטערט פיל אונדזערע אָפּטרעטנדיקע אַרמייען און געפאַנגען גאַנצע קאָרפּוסן...

די דאָזיקע ידיעס — כאָטש זיי זענען פאַר אונדז געווען ווי אַן איבעראַשונג, ווייל נאַטשאַלסטווע האָט דאָס באַהאַלטן פון אונדז און, פאַרקערט, טאָמיד דערציילט וועגן מיקלוימערשטע זיגן — האָבן אָף קיינעם קיין שום באַזונדערן איינדרוק ניט געמאַכט. מען האָט זיי אויפגענומען אַזוי גלייכגילטיק און קאַלט, אַקוראַט ווי די מילכאָמע וואָלט אונדז ביכלאַל ניט אָנגעגאַנגען; ווי זי וואָלט פאָרגעקומען אָף עפּעס אַ ווייטער פּלאַנעטע, אַ צווייטן קאָנטינענט, אָדער אַזוי אין אַן אַנדער לאַנד, וואָס האָט גאָר קיין שייכעס ניט מיט אונדז.

אויסגעזען האָט עס אַפילע, ווי אינדערשטיל האָט זיך גאָר יעדער איינער געפרייט מיט די דאָזיקע דורכפאַלן. געדאַכט האָט זיך, ווי אַלע וואָלטן געהאָפט און געגלויבט, אַז די דאָזיקע מאַפּאָלעס וועלן זיכער

דערנעענטערן דעם סאָף. די מידקייט, אַנטוישונג, — צוזאַמען מיט דעם ניט וויסן וואָס און איבער וואָס מען שלאָגט זיך ביכלאַל, — האָט אַריינגעטראָגן אַ מערקבאַרע אָפּהענטיקייט צווישן די סאָלדאַטן. מען איז געגאַנגען, — ווייל מען האָט געמוזט גיין. מען האָט געפאָלגט, — ווייל אַנדערש האָט עס געמיינט זיכערער טויט־שטראָף. אָבער די שרעק פאַר שטראָף האָט דאָך ניט אָפּגעהאַלטן די יאַטן פון רעדן. אומעטום, טאָמיד, ווען נאָר עטלעכע סאָלדאַטן זענען זיך צונויפגעקומען, און — אויב עס איז נאָר דערביי ניט געווען קיין אָפיציר, אָדער אַזעלכער, אף ווענען מען האָט געהאַט אַ כשאַד, — האָבן זיי זיך גלייך צערעדט:

— עך־מאַ, צו אַלדע טייוול! — האָט איינער אָנגעהויבן, — אַבי מען האָט געזאָגט, אַז עס וועט נעמען אַ דריי־פיר כאַדאָשים. צום סאָף...

— אַז מיך אַרט עס אַפילע ניט ווי לאַנג עס דויערט. וואָס איך וויל וויסן, איז: פאַרוואָס מיר שלאָגן זיך גאָר ביכלאַל...

געוויינטלעך האָט זיך טאָמיד געפונען איינער, אַן „אַלץ־ווייסער‟, וואָס האָט זיך גלייך אַריינגעמישט:

— וואָס איז דאָ פאַראַן ניט צו וויסן? ווייסט דען ניט? דער דייטשישער צאַר האָט געוואָלט פאַרמאַכן די פּראַוואָסלאַווּנע קירך און צווינגען די רוסישע מענטשן אָנצונעמען זיין גלויבן. נו...

— ווייס איך וואָס! — האָט אַן אַנדערער איבערגעשפּאַרט, — איך האָב גאָר געהערט, אַז עס גייט איבער עפּעס אַ שטיקל לאַנד אין כינע...

— אין כינע גאָר? — האָט דער ערשטער זיך געכידעשט, — היינט וואָס האָט עס צו אונדז? זאָל ער זיך שלאָגן מיט די כינעזער!...

— יאָ, אָבער מיר האָבן דאָך דאָס זעלבע שטיקל לאַנד נאָך פריער צוגענומען באַ די כינעזער...

— איר פּלאַפּלט אַלע, — האָט זיך שוין אַ דריטער אָפּגערופן, — ס'איז גאָרניט איבער כינע. ס'איז גאָר איבער די דאַרדאַנעלן...

— האַ? און וואָסער מין פיזיקע איז דאָס, די באַרדאַ... ווי?...

— דאָס, — האָט יענער זיכער אַ זאָג געטאָן, — דאָס זענען עפּעס אַזעלכע בערג, וואו עס וואַקסן ברילִיאַנטן מיט גאָלד, און וואו...

— אָט־וואָס!... און צו וועמען באַלאַנגען זיי? איך מיין...

— דאָס ווייס איך ניט. מיר דאַכט זיך, אַז זיי באַלאַנגען צו די ענגלענדער ערגעץ אין טערקיי, אָדער אין יאַפּאַן, און דערפאַר...

— און איך זאָג אייך, אַז דאָס זענען אויסגעטראַכטע מאַיסעס. דער עמעס איז, אַז מען האָט געמאַכט דאָס מילכאָמעלע, ווייל עס זענען אויסגעוואַקסן צו פיל מענטשן און די ערד קאָן זיי ניט קאָרמענען...

דער ערשטער האָט אַ זיפץ געטאָן:

— אַ כילעק וואָס?! אַז אויסגיין וועט עס צו אונדזערע קעפּ...

דאַווידאָווו, אַז ער האָט געהערט די רייד, האָט אי געשמייכלט, אי געפילט אַ פאַרדראָס. ער האָט וועגן דעם געערדט מיט גרישונינען:

— זעסט, ברודער,— האָט ער אים געזאָגט, — איז שוין אַ כידעש, וואָס מען וויל זיך ניט שלאָגן מיטן גאַנצן האַרצן? אַז מיר ווייסן דאָך אַפּילע ניט פאַרוואָס מען הייסט אונדז שטאַרבן...

גרישונין האָט אין צושטימונג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ...

*****

# אַ שטיקל שטילשטאַנד

און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן שלאַכטן. ווידעראַמאָל האָבן זיך גענומען באַווייזן פיל פאַרוואונדעטע און מען האָט ווידער אָנגעהויבן ברענגען געפאַנגענע. מיר און די אָבאָז־לייט, וואָס זענען געווען קימאַט די איינציקע אין גאַרניזאָן, האָבן געדאַרפט צוגרייטן שפּייז פאַר די פאַרבייגייענדיקע. סיי די טערקישע געפאַנגענע און סיי אונדזערע אייגענע פאַרוואונדעטע זענען געווען אַזוי שטאַרק אויסגעהונגערט, אַז וויפל מיר האָבן ניט צוגעגרייט,— איז אַלץ געווען ווינציק פאַר זיי...

פון דער פּאָזיציע האָבן מיטאַמאָל אויך אָנגעהויבן שטראָמען מאַסן קראַנקע. אַ כרוץ טיפוס און געלזוכט, וואָס האָט געבושעוועט אויף דעם פראָנט שוין פון אַ לאַנגער צייט צוריק, — איז נאָך אויסגעבראָכן אַ נייע עפּידעמיע: — „צינגאַ״. די דאָזיקע קראַנקהייט איז געווען ביז גאָר אַ שווערע און שרעקלעכע. די קראַנקע, וואָס מען האָט געבראַכט צו אונדז אין שטעטל, האָבן אויסגעזען ווי עמעסע מייסים. זיי זענען געווען איינגעטרוקנט, מיט בלאַסע, שמערצפולע פּענימער, שוואַרץ־געוואָרענע געפלאַצטע ליפּן און יאַסלעס, פון וועלכע די ציין האָבן געהאַלטן אין איין אַרויספאַלן. פון די אָנגעגריפענע שוואַרצע הענט און פיס און די איינגעטרוקנטע קערפּערס,— איז דאָס פלייש מאַמעש געפאַלן שטיקערווייז. ס׳ראָוו קראַנקע האָבן ניט געקאָנט שטיין, ניט גיין, ניט זיצן און אַפּילע ניט ליגן. זיי האָבן ניט געקאָנט רעדן, עסן, אָדער טרינקען. מאַסנווייז,— נאָך איידער מען האָט זיי באַוויזן צוצופירן צום פעלד־שפּיטאָל, וואָס איז געשטאַנען ביי אונדז אינעם שטעטל,— זענען זיי אויסגעגאַנגען פון יעסורים. גאַנצע טעג זענען מיר, דעריבער, געווען פאַרנומען מיט גראָבן קוואָרים און מיטן באַ־ערדיקן די געשטאָרבענע. די קרעכצערייען פון די לעבן־געבליבענע, וועלכע מען האָט נאָך באַוויזן צו ברענגען אין שפּיטאָל אַריין, האָבן

זיך געטראָגן איבער דעם שטעטל און זיך צעשפּרייט אויף אונדזערע געמיטער ווי שוואַרצע וואָלקנס אין דער לופט. עס איז געווען פּאַשעט אומדערטרעגלעך אַ קוק צו טאָן אויף די דאָזיקע מענטשן.

אונדזערע אָפיצירן, אָבער, אַקוראַט ווי צו פאַרטרייבן פון זיך דעם דאָזיקן שווערן אָנבליק און דעם געדאַנק וועגן דער פייגלעכער „ציגנאַ”, האָבן יעדע נאַכט געפראַוועט ווילדע הוליאַנקעס, טאַקע אין דעם זעלביקן פעלד־שפּיטאָל, צוזאַמען מיט די דאָרטיקע דאָקטוירים און באַרימהערציקע שוועסטער. זייערע שיקערע קוילעס האָבן זיך אָפּט געטראָגן פון דאָרטן, — צונויפגעמישטע מיט די גסיסעדיק־פייגלעכע קרעכצערייען פון די אָפּשטאַרבנדיקע. גאַנצע נעכט האָט די לופט זיך געשפּאָלטן פון זייערע לידער און טאָסטן...

אונדזער אַדיוטאַנט איז יעדן טאָג פאַרפאַלן געוואָרן און איז — אַ שיקערער און מידער — צוריקגעקומען ערשט פאַרטאָג צו. אָפּטמאָל איז ער געקומען אין באַגלייטונג פון אַ — פונקט אַזאַ ווי ער — אָנגעשיקערטער באַרימהאַרציקער שוועסטער, וועלכע האָט זיך שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, אַרייַנגעשלייכט צו אים אין פּאַלאַטקע. עטלעכע שאָ שפּעטער האָט זי זיך ביגבייווע אַרויסגערוקט און זיך פאַרנומען צוריק צום שפּיטאָל. דער אַדיוטאַנט איז געשלאָפן ביז שפּעט. קימאַט גאַנצע טעג איז ער ניט אַרויס פון זיין פּאַלאַטקע. ערשט פאַרנאַכט צו פלעגט ער אַרויסקומען, זיך אַרומדרייען פאַר אַ ווייל און ווידער פאַרפאַלן ווערן ביז אויף צומאָרגנס אינדערפרי...

*****

**פיל לענגער** איז אונדז אינעם שטעטל ניט אויסגעקומען צו פאַרבלייבן. סאָף־קאָל־סאָף איז אָנגעקומען פון ערגעץ אַ קאָמאַנדע „דרוזשיניקעס”, אַזעלכע, וואָס צו פראָנט־אַרבעט האָט מען זיי שוין ניט געקאָנט באַנוצן, ווייל זיי זענען שוין געווען צו אַלט, איינגעבויגן און ביכלאַל זיך קוים אויף די פיס געשלעפּט... זיי האָבן איבערגענומען אונדזער אַרבעט אין שטעטל. מיר האָבן זיך צונויפגענומען און — ווידעראַמאָל באַלאָדענע מיט לאָפּעטעס און מיט גראָב־אייזנס — זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פּאָזיציע, אויף אונדזער געוויינטלעכער אַרבעט, צו קלויבן פאַרוואונדעטע און צו באַערדיקן די אומגעקומענע...

פונעם באַרג, וואו מיר האָבן זיך דאָסמאָל געשטעלט אַרבעטן, ביז צו דער פייער־ליניע, וועלכע האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג —

אַנטקעגן אונדז, איז געווען בלויז עטלעכע טויזנט טריט. דאָ, אויפן באַרג, וואו די פייער־ליניע איז פריער געווען, האָט אונדזער אַרמיי איבערגעלאָזט אַ שפּאָר ביסל קאָרבאָנעס, איידער זי האָט זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס. קיין פאַרוואונדעטע זענען שוין דאָ ניט געווען. זיי האָט מען אַפּאָנים אָפּגערוימט נאָך איידער מיר זענען אַהערגעקומען. אויפן גאַנצן אַרום האָבן זיך געוואַלגערט מאַסן פאַרשטייפטע און צע־קאַליעטשעטע קערפּערס. קיין שיסערייַ איז אויך ניט אָנגעגאַנגען. עס איז געווען אַן איבעררייס. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַ העלפט פון דער קאָמאַנדע האָט געגראָבן אַ ברידער־קייווער, און די צווייטע העלפט האָט אַרונטערגעטראָגן די קערפּערס פון באַרג און זיי אויסגעלייגט איינעם לעבן צווייטן — גרייט אויף צו באַערדיקן.

ווי געוויינטלעך, האָבן מיר קודעם־קאָל אַרויסגענומען די ביכלעך מיט די פּאַפּירלעך פון זייערע קעשענעס און דאָס צוגעוואָרפן צו סטעפּאַקינען, אַז ער זאָל פאַרשרייבן די נעמען פון די אומגעקומענע. אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק. מיר האָבן זיך שוין געוואָלט נעמען אַרונטערלאָזן די קערפּערס אין קייווער. מיטאַמאָל האָט קאַטאַיעוו אַ צייג געטאָן אויף די אויסגעלייגטע קערפּערס און אויסגערופן:

— זעט נאָר, יאַטן, זיי... זיי האָבן דאָך ביידע שטיוול אויף זיך! עמעס־ביידע שטיוול, ערן וואָרט!...

ניט ווילנדיק האָבן מיר אַ קוק געטאָן אויף אונדזערע אייגענע פיס, אויף די צעריסענע שטיוול־נעז, דורך וועלכע עס האָבן דורכגע־קוקט שטיקער אָנוטשעס און... מיר האָבן געשוויגן. מיר האָבן זיך, אַפּאָנים, געשעמט צו רעדן וועגן דעם, וואָס איז אויף די געדאַנקען געקומען. קלאָר איז בלויז געווען, אַז אַלע האָבן געטראַכט וועגן די שטיוול און זיך דערביי געכידעשט, ווי אַזוי מען האָט דאָס פריער עפּעס אַליין ניט באַמערקט...

אָבער אונדזער קאַטאַיעוו האָט אונדז שוין מער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך קעסיידער אַרומגעדרייט אַרום די קערפּערס, זיך מאָדנע געקראַצט אין פּאַטיליצע און מיטאַמאָל ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— זאָגט אייך, יאַטן, וואָס איר ווילט, אָבער איך זאָג אייך, אַז עס איז ניט יוישערדיק, מיר זאָלן זיך דאַרפן אַרומשלעפּן מיט אָט אַזעלכע־אָ צעריסענע שטיוול, מיט די פינגער אינדרויסן, בעאייס... בעאייס זיי זאָלן אַרומשטשעגאָליאַיען אין נייאינקע...

צעדודערטע און אויפגערעגטע האָבן מיר אומבאַקוועם געשמייכלט און געשוויגן. אָנגעלענט אויף די לאָפּעטעס — זענען מיר געשטאַנען מיט אַרונטערגעבויגענע קעפּ. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלע האָבן אין

זייערע געדאַנקען געמאָסטן די שטיוול, וואָס אױף די טויטע, אויסגעצויגענע פיס, און געטראַכט, וועלכע מען וואָלט געקאָנט צופּאַסן פאַר זיך. קיינער האָט אָבער קיין איינציק וואָרט ניט אויסגערעדט. קלאָר איז געווען, אַז יעדער איינער האָט געוואַרט, אַז דער אַנדערער זאָל פריער אָנהויבן רעדן און...

די אויגן ביי אַלעמען האָבן זיך ברענענדיק צעגליט. אין די געדאַנקען איז מען שוין, אַפּאָנים, יאָ גרייט געווען אויף צו נעמען זיך אַרונטערצושלעפּן די שטיוול פון די מייסים. די הענט, אָבער, האָבן זיך נאָך אַלץ ניט גערירט דערצו.

בלויז איין קאַטאַיעוו האָט ניט איינגערוט. ער האָט אַרומשפּאַצירט צופיסנס פון די אויסגעלייגטע קערפּערס, געמאָסטן מיט זיינע בליקן די אויסגעצויגענע טויטע פיס און געהאַלטן אין איין זוכן אַ פּאָר שטיוול לויט זיין אייגענער מאָס. דערזען אַזעלכע ווי ער דאַרף, האָט ער אַ שפּיי געטאָן, זיך אויסגעזידלט, קעדיי, ווייזט אויס, זיך צו מאַכן קוראַזש און, זיך גלייך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, אַנטקעגן איינעם פון די קערפּערס, פוס צו פוס. ער האָט צוגעשטעלט אַ פלאַך פון זיינס אַ טראָט צום טראָט פונעם טויטן, קעדיי באַם אַרונטערשלעפּן די שטיוול פון יענעם, ניט צו דערלאָזן, אַז דער קערפּער זאָל זיך נאָכגלייטשן און... ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט...

און מאָדנע: אַלע — זעט אויס — האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט פרייער און באַקוועמער ווי פריער. עמעס, מען האָט נאָך אַלץ ניט גערעדט צווישן זיך און אַפילע מער ניט געקוקט איינער אפן צווייטן. שטילערהייט, אָבער, פּונקט ווי קאַטאַיעוו, האָט זיך יעדער פון דער קאָמאַנדע אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, צוגעשטעלט אַ טראָט צום טראָט פון אַ ליגנדיקן קערפּער און גענומען אַרונטערשלעפּן די שטיוול פון יענעם. פאַרטיק געוואָרן דערמיט, האָט מען זיך נאָך פונדעסטוועגן אַביסל געקווענקלט זיי אָנצוטאָן. מען האָט זיי נאָך מיקלוימערשט צוגעמאָסטן, זיך איבערגעקוקט און... גענומען אויסבייטן די דאָזיקע שטיוול צווישן זיך, איינער מיטן צווייטן. די דאָזיקע פּראָצעדורע האָט, ווייזט אויס, באַרואיקט די כעוורע און מען האָט שוין גאַנץ דרייסט גענומען אָנטאָן די שטיוול אויף זיך, אַקוראַט ווי מען וואָלט זיי באַר־וואָס אַרויסגעקראָגן פונעם טשעכהאַוז אַרויס...

און ווי צו פאַרגיטיקן די באַאַוולטע מייסים פאַר דער דאָזיקער קריוודע, האָבן מיר זיך מיט זיי אָפּגעגעבן מער ווי געווײנטלעך. מיר האָבן זיי אויסגעלייגט אין גלייכע רייען און... צווישן איין קערפּער און דעם צווייטן, אַריינגעלייגט אונדזערע אַלטע, צעריסענע שטיוול,

וועלכע מען האָט אַרונטערגעצויגן פון די אייגענע פיס...

בעאייסן אַריינליגן די ערשטע פּאָר שטיוול אין קייוער אַריין, האָט קאַטאַיעוו געמאַכט אַ מאָדנע קאָמישע גרימאַסע מיטן פּאָנים. ער האָט פאַרקנייטשט אַן אויג און צוגעוואונקען צו די אַרומיקע. באַלד איז ער פלינק אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופט, אויסגעקרייעט נאָר מאַיסע האָן, אַזוי ווי ער פלעגט עס טאָן ווען עס איז אים געווען גוט אפן האַרצן, אָדער ווען ער האָט זיך געקליבן זאָגן עפּעס אַ וויץ, און זיך טאַקע גלייך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— עס וואָלט, רעכן איך, געווען אַ יושער, — האָט ער שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן, — אַז מיר זאָלן זיי כאָטש אַרויסגעבן אונדזערע אַלטע שטיוול...כ'מיין... זאָלן זיי טאַקע האָבן אַ פּאָר שטיוול מיט זיך פאַר אַ בויט-פאַל... און ביכלאַל... אָן שטיוול אין גאַניידן איז, דאַכט זיך מיר, עפּעס ניט אַזוי דאָסיק...

מיר האָבן פאַרביסן מיט די ליפּן און געשוויגן. רעדן איז סיי ווי סיי געווען איבעריק...

*****

**איבדרויסן** האָט דער זומער זיך אָנגעהויבן צעשפּילן אף אַן עמעס. ביי אונדז אין קאָמאַנדע האָבן געפעלט גאָר אַ סאַך מענטשן. אויסער יערמישינען מיט סאַלעצקין, די צוויי יאַטן וואָס דער אַדיוטאַנט האָט — איבער זייער באַקלאָגן זיך — געהאַט צוריקגעשיקט אין זייערע ראָטעס אַריין, האָט מען נאָך עטלעכע יאַטן אָפּקאָמאַנדע-רירט און אַרויסגעשיקט ערגעץ אין טיל, אַלס אַ באַזע פאַר אַ נייער מוזיק-קאָמאַנדע, אין אַ פּאָלק, וואָס האָט זיך דאָרטן געהאַלטן אין פאָרמירן. אַנדערע, ווידער, זענען פּאָשעט צוליב קראַנקהייטן געשיקט געוואָרן אין שפּיטאָלן אַריין. דאָס — פּונקט ווי איבער די עטלעכע געפאַלענע און פאַרוואונדעטע ביי אונדז — האָט שטאַרק פאַרקלענערט דעם באַשטאַנד פון דער קאָמאַנדע. סאָוואָראָף האָט זיך דעריבער גע-קלאָגט אין שטאַב, אַז עס פעלן אים מענטשן; אַז ער האָט ניט מיט וועמען צו שפּילן און אַז עס זענען אַפילו ניטאָ גענוג מענטשן אף צו טראָגן די אינסטרומענטן. סטעפּאַקין האָט ראַפּאָרטירט, אַז איבער דעם, וואָס דער באַשטאַנד-פּערסאָנאַל פון קאָמאַנדע איז געוואָרן אַזוי שטאַרק פאַרקלענערט, קומט אים איצט אויס צו אָפּט צו באַנוצן אַלץ די זעלביקע מענטשן אף דעזשורסטווע און אף אַלע אַנדערע איבעווייניק-סטע פליכטן פון דער קאָמאַנדע...

דער אַדיוטאַנט האָט דעריבער אַרויסגעגעבן אין שטאַב־באַפעל אַ פאָדערונג צו אַלע אָנגעהעריקע טיילן פון דער בריגאַדע, אַז זיי זאָלן אונדז אַרויסשיקן צו צוויי מוזיקאַליש־געשטימטע יאַטן פון זייערע רייען. אין עטלעכע טעג אַרום זענען טאַקע אָנגעקומען · אַ צאָל יאַטן פון די פאָלקן. צווישן זיי איז געווען איינער, אַ צוויי־בענדלדיקער איד, כאַיעט, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק אָנגעקומען מיט אַ רעזערוו־באַטאַליאָן אין יענעם פאָלק אַריין. ער איז געווען אַ מוזיקאַנט נאָך פון בעאייס זיין רעגולערן מיליטער־דינסט און— ווי ער האָט געזאָגט — געשפּילט אַף דער ערשטער טרובע אין אַן אָפּערע־טעאַטער. ער האָט, פאַרשטייט זיך, גלייך פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון דעם אומגעקומענעם קאָרנעטיסט גרינשטיינען, וועלכער איז מיט אַ צייט צוריק געפאַלן ביי אונדז, בעאייסן קלויבן פאַרוואונדעטע אַף די בערג.

די איבעריקע ניי־אָנגעקומענע זענען אָבער קימאַט אַלע געווען גאַנץ קנאַפּע מוזיקאַנטן. איבערהויפּט איז עס עמעס געווען בענויגייע איינעם, אַ יונגן באָכערעץ, אַ מאַרדווין מיטן נאָמען זיבקאָוו. ער, אָט דער זיבקאָוו, איז ניט נאָר געווען אַזאַ, וואָס האָט לאַכלוטן גאָרניט געקענט לייענען און שרייבן רוסיש — אַ זאַך, וואָס איז געווען אַ מוז אַף צו ווערן אָנגענומען אין קאָמאַנדע, סיידן מען איז אַזוי געווען אַ מוזיקאַנט פון דער היים, — נאָר ער איז נאָך דערצו געווען עפּעס אַ ביז־גאָר־צעליאַפּעטע, באַרישע בריע און אַ טויגענישט. עס איז גאָר ביכלאַל געווען אַ בידעש ווי אַזוי מען האָט אים אינגאַנצן צוגענומען אַף מיליטער־דינסט, ווייל ער איז געווען אַ פיזיש־אומנאָרמאַלער... זיין גאַנג — מיט די פלאַכע פיס־טריט, — האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געגאַנגען ניט מיט גלייכע קני, נאָר ווי מיט עטוואָס־געבויגענע, ווי אַ מאַלפּע. און געטראָגן האָט פון אים מיט אַ גערוך ווי ער וואָלט געווען אַ כאַזער־פיטערער און זיך — צוזאַמען מיט די כאַזיירים — אויסגעבאָדן אין בלאָטע. אַפּאָנים, אַז די ראָטע, פון וואַנען ער איז אָנגעקומען, איז צופרידן געווען פּאָטער צו ווערן פון אים.

צו אַלע מיילעס זיינע איז ער נאָך געווען כוצפּעדיק, אַרויסרופּע־ריש און אַ מאָדנע „קלעפּיקע קרענק”, — ווי טשעריאַק האָט אים גלייך אַזוי געלונגען אַ נאָמען געגעבן. קוים האָט ער זיך נאָר צוגעקלעפּט צו עמעצן, — איז שוין קימאַט אומעגלעך געווען זיך אָפּטשעפּען פון אים. און מאָדנע: אָט דעם באָכערעץ האָט עס סיי דער אַדיוטאַנט און סיי דער קאַפּעלמייסטער, סאַוואָראָף, אָנגענומען פאַר דער קאָמאַנדע, בעאייס זיי האָבן צוריקגעוויזן אַ צווייטן סאָלדאַט פון דער זעלביקער ראָטע, ווייל... ער איז געווען אַ איד און, מיט זיין אַריינקומען אין

דער קאָמאַנדע וואָלט שוין, לויט זייער מיינונג, געווען מיט איין אידן צופיל, איבער דעם געוויינטלעכן פּראָצענט, וואָס זיי אַליין, טאַקע דער אַדיוטאַנט מיטן קאַפּעלמײַסטער האָבן געהאַט איינגעשטעלט.

באַלד, דעם ערשטן טאָג פון זיין אָנקומען אין קאָמאַנדע, האָט שוין זיבקאָוו באַוויזן זיך צו פאַרטשעפּען מיט דריי פון אונדזערע יאַטן. ער האָט אַ לייג צו געטאָן אַ פינגער צו דער נאָז און — קימאַט אין פּאָנים פון עטלעכע יאַטן אַ הילכיקן שנייץ אויס געטאָן, אָנגיסנדיק מיט שמוץ גרישונינען. און אַז יענער האָט אים אויסגערעדט דערפאַר און אים אַ זאָג געטאָן, אַז דאָ, אין קאָמאַנדע, וועט ער זיך דאַרפן רייניקער האַלטן — האָט זיבקאָוו ערשט אויסגעשטעלט אף אים אַ פּאָר נאַרישע אויגן, פאַרלייגט די הענט אף די באָקעס און אַרויסרופעריש אַ זאָג געטאָן:

— און אַז ניט, וואָס וועסטו מיר טאָן?...

און גלייך, ווי אף צו לעהאַכעס אַלעמען, נאָכאַמאָל דאָס זעלביקע איבערגעכאַזערט.

עס איז געוואָרן אַן אויפרעגונג אין קאָמאַנדע. עטלעכע יאַטן האָבן זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אף אים און וואָלטן אים אַוואַדע דערפאַר גאַנץ גוט אָנגעהאַרגעט. אָבער גרישונין האָט זיך אַריינגעמישט:

— איך זעט דאָך, אַז דאָס איז אַ בעהיימע. זאָל ער דאָס בלויז אויסוואַשן און... אויב ער וועט עס נאָכאַמאָל טאָן, דעמלט...

צו אַלעמענס איבעראַשונג האָט זיבקאָוו זיך ערשט אַ וואָרף געטאָן אף גרישונינען מיט זיינע אומגעלומפּערטע הענט:

— און ווער האָט געשיקט נאָך דיר דאָ?!... ווער האָט עס דיך דאָ געבעטן פּאַסקענען וואָס און ווען?!...

מען וואָלט זיבקאָוון אַוואַדע גלייך אָפּגעשיקט פונוואַנען ער איז געקומען. עס איז אָבער שוין סיי ווי באַוואוסט געווען, אַז ער וועט זיך שוין לאַנג ניט האַלטן אין קאָמאַנדע. מען האָט געזען, אַז וואָס-וואָס, אָבער קיין מוזיקאַנט וועט ער שוין זיכער קיינמאָל ניט ווערן. סטעפּאַקין האָט דערציילט, אַז ער האָט שוין אַפילו גערעדט וועגן דעם אין שטאַב און אַז דער אַדיוטאַנט האָט געזאָגט ער וועט אים אינגיכן צוריקשיקן אין ראָטע, פונוואַנען ער איז געקומען.

דערווייל איז אָבער אָנגעקומען שניט-צייט אף די פעלדער. די בערג-רוקנס האָבן געפינקלט מיט פּראַכטיקע געל-גרינע קאָלירן פון די פאַרשידנסטע שאַטירונגען. פאַנאַנדערגעשפּרייטע טעראַסעס — ווי צעלייגטע, פאַרביקע טעפּיכער, — האָבן זיך געביינדלט אף די ברייטע, מעשופּעדיקע בערג-רוקנס, אין גרויסע, גלייך געשניטענע, פיר-עקיקע סקווערן, וואָס זענען מאַמעש געווען ווי פאַרגאָסן און פאַרטונקען מיט

בלענדנדיק־פאַרביקע קאָלירן פון רייפע טוואָועס. די אויסגעצויגענע, שטאָלצע און פולע זאַנגען, האָבן זיך שווער געוויגט מיט זייערע קעפּ ווייץ, קאָרן און גערשטן, און — ווי אין זעלבסט־צופרידנקייט — זיך כוואַליעדיק געהוידעט פונעם קלענצטן ווינטעלע. עפּעס נאָר ווי ליבלעך־שלאַנקע מיידלעך, וואָס האָבן דעם ערשטן מאָל פאַרזוכט אַ שאַרפן טרונק, אַזוי האָבן זיי פאַרבויגן זייערע פולע קעפּ, בעאייס זייערע גאָלדיקע קרוינען האָבן געבלענדט קעגן דער שיינענדיקער זון מיט פריילעכער טאַיווע און פייערדיקן רייץ...

עס איז שוין געווען היפשלעך שפּעט אין זומער. אין אַנדערע, געוויינטלעכע צייטן, וואָלטן שוין אַוואַדע אָט די אַלע זאַנגען מיט טוואָוע געווען לאַנג אַרונטערגענומען פון די פעלדער און זיי וואָלטן שוין מיסטאָמע געלעגן אין די שפּייכלערס, אָדער אין די מילן. דאָ, אָבער, איבער דער מילכאָמע, זענען זיי נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די פעלדער און האָבן זיך געבערענט אונטער די גליענדיקע זון־שטראַלן. די פאַרבליבענע טערקישע פויערים, וועלכע זענען ניט אַנטלאָפן, אָדער פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע איינגעזעסענע דערפער, — האָבן ניט געוואָלט אַרונטערנעמען די טוואָועס פון די פעלדער.

מען האָט דערציילט, אַז זיי, די טערקישע פויערים, זענען בייז געווען דערפאַר, וואָס אונדזער אַרמיי־שטאַב האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די אַרונטערגענומענע טוואָועס פון אַלע פאַרנומענע געגנטן זאָלן צעטיילט ווערן אויף גלייכע העלפטן צווישן זיי, די פויערים, און צווישן אונדזער מיליטער.

אין אַ צאָל דערפער האָבן די פויערים זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן באַפעל. זיי האָבן געטיינעט, אַז דאָס איז אַ פאָשעטע גזיילע. ווייל אויף דעם שטיינערנעם באָדן — האָבן זיי געזאָגט — וואו זיי האָבן געדאַרפט מיט שווייס און בלוטיקער האָרעוואַניע אויפהויבן אַ לאָפּעטע ערד, — איז די גערעטעניש אַ מיזערנע און איז קוים גענוג אויף צום דערהאַלטן באַם לעבן דאָס הויזגעזונט.

און אַז באַשטאַלטסטווע איז פאָרט געבליבן באַ זייערס, האָבן די פויערים אָנגעפירט אַ שטילן ווידערשטאַנד און זיי זענען בעאיין אויפן ניט אַרויס אויף די פעלדער, פונקט ווי עס וואָלט גאָרניט געווען זייער אייגענע פּראַצע. עס האָט אויסגעזען, אַז די אַלע זאַנגען מיט טוואָוע, וועלכע וואָלטן געקאָנט אַריינטראָגן כאָטש אַביסל טרוקענע פרייד אין די אָרימע, פאַרהונגערטע טערקישע שטיבלעך און כאָטש אויף אַ שטיקל צייט אָנזעטיקן זייערע אויסגעצערטע קינדער, — וועלן גאָר בלייבן אויף די פאַרגוואָלטיקטע פעלדער, דאָרט פאַרברענט ווערן פון די גליענדיקע

זון-שטראַלן און דערנאָך ערשט צעפּוילט ווערן פון די גוס-רעגנס...

עס איז שווער געווען צו טראַכטן וועגן דעם. נאַטשאַלסטווע האָט געפּרואווט איינרעדן די שעלוכים, זיי צוזאָגן, אַרייננאַרן און אַפילע דראָען, אַז עס וועלן אַרויסגעשיקט ווערן סאָלדאַטן, וואָס וועלן אַליין אַרונטערנעמען די טוואָרעס און די פּויערים וועלן שוין דאַן גאָרניט קריגן, — אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן. די פּויערים האָבן זיך קאַטעגאַריש אָפּגעזאָגט אַרונטערצונעמען די טוואָרע. זיי זענען געווען גרייט צו ליידן און אַפילע אויסגיין פון הונגער, אַבי ניט אונטערגעבן זיך און ניט אַוועקצוגעבן זייער שווערע פּראַצע צו די ניי-געקומענע, אומגעבעטענע באַהערשער.

אונדזער נאַטשאַלסטווע איז אָבער אויך געבליבן פּאַראַקשנט. זי האָט ניט געוואָלט קאַפּיטולירן פאַר די אָרימע טערקישע פּויערים, און גענומען לייזן דעם פּראָבלעם אף איר אייגענעם שטייגער:

עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן סאָלדאַטן-פּאַטראָלן איבער אַלע דערפער, וואָס האָבן — ווי שטראָף-עקספּעדיציעס — געדאַרפט זען צו צווינגען מיט גוואַלד די פּויערים זיך צו נעמען צו דער אַרבעט. די עקספּעדיציעס האָבן צוזאַמענגערופן די פּויערים און זיי איינציקווייז אויסגעפרעגט ווער עס איז גרייט אויסצופאָלגן דעם באַפעל. יענעם, וואָס איז פאַרבליבן איינגעאַקשנט, האָט מען אַרויסגענומען פון זיין דאָרף און אים אַוועקגעשיקט אין אַ צווייטן, ערגעץ גאָר ווייט. אַנדערע האָט מען גאָר אַוועקגעשיקט אף שווערער מיליטערישער אַרבעט: גראָבן קאַנאַלן, האַקן וועלדער, אויסלייגן וועגן, בויען בריקן און טאָן נאָך אַנדערע שווערע אַרבעטן. יענע ווידער, אף וועמען עס איז נאָר געפאַלן אַ כשאַד, אַז זיי זענען די אָנפירער פונעם שטילן בונט, — האָט מען אָן צערעמאָניעס איבערגעגעבן צום פעלד-געריכט און — קעדיי אָנצושרעקן די איבעריקע, עטלעכע פון זיי אַוועקגעשיקט אונטער אַ וואַך צום „אונטערשטן שטאַב”, וואָס האָט אפן פראָנט, אף סאָלדאַטסקען זשאַרגאָן לאָשן, געמיינט אַ פּאָשעטע קאַנאַווע ערגעץ אפן וועג, וואו מען האָט זיי אָן שום מישפּעט דערשאָסן.

דאָס האָט טעראָריזירט די פּויערים און זיי האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אונטערצוגעבן. און קעדיי די טוואָרע זאָל אַרונטערגענומען ווערן אין צייט און די אַרמיי זאָל באַקומען איר העלפט, — האָט מען באַשטימט, אַז די פּאַטראָלן זאָלן מיט די באַגנעטן אויספּאַסן דערויף...



# קאַפּיטל זיבעצן

**אונדזער** קאָמאַנדע איז באַשטימט געוואָרן צו פּאַטראָלירן די אַרומיקע דערפער פון אונדזער ספערע. איינגעטיילט אין גרופּעס צו פינף און צו זעקס, — האָט מען אונדז צעשיקט אף אַרבעט. די גרופּע, אין וועלכער איך בין געווען, האָט באַקומען דעם אויפזיכט איבער דריי דערפלעך, וועלכע זענען געווען צעלייגט אף איינעם, אַ גרויסן באַרג, — איין דאָרף העכער פונעם צווייטן. דאָס אויבערשטע דאָרף, וואָס איז געלעגן אפן סאַמע שפּיץ באַרג,— האָט אַרונטערגעקוקט צום צווייטן — דעם מיטלסטן, וואָס איז געלעגן ווי אַרייַנגערוקט אין סאַמע מיטן פונעם באַרג און, פון דאָרט, ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס, אַראָפּגעקוקט צום אונטערשטן — דעם דריטן דאָרף, וואָס האָט זיך — ווי צעשראָקן — גענורעט באַם באַרג-פוס, לעבן אַ שמאָל, ציטערדיק טייכל. די פעלדער אַרום — צעלייגט הענגענדיק אף די בערגיקע פּלייצעס — האָבן געפינקלט מיט רייפע טוואָוועס און זיך געשאָטנט פון שווער-באַהאנגענע, געדיכט-צעשטעלטע פרוכט-בוימער.

מיר האָבן זיך אַרויפגעהויבן אפן באַרג און זענען אַריין אין דעם מיטלסטן דאָרף. געטאָן האָבן מיר דאָס צוליב צוויי זאַכן. ערשטנס:— ווייל ס'איז אונדז קלאָר געווען, אַז פון דאָרט וועט לייכטער זיין צו קאָנטראָלירן די צוויי אַנדערע דערפלעך. צווייטנס:— ווייל דאָס מיטל-סטע דאָרף איז געווען מער באַגרינט ווי די אַנדערע און געהאַט אַן אייגענעם „מעטשעט" 1). און דאָס — האָבן מיר פאַרשטאַנען — מיינט, אַז דאָס איז דאָס גרעסטע דאָרף און אַז דאָ געפינען זיך די קאָלישע אָנפירער, מיט וועמען אונדז וועט אַוואַדע אויסקומען צו פאַרהאַנדלען.

באַם אַרייַנגיין אין יענעם דאָרף, האָט אונדז גלייך אָנגעגעגנט דער „מוכטאַר" 2) פונעם דאָרף, — אַן אַלטער, צעקנייטשטער פויער. דאָס פּאָנים זיינס — אַ צעפּאַלדעוועטס, מיט מאַסן טיפע קנייטשן, — האָט דערציילט

1) מאַכמעדאַנישע קירך. 2) סטאַראָסטע, עלטסטער.

וועגן אַ קנאַפּן הונדערט־יאָריקן, שווערן און אויסגעהאָרעוועטן לעבן. זיין פּאָנים איז געווען באַזוימט מיט זילבער־ווייסע, פּוכיק־שנייאיקע און דינינקע הערעלעך, וואָס האָבן אים געמאַכט אויסזען אַזוי לייכט און לופטיק, פּונקט ווי ער וואָלט געווען פון עפּעס גאָר אַ ווייטער און אויסגעטראַכטער וועלט. ער האָט געצאַפּלט מיט די לאַנגע, ביינערדיקע און בלוי־אָדערדיקע דאַרע הענט, און געציטערט מיט אַזעלכע דינע און מאָדנע שאַרף־פאַרשפּיצטע פינגער.

זיינע קליידער — אַ פּאָר קאָלירלאָזע הויזן פון היימיש־געוועבטן דיקן געוואַנט, אויסגעלאַטעט מיט פאַרשידנקאָלירנדיקע שמאַטקעס — האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אים פאַרבליבן אַ ירושה פון זיינס אַן עלטער־עלטער־זיידן. אף די פיס — אַ פּאָר ווייסע, קורצע און גראָבע וואָלענע זאָקן — פאַרבונדן אף די הויזן, און אַ פּאָר היימיש־געמאַכטע פלאַכע שיך, מיט שאַרף־פאַררונדיקטע, אַרויפגעדרייטע שפּיצן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן אַרום די זאָקן מיט לעדערנע רימענדלעך. דער גוף זיינער — איינגעהילט אין אַן אַלט, צעכראַסטעט און קורץ לייבל — האָט אַרויסגעשטעלט אַ באַקעטע און פון דער זון־צוגעברוינטע האָריקע ברוסט, וואָס האָט זיך עפּעס אַזוי איילנדיק־שנעל געהויבן, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך געיאָגט נאָך עמעצן.

מיר האָבן זיך ווי ניט איז דורכגערעדט מיט אים וועגן דער אַרבעט, אָנגעוואָרפן פאַרשידענע פלענער ווי בעסער און גיכער אַרונטערצונעמען די טוואָרעס פון די פעלדער און ווי איינצוטיילן דעם שניט. מיר האָבן אים דערביי צוגעזאָגט, אַז אויב ער און דער „מולאַ"1) וועלן צוהעלפן און זען, אַז אַלע פּויערים זאָלן אַרויסגיין צו דער אַרבעט, — וועלן מיר זיי דערפאַר געבן צו טאָפּלטע כאַלאָקים און באַזונדערע מאַטאָנעס. צוגלייך האָבן מיר אים שוין אויך באַפוילן, אַז ער זאָל אונדז באַזאָרגן מיט אַ שטוב צום שלאָפן, קריגן פאַר אונדז שפּייז און צוברענגען נאָך אַנדערע נויטיקע קלייניקייטן פאַר אונדזער באַקוועמלעכקייט.

דער אַלטער האָט אונדז אויסגעהערט, געשאָקלט מיטן ווייסן קאָפּ, געצאַפּלט מיט די ציטערדיקע ליפּן און אונדז ענדלעך אַ צייכן געגעבן, אַז מיר זאָלן אים נאָכגיין. אַליין האָט ער זיך מיט זיינע דריבנינקע טריטלעך אַוועקגעלאָזט אף פאָרויס, פאַר אונדז, און אונדז אַריינגע־פירט אין עפּעס אַ גרויסער, ליידיקער שטוב. ער האָט אונדז דאָרט אָנגעצייגט אף עפּעס אַ מאָדנע שלאָף־באַנק, וואָס איז געווען געמאַכט פון ערד, לעבן איינער פון די ווענט, אף גיך אַ מורמל געטאָן עפּעס אומפאַרשטענדלעכס צו אונדז און איז אַרויס.

1) מאַכמעדאַנישער גייסטלעכער.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען אף דער דאָזיקער נאַרע. די ביקסן — אָנגעלאָדענע — האָבן מיר געהאַלטן באַ זיך אף די קני. עפּעס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַזאַ מאָדנע געפיל, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן דערוואַרט, אַז אָט־אָט וועלן זיך אַהער צו אונדז אין שטוב אַריינלאָזן מאַכנעס באַוואָפנטע טערקן און אונדז אויסקוילען ווי די לעמער.

באַלד האָט מען צו אונדז אַריינגעבראַכט עסן. מען האָט געבראַכט אַ מאָלצייט פון געפּרעגלטן שעפּסן־פלייש, פרישן „לאַוואַש“, פּוטער, האָניק, קעז און נאָך אַנדערע שפּייזן — אויסגעשטעלט אף עפּעס אַזאַ קיילעכיקן ברעט, און דאָס אַוועקגעשטעלט אף דער ערד, לעבן אונדז. עטלעכע דאָרפלייט האָבן אונדז אַריינגעבראַכט טאַבאַק, רויכער־פּאַפּיר, קלייניקע קנויט־שוועבעלעך און צו פּאָר היימיש־געמאַכטע וואָלענע זאָקן פאַר יעדן פון אונדז. אַנדערע האָבן גאָר אָנגעטראָגן אַ מאַסע קיילעכיקע קישנס, קאָלדרעס און טעפּיכער, און גענומען גרייטן פאַר אונדז געלעגערס אף דער ערדיקער נאַרע. די טערקן האָבן דאָס אַלץ געטאָן מיט אַ מין אונטערטעניקער כניפע, און דער אַלטער „מוכטאַר“ איז דערביי אַרומגעלאָפן פאַרפּאָרעט, געפּאָכעט מיט זיינע דאָרע הענט און אַרויסגעגעבן קוויטשעדיקע באַפעלן צו זיינע מענטשן:

— „יוראַאין, טשאַבוק!...“ *)

מיר — דערשטוינטע פון דער אומדערוואַרטעט־גוטער אויפנאַמע, — האָבן זיך מיט אַ באַזונדערן כיישעק אַוועקגעזעצט עסן. מיר האָבן דערביי פאַרבעטן דעם „מוכטאַר“ און דעם לאַנגן, אויסגעצויגענעם „מולאַ“, וועלכער האָט זיך — איבער דער צייט, זינט ער איז אַריינ־געקומען צו אונדז — אַרומגעדרייט איבערן צימער עפּעס נאָר אַזוי ווי אַ פאַרבענקטער יעזוס, געהאַלטן זיינע אויגן אויסגעגלאָצט צום הימל און דערביי געהאַלטן עפּעס אין איין אונטערמורמלען אינדערישטיל.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט לעבן אונדז, אף דער ערד, מיט די פיס פאַרלייגט הינטער זיך, און געשוויגן. דער „מוכטאַר“ האָט אומדרייסט אויסגעצויגן אַ האַנט, גענומען עפּעס פון טיש, אָפּגעביסן דערפון אַ שטיקל, ווי יויצע צו זיין, און דערביי געשמייכלט צו אונדז מיט זיינע צעקנייטשטע, פאַררויטלטע אויגן. דער „מולאַ“ אָבער האָט זיך אַפילע ניט צוגערירט צו גאָר. ער איז בלויז געזעסן, זיך געהאַלטן אין איין אונטערשאָקלען און געקוואַטשעט מיט זיינע פעטלעך רויטע ליפעלעך, ווי ער וואָלט געדאַווענט. זיינע פולבלעכע רויטלעכע בעקעלעך האָבן זיך געבלאָזן און געציטערט. זיין גאָרגל־קנאָפּ איז געלאָפן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַן אומרו. די לעבעדיק־לויפנדיקע אויגעלעך האָבן קעסיידער

*) רודערט זיך, לעבעדיק!...

געגלאָצט אינדערהויך אַרויף, צום פיר־עקיקן לאָך, וואָס איז — ווי אַ שטיקל הימל־לאַטע — געלעגן אינמיטן פון דעם פאַרקאָפּשעטן באַלקן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער, דער „מולאַ״, וואָלט עס אַזוי שטילערהייט געמורמלט אַ טפילע, אָדער עפּשער גאָר געבּרומט אַ קלאָלע אף אונדז, און טאַקע גלייך דאָס אַוועקגעשיקט דורך דעם דאָזיקן לאָך, אַרויף, צו זיין באָווי מאַכמעד, וועלכער האָט, אַפּאָנים, איצט געדאַרפט זיצן גאַנץ הויך איבער זיין קאָפּ, ערגעץ אינעם ווייטן, ווייסן הימל, לעבן די הייליקע פיס פונעם גרויסן, אַלמעכטיקן „אַללאַ״ 1).

*****

**אין דאָרף** זענען מיר, די גרופּע סאָלדאַטן, גלייך געוואָרן די גאַנצע באַלעבאַטים. דער „מוכטאַר״ האָט זיך אונדז איינגאַנצן איבערגעגעבן און געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבן אים באַפוילן. צוליב זיין לאָיאַלקייט האָבן מיר אים געמאַכט פאַרן עלטסטן איבער די אַנדערע צוויי „מוכטאַרס״ פון די דערבייאיקע צוויי דערפער. ער איז דערפון, אַפּאָנים, צופרידן געווען און נאָך מער געקראָכן אונטער די נעגל, אויסצופּילן יעדן פאַרלאַנג און באַפעל אונדזערן.

יעדן אינדערפרי האָבן מיר, די גרופּע, זיך איינגעטיילט אין דריי טיילן. צו צוויי אין אַ גרופּע האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט איבער די דערפלעך. איין גרופּע האָט זיך ארויפגעהויבן אפן העכסטן דאָרף, אַ צווייטע — איז אַרונטער אין אונטערשטן, און די דריטע — איז פאַר־בליבן אינעם מיטלסטן דאָרף גופא. מיר זענען בעגאַנגען פון הויז צו הויז, פון שטוב צו שטוב, אָנגעקלאַפּט אין אַלע טירן מיט אונדזערע ביקסן־קאָלבעס און אַלעמען אַרויסגעטריבן אינדרויסן אַרויס, קעדיי זיך אַרויסצולאָזן מיט זיי אפן פעלד אַרויס, צו דער אַרבעט.

דער „מולאַ״ האָט זיך יעדן פרימאָרגן אַרומגעדרייט אפן גאַניקל פון הויכן „מינאַרעט״ 2) און — מיט אַ מעלאַנכאָליש־צעצויגענער שטימע, וואָס איז זיך צעפּאַלן איבער די דריי דערפלעך מיט אַזאַ מיסטעריעזן פּאַכעד, — אויסגעשריגן פון דאָרט אַ הייליקן רוף צו אַלע זיינע פרום־גלויביקע מאַכמעדאַנער. ער האָט זיי גערופן, אַז זיי זאָלן אויספאָלגן געטריי אונדזערע באַפעלן און אַז זיי זאָלן זיך ניט אַנטקעגנשטעלן דעם ווילן פון דער רוסישער מאַכט. אין נאָמען פון „אַללאַ״ האָט ער זיי באַשוואוירן, אַז זיי זאָלן טאָן אַלץ וואָס מיר וועלן זיי הייסן, און זיי צוגעזאָגט דערפאַר אַ באַלוינונג אף יענער וועלט...

1) גאָט. 2) קלויסטער־טורעמל.

די פרומע, אַבערגלויביקע טערקישע פּויערים זענען אין גאַאייל אַרויסגעלאָפן פון זייערע שטיבלעך מיט אַלטע, פאַרזשאַווערטע סערפּן אין די הענט. זיי האָבן געוואָרפן אומצופרידענע און בייזע בליקן אין דער ריכטונג פון „מעטשעט״, אָבער ווען זיי האָבן נאָר דערזען אונדז, די צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט ביקסן לעבן זיך,— האָבן זיי אָנגעצויגן אונטערטעניקע שמייכעלעך אויף זייערע טרוקענע פּנימער און גענומען זיך בייגן און קניישן ביז צו דער ערד פאַר אונדז. זיי האָבן אונדז באַגריסט אויף טערקיש, מיט אַ געמיש פון עטלעכע צעבראָכענע ווערטער אין רוסיש, וואָס זיי האָבן, זעט אויס, איבער דער צייט שוין געהאַט באַוויזן אויפצוכאַפּן באַ די אָקופּירנדיקע רוסישע סאָלדאַטן זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. זיי האָבן געפּלאַפּלט:

— „סאַליאַם אַליעקום, כאַרדאַש!...זדראַסטיטי מאסקאַפּליאַר!...אָ, שען קאַראַשאָ, רוסקאַ אַסקערים!...1)

מיט פאַרקרייציקטע פיס,— אויפן טערקישן שטייגער,— האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, וואַרטן ביז די פּויערים פון די אַנדערע צוויי דערפלעך וועלן זיך צוזאַמענקומען און ביז מיר וועלן אָפּגעבן דעם באַפעל אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. דערווייל האָבן זיי פאַרוויקלט ציגיירלעך טוטין, אונדז מעכאַבעד געווען מיט אַזעלכע און דערביי אָן אויפהער געגראַגערט צווישן זיך. זיי האָבן געוואָרפן מיט די הענט, זיך איבערגעשריגן און, זענען גלייך — אַזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר אויף זיי אַ קוק געטאָן — אַנטשוויגן געוואָרן. דערפאַר זענען אָבער זייערע פרויען — אין די פאַרהאַנגענע „יאַמשאַקן״2) — אַרומגעגאַנגען נאָר ווי לעבעדיקע כאַלוימעס, מיט שטילע, דריבנינקע טריטעלעך, אָדער אַזוי געזעסן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען און — מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ, שטיל־שווייגנדיקע — אונדז אויסגעמידן.

אַז אַלע פּויערים זענען שוין געווען פאַרזאַמלט און מיר זענען געווען גרייט אַרויסצוגיין, זענען אַ צאָל פרויען פּלוצים צוגעקומען צו אונדז. עטלעכע זענען געפאַלן אויף די קני פאַר אונדז, אַרומגעכאַפּט אונדזערע שטיוול ווי צום קושן און — מיט וויינענדיקע שטימעס פון הינטער די „יאַמשאַקן״ אַפּער — ווי פאַרכאַלעשטע גענומען קלאָגן:

— „בענעם כאַסטאַ, עפענדי!...טשאָק קעפּסיז!...3)

כאָטש עס איז אונדז קלאָר געווען, אַז דער פּלוצימדיקער אָנפאַל פון קראַנקהייט איז בלויז סימולירט און אַז זיי, די פרויען, האָבן זיך באַקלאָגט אומיסטן, קעדיי מיר זאָלן זיי באַפרייען פון דער אַרבעט,—

1) גאָט העלף, ברודער. דו ביסט אַ גוטער, רוסישער סאָלדאַט. 2) דעקטוך אויפן פּאָנים. 3) איך בין קראַנק, האַר. זייער קראַנק.

האָבן מיר זיך דאָך געמאַכט ווי ניט־וויסנדיק און זיי יאָ פריגעלאָזט. מיר האָבן געוואָלט האַלטן אונדזער צוזאָג צום „מוכטאַר”, אַז קיין קראַנקע און שוואַכע וועלן ניט געטריבן ווערן צו דער אַרבעט. די פרויען האָבן זיך אָפּגעזאָגט דערוואוסט וועגן דעם צוזאָג אונדזערן און דאָס געוואָלט אויסנוצן אין דער פולער מאָס.

די פויערים, אָבער, — יענע, וואָס זענען געזעסן אף דער ערד לעבן אונדז, — זענען מאַשמאָעס ניט געווען צופרידן דערפון. זיי האָבן אַוואַדע אויסגערעכנט, אַז אויב מיר וועלן טאַקע באַפרייען אַזאַ צאָל פרויען, וועט אפן כייליק פון די מענער אויסקומען מער אַרבעט. זיי האָבן דעריבער גענומען אומצופרידן מורמלען צווישן זיך, דערביי געוויזן מיט די הענט אף די פרויען און זיך געקריגט אף הויכע קוי־לעס. קלאָר, אַז דאָס האָבן זיי אייגער דעם צווייטן פאָרגעוואָרפן, אַז בײַ יענעם איז די ווייב, אָדער די טאָכטער, ניט קראַנק און אַז זיי קאָנען, נישקאָשע, יאָ אַרויסגיין אַרבעטן באַגלייך מיט אַלעמען.

מיר האָבן זיך אָבער אַלץ געמאַכט ניט וויסנדיק און זיך אַפילע ניט אַריינגעמישט. ערשט אַז די צאָל פרויען, וואָס האָבן זיך גענומען קלאָגן אף קראַנקהייט, איז געוואָרן צו גרויס, — האָט ערשט גרישונין, ווי דער עלטסטער פון אונדזער גרופּע, זיך שאַרף אַ שטעל געטאָן און מיט אַ געמאַכטן ערנסט, מאַיסע אויטאָריטעט, אויסגערופן:

— „העפּ כאַסטאַ דאַירלאַיר!... בענעם דאָכטור!...”*)

לויט גרישונינס אַ וואונק האָבן מיר אויסגעשטעלט די פרויען אין אַ ריי, איינע הינטער דער צווייטער און זיי געהייסן פאַרשאַרן זייערע „יאַמשאַקן” פון די פּנימער, קעדיי ער, גרישונין, זאָל זיי קאָנען באַטראַכטן. דאָס האָט אָבער, ווי דערוואַרט, אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט בײַ די פרויען. זיי האָבן גענומען קימאַט היסטעריש שרייען און פּראָטעסטירן. אַנדערע האָבן זיך אָפּגעזאָגט דערפון און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די וואַרטנדיקע. זיי זענען גרייט געווען אַרויסצוגיין אַרבעטן, אַבי ניט דורכצוגיין די „שאַנד” און די „זינד” פון לאָזן אויפגעדעקט זייערע פּנימער פאַר פרעמדע מענער. יענע, אָבער, וואָס זענען פאָרט באַשטאַנען, אַז זיי זענען טאַקע קראַנק, האָט גרישונין, נאָר מאַיסע דאָקטאָר, געטאַפּט בײַ זיי די פּולסן, זיי געהייסן אים באַווייזן די צונגען, אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און אַזויאַרום דערווייל אַריינגעכאַפּט די געלעגנהייט זיך זאַט אָנקוקן אין די פרויאישע פּנימער, וואָס זענען געווייגטלעך פאַרהאַנגען מיט דעק־טיכער. יענע פרויען, וועלכע זענען אים געפעלן געוואָרן, האָט

*) אַלע קראַנקע — אַהערצו! איך בין אַ דאָקטאָר!...

ער פֿרייגעלאָזט פון דער אַרבעט. די איבעריקע, אָבער, האָט ער מיט געבייזער אַוועקגעטריבן, צוואַרפנדיק:

— „אָ, שען יאַכשי, קעזכאַרדאַש!... אישלאַמאַיך קאַדיר שען!...1)

מיר האָבן גענומען אַרויסטרייבן די פאַרזאַמלטע פויערים צו דער אַרבעט. אויסגעזען האָט עס גאָר, ווי מיר וואָלטן געטריבן אַ סטאַדע בעהיימעס צו דער פּאַשע, אָדער צום שלאַכט־הויז. דער „מוכטאַר" איז באָכגעגאַנגען הינטער די פויערים, געסווישטשעט מיט אַ לאַנגער בייטש אין דער לופט און געשריגן מיט דער פּיסטשענדיקער שטימע:

— „טשאַבוק, טשאַבויאַק, אילײַרי!...2)

אויפן פעלד, צו דער אַרבעט, האָבן די פויערים זיך אויסגעזעצט שורעסווייז אויף זייערע אונטערגעבויגענע קניען, געזעסן — הענגענדיק אין דער לופטן — ווי אויף בענקלעך, און זיך גענומען זינגען אַ ליד צוזאַמען, אין איין טעמפּאָ. און צוזאַמען, ביי אַ געוויסן וואָרט אינעם ליד, — האָבן זיי אַלע אַ הויב אויף געטאָן די הענט מיט די סערפּן, זיי צוזאַמען אַרונטערגעלאָזט און אַזוי — אַלע פאַראַמאָל, — אַ שניט געטאָן די זאַנגען, וואָס זיי האָבן — זשמעניעסווייז — אין די לינקע הענט פאַרכאַפּט. פאַרטיק געוואָרן מיט אַ שניט, זענען זיי אַלע מיטאַמאָל, — ווי לויט אַ קאָמאַנדע — איבערגעשפּרונגען אויף אַ טראָט פאָרויס, ווידער אַ הויב געטאָן די הענט צוזאַמען און ווידער אַ שניט געטאָן אַביסל זאַנגען. אַזוי איז עס געגאַנגען קעסיידער. יעדעסמאָל, ווען זיי האָבן אַ הויב געטאָן די סערפּן קעגן דער גליענדיקער זון, האָט זיך אין זיי אַ שפּיגל אָפּ געטאָן אַזאַ מאָדנע פאַרדשאַווערטער טרויער, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער טרויער פון זייערע פיינפולע אויגן.

די אַרבעט איז לעכאַטכילע צוגעגאַנגען אַביסל לעפּיש און אָן ווילן. ביסלעכווייז, אָבער, איז געוואָרן לעבעדיקער און די אַרבעט איז אַוועק ראַשיקער, מיט אַ מונטערער געזאַנג־באַגלייטונג. די לידער — מערסטנס פאַרבענקטע און צעווייטיקטע, ווי אויסגעמישט מיטן צאַאַר און פּיין פון דאָר־דורעס — האָבן זיך געקייטלט און געוויקלט; זיך צוזאַמענגעפלאָכטן, זיך פאַנאַנדערגעטראָגן ווייט איבער די פעלדער און זענען זיך צעפאַלן אויף די אַרומיקע הויכע בערג, אָפּקלאַפּנדיק צוריק מיט אומשולדיק־בלאַסע אָפּקלאַנגען פון טויבע עכאָס.

די אָפּגעשניטענע גאָלדיקע זאַנגען האָבן די שניטער אַוועקגעלייגט צו זייערע פיס, ווי באַזיגטע העלדן. באַלד זענען אונטערגעלאָפן די פרויען, אַ כאַפּ געטאָן די געפאַלענע זאַנגען און — פונקט ווי צום

1) אָ, דיר איז גאָרניט, שוועסטער. דו קאָנסט אַרבעטן!...

2) לעבעדיק, לעבעדיקער, פאָרויס!...

אָפּראַטעוועט זיי — זאָרגפעליק זיי גענומען צו זיך אין די הענט אַריין, זיי צונויפגעלייגט אין קופּקעס און געבונדן אין סנאָפּעס.

די טעג זענען געווען ברענענדיקע, ליכטיקע. עס איז געווען שטיקנדיק-הייס. מיר זענען דעריבער בעאייס דער אַרבעט געבליבן ליגן פונוויילן, אין שאָטן פון אַ געדיכט-באַצוויגטן בוים, וואו מיר האָבן, אונטער אים, געגורעט אונדזערע צעפּאַרעטע קערפּערס אין די הויכע, קילע גראָזן. דאָרט, באַ די אַרבעטער אפן פעלד, האָבן מיר בלויז איבערגעלאָזט איינעם פון אונדז, — אַ דעזשורנע, וועלכן מיר האָבן יעדע שאָ פאַרביטן מיט אַ צווייטן פון צווישן זיך.

אָפּט, ליגנדיק אַזוי אף אונדזער געוויינטלעכן שאָטנדיקן פּלאַץ, און צוקוקנדיק זיך פונדערווייטן ווי די טערקן אַרבעטן, — האָט זיך דעמלט ביי אונדז אַליין צעשפּילט אַ שטאַרקע בענקשאַפט. ווער עס האָט זיך דערמאַנט אין זיין היים, ווער עס האָט זיך פאַרבענקט צו דער אייגענער ווייב און קינדער און וועמען עס האָט גאָר אַ ציי געטאָן צום היימישן פּיצל פעלד, איבעם ווייטן, ווייטן דאָרף.

די דאָזיקע בענקשאַפט האָט זיך געוויינטלעך אויסגעדריקט אין אַזאַ שווערער געדריקטקייט — אַפילע אַ וואָרט ניט אַרויסצורעדן. מען איז געלעגן שטיל און געטראַכט יעדער פאַר זיך. צומאָל האָט עמעצער פון אונדז אַ בענקלעכן זיפץ געטאָן און טיילמאָל אויך צוגעוואָרפן עפּעס אַ צעוויטיקטן אויסרוף:

— עך, מאַמעלעך, ווי דאָס האַרץ פּלאַצט — צום שטאַרבן!...

— עפּעס באָר ווי אין טפיסע געפאַנגען!...

— און איך זאָג אייך, ברידערלעך, — האָט גרישונין צוגעגעבן, — אַז דאָס איז פיל ערגער ווי אין אַ טפיסע. וואָרים ווי דריקנדיק און שווער אַ געפאַנגענשאַפט זאָל ניט זיין אין טפיסע גופע, — איז זי נאָך פיל שווערער ווען מען געפינט זיך, אַזוי ווי מיר דאָ, אף דער פריי. ערשט דאָ פילט מען ווי די הענט און פיס זענען געפּענטעט באַ דיר ווי מיט קייטן — זיך ניט אַ ריר צו טאָן...

אַמאָל, אַז די בענקשאַפט האָט שוין זייער שטאַרק צוגעדריקט באַם האַרצן, האָט עמעצער פון אונדז אינדערשטיל פאַרצויגן אַ ליד. אָבער די לידער, אין דעם פאַל, — אַזעלכע טרויעריקע, אַזעלכע בענקלעכע, וואָס האָבן זיך נאָך שאַרפער אַריינגעשניטן אין האַרצן מיט זייערע טרויעריקע ווערטער און מעלאָדיעס. גרישונין — כאָטש ער פלעגט אין קאָמאַנדע אַרויסווייזן אַ קיל געמיט — האָט זיך אויך דאָ, אונטערן דרוק פון דער בענקשאַפט, געפילט ווי דערשלאָגן. אין אָט אַזעלכע מאָמענטן האָט ער אַליין אויך פאַרצויגן אַ ליד. איבערהויפּט האָט ער

ליב געהאַט צו זינגען דאָס ליד, וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג צוריק זיך געהאַט בעסאַד אויסגעלערנט באַ דאַווידאָוון:

— „די זון גייט אויף און גייט אונטער —
און פינצטער איז אין צעל ביי מיר;
טאָג און נאַכט די וועכטער שפּאַנען
מיט שווערע טריט פאַרביי מיין טיר...
אָ, היט מיך וויפל נאָר איך ווילט זיך —
אַנטלויפן וועל איך סיי ווי ניט!
כאָטש עס בענקט זיך שטאַרק נאָך פרייהייט,
די קייטן רייסן קאָן איך ניט...
עך, קייטן, אָ, איר מיינע קייטן —
אָ, וועכטער אייזערנע איר מיין,
ניט צעררייסן אייך, ניט ברעכן,
ווי ניט צעברעכן כ'קאָן מיין פּיין!...

דאָס־אָ ליד האָט אַלע יאָטן אַזוי צעבראָכן — נאָר צום וויינען. צום מערסטן, אָבער, האָט געטרויערט און געבענקט טערמאַקאָוו. ער, וואָס איז געווען דורך און דורך פויער, האָט באַם אָנזיכט פון דער אַרבעט אפן פעלד, זיך פאַטעטיש צעזיפצט:

— עך, מאַמעלעך, איצט אַליין צו שטיין אפן פעלד און שניידן, אַליין צו קאָסען, וואָלט דאָך געווען...

און גלייך אַרונטערגעלאָזט דעם טאָן:

— אַזוי אָבער...די ווייב מיט די קינדער וועלן הונגערן...אַ טעל וועט ווערן פון אַלעם...אַ טעל פון מיין לעבן...אַ טעל פון...

און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— און וואָס האָבן שוין די טערקן, אַז זיי אַרבעטן שוין יאָ אף זייערע שטיקלעך פעלד? — האָט גרישונין, ווי צו טרייסטן אים, אים אויסגערעדט. — אָט, זע, האָבן דאָך מענטשן דאָ אָפּגעהאָרעוועט מיט שווייס און בלוט; געאַקערט, געזייעט, געפראַצעוועט, און איצט וואָס?... איצט, ווען די טוואָרע איז פאַרטיק צום שניידן, זענען געקומען מיר, די פרעמדע טייוואָלים, די אַריינדרינגער, און ניט נאָר נעמען מיר צו באַ זיי אַ העלפט פון זייער האָרעוואַניע, פון אַ גאַנצן יאָר, נאָר מיר צווינגען זיי נאָך, אַז זיי זאָלן עס טאַקע אַליין, מיט זייערע אייגענע הענט, אַרונטערנעמען און עס אונדז דערלאַנגען...

באַגרייפנדיק די גרויסע אַוולע דערפון, האָבן מיר — כאָטש ניט גערעדט צווישן זיך וועגן דעם — באַשלאָסן צו באַהאַנדלען די טערקן מיט איינזעעניש. ניט געקוקט אף דעם באַפעל פונעם שטאַב שטרענג

אַכטונג צו געבן, אַז די טערקן זאָלן אַרבעטן און ניט צוגאַנוועגען, אָדער פאַרשאַכלעווען קיין טוואוע, האָבן מיר זיך דאָך געפּלייסט צו זיין וואָס מענטשלעכער צו זיי. מיר האָבן ניט נאָר פאַרקוקט זאַכן, נאָר אָפט זיי אַפילע געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי מעגן טאָן די אַרבעט אַביסל לייכטער און זיך ניט אַזוי שטאַרק יאָגן.

די טערקן האָבן דערפילט די באַציאונג. אין די אָוונטן, פאַרן אַהיימגיין פון דער אַרבעט, האָבן זיי זיך דעריבער פאַררוקט אין די ווינקלען און דאָרט שטילערהייט אַרונטערגעהאַקט ביסלעך זאַנגען־קעפּ און זיי געשטופּט צו זיך אונטער די העמדער און אין די קעשענעס. מיר האָבן זיך געמאַכט ניט־קוקנדיק. פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז אָט די דאָזיקע ביסלעך געגאַנוועטע קערנער וועלן אַוודע זיין באַ זיי אף צו דערהאַלטן באַם לעבן עטלעכע מענטשן אף אַ טאָג.

צוליב דער דאָזיקער באַציאונג אונדזערער, האָבן זיך די טערקן ביסלעכווייז איינגעלעבט מיט אונדז און זיך שוין ניט באַצויגן מיט אַזאַ אומצוטרוי צו אונדז, אַזוי ווי פריער. אַפילע די פרויען, וואָס זענען בעטעווע געווען צוריקגעהאַלטענער און שרעקעוודיקער ווי די מענער, האָבן שוין אויך אויפגעהערט צו אַנטלויפן פון אונדז, ווען מיר האָבן געוואָלט רעדן צו זיי. אָפט האָבן מיר שוין פון זיי, פון הינטער די פאַרהאנגענע פּענימער אַפער, געהערט אַ האַרציק־ליבלעכן געלעכטער און טיילמאָל אַפילע אַ פריינטלעך־פריילעכע באַגריסונג:

— „סאַליאַם־אַליעקום, כאַרדאַש!... יאַכשי אַסקערים שען!...״ *)

זייער פריינטלעכקייט האָט אונדז גאָר שטאַרק האַנאָע געטאָן. מיר האָבן זיך דעריבער שוין אָפט דערלויבט צו בעטן ביי אַזעלכער, אַז זי זאָל — אין פאַל קיין טערק האָט ניט געזען — עטוואָס און פאַר אַ ווייל פאַרהויבן דעם „יאַמשאַק״ אירן און אונדז ווייזן איר פּאָנים. געווייגטלעך האָבן זיי אָבער ברויגעזלעך און צנואיש געשאָקלט מיט די קעפּ אף ניין, זיך צעקלונגען מיט אַ הילכיק געלעכטערל פון הינטערן באַדעקעכץ און שקאָציש אַנטלאָפן פון אונדז. טיילמאָל אָבער, זענען זיי דאָך געבליבן שטיין פונווייטן, זיך אַרומגעקוקט און ווי גערייצט זיך מיט אונדז. אַנדערע האָבן זיך אַפילע אַוועקגעשטעלט מיט עפּעס אַזאַ באַאיוו־קאָקעטישן שטעל, וואָס האָט ביי אונדז, סאָלדאַטן, מאַמעש די בלוטן צערייצט און צעצונדן.

צומאָל איז אונדז פונדעסטוועגן יאָ געלונגען צו פּועלן ביי אַ וועלכער פרוי, ווען זי איז געווען אַליין, אַז זי זאָל אונדז פּאָרט באַווייזן איר פּאָנים. אין אַזאַ פאַל האָט יענע זיך אָפּגעשטעלט, זיך

*) זיי געגריסט, ברודער! דו ביסט אַ גוטער סאָלדאַט!

פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, צי מען זעט זי כאַלילע ניט און — נאָכדעם ווי זי האָט זיך איבערצייגט, אַז קיין מענער טערקן זענען ניטאָ אַרום — פלינק אַ שאַר אַוועק געטאָן דאָס שוואַרצע, געדיכטע דעק־טוך, באַוויזן אַ שעמעוודיק־צעשמייכלטן יונגן פּאָנים, מיט אַ פּאָר גרויסע, שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און צוויי רייען גרויסע שמייכלדיקע ציין, צווישן בלוט־רויטע ליפּן. דערביי האָט זי אַ בליץ געטאָן מיט די ברענענדיקע בליקן און איז — איידער מיר האָבן נאָך אַפילו באַוויזן אָנזעטיקן זיך מיט איר רייץ — אַף גיך אַנטלאָפן מיט דריבנינקע, איילנדיקע טריט, און איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם אָפּקלאַנג פון איר הילכיקן געלעכטער, צוזאַמען מיט אַן אָפּבליאַסק פונעם פרויען־רייץ, וואָס האָט אונדז געהאַלטן ווי פאַראַליזירט פאַר עטלעכע מינוטן...

איינמאָל אָבער — פונקט ווי אַ שטראָף דערפאַר, וואָס מיר זענען צו שטאַרק צוגעשטאַנען צו אַ פרוי, וועמעס שטעל און פיגור עס האָט אונדז מאַמעש פאַראינטריגירט — האָט יענע, נאָך אַביסל דינגעניש, אָפּגעשאַרט דעם „יאַמשאַק" פון פּאָנים און אונדז באַוויזן אַן אַלטע, צעקנייטשטע צורע, מיט שטופּלען; אַ פּאָר גרין־גרויע קאַצן־אויגן, ווי ביי אַ מעכאַשייפע, און אַ גרויס מויל מיט געלע, דורכגעפוילטע ציין. זי האָט זיך דערביי שפּאָטיש צעכיכיקעט אונדז אין די פּענימער אַריין, אַז מיר זענען געבליבן שטיין ווי אָפּגעצוואָגענע מיט קאַלטן וואַסער. נאָך אָט דער באַגעגעניש האָט גרישונין שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, יאַטן, וואָס איך האָב אַ טראַכט געטאָן? מיר זעט אויס, אַז דער וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם געזעץ ביי די טערקן, אַז פרויען זאָלן מוזן גיין מיט פאַרדעקטע פּענימער, איז געווען גאָרניט אומגערעכט. ניט מער, נאָר וואָס ער האָט דערביי בלויז געקריוודעט די שיינע. זעט איר, ווען איך וואָלט געהאַט עפּעס צו זאָגן וועגן דעם, וואָלט איך איינגעפירט, אַז נאָר די מיעסקייטן זאָלן גיין פאַרדעקט. און וואָס שייך די שיינע, אָ, זיי וואָלטן באַ מיר געגאַנגען אינגאַנצן אָפּגעדעקטע, אַז מען זאָל זיי זען און טאַקע האַנאָע האָבן...

גרישונינס וויץ — כאָטש מיר זענען געווען איינשטימיק — האָט אָבער ניט געקאָנט פאַרגלעטן אונדזער שלעכטע שטימונג...

*****

**די אַרבעט** אין פעלד איז צוגעגאַנגען מיט אַ גיכן, לעבעדיקן טעמפּאָ. אין אַ קורצער צייט איז שוין אַריבער אַ העלפט פון דער טוואָוע געווען אַרונטערגענומען. די טערקן — טיילווייז

צופרידן פון אונדזער גוטער באַנעמונג און מיסטאָמע דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך שוין פּאָשעט געהאַט צוגעוואוינט — האָבן געשמאַק געאַרבעט. עס האָט אויסגעזען, אַז מיר האָבן באַוויזן אויסצואוואָרצלען באַ זיי דעם פאַרדאַכט צו אונדז, „סאָנים". מיר זענען געווען צופרידן.

אָבער דאָס וואָס מיר האָבן דערגרייכט דורך טעג און וואָכן, איז, צום באַדויערן, צעשטערט געוואָרן אין אַ מינוט. געשען איז אָט וואָס:

איינמאָל, אינמיטן דער אַרבעט, בעאייס מיר זענען — ווי טאָמיד — געלעגן אַף אונדזער געוויינטלעכן רו־פּלאַץ און אונטערגעדרימלט, איז דער „מוכטאַר" — אַ סאָפּענדיקער — מיטאַמאָל צוגעלאָפן צו אונדז. ער האָט אין אויפרעגונג עפּעס געמורמלט און דערביי צעשראָקן געפאָ־כעט מיט די הענט. ער האָט קעסיידער אָנגעוויזן אַהינצו, — צו די אַרבעטער אין פעלד, און מיט אַ קאָנוואולסיווער שטימע געפּלאַפּלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. מיר האָבן דערשטוינט געקוקט אַף אים און אַף זיין צוקנדיקן פּאָנים, אָבער בעאיין אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ער מיינט. ענדלעך האָט ער פּלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן גרישוניגען באַ דער האַנט, ווידער אָנגעוויזן צום פעלד און — שלעפּנדיק אים באַם אַרבל — קימאַט אַרויסגעוויינט:

— „בּוראַיאַ געל, עפּענדי, בּוראַיאַ געל!.." אָט, דעזשורנע!... *)

און כאָטש מיר האָבן נאָך אַלץ ניט באַגריפּט וואָס ער מיינט, האָט אָבער דאָס וואָרט „דעזשורנע", וואָס ער האָט עטלעכע מאָל איבערגע־כאַזערט, אונדז היפּש דערשראָקן. אַ פאַרדאַכט האָט זיך געשאַפן, אַז עפּעס האָט אַוואַדע געמוזט געשען מיט זיבקאָוון, וועלכער איז אין אָט יענער צייט געשטאַנען אַף דעזשורסטווע באַ די שניטער. מיר האָבן דעריבער פונוויַיטן אַ קוק געטאָן אַהינצו, צום פעלד. די פּויערים, — האָבן מיר געזען, — זענען געשטאַנען אין קרייזלעך, געפאָכעט מיט די הענט און שטאַרק געטומלט. אין גערדאַנק האָט אַ שלאָג געטאָן:

„זיבקאָוו, די קלעפּיקע קרענק, האָט שוין אַוואַדע דאָרט עפּעס אָפּ־געטאָן... זיך מיסטאָמע פאַרטשעפּעט מיט עמעצן און...

פלינק האָבן מיר אַ צעעפן געטאָן די ביקסן־שלעסער, גיך אַריינגע־וואָרפן צו גאַנג קוילן אין די מאַגאַזינען אַריין און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן אַהינצו, — גרייט, אויב די פּויערים זאָלן זיך האָבן צעבונטעוועט און עפּעס זאָל האָבן געשען מיט זיבקאָוון...

די פּויערים, — ווי זיי האָבן אונדז באַר דערזען צוקומען, — האָבן זיך גלייך פאַנאַנדערגערוקט און איבערגעלאָזט פאַר אונדז אַ בלויז, אַף אַריינצוגיין אין סאַמע מיטן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און גענומען

*) קום אַהער, האַר, קום אַהער!...

זיך אַרומקוקן. זיבקאָוון האָבן מיר אין ערגעץ אַרום ניט געזען.

לעבן אונדז זענען עטלעכע פרויען געשטאַנען אין אַ רעדל. זיי האָבן טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ, געבראָכן די הענט און אויסגעוויינט אַזעלכע טרויעריק־צעצויגענע און אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי טרויער־לידער. לעבן זיי, אויף דער ערד, איז געזעסן, ווי פאַרשמאַכט, אַן עלטערער טערק פונעם אונטערשטן דאָרף. ער האָט זיך געריסן די האָר פונעם קאָפּ און זיך גענומען קלאַפּן מיט אַ פויסט אין דער באַקעטער ברוסט אַריין. מיטאַמאָל האָט ער זיך גאָר אַ שטעל אויף געטאָן, זיך געוואָרפן צו אונדזערע פיס, געכאַפּט קושן אונדזערע הענט און דערביי געוויזן אויף רעכטס פון זיך, צו דער ערד:

— „געיור, עפענדאַם, געיור!... אַה, זאַוואַלי קזעם!...” *)

מיר האָבן זיך, צעשראָקענע, אַרומגעקוקט.

לינקס פון אונדז, צווישן די הויכע, נאָך ניט־אַרונטערגענומענע, אָבער דערפאַר טיילווייז איינגעטראָטענע, איינגעקנייטשטע זאַנגען, איז געלעגן אַ האַלב־נאַקעטער, בלאַסער קערפּער פון אַ יונגער און זייער שיינער מיידל. איר פּאָנים האָט געשיינט מיט אַ שלאָפעדיקן כיין. דער קאָפּ טונקל־ברוינע, געדיכטע האָר, איז געווען ווילד־צעפלאָשעט ווי די גריוווע ביי אַ פערד אין גאַלאָפּ. מיר האָבן זיך צוגעבויגן צו איר און געזען די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, איבער וועלכע די פאַררונדיקט־לאַנגע, אַרויפגעהויבענע וויעס, האָבן געפלאַטערט ווי אונטער אַ הייסן אָנגעשטעלטן פּראָזשעקטאָר. זי איז, זעט אויס, געווען באַוואוסטלאָז. עפּעס האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נאָר־וואָס דערטרונקענער, יונגער קאַלע. די טראַנטעוואַטע קליידער — אַרונטערגעריסענע — האָבן זיך געוואַלגערט לעבן איר, אויף דער ערד, און בלויז טיילווייז פאַרדעקט איר פיין־געפורעמטן, ווייסן פרויען־קערפּער.

מיר האָבן געגאַפט אויף איר און מאַמעש ניט געקאָנט אָפּרייסן די בליקן. עפּעס אַ מאָדנער צאַאַר־געפיל האָט אונדז אַלעמען, זעט אויס, אַרומגעכאַפּט, אַז מיר האָבן אַפילע ווי פאַרגעסן נאָך וואָס מיר זענען אינגאַנצן אַהערגעקומען.

מיטאַמאָל האָט זיך דער קערפּער אַ צאַפּל געטאָן. דאָס מיידל האָט פיינלעך צעעפנט די אויגן און זיך צעטומלט־דערשראָקן אַרומגעקוקט. זי האָט זיך, מאַשמאָעס, געוואָלט אויפזעצן, אָבער ניט געקאָנט. באַלד האָט זי — דערמאַנענדיק זיך, אַפּאָנים, וואָס עס איז געשען מיט איר — מיט אַ ציטערדיקער האַנט אויף גיך פאַרשטעלט איר פּאָנים און דערביי מיט דער צווייטער האַנט — אַרומגעטאַפּט די ערד אַרום זיך, אַזוי ווי

*) זעט, האַרעלעך, זעט!...אָ, מיין אומגליקלעכע טאָכטער!...

זי וואָלט עפּעס געזוכט, אַ כאַפּ געטאָן אַ קליידל פון דער ערד און אַף גיך פאַרדעקט איר נאַקעטן קערפּער.

מיר האָבן זיך פאַרשעמט און אַוועקגענומען אונדזערע בליקן פון איר. עס איז אונדז אָבער נאָך אַלץ ניט קלאָר געווען וואָס אַזעלכעס עס איז געשען מיט איר און ווער עס האָט ביי איר אַרונטערגעריסן די קליידער. מיטאַמאָל האָבן מיר זיך אַ כאַפּ געטאָן און זיך דערמאנט אין זיבקאָוון. ער איז ניט געווען אַרום. גרישונין האָט אים גלייך אַ רוף געטאָן. יענער איז אָנגעקומען פון ערגעץ אַ זייט, זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז מיט אַזאַ אומשולדיק-נאַאיוון שטעל, אַקוראַט ווי ער אַליין וואָלט אויך ניט געוואוסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דערביי האָט ער געקוקט אַף אונדז מיט אַזאַ נאַריש-טאַמעוואַטע און — צו דער זעלבער צייט — כוצפּעדיק-אַרויסרופעריש שמייכעלע, וואָס האָט אונדז אַלעמען פּאָשעט אויפגערעגט. מיר האָבן שוין אַלץ פאַרשטאַנען...

די פויערים און פויערטעס האָבן אַלץ געקוקט אַף אונדז און אין טיפן שוויגן געוואַרט צו זען וואָס מיר וועלן טאָן.

זיבקאָוו איז געשטאַנען און אַרונטערגעווישט פון זיין צעקראַצטן פּאָנים די שטיקלעך פאַרטרוקנטע בלוט. גרישונין האָט בייז געקוקט אַף אים און אַזש געציטערט. מיטאַמאָל האָט ער האסטיק אַריבערגע-וואָרפן זיין ביקס צו איינעם פון די יאַטן און אַ שפרונג צו געטאָן צו זיבקאָוון. ער האָט אים אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט און אים גענומען אַזוי טרייסלען, אַז עס האָט אויסגעזען, ער וועט אים אַף פּיצלעך צעשיטן. דערנאָך האָט ער אים אָפּגעשטויסן פון זיך און גענומען שרייען:

— הער כאָטש אויף צו שמייכלען, דו קלעפּיקע קרענק אייגע!... הער אויף, וואָרים איך וועל דיך ווי אַ הונט צערייסן!...

צעשראָקענע האָבן מיר געקוקט אַף גרישונינס אויפגעלאָפענע אויגן און אַף זיין צעפלאַמטן פּאָנים. קלאָר איז אונדז געווען, אַז אויב מיר וועלן אים באַצייטנס ניט אָפּשטעלן און באַרואיקן, וועט ער אים זיכער צעמיימעסן. מיר האָבן זיך דעריבער אַ וואָרף געטאָן צו גרישונינען און אים גענומען איינשטילן. מיר האָבן אים געבעטן און געפּאָדערט, אַז ער זאָל אַליין גאָרניט טאָן; אַז ער זאָל זיבקאָוון בעסער איבערגעבן צו נאַטשאַלסטווע און זאָלן זיי אים טאָן וואָס ער פאַרדינט.

גרישונין איז ענדלעך אָפּגעטראָטן. זיבקאָוו, אָבער — ווי גרויס נאַר ער איז געווען — האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. ער איז געשטאַנען, געשמייכלט, און כוצפּעדיק אַ וואָרף צו געטאָן:

— כאָ-האָ-האָ, — האָט ער נאַריש געלאַכט, — קוקט נאָר אָן דעם גרויסן צאַדיק!... וואָס איז דאָ געשען, וואָס?... מיט וואָס האָב איך זיך

עס אַזוי פֿאַרזינדיקט?...זעט נאָר ווי ער נעמט זיך עס אָן די קריוודע פֿאַר דער פֿאַרשיווער מויד!...

און מיטאַמאָל זיך ווידער פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— האָ־כאָ־כאָ...און עפּשער פֿאַרדריסט דיך גאָר, וואָס איך האָב זי דיר ניט אָפּגעטראָטן צום ערשטן?... דיר ניט אָפּגעגעבן דעם קאָוועד, ווי עס קומט אַן עלטסטן, אַ צוויי־בענדלדיקן?...

גרישונין האָט געציטערט פֿון קאַאַס. באַלד האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זיבקאָוון מיט זײַנע געזונטע הענט, אים אַרונטערגעלאָזט אַ פּייערדיקן פּראַסק אין צורע און, אין אויפֿרעגונג, געשריגן:

— שווײַג בעסער, דו אויסוואורף, זאָג איך דיר!... שווײַג, ווײַל אַנדערש וועל איך אַ טעל מאַכן פֿון דיר, דו נאַרישע בעהיימע!...

ער איז געוועזן אַזוי צעררודערט און אויפֿגערעגט, אַז עס האָט אַזש אויסגעזען, ער וועט אים סאָף־קאָל־סאָף בעעמעס אַוועקהאַרגענען. מיר האָבן אים ווידער גענומען באַרואיקן און צו זיבקאָוון האָבן מיר דערבײַ צוגעוואונקען מיט די אויגן, אַז ער זאָל בעסער אָפּטרעטן פֿון אים און פֿאַרשווייגן. קוים מיט אַנגסטן איז אונדז ענדלעך געלונגען זיי ביידן פֿאַנאַנדערצעטיילן און זיי ווי ניט איז דאָך באַראיקן. גרישונין איז אָפּגעטראָטן, אָבער דערבײַ אַלץ ניט אויפֿגעהערט אונטערצוברומען:

— אָט, אַ מענוואוולדיקער הונט, צו אַלדע טײַוול...און דאָס האָט נאָך איבערגעלאָזט אַ ווײַב מיט אַ קינד אינדערהיים, אַזאַ זאַראַזע!...מען וואָלט דיך דערפֿאַר געדאַרפֿט...

עס איז שטיל געוואָרן. די פּויערים האָבן מיר דערווײַל ווי ניט איז באַרואיקט און זיי צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט. עס זענען פֿאַרבײַ עטלעכע מינוטן. אויבנאויפֿיק האָט עס זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלץ איז שוין פֿאַרענדיקט און פֿאַרגעסן. די פּויערים, אָבער, האָבן נאָך אַלץ געגלייט מיט זייערע צאָרנדיקע אויגן. עס איז קלאָר געוועזן, אַז עפּעס וועט דאָך געשען. מיר האָבן דעריבער פֿאַנאַנדערגעלאָזט די פּויערים און זיי יענעם טאָג שוין מער ניט געצוואונגען צו אַרבעטן.

און קעדיי כאָטש אַביסל צו פֿאַרגלעטיקן דאָס געשעענע, האָבן מיר אַוועקגענומען די דרײַ „מוכטאַרס” אָן אַ זײַט, צוגערופֿן דעם „מולאַ” מיט דער מיידלס פֿאָטער און זיך גענומען דורכרעדן מיט זיי וואָס צו טאָן און ווי אַזוי זיי דאָס צו פֿאַרגיטיקן. מיר האָבן זיי פֿאַרשפּראָכן ניט צו פֿאַרשווייגן דעם פֿאַרברעכן און באַשטראָפֿן דעם שולדיקן אַזוי ווי ער האָט עס פֿאַרדינט. דערבײַ האָבן מיר זיי געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז פֿאַר זיי לויעט זיך בעסער ניט צו מאַכן קיין טומל וועגן אָט דער געשיכטע, ווײַל זיי וועלן בײַ נאַטשאַלסטווע סײַ ווי קיין גערעכטיקייט

ניט באַקומען. מיר האָבן זיי אויך פאַרשפּראָכן אַליין עפּעס צו טאָן פאַר דער געקריוודעטער מיידל, כאָטש מיר האָבן בעאייס דעם אַליין ניט באַגריפן, וואָס מיר קאָנען טאָן און מיט וואָס מיר קאָנען העלפן.

מידע און אויסגעשעפּטע זענען מיר אַוועק צו זיך, אין אונדזער וואוינונג, זיך אַוועקגעזעצט, געטראַכט, און צו גאָרניט זיך געקאָנט דערטראַכטן. איינער האָט געקוקט אפן צווייטן מיט לויזע געדאַנקען און ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן.

און זיבקאָוו — ווי אף צו לעהאַכעס — האָט נאָך אַלץ געפּראָבירט באַרעכטיקן זיין טאַט. אָט האָט ער אָנגעכאַפּט איינעם פון דער גרופּע, אָט — אַ צווייטן, און געוואָלט עפּעס זאָגן. קיינער האָט אים אָבער ניט געוואָלט הערן. מיטאַמאָל האָט ער אפן קאָל אַרויסגעפּלאַצט:

— וואָס מאַכט איר דערפון אַזאַ גרויסע טראַגעדיע?...בו, דערויף איז עס דאָך מילכאָמע. און אף מילכאָמע מעג מען אַלץ!...

דאָס איז שוין געווען צופיל. גרישונין — און נאָך אים אַלע אַנדערע יאַטן פון דער גרופּע, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו זיבקאָוון און מען האָט אים אף אַן עמעס גוט אָנגעהאַרגעט.

און דאָס האָט, זעט אויס, טאַקע געווירקט אף זיבקאָוון מער ווי אַלע שטראָף־רייד. אַז ער, זיבקאָוו, האָט זיך שוין געהאַט זייער גוט אויסגעוויינט, גוט אויסגעזידלט אַלעמען און זיך אַביסל אָפּגערוט, האָט ער זיך ערשט באַרואיקט. איצט האָט ער, מאַשמאָעס, באַגריפן וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן און — אַ געבראָכענער — זיך גענומען פאַרענטפערן:

— דער טייוול ווייסט עס ווי אַזוי דאָס איז געשען. — האָט ער, צעשפּרייטנדיק די הענט, געמורמלט אין פאַרצווייפלונג.— ניט אַנדערש, נאָר איך בין דעמלט פון זינען אַרונטער, אָדער כ'ווייס וואָס...

ער האָט געשוויגן אַ ווייל, אָפּגעווישט דאָס פּאָנים פונעם שווייס, וואָס האָט אים באַגאָסן, און ווי צו זיך ווייטער גערעדט:

— צופעליק האָט זיך ביי איר אַ פאַררוק געטאָן דער „יאַמשאַק".

עס האָט עפּעס אַזאַ שטאַרקן רייץ געטאָן, אַז דער טייוול האָט מיך שיער גענומען. שפּעטער, אַז איך האָב באַמערקט ווי זי איז אַריין אין דער געדיכטעניש פון דער טוואָרע, — האָב איך זיך פאַרגאַנוועט נאָך איר, אונטערגעקראָכן פון הינטן, איר פאַרשטאָפּט דאָס מויל און...

ער האָט זיך צעוויינט אף אַן עמעס. עס האָט אויסגעזען, אַז ער איז דאָסמאָל ערנסט אין זיין כאַראָטע און עס האָט זיך דעריבער דער־פילט אַ מין ראַכמאָנעס צו אָט דעם צעליאַפּעטן זיבקאָוון. גרישונין איז אָבער נאָך אַלץ געזעסן ווי אַן אָנגעבלאָזענער. עס האָט אין אים נאָך אַלץ, אַפּאָנים, געברענט די פערזענלעכע באַליידיקונג, וואָס זיבקאָוו

האָט אים פריער אין פּאָנים געוואָרפן. ער האָט געביסן זיינע ליפּן, און געמורמלט עפּעס אינדערשטיל. מען האָט אָבער באַמערקט, אַז ער פאַרשלינגט אַ שמייכל, וואָס האָט זיך איבער געוואַלד געריסן פון אים. און ווי צו פאַרענטפערן זיך פאַר עמעצן, האָט ער אַ ברום געטאָן:

— עמעס, איך אַליין בין טאַקע אויך ניט קיין צאַדיק, אָבער... אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך, אינמיטן העלן טאָג, צווישן מענטשן, און דערצו נאָך אין פּאָטערס אָנווועזנהייט...

ער האָט אָפּגעאָטעמט, אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. באַלד האָט ער האַלב־שפּאַסיק און האַלב־ערנסט צוגעגעבן:

— האָט איר כאָטש געזען אַ מויד?... געזען אַ פּאָנים?...

ער האָט ווי באַצוואונגען אַ לאַך געטאָן און דערביי צוגעוואָרפן אַ לופט־קוש אַף די שפּיצן פינגער, וואָס האָט אַוואַדע געדאַרפט מיינען, אַז די מיידל איז גאָר אַ שיינע. דערנאָך האָט ער אַ זיפץ געטאָן:

— דעם עמעס, יאַטעלעך, פאַרדרוסט מיך. און וואָלט איך זיך ניט געשעמט, וואָלט איך געזאָגט, אַז דעם ערגסטן הונט קומט טאַקע שטענדיק אָן דער בעסטער ביסן...

די הייסע מינוטן זענען פאַרביי ביי אונדז. איצט האָט מען שוין מיט אַ רואיק געמיט גענומען באַטראַכטן וואָס צו טאָן. קלאָר איז פאַר אונדז געווען בלויז איין זאַך: אַז דאָס וועט שוין אַזוי גלאַטיק ניט אָפּגיין. מיר האָבן באַגריפן, אַז די טערקן וועלן אַוואַדע זוכן אַ וועג ווי נעקאָמע צו נעמען דערפאַר, און וועלן עס זיכער געפינען. מיר האָבן, דעריבער, באַשלאָסן וואָס גיכער אַוועקצושיקן זיבקאָוון פון דאָרף, צוריק אין שטאַב אַריין. מיר האָבן געהאָפט, אַז ווען ער וועט ניט זיין, וועט די געשיכטע פון זיך אַליין אָפּשטאַרבן...

אינמיטן נאַכט האָבן מיר זיבקאָוון גענומען אויסריכטן אין וועג אַריין. גרישונין האָט אָנגעשריבן אַ באַריכט, אַז ער, זיבקאָוו, איז עפּעס מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן און מוז גיין אין דער אַמבולאַטאָריע. דערביי האָט גרישונין געבעטן, אַז מען זאָל אונדז גליך צושיקן אַף זיבקאָווס פּלאַץ אַ צווייטן. זיבקאָוו האָט איינגעפּאַקט זיינע זאַכן אין זאַק אַריין און דערביי שוויגנדיק געקוקט אַף אונדז מיט טרויער אין זיינע אויגן. קלאָר איז געווען, אַז עס האָט אים שטאַרק באַנג געטאָן און עס איז אים אַ שאָד געווען אונדז צו פאַרלאָזן. ער האָט אָבער, אַפּאָנים, פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג און אַז ער קאָן שוין לענגער אין דאָרף מיט אונדז ניט פאַרבלייבן.

ער איז געווען ווי אַ פאַרלוירענער— גאָרניט צו דערקענען...

*****

**פאַרטאָג,** ווען עס איז נאָך רעכט פינצטער געווען, האָט זיבקאָוו זיך אָפּגעזעגנט מיט אונדז און זיך — שטיל, מיט געגאַנווועטע טריט — גענומען אַרויסרוקן פון דאָרף אַרויס.

עטלעכע טעג זענען פאַרביי. מיר האָבן אַלץ געוואַרט אויף אַ צווייטן מענטשן פון שטאַב, אויף זיין פּלאַץ, אָבער קיינער איז ניט געקומען. אַנשטאָט דעם איז גאָר פון דאָרט געקומען צו רייטן אַ שעליעך און אונדז איבערגעגעבן אַ באַפעל פונעם אַדיוטאַנט, אַז אין אַ טאָג-צוויי אַרום וועט צו אונדז אין דאָרף אַריין אָנקומען אַ גרופּע דרוזשיניקעס אויף איבערצונעמען אונדזער אַרבעט, און אַז מיר זאָלן דעריבער, גלייך נאָך זייער אָנקומען, זיך אומקערן צוריק אין שטאַב אַריין.

אויפן דריטן טאָג זענען טאַקע אָנגעקומען די דרוזשיניקעס. מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אונדזער שטוב, זיי באַקענט מיט די איינצל-הייטן פון דער אַרבעט און אַליין זיך גענומען קלייבן אַוועקצוגיין. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט די פויערים, האַרציק געדריקט די הענט באַם „מוכטאַר" און באַם „מולאַ" און זיך אַרונטערגעלאָזט פונעם דאָרף, באַרג-אַרונטער. אַ צאָל פויערים האָבן אונדז באַגלייט אַ שטיקל וועג. באַם באַרג-פוס האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, אונדז איבערגעגעבן עטלעכע זעקלעך מיט טאַבאַק, שוועבעלעך און ביכעלעך רויכער-פּאַפּיר פאַר מאַטאָנעס, אָנגעוואונטשן אַלדאָסגוטס און זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן, ביז מיר זענען אַריין אין געדרייטן וועג, צווישן באַרג-שפּאַלט...

אין שטאַב האָבן מיר זיבקאָוון ניט געפונען. און אויף אונדזער נאָכפרעגן זיך צווישן די יאַטן פון קאָמאַנדע, האָבן זיי געקוקט אויף אונדז מיט כידעש. געזאָגט האָבן זיי אונדז, אַז זינט מיר זענען אַוועק פונעם שטאַב, האָט מען אים דאָרט ניט געזען. גרישונין האָט דאַן ראַפּאָרטירט דעם אַדיוטאַנט, אַז זיבקאָוו איז מיט אַ צייט צוריק קראַנק געוואָרן און אַז מיר האָבן אים דערפאַר געהאַט צוריקגעשיקט אין שטאַב אַריין. דער שטאַב האָט דאַן אָנגעפרעגט אין אַלע אַרומיקע פעלד-שפּיטאָלן, אָבער דער ענטפער איז געווען, אַז דאָרט איז קיינמאָל אַזעלכער ניט געווען. זיין פאַרפאַלן ווערן איז דעריבער געבליבן אַ רעטעניש. אין די שטאַב-ביכער האָט מען עס פאַרשריבן בלויז מיט די עטלעכע פּאָשעטע, קאַזיאָנע ווערטער:

„פאַרפאַלן געוואָרן אָן אַ שפּור".

עטלעכע וואָכן נאָך אונדזער אָנקומען אין שטאַב אַריין, זענען צו אונדז אָנגעקומען עטלעכע פרעמדע, פאַרבייפאָרנדיקע אָבאָז-לייט.

זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ רעוואָלווער, אַ ביקס, אַ טעסאַק און אַ זעלנערישן זאַק מיט פאַרשידענע זאַכן אין דעם. דערציילט האָבן זיי, אַז זיי האָבן דאָס געפונען אף אַ זייטיקן וועג צווישן די בערג, ניט ווייט פון יענעם דאָרף, וואו מיר זענען געהאַט געווען אף אַרבעט. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז פאַרבייפאָרנדיק דעם דאָזיקן פּלאַץ, האָבן זיי פונוויטן באַמערקט אַ סאָלדאַטישן קערפּער, וואָס האָט זיך געוואַל־גערט אָן אַ זייט פון דעם וועג. זיי זענען אַרונטערגעגאַנגען אים צו באַטראַכטן און דערזען, אַז ער איז געווען ניט קיין געווייניטלעכער געפאַלענער. ער איז שוין געווען, האָבן זיי געזען, ווי האַלב־צעפרעסן פון קראָען אָדער וועלף, אָן אויגן, אָן געשלעכט־גלידער און מיט אָפּ־געגריזשעטע, אָדער אָפּגעהאַקטע פינגער. לויטן ביכל, וואָס זיי האָבן געפונען ביי אים אין שטיוול־כאָלעווע, ווי אויך לויט די פּאָגאָנעס אף זיינע אַקסלען, האָבן זיי געוואוסט, אַז ער איז פון בריגאַדע־שטאַב און זיי זענען דעריבער געקומען מעלדן וועגן דעם.

מיר — פון דער גרופּע, וואָס איז געווען אין יענעם דאָרף — האָבן זיך מיט שרעק איבערגעקוקט צווישן זיך. ביי אונדז איז קיין שום צווייפל ניט געווען, אַז דאָס האָבן זיך די דאָרפסלייט מיסטאָמע אַזוי אָפּגערעכנט מיט זיבקאָוון פאַר יענער געשעעניש. שטומערהייט האָבן מיר אָפּגעמאַכט צווישן זיך, פאַר קיינעם ניט צו לאָזן פאַלן קיין איינציק וואָרט וועגן דעם וואָס אין דאָרף איז געהאַט פאָרגעקומען.

און כאָטש פאַרן שטאַב איז איצט גאַנץ קלאָר געווען, אַז דער געפונענער קערפּער איז טאַקע זיבקאָווס, און כאָטש מען האָט אים אַפילע געבראַכט צו פירן און אים באַערדיקט אין אַ קייווער ניט ווייט פונעם שטאַב, האָט מען זיך פונדעסטוועגן אין שטאַב ניט גענומען די מי אויסצוגעפינען וואָס עס איז געשען מיט אים און ווי אַזוי ער איז אומגעקומען. מען האָט אַפילע מער ניט איבערגעשריבן אין די ביכער אַריין, אַז ער איז געשטאָרבן. עס איז שוין אַזוי אף אייביק געבליבן ווי עס איז געווען פאַרשריבן פריער:

„פאַרפאַלן געוואָרן אָן אַ שפּור...”



# קאַפּיטל אַכצן

**איבער דער** צייט, וואָס מיר זענען געווען אין די דערפער אף אַרבעט, איז סיי אין קאָמאַנדע און סיי אין שטאַב פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש. סטעפּאַקין,— אונדזער עלצטער,— איז קראַנק געוואָרן און איז אַוועק אין אַ שפּיטאָל ערגעץ ווייט אין טיל. אף זיין פּלאַץ איז באַשטימט געוואָרן דער דריי-בענדלדיקער, זאַפּאַסנער איד, כאַיעט, וועלכער איז ערשט ניט לאַנג צוריק געהאַט אָנגעקומען אין דער קאָמאַנדע. ער איז בעטעווע געווען אַ שלעכטער און גרויס-האַלטער. און קעדיי זיך אויסצופּיינען פאַר נאַטשאַלסטווע, און צו באַווייזן, אַז די דריי בענדלעך, וואָס ער האָט ערגעץ אַמאָל געקראָגן, האָט ער קאָשער פאַרדינט,— איז ער געווען גאָר ווילד-שטרענג, אַז עס איז פּאָשעט ניט געווען אויסצוהאַלטן פון אים. אויסער אַלעם, האָט ער סטאַם ניט געוואוסט דעם שטייגער צוזאַמענלעבן פון דער קאָמאַנדע און זיך אַפילע ניט גערעכנט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך שוין איבער דער צייט יאָ דערוואוסט. אַלע האָבן אים דערפאַר פיינט געהאַט און קיינער האָט ניט געוואָלט האָבן מיט אים קיין שום געשעפטן. מען האָט אים בלויז געפאָלגט, קעדיי אויסצומיידן רייבונגען.

דער קאַפּעלמייסטער אַליין איז אויך געוואָרן אומדערטרעגלעך. פון זיין שטענדיקן אַרומגיין לײדיק און, אַפּאָנים, אויך דערפאַר, וואָס מיר זענען קעסיידער געשיקט געוואָרן אף סאַניטאַרער אַרבעט און זיך ניט פאַרנומען מיט קיין מוזיק, וואָס האָט אים געמאַכט זיך פילן ווי עפּעס אַן איבעריקער,— איז ער דעריבער געוואָרן פאַרביטערט און זיך געטשעפּעט צו דער קלענצטער זאַך. איינעם האָט ער געהייסן שטעלן אונטער ביקס אף עטלעכע שאָ, ווייל יענער האָט אים עפּעס אַזוי גיך ניט געהערט. אַ צווייטן— האָט שוין געהאַלטן דערביי—אַז מען זאָל אים אָפּשיקן אין ראָטע אַריין. און נאָר בלויז דערפאַר, וואָס אין דער קאָמאַנדע איז איצט געווען אַ דויכיק אין שפּילער, איז ער געראַטעוועט

געוואָרן. צוליב דער זעלביקער סיבּע האָט מען אויך צוריקגעבּראַכט פון דער פּאָזיציע אונדזערע צווייי יאַטן, סאַלעצקין מיט יערמישינען, וועלכע דער אַדיוטאַנט האָט — פאַר זייער באַקלאָגן זיך — אָפּגעשיקט געהאַט אין זייערע ראָטעס אַריין, אַף דער פּאָזיציע.

אין שטאַב גופא איז אויך געווען אַן איבּערקערעניש. אונדזער קאָמאַנדיר האָט באַקומען אַ העכערונג אין זיין ראַנג און איז באַשטימט געוואָרן פאַר קאָמאַנדיר פון אַ קאָזאַקן־בּריגאַדע. אַף זיין פּלאַץ איז צו אונדז אָנגעקומען אַ הויכער, געזונטער פּאָליאַק, מיט אַ גלאַט פולן פּאָנים — באַזעצט מיט בּייזע רויטלעך־געלע פלעקן אַף די באַקן און אַף דעם שפּיץ נאָז. יעדער פלעק — אַ שטיק כּוצפּעדיקע פּרעטענזיע. און דערצו, ווי צו דערגאַנצן די געלקייט — האָט ער געהאַט אַ פּאָר גרויסע, געלע וואָנצעס, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען עפּעס ווי אַ גרימירטער קלאָון אין אַ צירק־באַלאַגאַן. טאָמיד איז ער געווען אָנגעצויגן, שטייף. פאַר דער קלענצטער זאַך האָט ער באַשטראָפט מיט צענדליקער שאָען אונטער ביקס און אָפט אַפילע מיט עטלעכע טעג אַרעסט. און האָט זיך עמעצער פאַרזינדיקט מיט אַ קלייניקייט אַפילע — האָט ער שוין יענעם געזידלט אָן אויפהער. דערביי איז ער געוואָרן אַזוי אָנגעצונדן, אַז די געלע וואָנצעס האָבּן זיך, דאַכט זיך, אַזש אויפגעשטעלט. אפן פּאָנים האָבּן די רויט־געלע פלעקן אַזש גענומען טאַנצן ווי פּענבּערלעך. די ליפּן זענען געוואָרן בּלוי און די אויגן האָבּן געשפּריצט מיט בּלוט.

אַלע האָבּן מוירע געהאַט פאַר אים און זיך דערפאַר געהיטן ניט צו קומען אין זיין וועג. עס האָט זעלטן געטראָפן, אַז עמעצער, וואָס זאָל אים אָנגעגעבּן, זאָל אָפּשניידן טרוקן. טאָמיד האָט ער זיך שוין געפונען עפּעס אַ פאַרוואָס צו באַשטראָפן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז דער בּלויזער פאַקט פון באַגעגענען אים, איז שוין אַליין געווען אַ גוטע אורזאַך דערפאַר. אַמאָל איז עס געווען איבּער ניט אַזוי פּינקטלעכן סאַלוטירן אים, אָדער פאַר ניט־ריכטיקן פאַרבּייגיין. אַ צווייטמאָל — ווייל ער האָט דערזען, אַז ביים סאָלדאַט איז אַ קנעפּל געווען לויז, אָדער אָפּגעריסן, צי גאָר אַ פלעק אפן העמדל. אין שטאַב איז איצט געווען אַן עמעסע אינקוויזיציע. עס איז פּאָשעט געווען שווער אויס־צוהאַלטן פון דער בּייזער „טרויקע״ — ווי טשעריאַק האָט באַטיטלט דעם קאָמאַנדיר, זיין אַדיוטאַנט און דעם קאַפּעלמייסטער...

איין שטיקל גליק פאַר אונדז איז בּלויז געווען דאָס, וואָס דער בּייער קאָמאַנדיר, ווי מיר האָבּן אויסגעפונען, האָט שטאַרק ליבּ געהאַט מוזיק און דערפאַר אונדז באַהאַנדלט אַביסל בעסער ווי די אַנדערע סאָל־דאַטן. צוליב דעם טאַקע האָט ער, באַלד ווי די קאָמאַנדע איז זיך

צוזאַמענגעקומען פון דער אַרבעט איבער די דערפער, פאַראָרדנט, אַז די קאָמאַנדע זאָל זיך צוריק איינשטעלן אַזוי גיך ווי מעגלעך, און גלייך גענומען פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָרפּוס-שטאַב, אַז מען זאָל אונדז באַפרייען פון טאָן סאַניטאַר-אַרבעט אף דער פּאָזיציע, צו וועלכער מען האָט אונדז באַלד נאָכן צוריקקומען אַוועקגעשיקט. און אַפּאָנים, אַז די באַמיאונג זיינע האָט טאַקע געהאָלפן. ווייל מיט בלויז עטלעכע טעג נאָך אונדזער אַוועקגיין צום פראָנט, האָט מען אונדז צוריקגערופן אין שטאַב אריין. דאָסמאָל האָט מען אונדז געהייסן אַוועקגעבן די ביקסן מיט די לאָפּעטעס אין אָבאָז אריין און אין דער זעלביקער צייט טאַקע צוריק אַרויסנעמען פון דאָרט אונדזערע איי-גענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן.

די אינסטרומענטן זענען געווען אַזוי שמוציק-אָפּגעלאָזן, זינט מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אין אָבאָז, אַז עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אף זיי. די מעשענע קיילים זענען געווען פאַרגרינט און פאַרשימלט, אַז עס איז געווען פריקרע זיי אין האַנט צו נעמען. די נאָטן-ביכער זענען געווען פאַרשטויבט און קימאַט פאַנאַנדערגעפאַלן.

מיר האָבן זיך גענומען צום פוצן און רייניקן די קיילים און צו איינקלעבן די לויזע בלעטער אין די נאָטן-ביכער. סאַוואָראָף, אָבער, האָט, זעט אויס, קיין געדולד ניט געהאַט. ער איז אַרומגעקראָכן אַרום אונדז, געזידלט און, פונקט ווי מיר וואָלטן שולדיק געווען, געשריגן:

— אַרומשלעפּער!... אויסוואורפן!... רירט זיך צו אַביסעלע!... נו, געזען ווי מען האָט עס פאַרנאַכלעסיקט די אינסטרומענטן!...

מיר האָבן זיך גענומען צום בלאָזן, אָבער עס איז אונדז עפּעס ניט געגאַנגען. אַפּאָנים, אַז איבער דער לאַנגער צייט, וואָס מיר האָבן קיין מונדשטיק צום מויל ניט גענומען, זענען אונדזערע ליפּן אָפּגע-וואוינט און פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, אַז זיי האָבן קיין ריינעם טאָן גאָרניט געקאָנט אַרויסגעבן. מיר האָבן געריבן די מונדשטיקער, זיי באַפייכט מיט די צונגען, אָבער עס האָט אַלץ ניט געהאָלפן. סאַוואָראָף איז דעריבער געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער און אַלץ דאָקוטשעט:

— פּעגירעס! — האָט ער געשריגן, — הינטישע עקן!... ניט אין די מונדשטוקן ליגט די צאָרע, נאָר אין אייערע פאַרשיווע פּיסקעס!... מאַכט גימנאַסטיק, מאַכט איבונגען, שפּילט גאַמעס און בלאָזט!... יאָ, בלאָזט, אַז דער טייוול זאָל אייך נעמען!...

מיר האָבן געבלאָזן די גאַמעס אַרויף און אַראָפּ אָן אויפהער. צו ביסלעך זענען די טענער געוואָרן נאָכגיביקער און ווייכער. עס האָט זיך אָנגעהויבן הערן די זעלביקע זאַפטיקייט אינעם שפּילן ווי אַמאָל.

סראוואָראָף האָט זיך נאָך אָבער אַלץ ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט אונדז אָפּגעהאַלטן גאַנצע טעג באַם בלאָזן און אונדז קיין מינוט אָפּרו אַפילע ניט געגעבן. מיר האָבן געהאַט בלויז אַ האַלבע שאָ אף צום עסן און זענען פריי געוואָרן ערשט ווען ס׳איז שוין געווען אַזוי פינצטער, אַז מען האָט שוין קיין איין קלאָרע נאָטע אינעם בוך ניט געזען. ער האָט זיך געוואָרפן און געזאָגט, אַז וואָלט ער נאָר געהאַט עפּעס אַ באַלייכטונג־מיטל, וואָלט ער אונדז אַזוי אָפּגעהאַלטן גאַנצע נעכט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט זיך פּאָשעט פאַרנומען אַרויס־צעקוועטשן פון אונדז די לעצטע ביסלעך קויכעס. ער איז קעסיידער אַרומגעגאַנגען און צוגעבורטשעט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר אונדזער שולד געווען, וואָס מען האָט ביי אונדז געהאַלטן אין איין צונעמען די אינסטרומענטן און אונדז אַוועקגעשיקט אף סאַניטאַר־אַרבעט צו דעם פראָנט, אָדער איבער די דערפער. מיר האָבן אָבער געשוויגן. קלאָגן זיך — איז סיי ווי ניט געווען צו וועמען.

כוץ די שווערע איבונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט ביי זיך, און כוץ דאָס טעגלעכע שפּילן לעבן דעם שטאַב, האָבן מיר געדאַרפט אָפט נאָך גיין שפּילן צו די פאַרשידענע אַרמיי־טיילן, וואָס זענען אַרונטער־געקומען פון די בערג אף אַ קורצן אָפּרו און זיך צעשטעלט אין לאַגערן, אף דער אַנדערער זייט טייכל, איבערן וועג פונעם שטאַב.

דאָס דאָזיקע שפּילן האָט אונדז ניט איינמאָל פאַרשאַפט האַרצווייטיק און קרענקונג. די סאָלדאַטן פון יענע טיילן, צו וועלכע מיר זענען געקומען שפּילן, האָבן אונדז אויפגענומען ניט איבעריק פריינטלעך. זיי האָבן אונדז איבערגעקרימט, אויסגעכויזעקט און באַטיטלט מיט צונעמענישן. זייערע אָפיצירן, אָבער, זיי זענען דאַווקע יאָ צופרידן געווען פון אונדז. זיי — לויטן גראַד פון זייער שיקער זיין — האָבן אונדז אָפטמאָל אַפילע צוגעוואָרפן אַ רובל, אָדער צוויי פאַרן שפּילן. דאָס האָט די סאָלדאַטן נאָך מער אויפגערייצט אף אונדז און זיי האָבן אונדז דערפאַר שטעכעלירט:

— זעט נאָר, — האָט אָפט איינער צום צווייטן אַ זאָג געטאָן, בעאייס אַן אָפיציר האָט אונדז געלט געגעבן, — מען צאָלט זיי דאָך נאָך צו, די אומזיסטיקע פרעסער, פאַר זייער ליידיק גיין...

אַנדערע האָבן געלאַכט און צוגעוואָרפן:

— נו יאָ, און אַז אַזעלכער וועט נאָך דער מילכאָמע צוריקקומען אַהיים, וועט ער זיך נאָך אַוואַדע באַקלאָגן, אַז ער האָט נעבעך געהאַט אויסצושטיין געבערענטע צאָרעס אפן פראָנט און געדאַרפט דורכמאַכן די גרעסטע געפאַרן...

— יאָ, געפֿאַרן, אַז די דודקעס זייערע זאָלן אַמאָל כאָלילע ניט עקספּלאָדירן! — האָט דער ערשטער געלאַכט.

— פּכע, אויך מיר סאָלדאַטן, כע־כע־כע... ראַקעס זענען פּיש און מוזיקאַנטן — זעלנער...

אַנדערע האָבן זיך מיקלוימערשט אָנגענומען פֿאַר אונדז. זייערע רייד האָבן אָבער גערייצט ניט ווייניקער ווי יענע:

— לאָזט זיי אָפּ! — האָט עמעצער שפּאַסיק אויסגערעדט די אי־בעריקע. מוזיקאַנטן דאַרף מען דאָך אויך האָבן. ניין?...און ווידער, וואָס זאָל מען פֿאָרט טאָן מיט אַזעלכע, וועלכע טויגן זיך פֿאָרט ניט אויס פֿאַר דער פּאָזיציע?...

— גוט, מוזיקאַנטן, — האָט אַ דריטער איראָניש צוגעשטימט, — אָבער פֿאַרוואָס זעט מען זיי קיינמאָל ניט אויף די בערג? פֿאַרוואָס קומען זיי קיינמאָל ניט צושפּילן צום סבאַריאַדן־טאַבץ, אויבן?...

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף זיי? — האָט דער ערשטער ווידער אַ שמייכל געטאָן, — איר זעט דען ניט, אַז זיי שלעפּן זיך קוים אויף די פֿיס און אָטעמען קוים?!...

אַזעלכע שטעך־ווערטלעך האָבן זיך איבערגעכאַזערט יעדעסמאָל ווען מיר זענען נאָר געקומען שפּילן. עס האָט ניט געהאָלפֿן דאָס דערקלערן, אַז מיר זענען שוין אויך געווען אויף דער פּאָזיציע; אַז מיר האָבן טאַקע דורכגעמאַכט געפֿאַרן און אַפֿילו געהאַט פֿיל אייגענע פֿאַרוואונדעטע און געהאַרגעטע צווישן זיך. זיי האָבן אונדז געהאַלטן פֿאַר פּוסט־און־פּאַסטניקעס, וועמען מען דאַרף אויסלאַכן.

די דאָזיקע אָפּטיילונגען האָבן זיך געביטן יעדע צוויי וואָכן און אַזוי טאָג נאָך טאָג, דעם גאַנצן זומער און ביז דעם שפּעטן האַרבסט. יעדעסמאָל זענען מיר געגאַנגען שפּילן צו אַן אַנדער אָפּטיילונג און אומעטום — דאָס זעלביקע. עס איז אונדז פּאָשעט נימעס געוואָרן דאָס שפּילן צוליב דעם. קיין אַנדער אַרבעט האָבן מיר אָבער ניט געהאַט. דער שטאַב און — צוזאַמען מיט אים — די קאָמאַנדע, איז געשטאַנען אויף איין פּלאַץ. מען איז ניט איבערגעגאַנגען אַפֿילו דעמלט, ווען דער פֿראָנט האָט זיך אַ רוק געטאָן אויף אַ צען־וויאָרסט פֿאָרויס. דאָס איז אָבער סיי ווי פֿאָרגעקומען גאָר זעלטן און עס איז דעריבער ניט גע־ווען קיין שום בריטיקייט איבערצוגיין ערגעץ אַנדערש.

פֿון די אייראָפּעאישע פֿראָנטן זענען אַלץ אָנגעקומען ניט זייער קיין פֿריילעכע ידיעס צו אונדז. איין ידיע — טרויעריקער פֿון דער צווייטער. די בריוו, וואָס יאַטן האָבן דערהאַלטן פֿון זייערע היימען, זענען אויך געווען ביטערע און אומעטיקע. קימאַט אין אַלע בריוו האָט

מען זיך געקלאָגט אף הונגער און ברויט. אין פיל ברירו האָט מען זיך באַנגעפרעגט, צי מען האָט עפשער ביי אונדז עפּעס געהערט וועגן די מילכאָמע וועט זיך פאַרענדיקן. די טעג און די אָוונטן זענען פאַרביי אין טרויער און אין אַפּאַטיע. עס איז ניט געווען מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען. דער טרויער איז אונדז באַנגעגאַנגען ווי אייגענע שאָטנס און ניט אָפּגעטראָטן פון אונדז אף קיין אייגציקער רעגע אפילע. אין די מויכעס האָט ניט אויפגעהערט גריבלען די פיינלעכע פראַגע:

— „וועט עס שוין אַזוי טאַקע אייביק אָנהאַלטן און קיינמאָל קיין סאָף ניט נעמען, צו אַלדע טייוול?!...״

*****

**דער זומער** האָט זיך שוין געהאַלטן באַם דערנענטערן צום סאָף. אָבער ניט אַזוי דער אומעט. די גרויע מאָנאָטאָנקייט האָט אונדז שווער געמאַכט די לעבנס און פאַראומערט די טעג. די קאָרטן־שפּיל, וואָס איז פריער — סיי אין די אָוונטן און סיי אין די פרייע טעג — געווען ווי אַ מין דערלייזונג פאַר ס׳ראָוו יאָטן פון דער קאָמאַנדע, איז שוין קימאַט אַלעמען איבערדריסיק געוואָרן. בלויז עטלעכע יאָטן, די סאַמע פאַרברענטע קאָרטן־שפּילער, האָבן זיך נאָך אַלץ געפּרואווט אָנהאַלטן אין דעם. די אַנדערע האָבן זיך מאַמעש ניט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן אין די סומנע אָוונטן.

צום ערגסטן איז געווען אין די זונטיקס, אָדער אין די אַנדערע פרייע טעג, ווען מיר האָבן קיין מוזיקאַלישע איבונגען ניט געהאַט און עס איז פּאָשעט ניט געווען מיט וואָס צו דערהאַרגענען דעם אומעט. דעמלט האָבן מיר, גרופּעסווייז, זיך פאַרטרויערטע אַרומגעדרייט איבערן פּלאַץ, אַרום שטאָב, אָדער אייגציקווייז אַרומגעגאַנגען אף אַ באַזוך צו אַ לאַנדסמאַן, אין אַ רעזערוו־אָפּטייל, וואָס איז געשטאַנען אף אָפּרו אַנטקעגן דעם שטאָב, אף דער צווייטער זייט פונעם טייכל.

אָפּטמאָל, אין די זונטיקדיקע אָוונטן, האָבן זיך בעוודע גרופּירט לויט נאַציאָנאַליטעטן און זיך צוזאַמען פאַרקליבן אָפּגעזונדערטע ערגעץ אין אַ זייט, לעבן די קוסטעס, אָדער אונטער בוימער. דאָרט האָט מען זיך אויסגעזעצט אף דער ערד, דערציילט מאַיסעס אף דער אייגענער שפּראַך, אָדער גאָר געזונגען היימיש־פאַרבענקטע פאָלקס־לידער. דאָס פלעגט געוויינטלעך אַרויסרופן ביי אַלעמען אַ פיל גרעסערע בענקשאַפט נאָך דער ווייטער היים, וואָס איז מיט יעדן טאָג אַלץ טייערער, אַלץ ליבער געוואָרן...

און וואָסערע לידער האָט מען דאָס ניט איבערגעזונגען אין אָט די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן? אָנגעהויבן פון די סאַמע ערנסטע, די סאַמע טרויעריקסטע, ביז צו די סאַמע פריילעכסטע און שטיפערישסטע. אין דער רוסישער גרופּע פלעגט אָפּטער פון אַנדערע זיך הערן דאָס לידל וועגן דער בערעזינע. ווי געוויינטלעך פלעגט איינער פאַרזינגען די פערזן און די איבעריקע פלעגן עס איבערכאַזערן ווי אַ צוזינג. אַזוי:

— „אין פעלד איז אַ בערעזינע געשטאַנען,
אין פעלד איז אַ געקרייזלטע געשטאַנען.
— איי־ליו־ליו־לי — געשטאַנען (2 מאָל).

— ניטאָ ווער ס׳זאָל בערעזינע אויפפּאַסן,
ניטאָ ווער ס׳זאָל געקרייזלטע פאַרקנאַסן.
— איי־ליו־ליו־לי — פאַרקנאַסן (2 מאָל).

— אָ, איך וועל גיין אין פעלד אַריין שפּאַצירן;
בערעזינע און מיידל כ׳וועל באַצירן.
— איי־ליו־ליו־לי — באַצירן (2 מאָל).

— פון בוים וועל איך מיר צווייגלעך צוויי אָפּשניידן,
און פייפלעך וועל איך מאַכן פאַר אונדז ביידן.
— איי־ליו־ליו־לי — אונדז ביידן (2 מאָל).

— אױף פייפלעך וועל איך לידעלעך אויסשפּילן,
דער מיידל אויסדערציילן די געפילן.
— איי־ליו־ליו־לי — די געפילן (2 מאָל).

— אָ, פון די בלעטלעך וועל איך פלעכטן קראַנצן,
און מיט דער מיידל וועל איך זיך צעטאַנצן.
— איי־ליו־ליו־לי — צעטאַנצן (2 מאָל).

— איך וועל מיין פרייד דאַן מיט דער מיידל מישן,
און מיט ליבע זי און זיך דערפרישן.
— איי־ליו־ליו־לי — דערפרישן (2 מאָל).

יאַטן האָבן זיך אָבער ניט באַנוגנט מיט זינגען די לידער אַזוי, אויפן געוויינטלעכן שטייגער. טיילמאָל, אַז מען האָט זיך צעוואַרעמט, האָבן ערשט יאַטן גענומען איבערדרייען די ווערטער, צוזעצן פערזן, אויסדרוקן, וואָס פלעגן מאַכן די לידער לעבעדיקער און שפּאַסיקער. קאַטאַיעוו, לעמאָשל, האָט ליב געהאַט צוצוטשעפּען צום סאָף פון יעדער שורע אַ פרעמד, באַזונדער וואָרט, און מיט קאָמישע האַוואַיעס — דאָס אַריינוואַרפן בעאייס דער פאַרזינגער האָט אָפּגעהאַקט. דאָס באַליבסטע ביי אים זענען געווען די צוויי ווערטער: „אין הויזן" — „אָן הויזן". עס האָט זיך דאַן באַקומען אַזוי:

— עך, פאַרוואָס יעבע באַכט (אין הויזן)
איז געווען אַזוי גוט? (אָן הויזן)
ניט געווייסיקט האָט האַרץ (אין הויזן)
ס'האָט נעשאָמע געדוט. (אָן הויזן)
כ'האָב געליבט זי גאָר שטאַרק, (אין הויזן)
כ'האָב געליבט זי גאָר הייס; (אָן הויזן)
אָבער זי גאָר צו מיר — (אין הויזן)
קאַלט איז געווען ווי אייז. (אָן הויזן)

דאָס דאָזיקע האָט שטאַרק אויסגענומען ביי אַלעמען, אַזוי אַז עס האָט אַפילע אָנגעשטעקט די יאַטן פון אַנדערע באַציאָנאַליטעטן. אויך די פּאָליאַקן האָבן געזונגען זייערע לידלעך און אָפט טאַקע צוגעגעבן די זעלביקע, אָדער ענלעכע פּאָר ווערטער. בלויז באַ דער אידישער גרופּע — כאָטש אויך דאָרט האָט מען עס פּראָבירט — האָט עס זיך ניט צוגעקלעפּט. די אידישע לידער זענען ס'ראָוו געווען עפּעס אַזעלכע טרויעריקע, אַזעלכע אומעטיקע, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פריילעכער מאַכן. און אויב די יאַטן האָבן זיך יאָ שוין ווען געוואָלט מעסאַמייעך זיין, האָבן זיי בלויז איבערגעביטן די שלוס־ווערטער פון די שורעס. דאָס לעצטע וואָרט פון דער ערשטער שורע האָט מען איבערגעטראָגן צו דער צווייטער און, אָנשטאָט דעם, אַהערגענומען דאָס וואָרט וואָס איז דאָרט געווען. דערצו נאָך האָט מען עס געזונגען אף אַ שאַרף־פּוילישן דיאַלעקט, שאַרזשירנדיק, און דאַן האָט זיך באַקומען דערפון עפּעס ווי אַ שאָטן פון פריילעכקייט. אַ שטייגער:

— „ביסטע מיט מאָ וואו־עס,
ווייס יאַך ניש פּאַר בּרויגעז;
גאַיסטע אַ גאַנצע בו־עז
אַרופּגעלאָזט דעם טוג...
ווילסטע מיר ניט ליבן,
אַז יאַך האָב דעך גלאַיב, —
לאָמאָ באַידע אידן
צי אַ גיטן פו־ער...
פין אַ פרימען כולעם —
צי אַ זיסן אידן,
גיב זשע מאָ דוס שולעם —
לאָמאָ מאַכן העגטעלע!..."

אַזוי פלעגט עס זיך אָפּציען ביז אין אָוונט, ווען מען האָט גע־רופן אף וועטשערע. דעמלט האָט זיך דאָס געזאַנג איבערגעהאַקט און

יאַטן האָבּן זיך אַ לאָז געטאָן מיט די קעסעלעך צו דער קיך, עפּעס נאָר אַזוי ווי הונגעריקע וועלף. אָפּט פלעגן יאַטן פראָבּירן זיך צונויפקומען נאָכן עסן, אָבּער צו קיין געזאַנג איז שוין מער ניט געקומען. מען האָט זיך שוין אַזוי אַרומגעשלעפּט אין בּענקשאַפט דעם גאַנצן אָוונט, בּיז מען האָט זיך געדאַרפט לייגן שלאָפן...

*****

## באַ די אידישע סאָלדאַטן פון שטאַב—כאָטש

זיי זעבּען געווען אַ קליינע גרופּע— זעבּען די צוזאַמענקונפטן געווען אָפטער ווי בּיי די אַנדערע באַציאָנאַליטעטן. געוויינטלעך פלעגן יעדן זונטיק נאָך אָנקומען עטלעכע געסט פון אַ דערבּייאיקן רעזערוו-טייל, וועלכע מען האָט מעכאַבּעד געווען מיט וויעטשערע און דערנאָך אַזוי פאַרבּראַכט צוזאַמען בּיז שפּעט אין אָוונט, ווען יענע האָבּן שוין גע־דאַרפט צוריקגיין זיך מעלדן אין זייערע טיילן, איידער מען האָט דאָרט דורכגעפירט דעם נאָמען-איבּעררוף.

דערפאַר האָט מען דעמלט דורכגעוואָרפן אַלע לידער וואָס זענען נאָר אַף די געדאַנקען געקומען. און אַז עס האָבּן זיך אויסגעשעפּט די פאָלקס-לידער, האָט מען דאַן געזונגען כאַזאָנישע, אָדער סטאַם כסידישע נעגונים. אָבּער אַלץ, סיי די לידער און סיי די מעלאָדיעס, זענען טאָמיד געווען אַזעלכע טרויעריקע, אַזעלכע מעלאַנכאָלישע, אַז עס האָט אָפּט אַרויסגערופן טרערן בּיי די יאַטן. בּלויז איינער פון די געסט, אַ הויכער און געזונטער בּאָכערעץ פון לעבּן וואַרשע, וואָס האָט געדינט אין דער אַרטילעריע, האָט ווי ניט איז אַריינגעטראָגן אַבּיסל אַנדערשדיקייט מיט זיין פיינער שטימע. די צאָרע איז אָבּער געווען, וואָס די אַלע לידער וועלכע ער האָט געזונגען, זענען אַלץ געווען גאַנאָווים-לידער. בּלויז ער האָט איינגעזונגען מיט די יאַטן די רעפריינען און דערנאָך אַליין זיך ערשט צעלאָזט מיט דער סאָלאָ:

— „כ׳בּין געווען אַ קליינער יאַט, —
ניט געוואָלט פאָלגן מיין טאַטן.
היינט זיץ איך אין קרימינאַל
און קוק אַרויס דורך די קראַטן.

און כעוורע האָבּן אונטערגעכאַפּט:

— אוי, כ׳וועל שוין ניט גאַנווענען, גאַנווענען, גאַנווענען;
אוי, כ׳וועל שוין ניט גאַנווענען, נאָר נעמען בּיגראַנדע!...

אָדער גאָר אַזאַ לידל, וואָס האָט בּאַזונגען גבייווע:

— „ווער ס'קאָן גאַנווענען, גאַנווענען געלט,
דער לעבט אייביק, אייביק אף דער וועלט!
און דערויף — אַ זינגלאָזער צוזינג:
— האָלדראַ, האָלדראַ, האָלדראַ גאָספּאָדאַ!
— „ווער ס'קאָן גאַנווענען, גאַנווענען ברויט,
דער לעבט אייביק, אייביק אָן אַ נויט!
— האָלדראַ, האָלדראַ, האָלדראַ גאָספּאָדאַ!
— „ווער ס'קאָן גאַנווענען, גאַנווענען קליידער,
דער לעבט אייביק, אייביק און קעסיידער!
— האָלדראַ, האָלדראַ, האָלדראַ גאָספּאָדאַ!
און אַזוי — נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, קימאַט אָן אַ סאָף...

די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן פלעגן אויך ניט דורכגיין אָן סטאַם אַריינזאָגן איינער דער צווייטן און אָן אַ גוטמוטיקן אויסלאַכן יענעמס כאַראַקטעריסטישע שוואַכקייטן. אָט האָט איינער נאָכגעמאַכט ווי אַזוי באַלטעק — אף זיין געבראָכענעם רוסיש און שיפּעליאַווע — פלעגט זיך דינגען מיטן קאַפּטענאַרמוס וועגן זיין בײליק, פאַר די פאַרשידענע זעלנערישע זאַכן, וואָס יענער האָט אים אַרויסגעגעבן פון טשעכהאַוז ער זאָל עס אים פאַרקויפן אפן מאַרק. אַ צווייטער, דוקעלס אַ לאַנדסמאַן, האָט דערציילט, ווי אַזוי יענער, דוקעל, האָט אַמאָל בײַ זיך אין דער גובערניע־שטאָט, זיך אונטערגענומען אויסצולערנען איינעם אַ יונגנמאַן צו שפּילן פידל, און אים געהייסן זיך צאָלן פאַר יעדער לעקציע מיט... דריי בייגל. דערביי האָט דער דערציילער נאָכגעקרימט, ווי אַזוי דער טאַלמיד האָט געצאָלט און ווי דוקעל האָט אים געלערנט. די יאַטן האָבן אָנגעקוואָלן פון די קאָמישע גרימאַסן און האַרציק געלאַכט.

פון אָט די דאָזיקע קיבעצערייען האָט זיך קיינער ניט באַליידיקט. פאַרקערט: מען איז נאָך צופרידן געווען, אויב מען האָט געהאַט דאָס גליק אַליין פאַרטשעפּעט צו ווערן...

איינמאָל אין אַזאַ אָוונט, שוין נאָכדעם ווי די אַלע לידער, וויצן און שפּאַסן האָבן זיך אויסגעשעפּט און זיך עפּשער שוין אַ צענדליק מאָל געהאַט איבערגעלופּטערט, און מען איז — ווי טאָמיד — געבליבן זיצן צעווייטיקט און פאַרטרויערט, — דעמלט האָט דוקעל גאָר פּלוצלונג אַ מאָדנע זיפצעלע געטאָן און אַרויסגעמורמלט:

— עך־עך־ע, ברידערלעך, אַ טראַכט צו טאָן, אַז עס איז בלויז געבליבן עפּעס מער ווי אַ וואָך צו ראָשאַשאָנע און...

ער האָט אָפּגעהאַקט און איז שטיל געבליבן. זיין באַמערקונג האָט אָבער אַרויסגערופן אַ באַזאָרגטע בענקשאַפט אף אַלעמענס פּנימער.

אַפּילע די צוויי יאַטן פון דער קאָמאַנדע, וואָס זענען געווען ווייט פון צו זיין רעליגיעז, — האָבן אויך ווי באַצוואונגען אַרונטערגעלאָזט די בעז און זיך פאַרטראַכט. דערפאַר האָט אָבער גודמאַן גאָר אויפגעלעבט. ער, וואָס איז געווען אַזוי פּאַנאַטיש-פרום, אַז ער האָט, — איבער דער גאַנצער צייט וואָס ער איז געווען אף מיליטער-דינסט, — קיין איינציק מאָל ניט פאַרפעלט צו זאָגן דעם „מוידע-אַני״ יעדן פרימאָרגן און צו „לייענען קריעס-שמא״ יעדן אָוונט, — האָט אַ צעשפּרייט געטאָן זיינע הענט, ווי איינצוהאַלטן עמעצן, און אַ זאָג געטאָן:

— הערט נאָר, כעוורע, עפּשער מאַכן מיר טאַקע אַ שול אף די יאָמים-טויווים און קומען זיך טאַקע צוזאַמען דאַוונען?!...

געזאָגט האָט ער דאָס אָבער אין אַזאַ צווייפלדיקן טאָן, וואָס האָט געוויזן, אַז ער אַליין גלויבט אויך ניט אין אַזאַ מעגלעכקייט.

דוקעל, ווידער, וועלכער איז געווען ניט ווינציקער פּאַנאַטיש-פרום ווי ער, און האָט אַפּילע די גאַנצע צייט מיטגעטראָגן מיט זיך אַ סידערל מיט טפילן איבעם פּראָוויאַנט-זאַק, — ער האָט שוין דאַווקע יאָ באַקומען גלויבן אין דער מעגלעכקייט. ער האָט דעריבער — מער צו זיך ווי צו די איבעריקע — מיט זיכערקייט אַ זאָג געטאָן:

— און פאַרוואָס טאַקע ניט?...איך וועט זיך מיט אייך, אַז אויב מען וואָלט נאָר געבעטן דעם אַדיוטאַנט, וואָלט ער אונדז שוין דאַווקע יאָ געגעבן אַ דערלויבעניש צו מאַכן אַ שול און...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויקועך:

— גיי שוין, שויטע איינער! — האָט אים דער אַרטילעריסט איבערגעשלאָגן, — אפן פראָנט וועט מען דיר גיין דערלויבן אַזאַ זאַך?... וואָס איז, באַישער דו...

— ריכטיק! — האָט אַ צווייטער צוגעשטימט, — אָט נעמט מען און מען שטעלט אָפּ די גאַנצע מילכאָמע צוליב דיר, קעדיי דו זאָלסט זיך קאָנען אויסבעטן אַ גוט קוויטל...

— און איך בין זיכער, אַז וואָס-וואָס, אָבער דאַוונען וואָלט מען אונדז יאָ דערלויבט, — איז דוקעל באַשטאַנען, — כ׳מיין... ערשטנס, — זענען מיר דאָך דאָ ניט אף דער פּאָזיציע. און צווייטנס...צווייטנס, וואָס וועט אונדז קאָסטן, אויב מען וועט יאָ אַ פּראָביר טאָן, האַ?...

— איך סטים איין, — האָט באַלטעק צוגעשטימט, — פרעגן וועט ניט שאַטן. דער אַדיוטאַנט וועט אונדז דאָך ניט אָפּסמייסן דערפאַר...

— אַוואַדע אַזוי! — איז גודמאַן דרייסטער געוואָרן. — יאָ-יאָ — ניט-ניט... פרעגן דאַרף מען...

דער אַרטילעריסט האָט זיך אָבער נאָך אַלץ געשטעלט קעגן:

— עס פּאַסט ניט. — האָט ער געטיינעט. — קיין שום פאָלק בעט ניט אַזעלכע זאַכן ביי נאַטשאַלסטווע, נאָר מיר, אידעלעך...

— וואָס וועט מען טאַקע זאָגן? — האָט אַ צווייטער צוגעהאָלפן, — אַז אידעלעך ווילן זיך אויסדרייען פון אַן איבעריקן טאָג סלוזשבע... מען זאָגט שוין אַזוי אויך, אַז...

— און וואָס וועלן מיר דערלייגן, אַז מען וועט אונדז טאַקע יאָ באַפרייען אף אַ טאָג-צוויי? — האָט זיך דוקעל נאָך אַלץ געדונגען, — וואָס איז, מיר וועלן עס עפּשער ניט קאָנען פאַרדייען, צי וואָס?...

מען האָט זיך אַזוי אָפּגעאַמפּערט אַ שטיק צייט און געבליבן איז, אַז מען זאָל אָנפרעגן ביי סאַוועליעוון, דעם אַדיוטאַנטס סעקרעטאַר, און אָנטאַפּן ביי אים, צי עס לויענט זיך און צי עס פּאַסט גאָר ביכלאַל צו בעטן וועגן אַזאַ זאַך ביים אַדיוטאַנט. געוואוסט האָט מען, אַז ער, סאַוועליעוו, — אַ זאַפּאַסנער קריסט אין די פריע מיטעלע יאָרן, — איז אין זיין פּריוואַטן לעבן געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ אידישן געשעפט ערגעץ אין אַ פּאַרוואָרפענער גרויס-רוסישער שטאָט און ער האָט גאַנץ גיבציק געהאַט אידן. אַזוי, יעדנפאַלס, האָט ער אַליין געפּלעגט זאָגן וועגן זיך, כאָטש ער פלעגט אָפּט אויך מאַכן שפּאַסעלעך און דערציילן אָפּלאַכערישע וויצן וועגן אידן. ער איז אָבער געווען אַ גוטמוטיקער און שטאַרק-צוגעלאָזענער. מען האָט דעריבער גלייך אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע פון פיר יאַטן, וואָס זאָלן אַריינגיין צו אים אין קאַנצעלאַריע און — אויב ער וועט זאָגן, אַז מען מעג — זאָל מען זיך דאַן זען מיטן אַדיוטאַנט און, ווען יענער וועט עס באַוויליקן, — זיך נעמען צום באַזאָרגן די אַלע זאַכן וואָס מען וועט דאַרפן...

אף צומאָרגנס זענען די פיר יאַטן אַריין אין קאַנצעלאַריע צו סאַוועליעוון. און יענער — אַנשטאָט אָפּצורעדן דערפון, ווי מען האָט מוירע געהאַט, — האָט גאָר אויפגעלויכטן:

— אָ, — האָט ער צופרידן געשמייכלט, — דאָס איז דאָך גאָר אַ פיינער געדאַנק!... גאָט צו בעטן איז זייער אַ וויכטיקע זאַך און...יאָ, דער אַדיוטאַנט וועט עס דערלויבן... זיכער דערלויבן...

און באַלד צוגעגעבן:

— אָ, איר וועט דאָך אַוודע זינגען די טפילע: „קוואָלנידראַ״, האַ?... איך האָב אַזויפיל געהערט וועגן דער דאָזיקער שיינער טפילע, אָבער קיינמאָל ניט געהאַט די געלעגנהייט זי צו הערן. איצט אָבער...

ער האָט געהייסן צוגרייטן אַ ווייל און אַליין איז ער אַריין צום אַדיוטאַנט ראַפּאָרטירן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער אַרויסגעקומען פון דאָרט אַ פרייליכער, געמאַכט אַ קאָמישן רעוועראַנס און — אַ ווייז

טוענדיק אפן אַדיוטאַנטס טיר — שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן:

— פּאַזשאַלוסטאַ, מיינע הערשאַפטן!...ער איז איצט אין אַ גוטן מוט און אין פיינער שטימונג. דער איקער, אָבער, — האָט ער שטילער צוגעגעבן, — ווייסט נאָר ווי צו רעדן צו אים. זאָגט אים, אַז איר, — ווייל איר זענט אָפּגעריסן פונדערהיים, — ווילט איר דאָ גאָט בעטן פאַר אַ זיג פון אונדזער אַרמיי, פאַרן פאָטערלאַנד און...פאַרן געזונט פון אונדזער ליבן צאַר. דאָס, ברידערלעך, וועט אים געפעלן און...

מיט ציטערדיקע הערצער און צעפלאָמטע פּנימער זענען די פיר יאַטן אַריבערגעטראָטן די שוועל. דער אַדיוטאַנט איז געזעסן אף זיין האַלב-צוגעפּעטן טשעמאָדאַן-געלעגער, געגלעט זיין שטיף-אַרויפגעקעמט יאָזשיקל און אומגעדולדיק געטרייסלט מיט אַ פוס, אַז די שפּאָרע האָט אַזש אונטערגעקלונגען.

— נו, וואָס וועט איר זאָגן גוטס, אידעלעך? — האָט ער מיט געמאַכטער איבעראַשונג אַ פרעג געטאָן, אַקוראַט ווי ער וואָלט טאַקע נאָך גאָרניט געוואוסט וועגן וואָס מען איז געקומען.

גודמאַן איז אַרויסגעטראָטן:

— מיר ווילן בעטן אייך, אייער וואוילגעבוירנקייט, אונדז, די אידישע סאָלדאַטן, צו דערלויבן זיך צונויפצוקומען אין די הייליקע טעג, קעדיי איינאיינעם גאָט צו בעטן און צו...

— אָ, דאָס איז זייער פיין! — האָט אים דער אַדיוטאַנט מיטאַמאָל איבערגעשלאָגן. — דאָס איז גוט... אָבער...וואָס וועט איר טאָן? איר וועט דאָך דאַרפן האָבן אַ שול, הייליקע זאַכן...

— אויב אייער וואויל-געבוירנקייט וועט אונדז נאָר דערלויבן, — האָט גודמאַן פאָרגעזעצט, — וועלן מיר זיך שוין ווי ניט איז אַן אייצע געבן. מיר...

דער אַדיוטאַנט האָט מיט די פינגער אַ קניטש געטאָן די ליפּן:

— אויסגעצייכנט!...קומט אַריין מאָרגן. איך וועל זיך דערווייל דורכרעדן מיטן קאָמאַנדיר און זען וואָס מיר קאָנען טאָן פאַר אייך...

באַם אַרויסגיין האָט ער נאָך צוגעוואָרפן:

— יאָ, דאָס געפעלט מיר! דאָס באַווייזט, אַז איר זענט לאָיאַלע אונטערטאַנען און גוטע אידן... יאָ, גאָט בעטן איז אַן איניען...

אף צומאָרגנס איז די גרופּע ווידער אַריין צום אַדיוטאַנט. ער האָט גלייך געלאָזט וויסן, אַז די באַקאָשע איז באַוויליקט און אַז מען וועט קריגן יעדע מעגלעכע הילף פונעם שטאַב. ער האָט געהייסן זיך צושטעלן אַ צעטל פון זאַכן וואָס מען דאַרף האָבן אף איינצואָרדענען אַ שול. דערנאָך האָט ער אָנגעוויזן אף עפּעס אַ כורוועדיק הייזעלע,

לעבן דער קאָמאַנדעס, דאָרט וואו דער אָבאָז האָט געהאַלטן פאַרשידענע אַלטע זאַכן, און פלעגמאַטיש אַ זאָג געטאָן:

— אַז איר וועט עס אויסרייניקן, וועט איר דאָרט האָבן אַ גאַנץ נישקאָשעדיק פּלאַץ אַף גאָט צו בעטן...

די גרופּע האָט אויסגעזוכט דעם געוויינטלעכן קאַזיאָננעם דאַנק און גענומען אַרויסגיין. דער אַדיוטאַנט האָט זיי באַגלייט אַן, ביי דער טיר שוין, אַ וואָרף צו געטאָן:

— אַ צוויי טעג פאַר יאָנטעוו זאָלט איר מיך דערמאנען, וועל איך אָפּגעבן אין באַפעל אַ מעלדונג, אַז אַלע אידן, פון די אָפּטיילונגען, וועלכע געפינען זיך אַף אָפּרו אַרום שטאָב, זאָלן — אויב זיי ווילן — באַפרייט ווערן און אַהערקומען גאָט-בעטן צוזאַמען מיט אייך...

די גרופּע האָט ווידער געדאַנקט און איז אַרויס...

*****

**באָכדעם** ווי די אידישע יאַטן האָבן געהאַט

באַקומען די דערלויבעניש פונעם אַדיוטאַנט, האָבן זיי זיך געטאָן אַ נעם צום אויסרייניקן דאָס הייזל און דאָס גענומען אויסשטאַטן מיט די אַלע נויטיקע זאַכן, ווי אַן עמעסע שול.

עטלעכע יאַטן האָבן קוידעם-קאָל אַרומגערייניקט די ווענט פונעם שטיבל, וועלכע זענען געווען ווי באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן פלאָסט שטויב און שפּינוועבס. אַנדערע האָבן אויסגעוואַשן דעם דיל און די צוויי פאַרקאָפּטשעטע פענצטער, אין וועלכע עטלעכע שויבן זענען געווען אויסגעהאַקט און פאַרקלאַפּט מיט פאַרזשאַווערטע שטיקער בלעך. אַ פּאָר יאַטן, סטאָליאַרעס, האָבן פון אָבאָז צוגעבראַכט עטלעכע אַלטע ברעטער און פון זיי גענומען אויסמייסטרעווען שיפּע שטענדערס מיט בענק און אַ באַלעמער מיט אַ טיש.

אָבער דערמיט האָבן זיך כעוורע ניט צופרידנגעשטעלט. זיי האָבן געוואָלט, אַז עס זאָל גאָרניט פעלן. איינער פון די יאַטן, וואָס האָט געקאָנט שרייבן געקסיוועטע אויסיעס, האָט זיך גענומען אויסצושרייבן די טפילע פאַרן צאַר מיט זיין הויזגעזינט. מיט אַ שטיקל צוגעשניצט העלצל, געטונקען אין שוואַרצן טינט, האָט ער — לויט דוקעלס סידערל — אויסגעשריבן אַף אַ גאָר-גרויסן, צוזאַמענגעקלעפּטן בויגן פּאַפּיר, די טפילע אַף לאָשן-קוידעש און אַף רוסיש. און אינדערהויך האָט ער אויסגעמאָלט אַ גרויסן צוויי-קעפּיקן אָדלער און — צווישן די קעפּ, מיט רויטן טינט — אויסגעצאַצקעוועט אַ גרויסן „האַנויסין” אַף איין

זייט, און — אף דער צווייטער, אף רוסיש — „טאָט קטאָ דאַיאָט”. די דאָזיקע טפילע האָט מען אויפגעהאַנגען אף דער וואַנט, אַנטקעגן דער אַריינגאַנג־טיר, קעדיי נאַטשאַלסטווע זאָל עס קאָנען באַמערקן...

דער זעלביקער יאַט האָט אויך פאַרן באַלעמער אויסגעמייסטערוועט אַ „שאַוויסי” מיט אַלע פּיטשעווקעס. ער האָט אויסגעמאָלט צוויי שטייענדיקע לייבן מיט לאַנגע צונגען און אַ זיבן־רערנדיקע מענוירע; דערויף אויפגעשריבן דעם בּויטיקן אויפשריפט און דערביי צוגעשטעלט אַ גרויסן „יעהאָווע” מיט אַ קלייניקן „אַדאָינאָי” צווישן זיינע „יעהאָוואָס” פּיס. פּונקט אף אַזאַ אויפן האָט ער אויך געמאַכט אַ „סייפער־טוירע”, קעדיי מען זאָל האָבן פון וואָס צו לייענען די פּאַרשע. אף עטלעכע בויגנס פּאַפּיר — צוזאַמענגעקלעפּטע אין דער לענג — האָט ער, פון דוקעלס סידערל אַרויס, אויסגעשריבן די פּאַרשע „וואַיהי אַכאַר האַדוואָרים” און פּאַר מאַפּטיר — „אָלייבו לעשאַבּייעך”. איינער פון די סטאָליאַרעס האָט פון פּאַלאַטקע־שטעקעלעך און רונדיקע בּרעטלעך אויסגעאַרבּעט צוויי „אייץ־כאַימס”. אַ שניידער האָט פון אַן אַלטער פּאַלאַטקע אויפגענייט אַ „מענטעלע” מיט אַ „פּאָרויכעס” און — נאָכדעם ווי מען האָט אף זיי מיט געלער פאַרב, וואָס מען האָט אין אָבאָז געבּוצט אף צו שרייבן די נומערן אָף פּאָגאָנעס, — אויסגעמאָלט „מאָגעין־דאָווידס”, — דאָס אַלץ צונויפגעשטעלט. די פּאַרטיקע „סייפער־טוירע” האָט מען דערנאָך ערשט אַריינגעשטעלט אין אַ ליידיקן שדאַפּנעל־קאַסטן אַריין און מיט קאָוועד עס אַוועקגעשטעלט אף דער סאַמע „מיזרעך־וואַנט” אין שולכל.

מיט טאַלייסים האָט מען זיך אויך אַן אייצע געגעבן. פון אַ דערבּייאיקן פעלד־שפּיטאָל האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן עטלעכע ליילעכער. מיט שוואַרצער פאַרב האָט מען אף זיי אויפגעמאָלט ברייטע און שמאָלע פּאַסן, ווי אף עמעסע טאַלייסים, אַריינגעצויגן פּאָשעטע בּיינדול־פּעדים אין די ווינקלען אַריין און דוקעל האָט זיי פאַרפלאָכטן פּונקט אַזוי ווי ציצעס. מען האָט אַפילע אף די דאָזיקע „טאַלייסים” אויסגעצאַצקעוועט מיט געלער פאַרב „אַטאָרעס” און... די ליילעכער האָבן אויסגעקוקט ווי „עמעסע טשיזשעווער, אָדער דאָמבּראָווער טאַלייסים”...

וועגן באַלייכטונג פאַר דער „שול” האָט מען זיך אויך באַזאָרגט. פונעם שטאַב האָט מען אַרויסגעקראָגן עטלעכע פונט לעכט. מען האָט זיי אַריינגעשטעקט אין קעסעלעך און אין קעסטלעך — אַנגעפּילטע מיט זאַמד, און זיי צעשטעלט אפן טיש און אף די שטענדערס.

דאָס איינציקע, וואָס האָט געפעלט צום גאַנצן רומל, און וועגן וועלכן מען האָט זיך קיין אייצע ניט געקאָנט געבן, איז געווען אַ... שויפער. און כאָטש דוקעל האָט פאַרזיכערט, אַז ער ווייסט ווי אַזוי

דאָס צו מאַכן, — איז שוין אָבער געווען צו שפּעט דערפאַר. עס איז דעריבער געבליבן, אַז גודמאַן, אונדזער סיגנאַליסט, זאָל אויסבלאָזן די „טקיעס" אפן קאָרנעט. און ווייל ער האָט ניט געוואוסט ווי זיי דאַרפן געבלאָזן ווערן, האָט דוקעל אויסגעשריבן אף נאָטן די אַלע נויטיקע „טקיעס", שוואָרים און טרועס" און גודמאַן האָט זיך באַלד געשטעלט איינשטודירן די פאַרשידענע געדרייטע סיגנאַלן.

אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט די אַלע הייליקע, אַזוי צו זאָגן, „הימלישע" צוגרייטונגען, האָט מען אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן די ערדישע. דאָס הייסט — וועגן עסן.

די אויסדערוויילטע גאַבאָאים זענען ווידער אַוועק צום אַדיוטאַנט און אויסגעבעטן ביי אים אַ דערלויבעניש, אַז מען זאָל אונדז פון דעם אָבאָז אַרויסגעבן די כאַלאָקים שפּייז אין רויע פּראָדוקטן. מען האָט זיך אויך דורכגערעדט מיטן פאַסטעך פונעם דרייצנטן פּאָלק, איינעם אַ שטאַמלדיקן באָכער, באָגאַן, וועמעס באַטאַליאָן עס איז פּונקט געהאַט אַרונטערגעקומען פון דער פּאָזיציע אף אַ קורצן אָפּרו, און יענער האָט צוגעזאָגט איבערצולאָזן אַ שעפּסל, אָדער אַ ציג פון זיין סטאַדע, קעדיי צו פאַרשענערן דעם יאָנטעוו מיט אַן עמעסער סודע.

אַלץ האָט דעריבער אויסגעזען האָפּערדיק און מאַניעדיק פאַר די אידישע יאַטן. דערצו נאָך איז עטלעכע טעג פאַר יאָנטעוו געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס דוקעל האָט באַצייכנט ווי אַ נעס פון הימל. ווען מען איז געקומען אין אָבאָז אָפּנעמען די פּראָדוקטן, האָט זיך מיטאַמאָל דער אָבאָז־עלטסטער אַ כאַפּ געטאָן:

— הערט נאָר, אידעלעך, — האָט ער ברייט אַ זאָג געטאָן, — אין קאָרפּוס־טשעכהאַוז, אינעם שטעטל אָלטי, זענען אַנומלטן אָנגעקומען עטלעכע קאַסטנס מיט ספּעציעלער יאָנטעוודיקער שפּייז, וואָס די אידן פון טיל האָבן צוגעשיקט פאַר אייך!...

די דאָזיקע בסורע — כאָטש מען האָט ניט געוואוסט וואָסער שפּייז דאָס קאָן זיין אין די קאַסטנס — האָט דאָך אַלעמען דערפרייט. מען איז גלייך אַוועק צום אַדיוטאַנט, אים געמאָלדן וועגן דעם און ער האָט געהייסן גלייך אַוועקשיקן אַ צוויי־רעדערדיק אָבאָז־וועגעלע קיין אָלטי, וואָס האָט זיך געפונען אַרום אַ צוואנציק וויאָרסט פונעם שטאַב. צום אָוונט צו איז דאָס וועגעלע צוריקגעקומען און געבראַכט צו פירן צוויי ריזיקע הילצערנע קאַסטנס אף זיך.

מיט גרויס אומגעדולד האָבן יאַטן זיך גענומען צום עפענען די קאַסטנס און זענען געבליבן ווי געפּלעפט. די קאַסטנס זענען געווען אָנגעפּאַקט פול מיט... צעבראָכענע און צעריבענע שטיקער מאַצעס...

אָבער כאָטש דאָס איז געקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון פּונקט אַ האַלב יאָר, האָבן זיך דאָך אַלע דערפרייט דערמיט. ווייל — ווי עס זאָל ניט אויסקומען מאָדנע צו עסן די צעקרישלטע און שוין עטוואָס צוגעלעגענע מאַצעס אַף ראָשאַשאָנע און יאָמקיפּער — איז עס דאָך באַ יעדן ליבער געוועזן ווי דאָס צוגעשימלטע ראַזעווע ליימיקע ברויט.

אַלץ איז פאַרטיק געווען און האָט אויסגעזען גלענצנדיק. דוקעל האָט איינגעזונגען מיט עטלעכע יאַטן אַ פּאָר טפילעס. גודמאַן האָט זיך אונטערגענומען צו דאַוונען שאַכרייסים און איינער, אַן אַרטילע־ריסט — קאָלנידרע און מוסאָפים. דער אַדיוטאַנט — אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט — האָט אָפּגעגעבן אין שטאַב־באַפעל, פרייצולאָזן די אידישע סאָלדאַטן פון דער בריגאַדע, פון יענע אַלע טיילן, וואָס געפינען זיך אַף אָפּרו לעבן דעם שטאַב. ערעוו יאָנטעוו אינדערפרי זענען אַזויאַרום אָנגעקומען אין שטאַב אַריין עטלעכע און דרייסיק אידישע יאַטן פון פאַרשידענע דערבייאיקע מיליטער טיילן.

איצט, אַז מען האָט שוין געוואוסט די צאָל דאַוונער, — האָט מען זיך גענומען צוגרייטן אַ פלאַץ צום עסן. געטאָן האָט מען דאָס אַזוי: מען האָט אויסגעגראָבן צוויי ניט־זייער־טיפע גרובנס, פּאַראַלעל און אָפּגערוקט איינעם פון צווייטן אַף דריי טריט. דאָס שטיקל פלאַץ צווישן די גרובנס האָט געדינט פאַר אַ טיש און די גרובנס אַליין — וואו צו האַלטן די פיס, בעאייסן זיצן אַף אָט די ערד־בענק. דערביי האָט מען אויך אויסגעגראָבן אַ דריטן גרוב, אים אַרומגעלייגט מיט שטיינער און דערויף איינגעמויערט דעם קעסל, וואָס מען האָט אויסגעליען פון אָבאָז, אַף צו קאָכן די ספּעציעל־יאָנטעוודיקע שפּייז.

דעם ערעוו־יאָנטעוודיקן מיטיק האָט מען נאָך באַקומען פון דעם אַלגעמיינעם קעסל. דערפאַר אָבער האָט זיך שוין אין באַזונדערן קעסל געקאָכט די ספּעציעלע וועטשערע, וואָס גודמאַן האָט געמייסטרעוועט. ער, וואָס איז אַ כוץ באַל־שאַכרעס און באַל־טקייע — אויך געווען דער קוכער, האָט זיך דעריבער אינמיטן פון דאַוונען אָפּט אַרויסגעכאַפּט צו דער קיך און — אַן אָנגעטאָנענער אין זיין „טאַלעס" — געכאַפּט אַ קוק אין קעסל, אונטערגעלייגט ווען נויטיק אַ שטיקל האָלץ, אָדער גאָר פאַרזוכט ווי עס האַלט מיטן עסן...

דאָס דאַוונען גופא איז צוגעגאַנגען מיט פּאָמפּ. מאַסן לעכט האָבן געברענט אין אַלע זייטן און אַריינגעטראָגן אַ מאָדנע פייערלעכקייט. די „גאַבאָאים" מיט די „כאַזאָנים" — אין זייערע „טאַלייסים" — האָבן אויסגעזען עפּעס אַזוי פרעמד און וואַזשנע. די קריסטלעכע סאָלדאַטן, וואָס זענען מאַסנווייז צוגעקומען זען און הערן, ווי זייערע אידישע

כאַוויירים דאַוונען, — זענען געשטאַנען מיט אַ מין איראָס-האַקאָוועד אינדרויסן, לעבן דער טיר פונעם שולכל און ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן. באַטשאַלסטווע — בעראָש מיטן שטאַב-קאָמאַנדיר — זענען אויך צוגעקומען. זיי האָבן זיך צוגעהערט אַ צייט לאַנג צום דאַוונען, זיך איבערגעקוקט און דערביי געמורמלט צווישן זיך:

— „אַך, קאַקאַיאַ קראַסאָטאַ, קאַקאָיע סוויאַטאָיע טשראָוסטוואָ!...״*)

די געסט זענען געבליבן אַף איבער יאָנטעוו. מען האָט אויסגעבעט פּאַר זיי געלעגערס אפן דיל פון שול. אַ צאָל יאַטן פון קאָמאַנדע זענען צוליב גאַסטפריינטלעכקייט געשלאָפן מיט זיי צוזאַמען. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געפּלאַפּלט צווישן זיך, אויסגעפרעגט ווי עס דערגייט און צי מען האָט עפּעס געהערט וועגן שאָלעם. פון צייט צו צייט האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ צעוויטיקטער קרעכץ:

— עך, מאַמע טייערע, ווען נעמט שוין אַמאָל אַ סאָף דערצו!...

און דערויף — אַ שטילער ענטפער:

— ווען מיר וועלן זיך נעמען דערצו. ווען מיר...

דער דאָזיקער שמועס האָט אַרויסגערופן אַ געדריקטע שטימונג און מען האָט שוין מער ניט גערעדט צווישן זיך.

אינדערפרי האָט מען זיך ווידער געשטעלט דאַוונען. גורמאַן, — נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעדאַוונט שאַכרעס און אָפּגעבלאָזן „שויפער״ — האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט: צוגרייטן דעם מיטיק. עטלעכע יאַטן האָבן אים צוגעהאָלפן. איינער האָט געהאַקט האָלץ, אַ צווייטער האָט אָנגעטראָגן וואַסער און אַ דריטער האָט צעלייגט אַ פייער. צוויי יאַטן האָבן געשיילט קאַרטאָפל און אַנדערע האָבן גאָר געשאָכטן דאָס באַקומענע שעפּסעלע און עס צוגעגרייט צום קאָכן...

ביידע טעג ראָשאַשאָנע זענען דורך אין צופרידנקייט. די פרייד איז אָבער געווען ניט אַזוי דערפון, וואָס מען האָט געהאַט אַ שול צום דאַוונען, נאָר פּאָשעט דערפאַר, וואָס אַזויאַרום איז מען געווען פריי קנאַפּע דריי טעג און דערצו נאָך טאַקע גאַנץ לייטיש אָפּגעגעסן...

אַף יאָמקיפּער, צו קאָלנידרע, האָט מען זיך ערשט צוגעגרייט גאָר באַזונדער. אַ כוץ די לעכט וואָס מען האָט באַקומען פונעם שטאַב, האָט מען נאָך צוגעבראַכט אַ צאָל לעכט פון שטעטל אָלטי. עס איז געווען שטאַרק ליכטיק, אָבער דאָך מיט עפּעס אַזאַ מאָדנע שווערער דריקעניש אויסגעמישט. אַ שרעקנדיקע מאָרעשכוירע — ווי געוויינטלעך אין אַ שול — איז געלעגן אויסגעגאָסן אַף אַלעמען. און ווייל מען האָט ניט געהאַט קיין מאַכזערס, נאָר דוקעלס איינציק סידערל, פון וועלכן עס

*) אַך, וואָסער שיינקייט, וואָסער הייליקער געפיל!

האָט געדאַווענט דער כאַזן, — זענען דעריבער אַלע איבעריקע געזעסן שווייגנדיק אויף די פּלעצער און מעלאַנכאָליש זיך צוגעהערט צו דעם כאַזנס מורמלערייען. בלויז פון צייט צו צייט האָט עמעצער אונטער־געכאַפּט עפּעס אַ באַקענטן פּאָסיק, אָדער אונטערגעהאָלפן זינגען.

סאַוועליעוו, וועלכער איז ספּעציעל געקומען הערן זיין פון לאַנג שוין געגאַרטע קאָלנידרע־טפילע, איז אינגאַנצן אַנטוישט געווען. ער האָט עס זיך גאָר אַנדערש פאָרגעשטעלט, — האָט ער דערנאָך געזאָגט. עס האָט אַפילע ניט געהאָלפן דאָס, וואָס דוקעל און גודמאַן האָבן אים געזאָגט, אַז ער זאָל ניט מישפּעטן די דאָזיקע טפילע לויטן געהערטן. ער איז אַלץ געבליבן בא דאָס זייניקע און געטיינעט, אַז איבעם סאַמע קלענסטן דאָרפישן קלויסטערל האָט ער געהערט פיל־שענערע טפילעס און אַז ער פאַרשטייט ביכלאַל ניט, פאַרוואָס אַפילע רוסישע מענטשן האָבן עס גאָר געמאַכט אַזאַ גרויסן ווען דערפון.

דערפאַר איז אָבער דער אַדיוטאַנט שוין דאַווקע שטאַרק צופרידן געווען, ווען מען האָט אויף צומאָרגנס געזונגען די טפילע פאַרן צאַר און זיין הויזגעזונט. ער, דער אַדיוטאַנט, צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל אָפיצירן, וואָס זענען ספּעציעל געקומען הערן — איז געשטאַנען אַן אויסגעצויגענער לעבן דער שוועל פונעם שולכל און האָט ערפורכטיק סאַלוטירט, בעאייס דער כאַזן — מיטן „סייפּערטוירעלע" אין דער האַנט — האָט געזונגען אויף רוסיש דעם „סאָט קטאָ דאַיאָט". ער האָט אַפילע געזאָגט, אַז אָט די דאָזיקע טפילע איז פיל שענער ווי דער רוסישער „באָזשע צאַריאַ כראַני".

שפּעטער, אַז מען האָט גענומען „מאַזקיר־נעשאָמעס" זיין פאַר די געפאַלענע אין די שלאַכטן, האָט דער אַדיוטאַנט — צוזאַמען מיט די אָפיצירן — זיך אויסגעדרייט און שטיל אַוועקגעגאַנגען.

די קריסטלעכע יאַטן, וואָס זענען געקומען זען און הערן דאָס דאַווענען, איז מאַשמאָעס אויך נימעס געוואָרן צו שטיין אינדרויסן, הינטער דער טיר און פענצטער, און זיי זענען זיך ביסלעכווייז אַוועק. די יאַטן פון קאָמאַנדע האָט מען אַוועקגערופן אויף מוזיקאַלישע איבונגען, און די שרייבער מיט די אָבאַזלייט זענען זיך סטאַם פאַנאַנדערגעגאַנגען. די דאַווענער האָבן זיך דערפילט פרייער. אייניקעווייז האָבן זיי זיך אַרויסגעכאַפּט אינדרויסן אַרויס. אַ טייל איז אַוועק צו דער אייגענער קיך, אַ שמעק צו טאָן וואָס עס הערט זיך אין קעסל. אַנדערע זענען גאָר אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין דערבייאיקן וועלדל, אָדער צום נאָענטן טייכל. אין שולכל זענען בלויז פאַרבליבן דער כאַזן מיט נאָך עטלעכע יאַטן, וואָס האָבן זיך אויך קעסיידער געדרייט אַריין און אַרויס...

אין אָוונט, צו „נילע״, זענען קימאַט אַלע צוריקגעקומען. מען האָט צוריק אָנגעצונדן די פאַרבליבענע שטיקלעך לעכט, וועלכע מען האָט פריער געהאַט אויסגעלאָשן, און זיך ווידער געשטעלט דאַוונען. מיטאַמאָל איז גאָר אָנגעלאָפן סראַוואָראָף, אונדזער קאַפּעלמייסטער. פאַר אַ ווייל האָט ער זיך עפּעס אַזוי ווי איינגעהערט אין דער טפילע און אפילע אונטערגעשמייכלט. פּלוצלונג האָט ער מיט אַ וואונק צוגערופן צו זיך גודמאַנען און אים אַ זאָג געטאָן:

— רוף מיר גלייך אַרויס אַלע מוזיקאַנטן פון דאָרט!...פאַר איין טאָג וועט שוין זיין גענוג זיך געמאָליעט!... איצט דאַרף מען צוגיין שפילן ביים שטאַב!...

סראַוואָראָפס באַפעל האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג און עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. גודמאַן האָט גענומען פּראָטעסטירן און אים דערקלערט, אַז מען האַלט ביי דער סאַמע הייליקסטער און וויכטיקסטער טפילע און אַז מען קאָן ניט אַוועקגיין. יענער איז אָבער געבליבן באַ זייניקן. גודמאַן איז אַפילע געלאָפן צום אַדיוטאַנט, זיך צו באַקלאָגן, אָבער ער האָט אים ניט געטראָפן. סאַוועליעוו האָט געזאָגט, אַז ער איז אָפּגעריטן אין קאָרפּוס־שטאַב, קיין אָלטי. עס איז דעריבער ניט געווען צו וועמען זיך צו קלאָגן. דאָס אַפּעלירן צו סראַוואָראָפן און דאָס אָנווייזן, אַז עס איז געווען אַ באַפעל פון שטאַב צו באַפרייען די אידישע סאָלדאַטן — האָט אויך ניט געהאָלפן. ער האָט געטייַנעט:

— אַז איך בין אומגערעכט, וועט איר נאָך שפּעטער האָבן צייט זיך צו באַקלאָגן. דערווייל וועט איר טאָן ווי איך באַפעל און...

און עס האָט ניט געהאָלפן. די יאַטן האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שול, נעמען די אינסטרומענטן און זיך שטעלן שפילן. דערפאַר האָט מען אים אָבער צערעכט געמאַכט אַזאַ שפילן, אַז ער איז געשפרונגען פון דער הויט מאַמעש. אַפילע די קריסטלעכע יאַטן האָבן צוגעהאָלפן. טשעריאַק און גרישובין האָבן געפּראַוועט די געוויינטלעכע קונצן און סראַוואָראָף האָט זיך געוואָרפן און געזידלט און דערצו נאָך צוגעזאָגט זיך שפּעטער, אין דער צוקונפט, אָפּצורעכענען דערפאַר.

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. אַ גאַנצן ווינטער האָט ער אונדז געפּייניקט מיט פאַרשטאַרקטע איבונגען און אונדז מאַמעש ניט געלאָזט אָפּדעכן. דאָס לעבן איז אונדז אַזש נימעס געוואָרן איבער אים.



# קאַפּיטל ניינצן

דעם גאַנצן ווינטער זענען מיר געשטאַנען באַם שטאַב און זיך פאַרנומען מיט שפּילן. אַף סאַניטאַר אַרבעט צום פראָנט האָט מען אונדז ניט געשיקט. מען האָט געשמועסט, אַז עס קומען סיי ווי סיי פאַר זעלטענע און דערצו גאַנץ קליינע שלאַכטן און דערפאַר קאָן מען זיך באַגיין אָן אונדז. אין שטאַב האָט מען אָבער גערעדט, אַז אונדזער פאַרבלייבן אין שטאַב, איז בלויז אַ דאַנק דעם נייעם קאָמאַנדיר, וואָס האָט — אין זיין ליבשאַפט צו מוזיק, — זיך איינגעשטעלט אין קאָרפּוס, אַז מען זאָל אונדז לאָזן זיך באַשעפטיקן מיט מוזיק, קעדיי — אין פאַל פון שאָלעם — זאָל זיין אַ גוטע מוזיק־קאָמאַנדע, אַף אַרייַנצומאַרשירן אין היימישן גאַרניזאָן אַריין.

מיטן אָנהייב פונעם פרילינג האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן אָפטע און אינטענסיווע שלאַכטן און דער קאָרפּוס־שטאַב האָט דאַן געפאָדערט, אַז מען זאָל אונדז אַרויסשיקן אפן פראָנט. מיר האָבן זיך דעריבער ווידער אָפגעזעגנט מיט אונדזערע אינסטרומענטן און מיט דעם קאַפּעלמייסטער, און זיך אַרויסגעלאָזט צו דער פּאָזיציע, אַף אונדזער געוויינטלעכער אַרבעט: אויפצוקלויבן די פאַרוואונדעטע, איינזאַמלען דאָס געווער, און צו באַערדיקן די אומגעקומענע.

אונדזער גאַנג צו דער פּאָזיציע האָט דאָסמאָל געדויערט גאַנצע דריי טעג. מיר האָבן זיך שטאַרק אָנגעלייטן איידער מיר זענען אַהין דערגאַנגען. דערפאַר, אַז מיר זענען שוין יאָ אָנגעקומען אַהינצו, איז שוין די שלאַכט געווען פאַרענדיקט און — איבער דער גאַנצער ליניע האָט געהערשט אַ צייטווייליקער שטילשטאַנד...

אַף מיילן ווייט הינטער דער פּאָזיציע איז אַלץ געווען פוסט און ליידיק. די דערפער אַרום — ווי נאָך אַ שווערער און אויסראָטנדיקער מאַגייפע — אָפּגעשטאָרבן און פאַרוויסט. די בערג — מיט מאַסן פאַראַ־יאָרעדיקער, ניט אַרונטערגענומענער טיראַזש — האָבן אויסגעזען עפּעס

אַזוי נעבעכדיק־פאַרווילדעוועט, אַז בלויז אַ קוק טאָן אף זיי, האָט זיך אַ שווערער אומעט צעלייגט אפן געמיט. אפן באַרג, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָט געהערשט אַ שטילקייט, ווי ביינאַכט אף אַ בעסאַלמען. אונדזערע טריט זענען פּאָשעט אויפגעפרעסן געוואָרן פון דער דאָזיקער שווערער שטילקייט. ליגנדיק — האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס ביי־נאַכטיקע שטילע ווינטעלע, וואָס האָט פון ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז, און זיך רואיק צעלייגט אף דעם שויס פון די צעפּלאָנטערטע ווילדע גראָזן, וועט — צוזאַמען מיט אונדז — אַזוי אַנטשלאָפן ווערן און שוין קיינמאָל צוריק צום לעבן ניט קומען. די שוואַרצע נאַכט איז געווען שטום, ברוגעז, און מיט עפּעס אַזאַ געהיימען פּאַכעד...

מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט לעבן דעם ברידער־קייווער, וואָס מיר האָבן געהאַט באָר־וואָס פאַרשאָטן, און זיך געקאָרטשעט אין צאַאַר און שרעק. ס'איז שווער געווען צו ליגן, רוען, אָדער אַנטשלאָפן ווערן.

צו דער פראָנט־ליניע איז גאָר נאָענט געווען. אינגאַנצן עטלעכע הונדערט טריט בלויז. קימאַט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען צו דער שיסער־קייט, צו די פראָנטאָוויקעס, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אין פאָרויס, אפן באַרג, אונטערן שוץ פון מאַסן צעוואָרפענע, הויערנדיקע שטיינער. און מאָדנע: עפּעס האָט אונדז אַלעמען געצויגן אַהינצו, צו דער פראָנט־ליניע, אַז מיר האָבן פּאָשעט ניט געקאָנט איינליגן.

שטילערהייט, אף אַלע פיר, האָבן מיר — ווי קריכנדיקע ווערים — זיך גענומען צורוקן נעענטער. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט צווישן די האַלב־דרימלדיקע און אויסגעמידטע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געלעגן מיט זייערע הענט פאַרשטעקט אין די שינעל־אַרבל אַריין און געהאַלטן די ביקסן אַרומגענומען אין זייערע אָרעמס. פיל יאַטן זענען געלעגן צונויפגערוקט צוזאַמען און האָבן צווישן זיך דערציילט ביי־געשאַפענע, שאַרפע און אָפּלאַכנדיק־גראָבע וויצן אפן אייגענעם לעבן און שטעכיקע גלייכווערטלעך וועגן דער מילכאָמע. דערמיט האָבן זיי, ווייזט אויס, זיך געוואָלט דערמונטערן און, אַפּאָנים, געוואָלט שאַפן פאַר זיך אַן אַטמאָספערע פון געקינצלטער, סימולירטער פרייד. צווישן די סאָלדאַטן און זייערע גלייכווערטלעך האָבן מיר זיך טאַקע דערפילט אויפגעלעבט און באַרואיקט. יעדנפאַלס — פיל רואיקער און פרייער ווי דאָרט, אף אַרונטערצו, אין דער רואיקייט פון לעבן דעם ברידער־קייווער...

מיר האָבן פאַרדרייט מאַכאָרקע־ציגייערלעך און אַזוי, — ניט־פאַר־קלעפּטערהייט, מעכאַבעד געווען דערמיט אונדזערע נייע שכיינים. די יאַטן האָבן פויל אַרויסגעצויגן די הענט פון די אויסגעוואַרעמטע אַרבל, האָבן מיט די צונג־שפּיצן באַנעצט די ברעגן פונעם ציגייער פּאַפּיר,

זיי פאַרוויקלט, פאַרקלעפּט און פאַרדרייכערט די ציגייערלעך אונטער די שינעל-פּאָלעס, אַז מען זאָל ניט קאָנען זען די אויפבליצן פון דעם פייער. מיר האָבן זיך צעלייגט אף די פּלייצעס, מיט די פּענימער צום שוואַרצן, ווייטן הימל, און אַזוי געפּרובירט איינדרימלען. פאַרביי די קלעפּנדיקע אויגן האָבן פאַרבייגעוואַנדערט ווייטע, צאַנקנדיקע שטערן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פליענדיקע פייער-פליגעלעך און אָפּט זענען פאַרבייגעפלויגן פייער-פליגעלעך, וואָס האָבן געמיניעט אין די מידע בליקן ווי צאַנקנדיקע שטערן...

*****

**פאַרטאָג.** פון צווישן די ווייטע, פרעמדע בערג, האָט זיך גענומען אַרויסרוקן אַ רויטער, פרעמדער פרימאָרגן. די גרין-גרויע געוויקסן און די איינציקע צעוואָרפענע בוימלעך, וואָס זענען געווען פאַנאַנדערגעשפּרייט איבער די בערג, האָבן זיך גענומען ציטערן מיט פיאָלעטעווע פייערן. דער מאָרגן האָט זיך געדרוקט אַלץ נעענטער. עס האָט אויסגעזען, ווי ער — אינעם דערנעענטערן זיך — האָט געזוכט צו ווערן אייגן און זיך בריידערן מיט אונדז...

אינעם טאָג-אויפליכט האָבן זיך שאַרפער אָנגעהויבן אַרויסשיילן די קאָנטורן פון די בערג-שפּיצן און בערג-ראַנדן. זיי, וואָס זענען ביינאַכט אַזוי ווייט געווען, זענען געוואָרן זייער נאָענט. ביסלעכווייז זענען געוואָרן קלאָרער די דימענסיעס פון די שכייניש ע בערג, אף וועלכע עס האָבן אין דער נאַכט אַרומגעשוועבט בלויז שאָטנס און סילועטן פון פרעמדע און גאָר אומבאַקענטע מענטשן. פון הינטער די שטיינער, וואָס אפן באַרג אַנטקעגן אונדז, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַרויסגעהויבענע מענטשן-קעפּ. צום אָנהויב האָבן יענע אף אונדז געקוקט צעשראָקן און אומצוטרוילעך, אָבער באַלד זענען זיי געוואָרן היימישער און דרייסטער. די טערקן האָבן זיך אויפגעשטעלט, אויסגעצויגן זייערע צוגעלעגענע, מידע גלידער, און זיך צעשמייכלט אין דער אָפענער וועלט, דעם ליכטיקן מאָרגן אין פּאָנים אַריין. פון ערגעץ האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ ברייטער, לאַנגער גענעץ, וואָס איז זיך צאַפּלדיק און שרעקעוודיק צעפאַלן לעבן אונדזערע פיס.

אויך אין אונדזער זייט איז לעבעדיק געוואָרן. אונדזערע יאַטן האָבן זיך אויך אויפגעהויבן פון הינטער די שטיינער אָפּער און זיך אויך אויסגעצויגן. באַלד האָט עמעצער ביי אונדז אויך אויסגעצויגן אַ גענעץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן ענטפער צו די טערקן. כעוורע

יאַטן זענען דערווייל געשטאַנען, אויסגעגלייכט די מידע קערפּערס און זיך אויסגעצויגן פונעם צנויפגעקאָרטשעטן ליגן אין דער לאַנגער, אומרואיקער נאַכט, אין געלעגער פון שטויב און בלאָטע...

די טערקן האָבן אַלץ געקוקט אף אונדז און געשמייכלט. מיטאַמאָל האָבן אַ צאָל פון זיי געכאַפּט זייערע קעסעלעך און פלינק זיך גענומען אַרונטערלאָזן פונעם באַרג, אַרונטער צום טייכל, וואָס איז די גאַנצע צייט אומשולדיק און מעהייכעטייסעדיק געפלאָסן אונטן, צווישןביידע פיינטלעכע בערג, צווישן ביידע קריגערישע לאַגערן.

אַ סאַך פון אונדזערע יאַטן האָבן אויך גענומען זייערע קעסעלעך און — פּונקט ווי די טערקן — זיך אויך אַרונטערגעלאָזט צום זעלביקן טייכל. מיר האָבן געקוקט אף זיי מיט שטיינונג. און כאָטש מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז בעאייס שטילשטאַנד איז עס ניט אַזוי געפערלעך און אַז מען וועט דעמלט ניט שיסן, — האָט עס פאַר אונדז דאָך אויסגעזען מאָדנע. און עפּשער טאַקע דערפאַר וואָס דאָס האָט אונדז אַזוי שטאַרק געכידעשט, — זענען מיר אַליין אויך געוואָרן פאַראינטריגירט און זיך אָנגעשטעקט מיט כיישיק אַרונטערצוגיין. אויסער דעם האָט זיך אונדז פּאָשעט געוואָלט באַווייזן פאַר די אַנדערע סאָלדאַטן, אַז מיר זענען ניט קיין פּאַכדאָנים און האָבן ניט קיין מוירע. מיר האָבן, דעריבער, די ביקסן איבערגעגעבן צו עטלעכע יאַטן, גענומען אונדזערע קעסעלעך און זיך אַרונטערגעלאָזט. ביי אונדז איז עס אָבער געווען מער צוליב קוריאָזיטעט, ווי צוליב וואַסער. עס האָט זיך מאַמעש געוואָלט אַן אָטעם טאָן מיט אַביסל געפאַר און איבערלעבן אַזאַ געפיל, וואָס מען האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט דורכגעלעבט...

*****

## מיר זענען דערגאַנגען צום סאַמע אונטן.

מיר זענען געווען אַזוי נאָענט צום „סוינע”, אַז די אָדערן אונטער דער הויט האָט אַזש געציטערט. פון גרויס אויפרעגונג האָט זיך אַזש געדאַכט, ווי מוראַשקעס וואָלטן איבערן לייב געקראָכן. מיר זענען געשטאַנען אין איין זייט פונעם טייכל, דער „סוינע” — אף דער צווייטער אין...דער שעטעך צווישן אונדז — די ברייט פונעם טייכל, — אַ דריי, אָדער פיר שפּאַן בלויז...

מיר זענען געשטאַנען באַם ברעג, די „סאָנים” — אַנטקעגן. עס איז געווען אַזוי פאַראינטריגירנדיק, אַז עס האָט פּאָשעט די אָטעמס פאַרכאַפּט. מיר האָבן געקוקט אונדזערע „סאָנים” אין די פּענימער

אַריין און געשוויגן מיט אַן אומבאַקוועמער אומזיכערקייט. עפּעס האָבן מיר זיך געפילט ווי קליינע, שעמעוודיקע קינדער, וואָס טרעפן זיך צום ערשטן מאָל. דאָס שווייגעניש האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. פון איין זייט האָט עמעצער מיטאַמאָל אַ גענעץ געטאָן, ווי דערמיט אויסצופּראָבירן די זיכערקייט. און באַלד איז פון דער צווייטער זייט געקומען פּונקט אַזאַ ענטפער, וואָס האָט געקאָנט מיינען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג; אַז אַלץ איז זיכער...

מיר האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קניען און געוואַשן די הענט און די פּנימער איבעם פליסנדיקן וואַסער פונעם טייכל. און אַנטקעגן, — אין טערקיי, — האָבן יענע סאָלדאַטן אויך אַזוי געטאָן. דערנאָך האָט מען זיך ווידער אויפגעשטעלט, ווידער געקוקט איינער אויפן צווייטן און ווידער שמייכלענדיק געשוויגן. אונדזערע האָבן זיך אַוועקגעזעצט באַם ברעג, גענומען וויקלען מאַכאָרקע-ציגייערלעך און, שטומערהייט, אַריבערדערלאַנגט אויף דער צווייטער זייט, צו די טערקן. יענע ווידער — ווי אַן אומבייט פאַר אונדזערע מאַטאָנעס — האָבן אונדז דערלאַנגט צו ביסלעך טערקישן טוטין און דערביי צוגעשמייכלט. מיר האָבן פאַררויכערט, די טערקן האָבן פאַררויכערט, און עס איז גלייך געוואָרן היימלעכער און פרייער. מען האָט אַפילו אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך. גערעדט מיט אויפגעכאַפּטע, אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, מיט די פינגער און, זיך ווי ניט איז דאָך פאַרשטאַנען.

עטלעכע יאָטן זענען אַזוי דערוואַרעמט געוואָרן פון דער דאָזיקער דערנענטערונג, אַז זיי האָבן איינגעשטעלט און גאָר אַריבערגעשפּאַנט איבערן טייכל, אויף דער צווייטער זייט. און געטאָן האָבן זיי דאָס גאַנץ פּאָשעט: אַוועקגעשטעלט אַ פוס אויף אַ שטיין, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט אינמיטן וואַסער, און דערלאַנגט אַ האַנט צו איינעם פון די „סאָנים”. יענער האָט זי אָנגעכאַפּט און פלינק אַריבערגעשלעפּט צו זיך, אַז מען האָט דערביי אַפילו די שטיוול אין וואַסער ניט איינגענעצט. גלייך איז מען צווישן זיך געוואָרן גוט-ברודעריש, גערעדט איינער צום צווייטן פון דער נאָענט, אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און געלאַכט. אָט האָט איין טערק גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטאָן אונדזערן אַ יאָט איבער דער פּלייצע, באַטראַכט זיין העמדל און פאַרלעגן אַ פרעג געטאָן:

— „יאַכשי, מאַסקאַפּליאַר אַסקערים, הע?...”1)

אַ צווייטער האָט ניט אויפגעהערט זיך באַגריסן מיט איטלעכן:

— „סאַליאַם אַליעקום, אַדאַם!...סאַליאַם אַליעקום, כאַרדאַש!...”2)

1) איז גוט צו זיין אַ רוסישער סאָלדאַט?

2) פרידן איין, מענטש! פרידן איך, ברודער!

אונדזערע האָבן געענטפערט מיט דער זעלביקער פריינטלעכקייט. מען האָט געקוקט אויף זיי מיט האַרציקייט און עס האָט זיך קוים געוואָלט גלויבן, אַז מען איז אויף אַן עמעס סאָנים צווישן זיך. עס האָט ביכלאַל ניט אויסגעזען, אַז מען איז אויפן שלאַכטפעלד, אויף דער סאַמע פּאָזיציע. מען האָט גערעדט און געענטפערט פּאָשעט און פריינטלעך:

— „זדראַוווסטוואוי, אָסמאַן!... סאַליאַם אַליעקום, טוראָק!...”1)

פון גרויס איבערראַשונג צוליב דער נאָענטקייט, זענען די טערקן געוואָרן סענטימענטאַל און צוגעלאָזן. איינער פון זיי האָט זיך, זעט אויס, דערפילט אַזוי שטאַרק גערירט, אַז ער האָט פּאָשעט אַרומגעכאַפּט איינעם פון אונדזערע יאַטן, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין האַלדז און אים גענומען קושן ווי אַן אָנגעשיקערטער. דערביי האָט ער זיך קעסיידער געקלאַפּט אין האַרצן אַריין און ניט אויפגעהערט צו מורמלען:

— „אַללאַ!... מאָסקאָבי סאַלדאַט — אָסמאַן אַסקערים — כאַרדאַש!... רוסקאַ יאַכשי — טורטשע יאַכשי!...”2)

דער דאָזיקער איניען איז גרישוניבנען ביז גאָר געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך אַ צעפּאָכע געטאָן מיט די הענט, אַ וואונק צו געטאָן צו אונדז, אַז ער גייט רעדן מיט די טערקן עפּעס אַ וויכטיקע זאַך און — טראַכטנדיק אַ ווייל — זיך ענדלעך אַ ווענד געטאָן צו איינעם פון די טערקן אויף פּראָסט רוסיש:

— הער, אָסמאַן, ווען וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע?...

יענער האָט געקוקט אויף אים און, אַפּאָנים, ניט פאַרשטאַנען קיין וואָרט וואָס ער האָט גערעדט צו אים. עס האָט אים אָבער מיסטאָמע אויסגעוויזן, אַז עס מוז אַוואַדע זיין וועגן עפּעס אַ זייער גוטער זאַך. מען האָט דערקענט לויט דעם, ווי יענער האָט, פאַרגייסטיקנדיק, גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ, געשמייכלט מיט אַ קינדערשער פאַרלעגנהייט און טאַמעוואַטע געפינטלט מיט די אויגן. גרישונין, ווידער, ווען ער האָט דערזען, אַז יענער האָט אים ניט פאַרשטאַנען, האָט ער אַ פאַרלייג געטאָן די הענט ווי צום שיסן מיט אַ ביקס און דערנאָך, שוין אויף רוסיש און טערקיש, צוזאַמען מיט די הענט, צוגעגעבן:

— „בעלעל?...” איך מיין... ווען „בען־שען — פיו־פיו אַהיים... אַרטעק מוהאַראַיבאַי עטמע... ניט מאַכן שוין מער פיף־פאַף־פוף און... פּאָניאַל?!...”3)

1) זייט געגריסט, מענטש, פרידן אייך!... 2) גאָט, רוסישער סאָלדאַט און טערקישער סאָלדאַט — זענען ברידער. רוסישער איז גוט, טערק איז גוט... 3) פאַרשטייסט? ווען איך־דו — אַהיים. ניטאָ מער קיין מילכאָמע...

יענער האָט ווידער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אומבאַהאָלפן גע־שמייכלט. די אַנדערע טערקן, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבן זיך אויך איינגעקוקט אין גרישונינס מויל אַריין, אַט פּונקט ווי זיי וואָלטן וועלן אויפכאַפּן זיינע רייד גלייך פון מויל אַרויס. זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו זיינע מאָדנע גרימאַסן און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן באַדויערט עפּעס אַ טייערע פאַרלוירענע זאַך.

עטוואָס ווייטער איז געשטאַנען טערמאַקאָוו, דער פּויער, און — אַזוי ווי גרישונין — אויך איינגעטיינעט מיט אַ טערק אף רוסיש:

— הער, — האָט ער אים געזאָגט און דערביי געדראָעט מיט אַ פינגער, — אַז דיין אָפּיציר דיך הייסן שיס — ניט שיס! הערסט?!...

דער טערק האָט טאַמעוואַט-באַאיוו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אף יאָ און געשמייכלט אַזוי האַרציק און אומשולדיק-באַכיינט, אַז עס האָט אַזש באַם האַרצן פאַרנומען.

דאַווידאָוו איז געווען קימאַט דער איינציקער פון קאָמאַנדע, וואָס איז געבליבן אף דער זייט טייכל און ניט אַריבערגעגאַנגען. ער איז געזעסן באַם ברעג און געוואָרפן קליינע שטיינדלעך אין וואַסער אַריין. ער האָט זיך איינגעהערט אין די רייד צווישן אונדזערע יאַטן מיט די טערקן און געשוויגן. ווען ער האָט דערהערט טערמאַקאָווס רייד, האָט ער זיך ברייט צעלאַכט און אַ פרעג געטאָן ביי אים:

— נו, און דו אַליין, טערמאַק, אַז דיין אָפּיציר וועט דיר זאָגן: שיס, — ביסטו שוין אויך גרייט אים ניט צו פאָלגן?...

טערמאַקאָוו — דערשראָקן פון דער דאָזיקער פראַגע — האָט מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט דעם טערק, זיך אַ קער געטאָן צו דאַווידאָוון, געטראַכט אַ ווייל און — ניט געפינענדיק וואָס אים צו ענטפערן — אַ פאַרשעמטער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

טשעריאַק איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון זיין שמועס מיט אַ טערקישן סאָלדאַט, אַז ער האָט אַזש פון גרויס פרייד אַ וויש געטאָן דעם שווייס פון זיין פּאָנים און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, אָבער גענוג הויך, אַז דאַווידאָוו האָט עס אויך געקאָנט הערן:

— דער טיוול זאָל עס נעמען!... זעט נאָר, זיי זענען דאָך גאַנץ וואוילע יאַטן, די טערקן!...גאַנץ פריינטלעכע מענטשן, ערן וואָרט!...

דאַווידאָוו האָט אים שמייכלענדיק אַ נעם געטאָן אין קלעם:

— וואָס דען האָסטו געמיינט ביז איצט, אַז זיי זענען טאַקע גאָר קיין מענטשן ניט?...

טשעריאַק האָט דערויף גאָרניט געענטפערט.

דאַווידאָוו האָט פּאַר אַ ווייל געשוויגן. באַלד אָבער האָט ער זיך

אויפגעשטעלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אָפּגעזיפצט ווי ער וואָלט עפּעס באַדויערט, און אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, ברודערל, זיי זענען מענטשן פונקט ווי מיר. ווי מיר אַלע... אָבער...טוט באַר אַ טראַכט: אַביסל שפּעטער וועט מען אונדז און אַוואַדע אויך זיי, די טערקן, ווידער נעמען איינרעדן, אַז מיר זענען זיך איינס דאָס אַנדערע די בלוטיקסטע סאָנים און אַז...יאָ־יאָ, ווידער וועט מען צווינגען אַריינצוטיאָגן פייערדיקע קוילן אײנער אין צווייטנס ברוסט אַריין און...טוט באַר אַ טראַכט וועגן דעם...טוט באַר אינמיטן אַ טראַכט!... עס איז דאָך אַזוי פאַרברעכעריש, אַזוי...

אַלע זענען געבליבן שטיין מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ.

עס איז שטיל געוואָרן. אַלע האָבן געשוויגן. מיטאַמאָל — פּונקט ווי דאַווידאָווס רייד וואָלטן דערגאַנגען צו אונדזער באַטשאַלסטווע — האָט מען פונדערהויך, פון אונדזער זייט באַרג, געגומען ווייזן צייכנס און גערופן, אַז אַלע סאָלדאַטן זאָלן זיך טייקעף צוריק אַרויפהויבן.

באַם ברעג טייכל איז געוואָרן אַ גערודער. אונדזערע יאַטן האָבן — אין געאייל, אָבער אָן כיישיק — גענומען אַריבערשפּרינגען צוריק איבערן טייכל, זיך געלאָזט לויפן און גענומען אַרויפקלעטערן אפן באַרג. די טערקן — דערזעענדיק וואָס ביי אונדז איז פאָרגעקומען — האָבן זיך אויך — ווי אויפגעוועקטע פון אַ זיסן כאָלעם — אַ כאַפּ געטאָן און אויך גענומען קלעטערן אף זייער באַרג אַרויף...

אינמיטן קריכן האָבן מיר זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט צו די טערקן און צוגעוואָרפן זיי טרויעריקע געזעגענונג־בליקן צו דער אַנדערער זייט. די אויגן ביי אַלעמען האָבן געפינקלט מיט פאַרדראָס און אויסגעווייטיקט די זעלביקע געפילן, וואָס דאַווידאָוו האָט פריער מיט ווערטער אויסגעדריקט. עס האָט פאַרדראָסן, אָבער מען האָט געמוזט ווייטער גיין. בלויז עטלעכע מאָל האָט מען אַ פּאָכע געטאָן אַ שטומען זיי געזונט צום צווייטן באַרג און — ווי פאַרשעמטע — אַוועקגעקראָכן צו די פּלעצער. דאָרט איז מען געלעגן און שטום געוואַרט אף ווייטערדיקע באַפעלן פון באַטשאַלסטווע.

מיד, די קאָמאַנדע, זענען אַוועק אַביסל אף צוריק פון דער פראָנט־ליניע און זיך אַוועקגעלייגט הינטער אַ הויכן פעלז. עס האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. דאָס אַוועקרייסן אונדז מיט גוואַלד פונעם טייכל, האָט געווירקט אף פיל פון אונדזערע יאַטן און זיי געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן. און דאַווידאָוו, ער האָט גענומען שניידן מיט אַ צעווייטיקט־ציטערדיקן געברום:

— און באַלד וועט מען אַוואַדע אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען

אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל שיסן... העבט וועלן אָנציען די ביקס-ציגגלעך און אַרייניאָגן צעגליטע בליי-קוילן אין יענע מענטשן, וועמעס העבט מען האָט באַר-וואָס אַזוי פריינטלעך געדריקט.

קיינער האָט ניט געענטפערט. מען איז געלעגן שטיל. אַלע זענען, מאַשמאָעס, געווען באַווירקט פון זעלביקן געפיל און פאַרשטאַנען, אַז דאַווידאָוו איז גערעכט. גרישונין האָט שטיל אַ זיפץ געטאָן:

— טאַקע, וואָס האָבן מיר צו יענע אָפגעריסענע, אויסגעהונגערטע מענטשן, וועלכע זענען אַזוינע פאַרשקלאַפטע פונקט ווי מיר?...

— און וועלכע דינען, פונקט אַזוי ווי מיר, ניט דעם אייגענעם פאַרשטאַנד, נאָר פרעמדע באַפעלן...— האָט דאַווידאָוו אונטערגעכאַפט, — באַ זיי, פונקט ווי ביי אונדז זענען פאַראַן שולדיקע, וואָס רייצן און באַשאַפן די אומזיסטיקע סינע...

טשעריאַק האָט אַ הויב געטאָן זיין קאָפ און פון צווישן די ציין אַ שאַרפן ברום געטאָן:

— עך, דו גאָט מייגער...אָבער...צי זענען מיר דען טאַקע אָט אַזעלכע טיפשים, וועמען מען קאָן אַלץ אַזוי לייכט איינרעדן?... צי ווייסן מיר דען ניט, צו אַלדע טייוול, אַז די עמעסע סאָנים אונדזערע זענען גאָר אונדזערע אייגענע באַצווינגער און...

דאַווידאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן:

— און דו האָסט גאָרניט קיין מוירע אַזוי צו רעדן?...

טשעריאַק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אָ, עס איז שוין אַריבער די צייט פון שטיקן אין זיך,— האָט ער געענטפערט, — וואָרים וואָס איז דען שוין געבליבן פאַר אונדז צו פאַרלירן, אויסער דער מוירע?...ניין, איך פרעג טאַקע, וואָס?...

זיין פראַגע איז מיטן ווינט צעטראָגן געוואָרן ערגעץ אַוועק אין דער לופטן, זיך צעזייעט און ניט געבליבן. אויסגעזען האָט עס, ווי קיינער וואָלט זי אַפילע ניט געהערט. יעדער איינער איז זיך געווען פאַרזונקען אין זיין אייגענעם טראַכטן, מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, וואָס זענען — ווי גיפטיקע סקאָרפּיאָנען — ניט אָפּגעטראָטן און אַלץ געזויגן דעם קליאָק פון די מויכעס אַרויס...

*****

**דער טאָג** האָט זיך געשטעלט אַ קאַלטער און רויער. אַ ברענדיק-פראָסטיקער ווינט האָט אָנגעיאָגט און געבומען ברענען די פּענימער ווי מיט געגליטע אייזנס. די לופט האָט שטאַרק

געשטאָכן און די אָטעמס האָבן געשניטן ווי שאַרפע מעסערס. עס איז שוין איצט טאַקע געווען פרילינג, לויט דער דאַטע, אָבער אַ טאָג — מיט אַן עמעס־ווינטערדיקער קעלט...

דער באַטאַליאָן־טעלעפאָניסט איז געלעגן ניט ווייט פון אונדז — מיט זיין פּאָנים ווי איינגעגראָבן אין דער ערד. ער האָט זיך עפּעס קעסיידער געדרייט ווי אין קראַמפּן, געהאַלטן דאָס טעלעפאָן־טרייבל באַם אויער, אַריינגערעדט און זיך איינגעהערט אין די באַפעלן, וואָס זענען פון יענער זייט אָנגעקומען. יעדע ווייל האָט ער עפּעס איבער־געגעבן דעם ראָטע־קאָמאַנדיר, וועלכער איז געלעגן ניט ווייט פון אים, הינטער אַ הויכן שטיין. עס האָט אויסגעזען, אַז דער טאָג וועט זיין ניט נאָר אַ קאַלטער און רויער, נאָר אויך אַ הייסער און בלוטיקער. עס איז קלאָר געווען, אַז באַלד וועט אויסברעכן אַ שאַרפע שלאַכט. דער קאָמאַנדיר האָט זיך דורכגערעדט מיט זיינס אַ געהילף און באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז קיינער זאָל ניט רירן און אַפילו ניט אַוועקגיין פאַר באַדערפעניש. מיטאַמאָל האָט זיך פון הינטערן שטיין — ווי פון אַן אונטערערדישער הייל — דערהערט אַן אויסגעשריי:

— אַף די פּלעצער!... באַשיצן זיך!...

דער דאָזיקער באַפעל איז געווען איבעריק און לעכערלעך. ער האָט דערמאַנט אין די היימישע קליינינקע מאַנעוורעלעך, וואָס פלעגן פאָרקומען אין די קאַזאַרמע־הויפן. דאָרט איז אַזאַ באַפעל עפּשער טאַקע נויטיק געווען. דאָרט האָט קיין שום געפאַר ניט געלויערט, האָט מען געדאַרפט מאַכן אַזאַ אָנשטעל. דאָ אָבער, אָף דער פּאָזיציע, וואו אַן איבעריקער ריר האָט געדראָעט מיט טויט און וואו יעדער קלענצטער באַוועג האָט זיך געקאָנט ענדיקן פאַטאַל, — האָט יעדער איינער זיך סיי ווי אינסטינקטיוו באַהאַלטן ווי ער האָט נאָר געקאָנט, און איז געלעגן איינגעגראָבן מיטן פּאָנים אין דער ערד, פּונקט ווי ער וואָלט דערוואַרט, אַז די ערד אונטער אים זאָל זיך אָט צעעפענען און אים איינשלינגען, אַבי זיך אַרויסצוראַטעווען פון צעשמעטערט ווערן פון די קוילן... באַלד איז געקומען אַ צווייטער באַפעל, וואָס האָט — ווי אַף צו לעהאַכעס דעם ערשטן — איינגאַנצן צו נישט געמאַכט דעם באַפעל פון באַשיצן זיך. צי מען האָט יאָ געוואָלט, אָדער ניט, האָט מען זיך געמוזט אַ באַוועג טאָן און שטעלן אין געפאַר די אייגענע גלידער. דער באַפעל איז געווען:

— גיט איבער דער קייט, — גרייט זיך!... צילט זיך!...

די פעלדפעבלען און אונטעראָפיצירן האָבן אונטערגעכאַפּט דעם געגעבענעם באַפעל און אים צוגעוואָרפן צו די סאָלדאַטן. יענע האָבן

עס גלייך אויפגעכאַפּט און — שנעל, ווי אַ בליץ — איבערגעוואָרפן פון איינעם צום צווייטן:

— גיט איבער דער קייט, — גרייט זיך!... צילט זיך!...

עס איז געוואָרן אַ קלאַפּעריי פון די ביקסן. זייערע שלעסער — ווי די פּיסקעס פון אויסטערלישע הונגעריקע קראָקאָדילן — האָבן זיך צעעפנט, זשעדנע איינגעשלונגען צו פּעקלעך קוילן און, מיט טעמפּע קלאַנגען, זיך צוריק פאַרהאַקט. די באַגנעט-שפּיצן האָבן זיך גענומען באַוועגן און — ווי גלאַנציק אויסגעצויגענע שלאַנגען — גענומען אַרי-בערקלעטערן איבער די שטיינער. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אין זייער אַרויסרוקן זיך — געזוכט און געשטאָכעוועט אַ קאָרבן, אַף וועמען זיך אַרויפצוואַרפן. די זון-שטראַלן האָבן זיך, הויקערדיק, איינגענורעט אין די אויסגעהוילטע קאַרבן פון די שאַרפע באַגנעטן, און פון דאָרט אַרויסגעגלאַנצט מיט גבֿיורישע וואונקען. באַ יעדן באַוועג פון דער ביקס האָבן די דאָזיקע שטראַלן, ווי דערשראָקן, זיך אַ וויג געטאָן און זיך אַף גיך אַרויסגעכאַפּט פון די קאַרבן, אַקוראַט ווי ביט זיי מיינט מען. די ביקסן האָבן דערווייל ניט איינגערוט. די באַפעלן זענען אַלץ געלאָפן איינס נאָכן אַנדערן. מיטאַמאָל האָט — ווי אַ דונער — אַ זעץ געטאָן אַ נייער באַפעל:

— פייער!... שיס!...

ווי ווילדע כאַיעס פון אַן אויפגעבראָכענער שטייג אַרויס, — אַזוי האָבן זיך די קוילן אַ ריס געטאָן מיט אַ געברום און געפילדער פון די ביקס-רערן אַרויס. ווי שווערע דונערן אין אַ שטורעם-טאָג, — האָבן זיי געהאַקט צו איינציקווייז און זאַלפּנווייז. מיר זענען געלעגן אין אונדזער באַהאַלטענעם אין „זיכערן” ווינקל און — דורך די שפּאַלטן צווישן די שטיינער, פאַרגאַנווערהייט אַרויסגעקוקט צו דער שיסער-קייט און צו די ביקסן, וואָס האָבן אַלץ קעסיידער און אומאויפהערלעך געשפּיגן מיט פייערדיק-טויטלעכן בליי...

אין יענער צייט, באַ די טערקן, איז אַוואַדע אויך אָנגעגאַנגען דאָס זעלביקע. אויך דאָרט האָבן די ביקסן אַלץ געטראַסקעט און די פּולעמיאָטן — געבולן. פונעם פריערדיקן פריינטלעכן צוזאַמענקום איז שוין באַ קיינעם אַפילו קיין זיכער ניט געבליבן...

די ברודערלעכע געפילן, וועלכע האָבן אונדז, באַם טייכל, ערשט מיט עטלעכע מינוטן צוריק אַזוי שיין אויפגעבליט — זענען מיטאַמאָל פאַרוועלקט געוואָרן. די פריינטלעכקייט, וואָס איז דאָרט, באַ יענער באַגעגעניש, געבוירן געוואָרן, — איז מיטאַמאָל אָפּגעשטאָרבן. די דערוואַכנדיקע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך פריער געהאַט צעבליצט, —

זענען מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן...

ווידער האָט געקיקיקט די ביקס, געהערשט דער פּולעמיאָט און געוועלטיקט דער קאַנאָן. אַ ווילד געזאַנג פון טויט און פאַרניכטונג האָט זיך געשפּרייט אין אַלע זייטן. ווילדע, צעדולטע קוילעס האָבן זיך געטראָגן אַרום און אַרום. פאַרוואונדעטע האָבן אויסגעקרעכצט זייערע צעווייטיקטע שרעקן. גויסעסדיקע האָבן מיט די צעקרימטע און צעבלוטיקטע מיילער צוואָרפן איבערן באַרג זייערע קוילעס פון פיין און האַס. אין צווישן די קראַכן האָט זיך אין דער לופט פאַנאַנדער־געטראָגן זייערע לעצטע אויסרופן:

— אַ מאַגייפע אף יענע, וועלכע האָבן אונדז אַהערגעשיקט!...

— פאַרשאָלטן זאָלן זיין די„ וואָס האָבן אונדז דאָ פאַרהאַלטן!...

— אַ טויט אף זיי, פאַר אונדזער טויט!...

אַ פאַרטויבנדיקער מישמאַש פון באַפעלן און וויי־געשרייען האָט זיך געדרייט אין כאַלאַל. אָפיצירן האָבן קאָמאַנדעוועט, אונטעראָפיצירן האָבן די באַפעלן אונטערגעכאַפּט און זיי פאַנאַנדערגעטראָגן דורך די מיילער פון זייערע סאָלדאַטן. ביקס־שלעסער האָבן געטראַסקעט. זאַלפּן האָבן נאָכאַנאַנד געקנאַלט. ליידיקע, אויסגעשאָסענע גילזן, זענען מיט טויבע קלאַנגען געפאַלן אף שטיינער. סאָלדאַטן האָבן געמורמלט און געשאָלטן. פאַרוואונדעטע האָבן — פאַלנדיק — אין ווייטיק געשריגן. צונויפגעמישט האָבן זיך געדרייט באַפעלן, קרעכצערייען און קלאָלעס. פון איין זייט האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ צעפּייניקטער רוף:

— מאַ־אַ־אַ־מע־ע־ע!... מאַ־מע מיי־איי־נע!...

און פון דער צווייטער זייט — ווי אַן ענטפער דערויף — האָט אָפּגעהילכט אַן אויסגעשריי:

— ברידערלעך, ראַ־טע־ע־ווע־ע־עט!...

און דאָ האָט גאָר, ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס, אַ פעלדפעבעל בייז און הייזעריק געזידלט:

— אויסוואורפן!... קאַנאַליעס!... וואָס זענט איר דאָרט אַנט־שלאָפן געוואָרן?!... דערלאַנגט פייער!... שיסט!... שיסט, אין אייערע אַזעלכע און אַזעלכע מאַמעס אַריין!...

ערגעץ אין דער שיסער־קייט האָט זיך אַ סאָלדאַט אינמיטן שיסן ראַפּטאָם אַ שטעל אויף געטאָן, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אָט פון דער ערד אַרויסגעשאָסן געוואָרן. ער האָט גענומען לויפן אַהין און צוריק איבער דער ליניע און דערביי יאָמערלעך אויסגעשריגן עפּעס אַזעלכע מאָדנע און אומפאַרשטענדלעכע אויסרופן:

— הו־אָו — פאַוו!.. הו־אָו — פאַוו!... הו!... או־או!...

מיטאַמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזט די ביקס פון די הענט, געטאָן זיי אַ הויב איבערן קאָפּ און איז אומגעפאַלן ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים. די ביקס האָט זיך מיט אַ בראַזג אָנגעקלאַפּט אָן אַ שטיין, איז אונטערגעשפּרונגען און אַרויפגעפאַלן אויף אים.

די אָפיצירן זענען אָנגעגאַנגען מיט זייערע קאָמאַנדעס:

— פייער! גיט פייער!...באַשיסט זיי, די נעכריסטן!... קוילעט זיי, די פאַרשאָלטענע!...פייער!... גיט פייער!... פייער!... נאָכאַמאָל!... קעסיידער!... זאַלפּנווייז!...

די ביקסן האָבן זיך נאָך שטאַרקער צערעוועט מיט זייערע סאַמיקע פּיסקעס און צעוואָרפן בלוטיקן טויט אַהינצו, צו די טערקן, אויף דער צווייטער זייט, אַפן אַנדערן באַרג. הענט האָבן אינסטינקטיוו געאַרבעט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע, אַלע סאָלדאַטן, זענען מיטאַמאָל פון זינען אַרונטער, אָדער זיך פלוצלונג פאַרוואַנדלט אין בלוטדורשטיקע כאַיעס. הענט, וואָס האָבן ערשט מיט אַ ווייל צוריק אַזוי פריינטלעך געדריקט די וואַרעמע הענט ביי מענטשן, האָבן גאָר געהאַלטן מערדער־לעכע ביקסן און געצויגן באַ די קאָלטע, טויט־צעשיקנדיקע צינגלעך. מעגלעך, אַז ניט איין האַנט האָט אַרויסגעיאָגט אַ קויל און טאָקע מיט איר דערמאָרדעט פּונקט יענעם, וועמעס האַנט ער האָט עס פריער אַזוי פריינטלעך און צוגעלאָזן געדריקט...

די סאָלדאַטישע פּענימער זענען געווען שטייף און טרוקן. מיט פאַרביסענע ציין האָבן יאַטן געאַרבעט מעכאַניש, ווי פּראָסטע מאַשינען. עס איז געווען קלאָר צו מערקן, אַז ניט מיטן גוטן ווילן האָבן זיי, די סאָלדאַטן, געשאָסן. פאַרקערט: דאָס שיסעריי איז צוגעגאַנגען אָן ווילן און ביכלאַל אומגעצילטערהייט. עס איז אויסגעקומען עפּעס נאָר ווי די יאַטן וואָלטן געווען פאַרשיקערט פון שרעק פאַר די אייגענע כאַוויירים זייערע און געשאָסן אויס מוירע, קעדיי ניט פאַרפאַלגט צו ווערן פון באַטשאַלסטווע און פון די פעלדפעבלישע פּיסקעס. עס האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, אַז די סאָלדאַטן זענען גאָר פּאַשעטע, גע־בונדענע שקלאַפן, אָן אייגענע ווילנס, אָן לעבעדיקע באַגריפן...

אָפט האָט זיך געדאַכט, ווי זיי וואָלטן גאָר קיין מענטשן ביכלאַל ניט געווען, נאָר גאָר עפּעס אַזעלכע מאָדנע באַשעפענישן, אָן קאָפּ און אָן מויכעס. פּאָשעטע מעכאַנישע מעדיומס, וואָס דאַרפן פאַרבינדן די אָפיצירישע באַפעלן מיט די ביקס־צינגלעך, פּולעמיאָט־שליסלען און מיט די קאַנאָן־שלעסער...

מיר האָבן געקוקט אויף זיי און אַ שווערער פאַרדראָס האָט אונדז געגריזשעט. בוילעטער פון אַלעמען האָט מען עס געקאָנט דערקענען

אף גרישונינען. ער איז געלעגן, האָט טיף איינגעביסן זיינע ליפּן מיט די ציין, קעדיי ניט אויסצושרייען אפן קאָל און — אין אויפרעגונג — אַ צעווייטיקטער אונטערגעברומט:

— דער טייוול זאָל עס נעמען!... און מיט אַזויפיל געווער אין אונדזערע הענט, מיט אַזאַ שטאַרקן קויעך אין אונדזערע פעסטע אָרעמס, און מיר לאָזן זיך אַזוי פייניקן און באַשפּייען!... וועלן מיר דאָס גאָר קיינמאָל זיך ניט אַ טרייסל טאָן?!...

דאַווידאָוו האָט זיך אַ דריי געטאָן און געלאָסן אָפּגעענטפערט:

— ווער זאָגט עס?...אָט, זאָלן מיר נאָר פאַרלירן דעם אומצוטרוי צווישן זיך אַליין; אָט, זאָלן מיר זיך נאָר אויסלערנען איבערצולייענען די זעלביקע גרייסקייט אין צווייטנס אויגן, דעמלט...

יאַטן האָבן געשוויגן. זעט אויס, אַז זיי האָבן געפילט, אַז ער, דאַווידאָוו, איז טאַקע גערעכט.

אָבער באַטשאַלסטווע האָט אַפּאָנים אויך געוואוסט און פאַרשטאַנען דאָס זעלביקע. זיי האָבן דעריבער געזען, אַז עס זאָל ניט דערגיין צו דעם. פון איין זייט האָבן זיי קעסיידער צעזייעט האַס און אומצוטרוי צווישן די סאָלדאַטן און זיי געהאַלטן אונטער אַ שווערער, בייטשיקער דיסציפּלין. פון דער צווייטער, אָבער, — האָבן זיי מעקאַרעוו געווען עטלעכע געצײלטע, זיי באַלוינט מיט צו בענדלעך, אָדער צו צוויי, באַשענקט מיט מעדאַלן, אָדער קרייצן, און זיי געלאָזט וויסן, אַז זיי דאַרפן זיך צוהערן; היטן יעדנס באַוועגונג און איבערגעבן ווער און וואָס. ניט געקוקט אָבער אף דעם אַלעם, האָבן דאָך גאַנץ אָפט פּאַסירט פאַלן, אַז דאָ און דאָרט איז אַן אָפיציר דאָך געטראָפן געוואָרן פון אַ „צופעליקער" רוסישער קויל. וואָרים, אַז אַן אָפיציר זאָל פאַלן פון „סוינעס" קויל, — איז געווען קימאַט ווי אַן אומעגלעכקייט און, — יעדנפאַלס — אַ זעלטנקייט, ווייל זיי זענען שטענדיק געלעגן הינטער גוטע באַשיצונגען. זיי האָבן דעריבער זייער שטאַרק געהיטן, אַז אַן אייגענער סאָלדאַט, וועלכער איז געלעגן אונטער זיין קאָמאַנדע אין פאָרויס, זאָל אַמאָל כאָלילע „צופעליק" ניט אויסדרייען דאָס פּאָנים, אָדער — וואָס נאָך ערגער — די ביקס. און טאָמער האָט עמעצער פון די סאָלדאַטן נאָר געמאַכט אַזאַ באַוועג, — האָט דער אָפיציר, וואָס הינטער אים, מיט געבייזער גלייך אַ דונער געטאָן:

— העי, אין פאָרנט קוק, בעהיימע דו!... אַ קויל קאָן דיר נאָך אַמאָל אין קאַרק אַ זעץ טאָן און...

— דריי זיך אויס אַהינצו, זאָג איך דיר, צום פאָרויס צו, הונט איינער!... דריי זיך אויס, וואָרים...

— אויסוואורפן, אין אייערע מאַמעס לעבער אַריין!... גיט פייער, פאַרשאָלטענע!... גיט פייער!...

און דערביי, — אויב אייבער האָט פאָרט ניט באַוויזן אַזוי שנעל זיך אויסצודרייען אף צוריק, — האָט זיך טייקעף אַ הויב געטאָן אַ האַנט מיט אַן אויסגעשטעלטן רעוואָלווער קעגן דעם סאָלדאַטס פּאָנים, עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַל און...

די סאָלדאַטן — צעוויינטע און צאַפּלדיקע — זענען גלייך געוואָרן ווי צונויפגעשמאָלצן מיט די אָן-סייכלדיקע ביקסן און אָן-מויעכדיקע פּולעמיאָטן און האָבן — אין שוטפעס מיט זיי — ווידער זיך גענומען זייען טויט און פאַרניכטונג אף יענער, דער אַנדערער זייט...

אַזוי טאָג נאָך טאָג, וואָס נאָך וואָך און כוידעש נאָך כוידעש. דער רעכנונג פון טעג איז אינגאַנצן פאַרלוירן געוואָרן. אָפט האָט מען אַפילע ניט געוואוסט וואו מען האַלט אין דער וועלט. נעכט האָבן אויפגעפרעסן די טעג און טעג האָבן איינגעשלונגען די נעכט. עס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז דער טעלעפאָן האָט מיטאַמאָל אַ זשוזשע געטאָן ווי אַ גויסעסדיקע בין און, פון שטאַב האָט זיך דערהערט אַ כריפּעדיקער באַפעל:

— אָפּשטעלן!... וואַרטן אף ווייטערדיקע באַפעלן!...

די טעלעפאָניסטן האָבן עס קורץ איבערגעגעבן צו די אָפיצירן. יענע האָבן עס פּויל איבערגעמורמלט, פעלדפעבלען האָבן עס איילנדיק אונטערגעכאַפּט, און די סאָלדאַטן האָבן עס פון מויל צו מויל פאַנאַנ-דערגעטראָגן איבער דער ליניע. באַלד נאָכדעם איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן. די פּולעמיאָטן-פּיסקעס זענען גלייך אַנטשטומט געוואָרן. די ביקסן — ווי בוצלאָזע קלעצלעך — האָבן זיך צעלייגט לעבן די לעבן-געבליבענע סאָלדאַטן. עס האָט עפּעס אויסגעזען, ווי זיי, די ביקסן, וואָלטן פאָרגעוואָרפן די סאָלדאַטן:

— וואָס זענען מיר דען אָן אייך?... ווען ניט איר, סאָלדאַטן, אָ, ווען ניט איר...

די סאָלדאַטן אַליין האָבן אַפּאָנים אויך אַזוי געפילט. זיי האָבן געשוויגן און מוירע געהאַט אַ בליק צו טאָן אף די פאַרוואונדעטע און אומגעקומענע, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט לעבן זייערע אייגענע, פאַרמוטשעטע און האַלב-פאַרכאַלעשטע קערפּערס.

מיר זענען גלייך אַרויסגעקראָכן פון אונדזער באַהעלטעניש און זיך גענומען צו אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אינדערגיך אַרונטערגע-טראָגן די פאַרוואונדעטע, באַערדיקט די געהאַרגעטע, צוזאַמענגעקליבן דאָס געווער און פאַרטיק. עס איז גאָרניט געווען צו דערקענען. עס

האָט אויסגעזען, ווי די אַלע פריערדיקע שאַנד־טעג וואָלטן מיטאַמאָל אויסגעמעקט און פאַרגעסן געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן זיך ווידער אַרונטערגעלאָזט צום טייכל נאָך וואַסער און ווידער גענומען שליסן באַקענטשאַפט מיט די „סאָנים״, וועמען זיי האָבן ערשט מיט עטלעכע מינוטן פריער געהאַט באַשאָסן...

*****

**ווידער** האָט מען אונדז אַרויסגעפאָדערט אין שטאַב אַריין. אַהינצו איז געווען אַ מעהאַלעך ראַוו. בעאייס מיר זענען געווען אפן באַרג, האָט זיך דער שטאַב געהאַט איבערגעקליבן ערגעץ ווייט אַוועק, אַזש אפן עקסטרים־לינקן פלאַנג פונעם פראָנט.

נאָך עטלעכע טעג גאַנג, האָבן מיר זיך ענדלעך — מידע און אויסגעהונגערטע — דערשלעפּט אַהינצו. דער עלצטער איז גלייך אַריין אין קאַנצעלאַריע, צו ראַפּאָרטירן וועגן אונדזער אָנקומען. מיר אַליין האָבן זיך דערווייל אויסגעשטעלט אין אָרדנונג, אין אַ טאָפּל־ריי,— גרייט אויפגענומען צו ווערן פון אונדזער באַטשאַלסטווע.

אין אַ ווייל אַרום האָט זיך באַוויזן דער אַדיוטאַנט. און נאָך אים, פון הינטן, איז נאָכגעקראָכן דער קאַפּעלמייסטער. עס האָט אים אַפּאָנים האַנאָע געטאָן, וואָס מיר זענען שוין צוריקגעקומען. פון הינטער דעם אַדיוטאַנטס פּלייצעס אַפּער האָט ער צו אונדז געפאָכעט מיט די דאַרע, ביינערדיקע הענט, און געשמייכלט. דער אַדיוטאַנט איז אונטערגעשפּרונגען אף זיינע ספּרוזשינע־פיסלעך, געקלונגען מיט די שפּאָרעס, געדרייט אַ וואָנצעלע און זיך באַגריסט מיט אונדז. דערנאָך, אַזוי גיך ווי מיר האָבן אָפּגעענטפערט אף דער באַגריסונג, האָט ער באַקוקט די רייען און — מיקלוימערשט אין שפּאַס — אַ זאָג געטאָן:

— נו, וואָס, אַלע לעבן נאָך?... איז טאַקע קיינער פון אייך ניט געהאַרגעט געוואָרן?...

מיר האָבן געשוויגן. זיין פראַגע — פול מיט גרינגשעצונג און כויזעק — האָט אונדז שטאַרק ווי געטאָן און געקרענקט. מיר האָבן זיך אָבער געמאַכט ווי ניט־וויסנדיק.

ער האָט פאַרבייגעשפּאַצירט די קאָלאָנע, יעדן פון אונדז באַטראַכט פון אויבן ביז אַרונטער און — מיט זיין געווייינטלעכן, ווערעמדיקן שמייכעלע, וואָס האָט געשניטן ווי מיט מעסערס — געשטאָכן אין די אויגן. איינעם האָט ער געפרעגט, צי יענער האָט שוין פאַרגעסן אין בראָנפן. אַ צווייטן — צי ער איז נאָך אַזוי הונגעריק ווי אַמאָל און

צי ער האָט אַמאָל איצט ניט קיין נייע קלאַגעס. מיך אַליין האָט ער אויך שניידנדיק אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס, קאַבאַליע, האָסט זיך כאָטש שוין איבער דער צייט אויסגעלערנט, אַז מען דאַרף סאַלוטירן אַן אָפיציר?...

איך האָב אָפּגעשאָסן דעם געוויינטלעכן קאַזיאָננעם ענטפער:

— גאַנץ ריכטיק, אייער וואויל-געבוירנקייט!...

ער האָט געשמייכלט, געשוויגן אַ ווייל און מיטאַמאָל געטאָן אַ ציִג מיט דער האַנט אַף אַ קליין הייזעלע, ערגעץ באַ דער זייט, און טרוקן אַ וואָרף צו געטאָן צום עלצטן:

— אָט איז אַ באַגרעבעניש פאַר אייך!...גייט, ברענגט דאָס אין אָרדענונג און צעוואַליעט זיך דאָרט, צו אַלדע טייוול!...

צוליב די נאַרעס, וואָס מען האָט אונדז געהייסן מאַכן פאַר זיך, האָט אויסגעזען, אַז דאָ, אפן דאָזיקן פּלאַץ, וועט מען אונדז פאַרהאַלטן אַ שטיקל צייט. מיר האָבן אויסגעטייטשט, אַז מיר וועלן שוין דאָרט אַוואַדע בלייבן אַזוי ביזן סאַמע סאָף פון דער מילכאָמע. מיר האָבן זיך דעריבער גענומען צו דער אַרבעט מיט אַ באַזונדערן כיישיק. פון אָבאָז האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן אַלטע ברעטער, טשוועקעס און קיילים, און מיר האָבן זיך גענומען בויען די נאַרעס. געבויעט האָבן מיר זיי אין צוויי רייען — איינע איבער דער צווייטער. עטלעכע יאַטן האָבן דערווייל געוואַשן און געפּוצט די ווענט און די שויבן. אַנדערע זענען אַוועק אין דערבייאיקן וועלדל, אָפּצרייסן צוייגן פאַר בעזימער און קריגן שטרוי אַף צום אונטערבעטן אונדזערע געלעגערס. עטלעכע שאָ שפּעטער איז די וואוינונג פאַרטיק געווען.

אינעם דאָזיקן פּלאַץ האָבן מיר מאַמעש אויפגעלעבט. שוין באַלד פולע צוויי יאָר זינט מיר זענען אַרויסגעפאָרן אפן פראָנט און דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס מיר האָבן געקאָנט אַרונטערוואַרפן פון זיך די קליידער צום שלאָפן. און וואָלטן נאָר געווען באַזונדערע געלעגערס פאַר יעדן איינעם און ניט קיין נאַרעס, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז מיר זענען — ווי אין פרידן-צייט — אין אַ געוויינטלעכער, כאָטש גאַנץ ענגער, קאַזאַרמע...

מיר האָבן אַרויסגעקראָגן אונדזערע אינסטרומענטן. סאָוואָראָף, — נאָר ווי אַן עקזעקוטאָר — איז אַרומגעגאַנגען און אונדז ווידער גענומען מוטשען. ער האָט אונדז קעסיידער געניאַדעט און געגעסן, אונטערגעיאָגט און ניט אויפגעהערט צו זידלען:

— נו, אויסוואורפן, רודערט זיך אונטער אַביסעלע! — האָט ער אַלץ געשריגן, — מען דאַרף זען צוריקצוקריגן די „אַמבאַזשורן“!...

גענוג זיך דאָרט אַרומגעשלעפּט ווי די בראָדיאַגעס, ווייסט אייך דער טייוול וואו!.. נעמט זיך צו דער אַרבעט, קאַנאַליעס!...

גרישונין — פּוצנדיק זיין באַס — האָט שאַרף אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און — מיקלוימערשט קוקנדיק אָן אַ זייט — צוגעוואָרפן:

— יאָ, זיך טאַקע אַרומגעשלעפּט, אָבער... עפּעס האָט מען דאָרט פונדעסטוועגן קיין קאַפּעלמייסטערס איבגאַנצן ניט געזען...

סאָוואָראָף איז אַ שפּרונג געטאָן ווי אַן אָפּגעבריטער:

— וואָס?... וואָס האָסטו געזאָגט?... אַ־נו־קאַ, כאַזער דאָס נאָר איבער נאָכאַמאָל!...

— שוין אָפּגעזאָגט! — האָט גרישונין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — עס לוינט ניט איבערצוכאַזערן...

סאָוואָראָף האָט בייז געדראָעט מיט אַ פינגער:

— בעסער פּיסקעווע ניט, זאָג איך דיר!... הערסט?... אויב ניט, וועסטו נאָך באַ מיר פּוילן ערגעץ אין אַ ראָטע און זיך וואַלגערן אין אַ גרוב, אויף דער פּאָזיציע!...

דער דאָזיקער סטראַשונעק, סאָוואָראָפס, איז שוין פּאַר קיינעם פון אונדז ניט געווען אַזוי שרעקנדיק ווי אַמאָל. מיר זענען שוין געווען צוגעוואוינט צו דער פּאָזיציע. עס האָט אָבער פאַרדראָסן די כוצפּע, וואָס ער, אַ ציווילער, געדונגענער קלעזמערוק, נעמט זיך דאָס רעכט צו דראָען און צו זידלען.

גרישונין האָט איב אַפּאָנים יאָ געוואָלט עפּעס אָפּענטפערן, נאָר קיין מעגלעכקייט ניט געהאַט. אַקוראַט אין דער מינוט איז צו אונדז אין קאָמאַנדע אַריינגעלאָפן איינער פון די שטאַב־שרייבער און האָט אונדז איבערגעגעבן דעם אַדיוטאַנטס באַפעל, אַז מיר זאָלן זיך גלייך פאַרנעמען מיט די אינסטרומענטן און זיך שטעלן שפּילן לעבן שטאַב, פאַרן קאָמאַנדירס וועגן.

מיר האָבן אינדערגיך אַ כאַפּ געטאָן די אינסטרומענטן אַזוי ווי זיי זענען געווען, — האַלב־אויסגעפּוצטע, — גענומען די נאָטן־ביכער מיט די אימפּראָוויזירטע פּיופּיטרעס, וואָס מיר האָבן געהאַט געמאַכט פון פּאָשעטע צווייגלעך — צוזאַמענגעבונדן מיט שטיקלעך דראָט פון די היי־פּעקלעך, און אַרויסגעגאַנגען צום אָנגעגעבענעם פּלאַץ.

דער קאַפּעלמייסטער — אַ צעשומלטער פונעם פּלוצימדיקן באַפעל, — האָט פון דער העלער הויט אונדז גענומען זידלען. ער האָט אונדז געוואָרנט, אַז מען זאָל זען שפּילן גוט און אויפמערקזאַם; אַז אויב מיר וועלן מאַכן פּוילע שטיק, וועט ער...

מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן. גלייך זענען מיר אַרומגערינגלט

געוואָרן פון שטאַב-שרייבער, שטאַפעטן, דענשטשיקעס, אָבאָזלייט, טעלעגראַפיסטן און אַנדערע סאָלדאַטן פון אונדזער גאַרניזאָן. אַ צאָל יאַטן האָבן זיך גענומען טאַנצן. דערפאַר אָבער האָבן אַנדערע אונדז באַוואָרפן מיט גוטמוטיקע שטעך-ווערטלעך און וויצן. מיר האָבן זיי געענטפערט און ס'איז געוואָרן גאַנץ טומלדיק.

מיטאַמאָל האָט זיך אָף די טרעפ פונעם שטאַב באַוויזן דער אַדיו-טאַנט. נאָך פונוויישן האָט ער אַ הויב געטאָן אַ האַנט, באַוויזן, אַז מיר זאָלן אַנטשוויגן ווערן און גלייך אויסגערופן:

— קאָמאַנ-דע, — אַכ-טונג!...

מיר האָבן זיך שטייף אויסגעצויגן. דער שטאַב-קאָמאַנדיר — אַן איינגעהילטער אין אַ שווערן ווינטער-שאַל אַרום האַלדז — האָט זיך באַוויזן אין טיר. ער איז געבליבן שטיין מיט איין פוס אינעווייניק, אַזוי ווי ער וואָלט מוירע געהאַט אינגאַנצן אַרויסצוקומען. ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט זיינע גרויסע געלע וואָנצעס און — מיט עפּעס אַ מאָדנע צעריבענער, הייזעריקער שטימע — אַ ברום געטאָן:

— זייט געגריסט, רומפולע מוזיקאַנטן!...

מיר האָבן אָפּגעענטפערט. ער האָט ווידער געשמייכלט:

— וואָס זשע, טאַקע ניט פאַרגעסן ווי צו שפּילן?... אָט-אַפּאָנים, אַז עס שאַדט טאַקע ניט, וואָס מען טוט אייך אַמאָל אַ שיק אַוועק אָף דער פּאָזיציע, צו טאָן נוצלעכע אַרבעט, האַ?...

פון זיין שפּאַס האָט זיך אונדז געגלוסט צו שמייכלען. מיר האָבן זיך אָבער באַהערשט און אָפּגעענטפערט:

— גאַנץ ריכטיק, אייער הויך-וואויל-געבוירנקייט!...

ער האָט געלאַכט און צוגעוואָרפן:

— מאָלאָדצי, יאַטן!...

און איידער מיר האָבן באַוויזן אָפּצוענטפערן דעם געוויינטלעכן מעכאַנישן ענטפער, אַז מיר זענען צופרידן זיך צו פלייסן, — האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן אָף צוריק און איז אַריינגעלאָפן. דערביי האָט ער אָף גיך אַ פאַרהאַק געטאָן די טיר הינטער זיך, אָט אַקוראַט ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערזען, אַז עמעצער יאָגט זיך נאָך אים נאָך און וויל אים שלעכטס טאָן...



# קאַפּיטל צוואַנציק

יט ווייט פון שטאַב, אפן אָפענעם פעלד, באַם וועג לעבן טייכל, איז געשטאַנען אַ שפּייז־פּונקט פון „זעמסקע־פאַרבאַנד“. דאָרט האָבן זיך געפלעגט אָפּשטעלן אף אָפּרו די לייכט־פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, וואָס זענען געגאַנגען פון דער פּאָזיציע, אפן וועג צו אַ שפּיטאָל, און אויך אַזעלכע, וואָס זענען שוין געווען אין גאַנג צוריק פון די שפּיטאָלן, אָדער שליכעסן. די „געסט“ האָט מען דאָרט אַרויסגעגעבן צו גלעזער טיי מיט שטיקלעך סוכאַרעס, צו ביסלעך מאַכאָרקע מיט רויכער־פּאַפּיר און — אויב עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און צו אַ ווייטערדיקן פּונקט האָט מען יענעם טאָג שוין ניט געקאָנט דערגיין, — אויך אַ שטיקל פּלאַץ מיט אַ שטרוי־זאַק אף איבערצונעכטיקן...

דער פּערסאָנאַל פונעם פּונקט איז באַשטאַנען:

ערשטנס: — פון צוויי געזונטע, ברייט־ביינערדיקע גרויע שלעפּפערד, מיט בערשטלעך אָנגעוואַקסענע האָר אף די געזונטע פיס, העכער פון די קלאָען, און מיט צעשויבערטע גריוועס, וואָס זענען קיינמאָל ניט גערייניקט געוואָרן. זיי זענען שטענדיק געשטאַנען מיט צוזאַמענגעבונדענע פאָדערשטע פיס און זיך געפּאַשעט, אָדער אַרומגעשפּרונגען איבערן פעלד. צווייטנס: — פון אַן אויפזעער־פאַרוואַלטער איבער דעם שפּייז־פּונקט, אַ מיטל־יעריקער גאַלעך, וואָס האָט — אַ צופרידענער — געשיינט מיט זיין קיילעכיקן לעוואָנע־פּענימל. ער האָט שטענדיק נאָר געשמייכלט און געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט עס בלויז פאַר זיינעטוועגן באַשאַפן געוואָרן. אַפילע די שוואַרצע באָרד זיינע, וואָס איז געווען פּאָרזיכטיק צעקאַמט אין באַזונדערע הערעלעך אף ביידע זייטן פון זיינע רויטע בעקעלעך, און זיין גרויסער, אויסגעקיילעכיקטן בויך, וואָס האָט בעאייסן גיין פאַרשטעלט פון אים זיינע קליינע פיסעלעך מיט די געפּאַסטע האַרמאָניקע שטיוועלעך, האָבן אויך

אויסגעקוקט אַזוי ווי זיי וואָלטן געשמייכלט. דריטנס: — דעם דאָזיקן „פּאָטערלס" אַ רייט־פערד, — אַ הויכער, ברוינער אָגער, וואָס איז — קימאַט שטענדיק מיט אַ טאָרבע האָבער אף זיך — געשטאַנען אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע פערד און קיין פרעמדן ניט צוגעלאָזט צו זיך. און צום לעצט: — צוויי מיטל־יעריקע, קליין־געוויקסיקע און צעליאַפּעטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַן עמעסער צווילינג, און טאָמיד אַרומגעגאַנגען צעכראַסטעט, פאַרשלאָפן און געגעצנדיק. די דאָזיקע צוויי סאָלדאַטן האָבן דאָס באַדינט דעם „פּאָטערל", די פערד און אויך די סאָלדאַטן־געסט, וועלכע האָבן זיך אַמאָל — באַם פאַרביי־גיין — אָפּגעשטעלט אף איבער נאַכט אין שפּייז־פּונקט.

דאָס פאַרמעגן און דער אינווענטאַר פונעם פּונקט איז געווען:

אַ פּאָר צוויי־רעדערדיקע אָבאָז־וועגעלעך, פון וועלכע איינס איז שטענדיק געשטאַנען אָנגעפּאַקט מיט פאַרשידענע קאַסטנס און פּעק, און איבערגעדעקט מיט אַ גרויסן ברעזענט. דאָס צווייטע וועגעלע — אַ ליי־דיקס — איז געשטאַנען גרייט אף איבערצופירן דעם גאַנצן שפּייז־פּונקט ווען נויטיק. ווייטער: — דריי גרויסע ברעזענטענע אויפשטעל־פּאַלאַטקעס פון פאַרשידענער גרויס; צוויי קאַסטנס מיט אַלערליי זאַכן און שפּייז פונעם שפּייז־פּונקט, ווי אויך דעם „פּאָטערלס" פּערזענלעכן פאַרמעגן: צוויי אָנגעשטאָפּטע וואַליזעס מיט וועש און אַנדערע כאַפּייצים פאַר זיין אייגענער באַקוועמלעכקייט...

די פּאַלאַטקעס — פאַרשידנפאָרמיקע און פאַרשידנמאָסיקע — האָבן געהאַט פענדלעך מיט רויטע קרייצן אף זייערע שפּיצן.

אין דער ערשטער — דער גרעסטער און קיילעכיקער פּאַלאַטקע — איז אינעווייניק געווען אַ צונויפגעקלאַפּטער טיש פון אומגעהובלעוועטע ברעטער, און אף פיס פון גראָבע קלעצער אין דער ערד אַריינגעגראָבן. אַרום דעם טיש — פּונקט אַזעלכע בענק, וואָס האָבן זיך אונטערגעהוידעט בעאייס מען האָט זיך אַוועקגעזעצט אף זיי. דאָרט, אף דער ערד, אַרום און אַרום אין פּאַלאַטקע, זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אַ צאָל דיבע, אויסגעשמרציקטע שטרוי־זעק, אף וועלכע די אָנגעקומענע סאָלדאַטן פלעגן שלאָפן בעאייס אַ שלעכטן וועטער. ווייל אַנדערש האָבן זיי גאָר געמוזט שלאָפן אינדרויסן, לעבן דער דאָזיקער פּאַלאַטקע.

די צווייטע — די קלענערע פּאַלאַטקע — איז געווען אַ לענגלעך־קוואַדראַטע, מיט אַ מעשופּעדיק־אַרונטערהענגענדיקן דאַך. אין דער־אָ זענען געשלאָפן די צוויי באַדינער פונעם פּונקט. אינעווייניק זענען געשטאַנען צוויי צונויפלייג־בעטלעך פון האָלץ און לייוונט און, אונטער זיי, צוויי קליינע קעסטלעך מיט די באַדינערס פאַרשידענע זאַכן...

די דריטע — די מיטלסטע פאַלאַטקע — איז געווען אַ פּינקטלעך פיר־עקיקע, אַ היפּש־גרויסע, אָבער פיל קלענער פון דער ערשטער. אין דער איז שוין אויך געווען אַ פענצטער מיט אַ טיר און אַפילו אַ פאָדערהויז. דאָרט האָט געוואוינט דער „פּאַטערל" אַליין. אינעווייניק איז געשטאַנען אַ וועג־וואַליזע־בעטל — אָנגעפּאַקט מיט קליידער און וועש; אַ צונויפשטעל־טישל מיט עטלעכע שטולן און אַן עקסטרע פעלד־בעטל מיט אַ קישן און קאָלדרע — צוגעגרייט פאַר אַ צופעליק־פאַרביי־גייענדיקן אָפיציר, אָדער אַזוי אַ געהויבענעם גאַסט.

צו דעם דאָזיקן שפּייז־פּונקט זענען מיר יעדן נאָכמיטיק אַוועק שפּילן. אָפיציעל האָט עס מיקלוימערשט געזאָלט הייסן, אַז מיר שפּילן פאַר פאַרבייגייענדיקע, פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן. אָבער מאָדנע: ווען מיר האָבן דאָרט געשפּילט, האָבן מיר דאָרט קיין סאָלדאַטן קיינמאָל ניט געטראָפן. זעלטן ווען — בלויז אַ צוויי־דריי אויסגעמאַטערטע און קראַנקע, וואָס וואָלטן אונדז זיכער געדאַנקט, ווען מיר זאָלן זיי גאָר צו רו לאָזן און אינגאַנצן ניט שפּילן, קעדיי זיי זאָלן זיך בעסער קאָ־נען בימנוכע אויסשלאָפן...

דער עמעס איז געווען, אַז ניט פאַר קיין סאָלדאַטן האָבן מיר דאָ געשפּילט, נאָר פאַרן „פּאַטערל" מיט זיינע געסט. און געסט זענען דאָרט טאָמיד געווען. ווען מיר זענען נאָר אַהינגעקומען, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן אַ צאָל אָפיצירן, וואָס זענען געקומען הוליען, צו מאַכן אַ שנעפּסל פונעם „פּאַטערלס" גרויסן זאַפּאַס און דערביי אַביסל פאַרברענגען מיט קאָלעגן אָפיצירן און קראַנקן־שוועסטער...

צי מען האָט יאָ געדאַרפט, צי ניט, — אָבער שטענדיק האָבן זיי געהאַט אַן אויסרייד פאַר די הוליאַנקעס. אַמאָל איז עס געווען צוליבן „פּאַטערלס" געבורטסטאָג; אַ צווייטמאָל — צוליב זיין נאָמענסטאָג; אַ דריטמאָל — צוליבן יאָר־טאָג פון זינט ער איז געוואָרן אַ גאַלעך און אַן אַנדערשמאָל — גאָר צוליבן יובילײ זינט זיין זעמסטווע האָט זיך געגרינדעט. ווייטער זענען געגאַנגען אַלע רעגולערע און אָפיציעלע מעלוכע־יאָמטויוויס: דעם צאַרס, דער צאַריצעס און דעם נאָסלעדניקס געבורטסטעג, אָדער אַזוי אַלע אַנדערע סאָרטן רעליגיעזע און צאַרישע פייערונגען. און אויב עס איז אַפילו פּונקט אונטער דער האַנט קיין אָפיציעלער יאָנטעוו ניט אונטערגעקומען, האָבן זיי דאַן שוין געהוליעט אַזוי זיך, אָן שום אורזאַך. מען האָט מיקלוימערשט געפּראַוועט עפּעס אַן אָפיצירס אַ געבורטסטאָג, אָדער אַזוי צוגעטראַכט אַ געלעגנהייט.

צו די דאָזיקע הוליאַנקעס זענען אָנגעקומען אָפיצירן פון אַרום און אַרום. געקומען זענען קאָמאַנדירן פון די אָבאָזן און די אָפיצירן

פון רעזערוו-טיילן, וואָס האָבן זיך געפונען דערביי אויף אַ קורצן אָפּרו; דאָקטוירים און קראַנקן-שוועסטער פון די דערבייאיקע פעלד-שפּיטאָלן און איבערבינדונגס-פּונקטן, ווי אויך אַלע קלענערע אָפיצירן פונעם שטאַב. די הוליאַנקעס זענען געווען טומלדיקע. די געסט האָבן דאָרט געהוליעט און פאַרבראַכט ביז אין די שפּעטע אָוונטן אַריין...

*****

**געשפּילט** האָבן מיר אינדרויסן, לעבן דער טיר פון „פּאָטערלס" פּאַלאַטקע, דאָרט וואו די הוליאַנקעס זענען פאָר־געקומען. אינעווייניק איז געווען לעבעדיק. אַז מיר האָבן ווען פאַר אַ ווייל איבערגעהאַקט דאָס שפּילן, זענען פון אינעווייניק אַרויסגערו־נען צו אונדז די שיקערע קוילעס, פעפערדיקע וויצן, צווידייטיקע ווערטלעך, פרעכע געלעכטערס און די ציניש בּאַמערקונגען פון די אָנגעשיקערטע אָפיצירן, צוזאַמען מיטן קלינגענדיקן כיכיקען פון די פרויען-געסט. אונדזער אייגענער סטאַוואָראָף אַליין איז אויך מערסטנס געווען אינעווייניק און דאָרט פאַרבראַכט און געטרונקען צוזאַמען מיט די אָפיצירן. פון צייט צו צייט איז ער פון דאָרט אַרויסגעקומען אַן אָנגעטרונקענער, זיך אַריינגערוקט צו אונדז אין קרייז אַריין און באַפוילן אויפצומישן אַ פּאָפּורי פון אַן אָפּערע, אָדער אַזוי עפּעס אַ שווער שטיקל צום שפּילן. ער האָט דיריגירט מיט זיין אומבאַהאָלפענער שווערער האַנט, און איז אַזוי לאַנג אָנגעגאַנגען גלאַט, ביז עס איז צוגעקומען צו אַ פּאַסאַזש — אַן איבערגאַנג צו אַן אַנדער מין טעמפּאָ־טיילונג. דעמלט האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט און פאַרלוירן די מאָס. מיר זענען דעריבער אַרויסגעקראָכן פונעם טאָקט און גענומען שפּילן צעפלאָסן. עס איז געוואָרן אַן עמעסע קאַצניאָמער־קאַקאָפאָניע. אָבער ער, סטאַוואָראָף,— ווי שטאַרק באַזויפן ער זאָל ניט האָבן געווען,— האָט עס שטענדיק גלייך דערפילט און גענומען שילטן און זידלען:

— סוואָלאָטשעס!— האָט ער זיך געוואָרפן אין נעכפּע, — ווי אַזוי שפּילט איר עס היינט, איר היטשישע עקן?!...וואו זענען אייערע אויערן, איר צויגישע קינדער אַזעלכע?!...אָט וועל איך אייך...

מיטאַמאָל האָט ער זיך גאָר אַ ריס געטאָן צו אייגעם, וועלכער — ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן — עס איז אַרונטער פון טאַקט, און פול מיט רעציכע גענומען יענעם שיפּען ווי אַ שלאַנג אין פּאָנים אַריין מיט קלאָלעס. איינמאָל האָט ער אַפילע מיט קאַאַס אַ שטויס געטאָן דעם אינסטרומענט טערמאַקאָוון אונטער דער נאָז, אַז עס האָט אים פּאָשעט

אַדש צעבלוטיקט די ציין און די ליפּן. ווען ער — סאַוואָראָף — האָט דערזען בלוט, איז ער נאָך מער צערייצט געוואָרן און — קעדיי זיך רעכטצופערטיקן — ערשט אף דאָס ביי געטומען טופּען מיט די פיס און גענומען שרייען אף אים:

— ביסט אַ שפּיאָן, אַ פאַררעטער!...— האָט ער געקוואַטשעט מיט די נאַסע ליפּן און געקריצט מיט די האַלב־צעפּוילטע ציין, — ווילסט ניט שפּילן...מאַכסט עס בעקיוון...איך וויס, יאָ, ביסט אַ שפּיאָן...אַן עמעסער זשידאָווסקע שפּיאָן!...

דאָ האָט ער זיך שאַרף אַ דריי אויס געטאָן מיטן פּאָנים צום טישל, וואָס לעבן דער גרויסער פּאַלאַטקע, אַהין וואו די צוויי באַדינער זענען געזעסן און אונטערגעדרימלט. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט צו זיי און געוואָרטשעט:

— אַ־נו־קאַ, ברידערלעך, קומט נאָר אַהערצו! — האָט ער צו זיי געוואונקען מיט זיין וואַקלענדיקן קאָפּ,— אָ, מיסטאָמע פאַרוואונדערטע, האַ?... קומט זשע אָקאָרשט אַהערצו אף אַ ווייל!...

זיין פאַרשיקערט קאָל האָט זיך געצאַפּלט, די דאַרע הענט האָבן זיך געבאָמבלט און ער האָט זיך געפלאָנטערט אף זיינע איינגעבויגענע פיס, נאָר ווי אַ מאַלפּע. די סאָלדאַטן האָבן זיך אָבער אַלץ ניט גערירט פון זייער פּלאַץ. ער האָט ווידער גערופן:

— קומט נאָר אַהערצו, סאָלדאַטיקלעך, קומט נאָר אַהערצו!... אָט, דערציילט זיי, די זשידעס, די הינטישע זין...דערציילט זיי, ווי אַזוי איר זענט דאָרט, אף דער פּאָזיציע, פאַרוואונדעט געוואָרן איבער זיי, און...דערציילט זיי, ווי אַזוי די זשידעס האָבן אייך פאַרקויפט און פאַראַטן!...דערציילט זיי, זאָלן זיי ויסן!...

די צוויי סאָלדאַטן האָבן אים שוין געקענט. זיי האָבן דעריבער פונווייטן אונטערגעשמייכלט און זענען זיך ווייטער געבליבן זיצן אף זייערע פּלעצער, ניט מאַכנדיק אַפילע קיין פאַרזוך צוצוגיין.

סאַוואָראָף איז דערפון מאַמעש צעווילדעוועט געוואָרן. ער האָט מיטאַמאָל גענומען שרייען צו זיי:

— שטעלט אייך אויף, בראָדיאַגעס, ווען אַן אָפיציר רעדט צו אייך!...שטעלט אייך אויף!...

ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט נעענטער צו זיי, געוואָרפן מיט די קולאַקעס אין דער לופט און געזידלט. מיטאַמאָל האָט ער געטאָן אַ וואָרף מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט דערקענט זיין טאָעס, און זיך גענומען אומקערן צו אונדז. דערביי האָט ער אונטערגעהוידעט זיין שווער־געוואָרענעם, אָנגעגאָסענעם קערפּער, זיך פּלוצלונג אַ וואַקל

געטאָן, איז אומגעפאַלן און אַזוי געבליבן ליגן אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און מיטן פּאָנים צו דער ערד. ער האָט גענומען שיפּען און שילטן און — דראַפּענדיק זיך אף אַלע פיר — זיך קוים מיט אַנגסטן צוריק אויפגעשטעלט אף די פיס. ער האָט אָבער אַלץ געהאַלטן אין איין וואַקלען זיך און ניט אויפגעהערט קוואַטשען מיט זיינע ליפּן. ער איז ווידער צוגעקומען צו אונדז, זיך אַרומגעווישט דאָס פּאָנים און — מיט אָפּטע שלוקעכצן — ווייטער גענומען פּלאַפּלען:

— איז אָט, ברידערלעך, וועגן דעם וואָס איך האָב אייך, היפּ, אָנגעהויבן פריער דערציילן... יאָ... הם... צי ווייסט איר כאָטש, יאַטן, פאַרוואָס, היפּ, מיר האָבן עס אַזעלכע פאַרלוסטן אף די פראָנטן?... צי ווייסט איר כאָטש ווער עס איז, היפּ, שולדיק אין די דורכפאַלן אונדזערע?... כע־כע־כע, דאָס איז, היפּ, אַ סאָד... יאָ... אַ סאָד... אָבער פאַר אייך וועל איך דאָס יאָ דערציילן... שאַ!... אָבער זעט, אַז קיין אײנציקער זשיד, היפּ, זאָל דערפון ניט וויסן... איר הערט?... קיין איין איינציקער זשיד!...

ער האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, צוגעלייגט אַ פינגער צום אויסגעקרומטן מויל און — צובויגנדיק זיך נעענטער צו אונדז — האָט ער גענומען סוידעסדיק מורמלען:

— איר הערט, ברידערלעך פראַוואָסלאַוונע?... זיי, די זשידעס, זענען שולדיק אין אַלע אונדזערע, היפּ, אומגליקן... זיי, היפּ, יאָ־יאָ, איך גיב אייך דערויף מיין אָפיצירישן, היפּ, ערן וואָרט... זיי, די זשידעס, האָבן אונדז פאַרראַטן און פאַרקויפט... עס איז אַפילע דאָ אַ סוואָרע, אַז איבער זיי וועלן מיר גאָר אינגאַנצן די מילכאָמע פאַרלירן. יאָ־יאָ, איצט, היפּ, ווייסט מען שוין אַלצדינג... מיר האָבן זיך גראָד געכאַפּט אין צייט... יאָ, פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו און דער „פּאָטערל” אַליין האָבן דערציילט, אַז, היפּ...

אַן אומגעלומפּערטער האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געטאָן גראָד צו דוקלען און אים גלייך אין די אויגן אַריינגעוואָרטשעט:

— אָ, מיר האָבן זיי אָבער געכאַפּט, די פאַרשאָלטענע זשידעס!... אפן אייראָפּעאישן פראָנט האָבן מיר זיי געכאַפּט, און דערצו נאָך מיט די סאַמע ראַדיאָס באַ זיך, כע־כע־כע...

ער האָט געלאַכט דיק און שטעכעדיק און דערביי געקנייטשט מיט זיינע קליינע, טרערן־פאַרלאָפענע אויגעלעך. דערנאָך האָט ער דוקלען גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל, אָנגעוויזן מיט אַ פינגער צו זיך אפן שטערן און פאָרגעזעצט:

— אָט דאָ, אף די שטערנס, האָבן זיי די ראַדיאָס געהאַט... זיי

האָבן דאָס אויף זייער לאָשן אָנגערופן טאַפּיליאַנצעס און, מיקלוימערשט פֿאַר רעליגיע, האָבן זיי געזאָגט, דאַרפֿן זיי דאָס... איר הערט?...פֿאַר רעליגיע, כע־כע־כע!... נו, איצט אָבער, אָ־האָ, האָט מען זיי דערפֿאַר געגעבן, אַז...פֿאַלקאָווניק וואַסיליעוו און דער „פּאָפּ"...

ער האָט איבערגעהאַקט אינמיטן וואָרט, צעעפֿנט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט און — דערזעענדיק, אַז די קאָמאַנדע שטייט און לאַכט — בייז אַ שפּיי געטאָן און אויסגעוואָרטשעט:

— טפֿו זאָלט איר ווערן, אויסוואורפֿן!... איר זייט דאָך דאָ אַלע פֿאַרשיווע זשידעס!...מען דאַרף אייך אַלעמען דערשיסן ווי די הינט, צונעמען די טאַפּיליאַנצעס מיט די ראַדיאָס ביי אייך און...

די קאָמאַנדע איז געשטאַנען און געלאַכט. די עטלעכע אידן פֿון קאָמאַנדע האָבן געקוקט איינער אויפֿן צווייטן ווי פֿאַרלוירענע, דערביי געביסן די ליפּן פֿון פֿאַרדראָס און זיך געפֿילט גאָר אומבאַקוועם פֿאַר די ניט־אידישע כאַווייריס. טשעריאַק, דער פּייקלער, איז אָבער גלייך צו הילף געקומען. ער האָט אַ פּינטל געטאָן מיט אַן אויג צו די יאַטן און פֿלאַטשיק אַ פּייף געטאָן, וואָס האָט געמיינט:

— אַ נו קאַ, כעווורע, מען וועט זיך דאַרפֿן דערפֿאַר אַ צערעכן טאָן מיט אים אויף אונדזער אַלטן שטייגער...

מען האָט זיך גענומען גרייטן צום שפּילן. סאַוואָראָף האָט שוין אָנגערופֿן אַ נאָמען פֿון עפּעס אַ זאַך און מיר האָבן מעכאַניש גענומען מישן די בלעטער פֿון די ביכער. אַלע אין קאָמאַנדע, און ספּעציעל די אידן, זענען געווען אויפֿגערעגט און בייז. מען האָט זיך איצט טאַקע געגרייט עפּעס אָפּצוטאָן, אָבער נאָך געוואַרט אויף דעם געהעריקן צייכן. ענדלעך האָט סאַוואָראָף אויפֿגעהויבן די האַנט, טשעריאַק האָט געטאָן אַ וואונק און...עס איז אַוועק אַ גאַנג. יעדער איינער האָט גענומען שפּילן וואָס אים איז נאָר אויפֿן געדאַנק געקומען, אָדער וואָס ער האָט צופֿעליק אין בוך אויפֿגעמישט. איינער האָט געשפּילט עפּעס אַ וואַלץ, אַ צווייטער האָט געהאַקט אַ מאַרש, אַ דריטער — אַ מאַזורקע, אַ פֿערטער — אַן עלעגיע, דער פֿינפֿטער — אַ גאַלאָפּ. אַ צאָל יאַטן האָבן פֿאַרהאַלטן דעם טעמפּאָ און אַנדערע האָבן אים אונטערגעיאָגט. עס האָט זיך באַקומען עפּעס אַזאַ מעשוגנעדיק־ווילדע שפּיל,— נאָר פֿאַרטויבט צו ווערן. סאַוואָראָף איז געבליבן שטיין מיט אַ צעעפֿנט מויל און מיט שטאַר־אויפֿגעריסענע אויגן, און גענומען וואַרפֿן מיט די הענט, אַז מען זאָל אויפֿהערן שפּילן. ער איז געוואָרן צעווילדעוועט, געטופּעט מיט די פֿיס, אונטערגעשפּרונגען און געשריגן, אַז ער וועט דערלייגן דעם אַדיוטאַנט; אַז ער וועט אָפּקאָמאַנדירן אין ראָטע; אַז ער וועט דעם

אָרקעסטער אינגאַנצן פאַנאַנדערלאָזן און אַז ער וועט זיך מיט יעדן פון אונדז באַזונדער אָפּרעכענען...

קיינער האָט אים אָבער ניט געהערט און ווייטער געשפּילט. ער האָט מיט רוגזע אַ שפּיי געטאָן, האַסטיק גענומען אויפקנעפּלען דעם מונדיר אף זיך און באַלד צוריק צוקנעפּלען. דערנאָך האָט ער זיך אַ וויש געטאָן דעם שווייס פונעם פּאָנים און איז מיטאַמאָל אַריינגעלאָפן אין פּאַלאַטקע. ער האָט זיך, אַפּאָנים, געוואָלט פאַרקלאָגן פאַר דעם „פאָטערל" אף אונדז און מיסטאָמע פון צאָרעס שוין פאַר איין וועג אויך אַריינכאַפּן עטלעכע גלעזלעך בראַנפן...

*****

**עס איז** שוין רעכט פינצטער געוואָרן, ווען פון דעם „פאָטערלס" פּאַלאַטקע אַרויס האָבן זיך ענדלעך אָנגעפאַנגען אַרויסלאָזן די שיקערע אָפיצירן, געאָרעמטע מיט היסטעריש-פריילעכע, צערויטלטע און אויסגעפּוצטע קראַנקן-שוועסטער, וועלכע האָבן זיך פּאָשעט אָנגעהאנגען אף זיי. פּאָרלעכווייז — צו מאַן און פרוי — האָבן זיי זיך צעשפּרייט אין פאַרשידענע זייטן און זעבען פאַרשוואונדן — ווער אין די געדיכטע קוסטעס, ווער צום וועלדל, צום ברעג טייכל, אָדער זיך גאָר אַריינגעכאַפּט אין דער גרויסער, ליידיקער פּאַלאַטקע. דער „פאָטערל" אַליין — מיט זיין שפּאָר-אָנגעגאָסענעם בייכל אויסגע-געשטופּט פאָרויס — האָט אַרויסבאַגלייט זיינע געסט און, מיט זיינע שמאַלציק-ווייסע פרויען-הענטלעך מיט די פעטע פינגער, פריינטלעך געפּאַטשט די אָפיצירן איבער די פּלייצעס. ער איז דאַן צוגעקומען צו אונדז, אַרומגענומען סאַוואָראָפן איינמאָל און נאָכאַמאָל און זיך שמאַלציק צעקושט מיט אים גלייך אין די פּיסקעס. דערנאָך האָט ער אונדז באַדאַנקט פאַרן גוטן שפּילן און מיטאַמאָל זיך אַ ווענד געטאָן צו זיינע באַדינער מיט אַ קוויטשיקן אויסרוף:

— העי, איר דאָרט, פאַרסאַרכעטע פּוליאַקעס וואָס איר זענט!...

— האָט ער גראָב אַ געשריי געטאָן צו זיי מיט זיין פּיסקשענדיקער, פאַרשיקערטער שטימע, — אַז ניט גוט זאָל אייך ווערן!...וואָס האָט איר זיך אַוועקגעזעצט דאָרט פאַרצן?...גייט, גיט אַרויס אונדזערע מוזיקאַנטן צו זעקעלעך פרעזענטן!...גייט, רירט זיך צו אַביסל!...

און באַלד, ווי אויסצופּיינען זיך פאַר סאַוואָראָפן, צוגעגעבן:

— ניין, גיט זיי אַרויס צו צוויי זעקעלעך!... איר הערט?... יאָ, צו צוויי זעקעלעך יעדן און קיינעם ניט פאַרפעלן!...

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די צוויי סאָלדאַטן. יענע — נאָר ווי פאַרשלאָפענע — האָבן גענומען אַרויספּאַקן פון עפּעס אַ גרויסן קאַסטן אַרויס פאַרשידנקאָלירטע לייוונטענע זעקעלעך און זיי אַרויס־געוואָרפן אויף דער ערד. גרישונין האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און מיט ביטערקייט אַ זאָג געטאָן:

— און דאָס־אָ, מיטן דאָזיקן ווערעמדיקן פּיסק, איז עס נאָך אַ גאַלעך ביי אונדז אין אונדזער מאַמע רוסלאַנד!... עך־דו...

איינער פון די באַדינער סאָלדאַטן, אַז ער האָט דאָס אויפגעכאַפּט, האָט שטיל אַ מורמל געטאָן:

— אויסער דעם פּיסק זיינעם, איז ער נאָך דערצו אַזאַ גאַנעוו, אַז... יאָ, אַליין אַ גאַנעוו, און וועט דיר מאַמעש דערהאַרגענען יענעם, וואָס וועט וואַגן אָנצורירן אַ פרעמדע זאַך... ער וועט פּאָשעט אַפילע דעם אייגענעם טאַטן דערהארגענען, ווען יענער זאָל אָנרירן אַ האָר, וואָס געהער צו אים. דאָס איז פון דעם סאָרט מענטשעלעך, וועלכע פרעדיקן אָרנטלעכקייט, קעדיי אַליין צו קאָנען גאַנווענען...

דער צווייטער באַדינער, וועלכער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ די גאַנצע צייט וואָס יענער האָט גערעדט, האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אַפּאָנים, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — אַז וועגן אים, אָט דעם דאָזיקן גאַלעך, האָט מען עס טאַקע פאַרפאַסט דאָס באַרימטע לידל.

און צו באַווייזן וואָסער לידל ער מיינט, גענומען צוזינגען:

— „ס'האָט דער גאַלעך געהאַט אַ הינטל, —
געליבט עס און געאַכט...
קוים האָט עס אויפגעפרעסן פליישׁ אַ שטיקל, —
האָט ער עס אומגעבראַכט...
אַ קייווערל אויסגעשפּיצט,
און אויף דער מאַציייווע אויסגעקריצט, אַז:
ס'האָט דער גאַלעך געהאַט אַ הינטל...

אַזוי האָט ער געהאַלטן אין איין איבערזינגען דאָס לידל די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט אונדז אויסגעטיילט די מאַטאָנע־זעקעלעך, און דערביי געמאַכט פאַרשידענע גרימאַסן מיטן פּאָנים און מיט דער שטימע. מיט־אַמאָל האָט ער איבערגעהאַקט דאָס לידל און פאַרטרוילעך געזאָגט:

— הערט, יאַטן, אויב איר דאַרפט עפּשער מאַכאָרקע, — קאָנט איר עס קריגן ביי אונדז שפּאָט ביליק. עס מוז אָבער זיין — שאַ. ווייל ער, דער קודלאַטער הונט, אויב ער זאָל זיך כאָלילע דערוויסן, וואָלט ער אונדז דערפאַר אומגעבראַכט און אַזוי באַגראָבן, אַז מען וואָלט שוין קיין מאַציייווע אַפילע ניט געקאָנט אַוועקשטעלן...

דער צווייטער, ווי צו פאַרענטפערן זיך, האָט פּאַטעטיש צוגעגעבן:

— איר פאַרשטייט... ווען ניט דאָס־אָ, וואָלט אונדז אויסגעקומען מאַמעש אויסצוגיין פון הונגער ביי אים... אַזוי פאַלט אַמאָל אַריין אַן איבעריקע קאָפּיקע און...

מיר האָבן זיי צוגעזאָגט קיינעם ניט אויסצוזאָגן און געהייסן זיך געבן צו צוויי־דריי פּעקלעך מאַכאָרקע. יענע — אַפּאָנים צופרידענע פונעם גרויסן פּידיען — האָבן, אָנשטאָט צו צוויי זעקעלעך, ווי דער גאַלעך האָט זיי באַפוילן, יעדן איינעם פון אונדז אַרויסגעגעבן צו דריי. זיי האָבן אויסגעליידיקט אַ גאַנצן קאַסטן. און ווען זיי האָבן דערזען אונדזער אומבאַקוועמען נערווירן, האָט איינער פון זיי אַ זאָג געטאָן:

— נישקאָשע, אַז דער קודלאַטער הונט וועט זיך אויסניכטערן,— וועלן מיר אים זאָגן, אַז ס'איז אויסגעגאַנגען, וועט ער אויסשרייבן נאָך עטלעכע קאַסטנס פון דער זעמסטווע. וואָרים וואָס־וואָס, אָבער דאָס דאָזיקע כאַזעריי פעלט ניט, גאָט צו דאַנקען, ביי אונדז אין לאַנד, ווי עס פעלן ניט די טיפּשים, וואָס מאַכן און שיקן עס אַהערצו...

מיר האָבן באַדייטיקנגספול געשוויגן...

*****

## מיר זענען אַוועק „אַהיים”. און כאָטש

מיר זענען געווען צופרידן פון די באַקומענע מאַטאָנע־זעקעלעך, זענען מיר אָבער, דאָס ראָוו פון קאָמאַנדע, נאָך אַלץ געווען דערשלאָגן און אויפגערעגט איבער סאַוואָראָפס פריערדיקע רייד וועגן די אידן און די טפילן. מער פון אַלעמען זענען אָבער געווען אויפגערייצט דאַווידאָוו און גרישונין. אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר אַריין און אַוועקגעלייגט די אינסטרומענטן, אַזוי האָט גרישונין פאַרדראָסיק אַ זיפץ געטאָן:

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס וועגן סאַוואָראָפס בייער געשיכטע?

קיינער האָט ניט געענטפערט. דאַווידאָוו האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז קלאָר: דערמיט־אָ וויל מען איצט צודעקן די אייגענע אומפעיאיקייט, אָדער עפּשער גאָר דעם אייגענעם פאַראַט. יאָ, איך וועל גאָרניט איבעראַשט זיין, ווען עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער־אָ, ווי ער זאָל דאָרט ניט הייסן, וועלכער האָט צום ערשטן דערציילט די מאַיסע וועגן די אידן מיט די ראַדיאָס אין זייערע טפילן, דורך וועלכע זיי גיבן מיקלוימערשט איבער געהיימע סיגנאַלן צום סוינע,— איז גאָר אַליין אַן אונטערגעקויפטער פאַררעטער און דורך דעם בלויז געוואָלט אָפּציען דעם פאַרדאַכט פון זיך...

אונטערן איינדרוק פון דאַווידאָווס רייד, האָבן אַלע געשוויגן. בלויז דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו, — פונקט ווי ער וואָלט זיך קוים דערוואַרט דערויף, — האָט אומבאַקוועם אַ פרעג געטאָן:

— אָבער וואָסער סאָרט מאַשין איז עס פאָרט, אָט דאָט־אָ, וואָס סאַוואָראָף האָט אָנגערופן „טאַפּיליאַנצעס״?...

דאַווידאָוו האָט ביטער געשמייכלט:

— וואָסער מאַשין?...באַרעלע איינער, דאָס איז ניט קיין מאַשין!... דאָס זענען די שוואַרצע לעדערנע קעסטעלעך, וואָס אידן דאַווענען אין דעם. נו, אָט אַזעלכע ווי אונדזער דוקעל, אָדער גודמאַן, פלעגן אָנטאָן אפן קאָפּ און אף דער האַנט און זיך שאָקלען, שאָקלען...

„וויעטער״ האָט מיטאַמאָל אויסגעשאָסן:

— אָ, דאָס גאָר?!... אויב אַזוי, טאָ וואָס זשע דרייט ער אַ קאָפּ מיט אַ ראַדיאָ?...איך ווייס, אַז דאָס־אָ, די טאַפּיליאַנצעס, ווי דו רופסט זיי, האָט גאָרניט אין זיך, נאָר הוילן ווינט... אָט, האָב איך איינמאָל טאַקע אינמיסטן געעפנט דוקעלס אַ קעסטעלע אַזאַ און... אַלץ וואָס איך האָב אינעווייניק געפונען, איז געווען עפּעס אַזאַ האַרט און פאַרגעלט פּאַפּירל מיט טאָטעריש אָנגעשריבן דערויף...

אַ מאָדנע שטיל־שווייגעניש האָט מיטאַמאָל באַהערשט אַלעמען. עס האָט זיך געשפּירט, אַז באַלד וועט דאָ עפּעס געשען און אַלע האָבן זיך אַ דריי אויס געטאָן קוקן אף דוקלען, וועלכער איז געזעסן עפּעס נאָר ווי אַ פאַרווירטער. אַ ווייל אַזוי און ער איז אויפגעשפּרונגען:

— וואָס?— האָט ער, אַן אויפגעקאָכטער און צערייצטער גענומען שרייען,— דו האָסט געעפנט מיינע טפילן, מיינע איקאָנעס?...

ער האָט זיך אַ וואַרף געטאָן אף „וויעטערן״ מיט די פויסטן:

— ווי האָסטו גאָר געוואַגט צו טאָן אַזאַ זאַך, דו הונט איינער?— האָט ער אַזש געוויינט,— וואָלט איך געוואַגט באַאומרייניקן דיינע?!...

— איך האָב זיי גאָרניט געטאָן. — האָט „וויעטער״ זיך גענומען פאַרטיידיקן.— איך האָב זיי בלויז געעפנט און גלייך צוריק פאַרבייט. פאַרבייט, אַזוי ווי זיי זענען געווען...

דוקעל איז געבליבן ווי אין אָנמאַכט און זיך געקלאַפּט מיט דער פויסט אין האַרצן אַריין; קלאָגנדיק:

— אוי, גאָט מיינער, גאָט מיינער!... און איך האָב דאָס גאָרניט געוואוסט...די גאַנצע צייט געדאַוונט אין פּאַסעלע טפילן...

עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע אין קאָמאַנדע. יאַטן האָבן גענומען זידלען „וויעטערן״ און אים געהייסן גלייך צוגיין און זיך אַנטשולדיקן פאַר דוקלען. אַ געבראָכענער איז ער צוגעגאַנגען:

— זיי מיר מוחל, ברודער! — האָט ער מיט כּאַראַטע און צעשראָקן גענומען שטאַמלען, — איך האָב ניט געמיינט קיין בייז... ערן וואָרט!... איך האָב ניט געוואוסט... הייַנט וואָלט איך עס שוין זיכער ניט געווען געטאָן... הייַנט פאַרשטיי איך שוין בעסער... און אָט, אויב דו ווילסט, וועל איך דיר אַפילו צוריקגעבן דאָס פּאַפּירל, וואָס איך האָב דעמלט אַרויסגענומען און... אָט, איך טראָג עס אָפּגעהיט די גאַנצע צייט, אָט־אָ דאַ, אין אַ זעקעלע בײַ זיך אויפן האַלדז...

דוקעל איז געזעסן מיט אַ פאַרזונקענעם קאָפּ, אַפּאַניש דערשלאָגן און, זעט אויס, אַפילו ניט געהערט וואָס „וויעטער" האָט דאָ געזאָגט. דאַווידאָוו, אָבער, האָט פאַרכידעשט אַ פרעג געטאָן „וויעטערן":

— אויפן האַלדז ביי זיך?... צוליב וואָס?...

— איך האָב געטראַכט, אַז עס מוז אַוודאי זיין אַ זיכערע קאַמיע אויף אָפּצוהיטן, אַז עס זאָל קיין בייז ניט געשען...

דוקעל האָט זיך נאָך אַלץ געקלאַפּט אין האַרצן אַריין:

— אוי, גאָט מייַנער, גאָט מייַנער!... ווי האָט ער עס געוואַגט?... פאַרוואָס האָט ער עס מיר געטאָן?... וואָס וועל איך איצט טאָן?...

גרישונין האָט מיטאַמאָל אין אומגעדולד אויסגעשריגן:

— זעט נאָר ווי מענטשן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אויסטייַנען וועגן אַ נעכטיקן טאָג!... דאָ רעדט מען וועגן אַ וויכטיקער זאַך, וועגן אַזאַ שרעקלעכן ליגן, און זיי...

— בּאַ דיר, גרישונין, מיינט עס גאָרניט, — האָט דאַווידאָוו אים איבערגעשלאָגן, — אָבער בײַ די אידן מיינט עס גאָר אַ סך. דאָס איז פּונקט אַזאַ שרעקלעכער פאַרברעכן, ווי די באַשולדיקונג, אַז די אידן זענען שפּיאָנען... עס נעמט זיך דערפון, וואָס דוקעל, פּונקט ווי די אידן בכלל, איז שוואַך, פאַרפאָלגט און... יאָ, ווייל... ערגעץ דאָרט, אין די הויכע פענצטער, וויל מען אַזוי... אָט טאַקע דערפאַר דערלויבט מען זיך דאָס אַלץ... „וויעטער" וואָלט זיך ניט דערלויבט צו טאָן אַזאַ זאַך צו עמעצן אַנדערש, אויסער אַ אידן... נאָך מער: ער וואָלט זיכער אויסגעהאַקט די ציין באַ יענעם, וואָס וואָלט זיין צײַלעם אָנגערירט... ער וואָלט זיך ניט אַוועקגעזעצט ווייַנען... ניין, גרישונין, עס איז שוין גאָרניט קיין נעכטיקער טאָג!... עס איז אַ שענדלעכע זאַך!... פּונקט אַזוי שענדלעך ווי די מאַיסע וועגן שפּיאָנאַזש!... זעסטו, וועגן „וויעטערן" קאָן בלויז זיין איין טרייסט: ער האָט ניט פאַרשטאַנען בעסער. דאָרט, אָבער, די שפּיאָנאַזש געשיכטע, איז אַ גוט־פּלאַנירטע געמיינהייט. דאָס איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צו האָבן עמעצן אויף וועמען אָפּצעוועבדן דעם פאָלקס ווייטיק און פאַרדראָס... אַזוי איז עס שוין אַלעמאָל, ווען

די מילכאָמע־היסטעריע טוט זיך נאָר אַ צעיושע!...

דאַווידאָווס רייד האָבן, זעט אויס, געווירקט אף אַלעמען. אַפילע „וויעטער"— איינזעענדיק די אַוולע— איז צוגעגאַנגען צו דוקלען און פול מיט כאַראָטע אים צוגעזאָגט אָפּצוקויפן אַ פּאָר נייע ספּילן, באַלד ווי די מילכאָמע וועט זיך נאָר ענדיקן און מען וועט אַהיימפאָרן...

עס האָט גענומען אַ צייט ביז דוקעל האָט זיך באַרואיקט...

*****

ענדלעך איז געוואָרן שטיל אין קאָמאַנדע און יאַטן האָבן זיך גענומען צו די זעקעלעך מיט „מאַטאָנעס". אין זיי האָט מען — ווי טאָמיד — געפונען צו פּעקעלעך צעריבענע מאַכאָרקע, צעריסענע בויגעלעך, אָדער ביכעלעך רויכער־פּאַפּיר, פּייכטע שוועבעלעך, צוגעזשאַווערטע נאָדל־פאָדים, עטלעכע צעקנייטשטע בויגעלעך שרייב־פּאַפּיר, אַ צוויי־דריי קאָנווערטן, אַ שטיקל בלייפעדער, עטלעכע פאַרפוילטע ניס און... בריוועלעך...

מיט די בריוועלעך, וואָס מיר האָבן געפונען אין די זעקעלעך, האָבן מיר זיך אַזוי געפירט: נאָכדעם ווי יעדער האָט שוין געהאַט איבערגעלייענט פאַר זיך זיינע אייגענע בריוועלעך,— האָט מען ערשט די אַלע בריוועלעך צוזאַמענגענומען אינאיינעם און — אינעם ערשטן בעסטן אָוונט, וואָס מיר זענען פריי געוועזן פון שפּילן — זיי אף אַ קאָל פאָרגעלייענט פאַר אַלעמען אין קאָמאַנדע.

געוויינטלעך זענען די מערסטע בריוועלעך געוועזן קורצע און — לויטן אינהאַלט — אַפילע ענלעך איינס צום צווייטן. פיל בריוועלעך זענען געווען געשריבן קינדיש־נאַאיוו און אַנדערע — פון דערוואַקסענע, עקסצענטרישע מיידלעך, צי גאָר פון ראָמאַנטישע פרויען. דאָס איז געווען זייער לייכט צו דערקענען סיי לויטן אויסדרוק פון די ווערטער, סיי לויט די האַנטשריפטן און סיי לויטן פּאַפּיר...

מערסטנס איז דער אינהאַלט געווען וויציק און געקליגלט. מיר האָבן געלייענט די בריוועלעך און דערביי נאָך צוגעלייגט אייגענע, וויציקערע קאָמענטאַרן און באַמערקונגען, פון וועלכע יאַטן האָבן זיך מאַמעש געקאַטשעט פון געלעכטער. טשעריאַק פלעגט לויטן אינהאַלט און האַנטשריפט פון יעדן בריוועלע, אויסטייטשן דעם כאַראַקטער און אַפילע דעם אויסזען פון דער שרייבערן און פאָרשטעלן ווי אַזוי יענע האָט זיך געזעצט שרייבן, ווי זי האָט איינגעלייגט דאָס בריוועלע און די זעלבסט־צופרידנקייט אירע נאָכן אָפּטאָן דעם פּאַטריאָטישן כויוו צו

די העלדישע זעלנערלעך און... זיך געגומען גלייך צו אַנדערע אַרבעט. אַלע בּריוועלעך — סיי די פון קינדער און סיי די פון דערוואַקסענע — זענען געווען פּאַטריאָטישע; מיט אַן אויפפאָדערונג צו אונדז, — די סאָלדאַטן, צו שטיין פעסט אויף די פראָנטן, ביז... עס האָט אויסגעזען, ווי די אַלע בּריוועלעך וואָלטן געווען דיקטירטע, אונטערגעזאָגטע פון איין פּערזאָן און געמאַכט ווי אויף באַשטעלונג...

דאַווידאָוו, ווען ער האָט געהערט די לאַקריץ־זיסע, פּאַטריאָטישע אינהאַלטן פון די בּריוו, — האָט ביטער אונטערגעשמייכלט:

— עך, ווי מען האָט עס באַאַרבעט אַ פאָלק מיט מענטשן... ווי מען האָט עס באַצוואונגען מענטשן צו שרייבן ניט דאָס וואָס זיי האָבּן געוואָלט און געדאַרפט... און עס זאָל זיך דאָס געפינען כאָטש איינער צווישן זיי, וואָס זאָל שרייבן אַנדערש, שרייבן דעם עמעס... אָט, אַזאַ בּריוו, אַ שטייגער, ווי טערמאַקאָווס ווייבל האָט אַנומלטן אים געהאַט געשריבן... און צו שרייבן איז דאָך איצט אַוואַדע פאַראַן אַזויפיל...

גרישונין, וואָס האָט געווויינטלעך פּאָרגעלייענט די בּריוו, האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט אַ האַנט אויף זיינס אַ קני און אָפּגעענטפערט:

— וואַרט נאָר צו אַ ווייל, דאַווירשקע. פאַראַן אויך אַזאַ סאָרט בּריוו און עפשער נאָך אַ בּעסערער. אָט, לייען דו אינמיסטן. דער האַנטשריפט איז אַביסעלע צו שווער פאַר מיר...

ער האָט דאַווידאָוון דערלאַנגט אַ היפש־פאַרשריבענעם פּאַפּיר. דאַווידאָוו האָט אַ קוק געטאָן דערויף און געפרעגט:

— וואָס זשע, יאַטן, וועט איר האָבּן געדולד אויסצוהערן?

— לייען!...זיכער!...— האָט מען אים אָפּגעענטפערט פון אַלע זייטן, — לייען, עס מוז אַוואַדע זיין אינטערעסאַנט!...

דאַווידאָוו האָט זיך באַקוועם איינגעזעצט און אָנגעהויבּן:

— טייערע בּרידער סאָלדאַטן,— האָט ער געלייענט געלאַסן און שטיל,— איר, וועלכע ליגן איצט ערגעץ אויף די ווייטע פּאָזיציעס און פאַרגיסט אייער בּלוט אויף די פרעמדע שלאַכטפעלדער...

— אָ, מיינט מען דאָך גאָרניט אונדז דערמיט! —האָט טשעריאַק, ווי זיין שטייגער, שפּאַסיק אַריינגעהאַקט, — דאָס מיינט מען דאָך...

עטלעכע יאַטן זענען אויפגעשפּרונגען:

— פאַרמאַך דעם סמיטניק!...שווייג!...לאָז לייענען!... — האָט מען געגומען שרייען פון אַלע זייטן.— אָהאָ, די מאַמעליגע איז שוין קאָפּויערגעקומען מיט זיינע שטיק!...באַהאַלט בעסער דיינע כאָכמעלעך פאַר אַן אַנדערשמאָל!...

דאַווידאָוו האָט אומצופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאָרגעזעצט:

— „איר, וועמעס לעבנס מען שטעלט אין קאָן, אונטערן אויסרייד פון פאַרטיידיקן דאָס לאַנד פון מיקלוימערשטע דרויסנדיקע אָנפאַלער... צי ווייסט איר אָבער, אַז די עמעסע אָנפאַלער געפינען זיך גאָר ביי אונדז, אינעם לאַנד גופע, און גאַנץ ווייט פון די פראָנטן?... און צי ווייסט איר, אַז די פּריצים, פאַבריקאַנטן און טשינאָווניקעס, וואָס האָבן באַשאַפן די מילכאָמע און אייך אַוועקגעשיקט אף די שלאַכטפעלדער, — לאַכן זיך אויס פון אייך און לעבן פון אייער בלוט?... צי ווייסט איר אויך, אַז בעאייס איר מאַטערט זיך אף די פּאָזיציעס; בעאייס אייערע פרויען און קינדער גייען אויס פון הונגער און נויט אינדערהיים, — קלייבן די דאָזיקע פּאַטריאָטן אָן ריזיקע פאַרמעגנס, לייגן זיי אָן פולע שפּייכלערס מיט סכוירעס און שטאָפּן אָן זייערע קאַסעס מיט געלט?... זיי לעבן אַ גוטן טאָג און אייך רופן זיי מאַקריוו צו זיין מיט אייערע לעבנס; זיי זענען אָנגעזעטיקט און איר דאַרפט פּעגרנען פון הונגער...

— דאָס איז ריכטיק! — האָט גרישונין שטיל איבערגעשלאָגן, זיך אַזש געכאַפּט און אוישן דעם שווייס פונעם פּאָנים און אַביסל העכער צו־געגעבן, — אָ, דאָס איז אַ בריוו מיט באַקציינער!...

יאַטן זענען ווידער געוואָרן דערצאָרנט:

— שווייג שוין דו כאַטש! — האָט מען צו אים געשריגן און צו דאַווידאָוון צוגעוואָרפן, — לייען ווייטער, דאַווירשקע!... לייען!...

— און צי ווייסט איר אויך, — ליבע ברידער סאָלדאַטן, — האָט דאַווידאָוו פאָרגעזעצט לייענען, — ווער עס איז שולדיק אין אונדזערע אַלע מאַפּאָלעס, אין אונדזערע דורכפאַלן?...

— אַהאַ! — האָט טשעריאַק ווידער אַריינגעוואָרפן, — אָט האָט איר אייך אַ ביי<sup></sup>עם ווייסער!... פּונקט ווי אונדזער סואוואָראָף!...

— וועסט איינבעמען אַביסל שטומעניש, אָדער ניט?! — האָט זיך דערהערט אַ בייזער אויסגעשריי, — אַ מענטש האָט זיך עס צוגעזעצט אַביסל!... לייען ווייטער, דאַווירשקע, שטעל זיך ניט אָפּ!... האָב אים אין דער ערד!...

דאַווידאָוו האָט ווייטער געלייענט:

— „אונדזער גאַנצע מעלוכע ווערט געפירט פון עפּעס אַ מעשוגע־נעם פּויער, וואָס האָט זיך געקרוינט פאַר אַ פּאָפּ, פאַר אַ הייליקן. צוליב זיין אייזערנער פּיזישער געוואורע איז ער געוואָרן אַ באָעבטער מעכוטן מיט דער צאַריצע און — דורך איר — אַ גאַנצער מאַכער אינעם קייזערלעכן הויף. ער פירט די מעלוכע ווי אים געפעלט. ער זעצט אַרויף מיניסטאָרן און ער וואַרפט זיי אַרונטער. דאָרט פירט מען אַ מיעסע פּאָליטיק און דאָס פאָלק מיט דער אַרמיי האָט מען אין דער ערד.

דאָס ברויט און די אַמוניציע, וואָס דאַרף געשיקט ווערן צו אייך, אַף די פראָנטן, ווערט בעקיוון אַוועקגעשיקט ערגעץ אין די ווייטע סטעפּעס פון סיביר, אפן ווייסן מיזרעך. מען פאַראַט און פאַרקויפט אַף יעדן שריט און טריט. אַלע פאַראַטן. אַלע פאַרקויפן. אַלע... אָנהויבנדיק פונעם פּאָשעטן פּאָדריאַדטשיק, פונעם קלענצטן טשינאָווניק און אָפּי-צירל, ביזן סאַמע קריגס-מיניסטער סוכאָמלינאָוו, וועלכער האָט סאַמע ערעוו מילכאָמע פאַנאַנדערגעוואָרפן אַלע גרענעץ-פעסטונגען. יאָ, אַלע פאַראַטן!... אַפילע אונדזער אייגענע צאַריצע — רעדט מען אין לאַנד — פאַראַט אויך!... זי, אַליין אַ דייטשקע, לאָזט וויסן אירע דייטשן וועגן יעדן באַוועג אייערן, וועגן יעדן ריר וואָס איר טוט זיך נאָר און אַפילע וועגן דעם, וואָס איר האָט ערשט בלויז איינזינען צו טאָן. איר ווייסט עס דאָך אַליין און עס איז אַ פאַקט, אַז וואו אונדזער אַרמיי טוט זיך נאָר אַ קער, זענען שוין דאָרט פון פריער פאַראַן די סאָנים אייערע, וועלכע די צאַריצע האָט געשיקט אייך צו דערמאָרדן..."

אומבאַמערקט ווען און ווי אַזוי, איז מיטאַמאָל אין דער קאָמאַנדע געוואָרן אַ שטילער געמורמל. אין דער לופט האָט זיך גענומען שפּירן אַ פיינלעכער אומרו. דאַווידאָוו — דערפילנדיק דאָס — האָט איבערגע-האַקט דאָס לייענען און אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי געפעלן אייך עפּעס די „פּאַטריאָטן", פאַר וועלכע מען האָט אונדז אַהערגעשיקט לייגן די קעפּ?... פאַר וועמען אַזויפיל בלוט עס איז שוין פאַרגאָסן געוואָרן און וועט נאָך פאַרגאָסן ווערן?...

דאַווידאָווס פראַגע איז געווען דער פונק, וואָס האָט אָנגעצונדן די קאָמאַנדע. עס איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם. דאָס שטילע געמורמל פון פריער, האָט זיך גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ ליאַרעם. טערמאַקאָוו, דראַבולקין, יערמישין, „וויעטער", כאַיעט און נאָך עטלעכע יאַטן, האָבן זיך אַ שטעל אויף געטאָן פון זייערע פלעצער, זיך אַ לאָז געטאָן צו דאַווידאָוון און אים ניט געלאָזט לייענען ווייטער. טערמאַקאָוו און „וויעטער" האָבן געטומלט מער פון אַלעמען. זיי האָבן געשריגן:

— צערייסט דאָס פאַסקודסטווע!...מען דאַרף ניט לייענען דאָס, וואָס עפּעס אַ זשיד מיסטאָמע האָט אָנגעפּאַטשקעט!... דאָס איז זיכער שפּיאָנאַזש. עמעצער שפּיאָנאַזש!... דאָס איז בעקיוון אַזוי צוגעטראַכט, קעדיי אונדז אויפצעבונטעווען און... אומצוברענגען אונדזער הייליקע רוסלאַנד!...איר האָט דאָך געהערט, וואָס סואוואָראָף האָט דערציילט...

טשעריאַק האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אָ-כאָ-כאָ!... אָט אידיאָטן: געפונען אַ באַגלויבטן איידעס — סואוואָראָפן...כאַכאָמים גרויסע, צי ווייסט איר נאָך ניט, אַז אויב דאָס

קומט נאָר פון סראוואַראָפּן, מעג עס אַפּילע זיין דער סאַמע עמעס אַליין, איז עס ערשט דעמלט אַ גרויסער ליגן און... אָט, די טפילן...

טערמאַקאָוו האָט פאַרלוירן אַ קוק געטאָן אַף אים און זיך גלייך אָפּגערוקט. „וויעטער" האָט נאָך עפּעס געמורמלט און זיך אויך באַלד אַוועקגעזעצט. דראַבּולקין, ווידער, האָט זיך געקראַצט אין קאַרק און — אין קווענקלעניש — גענומען פּלאַפּלען:

— עס קאָן גראָד זיין, אַז אַלץ איז טאַקע עמעס ווי עס שרייבּט זיך דאָ אין בּריוו... כ'ווייס...מען קאָן עפּשער אַלץ גלויבּן... אָבּער... אַז זי, די צאַריצע אַליין... איר וועט שוין באַלד נעמען גלויבּן, אַז גאָט אַליין איז אויך אַ...כ'מיין טאַקע...

— אָ, שווייג שוין כאָטש בּעסער, דו מאַקע זאַראַזליווע! — האָט גרישונין אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט אף יענעם, — פאַר דיר וואָלט שוין אויך אַמאָל צייט געווען, אַז זאָלסט באַקומען אַבּיסל מער סייכל. אָט, ערשט מיט אַ מינוט פריער האָסטו אַליין געלאַכט וועגן דער מאַיסע פון די טפילן און איצט... יעדנפאַלס דאַרפסטו דאָך פאַרשטיין, אַז וואָס שייך פּאַראַט, זענען זיי, — וואָס גרעסער די מאַכערס, — אַלץ גרעסערע פאַרעטער. מיר, פון פּראָסטן פאָלק, קאָנען ניט זיין קיין פאַרעטער!... מיר האָבּן ליבּ דאָס לאַנד, ווייל עס איז דורכגעווייקט מיט אונדזער שווייס און בּלוט; מיט אונדזער פּראַצע... אָבּער זיי?... וואָס גייט עס זיי אָן?...אַ סאַך בּלוט האָבּן זיי פאַרגאָסן דערויף?... אַ סאַך פאַרגיסן זיי איצט?... און זי די דייטשקע, וואָס האָט זי אַריינגעלייגט?...

דער טומל און דאָס קריגערייַ האָט זיך פאַרשטאַרקט. די קאָמאַנדע האָט זיך געשפּאָלטן אף צוויי לאַגערן. דאָס קריגערייַ איז באַלד אַריבּער אין אַ געשלעג. מען האָט גענומען וואַרפן מיט שטיוול, מיט זעקלעך, מיט פּיופּיטרעס און בּיכלאַך אַלץ וואָס איז אונטער די הענט געקומען. טערמאַקאָוו האָט צופעליק געכאַפּט אַ קלאַפּ פון אַ פליענדיק שטיק האָלץ, איז ער געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זייַן טעסאַק און אַזוי — אין דער שייד — זיך פאַרמאָסטן אף דאַווידאָוון:

— נו, אויבּ ניט קיין דרויסנדיקער זשיד, — האָסטו טאַקע אַליין אָנגעשריבּן דעם דאָזיקן בּריוו!... וואָס איז, מיר קענען דיך ניט?... בּישקאָשע, מען ווייסט וואָסער סאָרט פויגל דו בּיסט, כאָטש מען קאָן קיינמאָל ניט וויסן, צי דו בּיסט אַ זשיד, אָדער גאָר אַ טאָטער...

ער האָט פאַנאַנדערגעפירט די האַנט מיטן טעסאַק, — אַרונטערצולאָזן אים אף דאַווידאָוון. גרישונין איז אָבּער אונטערגעשפּרונגען אין צייט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן טערמאַקאָווס האַנט מיטן טעסאַק און — מיט אַ מין קאַלטן כויזעק — ווי אויסגעזונגען:

— העי, שטיי נאָר אַ ווײַלישקע, ברודערל!... אײַל זיך נאָר ניט אַזוי שטאַרק, טײַערינקער!... דײַנע לאַפּקעלעך זענען, זעט אויס, אַ קאַפּיטשקע צו לאַנג און מען דאַרף זיי דיר קורצער מאַכן!...

טערמאַקאָוו האָט זיך ווי אַ באַזיגטער צוריקגעצויגן. ער האָט זיך צוגעזעצט אויפן ברעג פון זײַן געלעגער און איז גלײַך שטיל געבליבן. גרישונין האָט פונדערווײַטנס געשטאָכן מיט אַ פינגער אים גלײַך אין די אויגן אַרײַן און געשניטן:

— וואָס איז, כאַם אײנער? וואָס איז דיר אַזעלכעס ניט געפעלן געוואָרן אין אָט דעם דאָזיקן בריוו?...וואָס איז, קאַפּצעניוק, פון דײַן אײגענער הײם האָסטו דען בעסערע בריוו באַקומען?... נו, און אַלײן ווייסטו דען ניט, אַז דײַן טאַטע-מאַמע, דײַן ווײַב און קינדער, לײַדן הונגער און נויט?...דו האָסט עס עפּשער ניט אַרויסגעלייענט פון די שורעס אין דײַנע בריוו, וואָס זענען געוועזן פאַרשמירט פון דער צענזור?... האָסט עס דען ניט גוט דערקענט אין די שוואַרצע, פאַרשמירטע פלעקן, וואָס מען האָט בעקיוון אָנגעפּאַטשקעט, קעדיי דו זאָלסט ניט וויסן פון דײַן אײגענעם געביין?...

טערמאַקאָוו האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, אָבער זיך נאָך אַלץ ווי געבעטן:

— דאָס, קאָן זײַן, איז טאַקע גאַנץ ריכטיק. יאָ, איך פאַרשטיי... אָבער...אָט, אַז זי, איר קייזערלעכע מאַיעסטעט... כ'מיין: די צאַריצע אַלײן, — דאָס גלויבט זיך עפּעס ניט... כ'בין זיכער, אַז זי ווייסט אַפילו ניט, וואָס עס גייט אָן...

גרישונין איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— אָ, פאַרמאַך שוין אַמאָל דײַן נאַרישן שניויק, אידיאָט! — האָט ער געשריגן צו אים,— נו, עס גלויבט זיך אים ניט, דעם טיפּעש!... הממם... אַלץ איז צו גלויבן. אַלץ!... וואָס איז, מיר קענען זיי דען ניט?...וואָרים האָסט שוין עפּשער פאַרגעסן די געשיכטע מיטן גענעראַל בערקמאַן, דעם קאָמאַנדיר פון דער קאַווקאַזער אַרמיי?... ער האָט דאָך אונדז אין די ערשטע פּאָר מילכאָמע-טעג אַזוי פאַראַטן אויף טריט און שריט, אַז עס האָט זיך שוין אַזש צופיל געוואָרפן אין די אויגן און מען האָט אים געמוזט צונעמען פון דאַנען... נו, און דער גענעראַל פּזשעוואַלסקי, און יודעניטש, און טאַקע אונדזער סוכאָמלינאָוו אַלײן, דער סאַמאָראָדנע קריגס-מיניסטער, אַ מאַקע אים אין די זײַטן!... און דו קומסט און זאָגסט,— זיי ווייסן נעבעך ניט...

דאַווידאָוו האָט מיט באַדויער ביטער אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ:

— מאָדנע, ווי דאָס-אָ, דער „זיי ווייסן עס ניט״, כאַזערט זיך

איבער פון דאָר צו דאָר. אַלעמאָל דאָס זעלביקע. אַלעמאָל. אין דעם פינפטן יאָר — אויך אַזוי. אויך דעמלט האָבן זיך געפונען טיפּשים, וואָס האָבן געגלויבט, אַז דאָרט, העכער, ווייסט מען פון גאָרניט...
אויך דעמלט זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געוואָלט גלויבן, אַז דער צאַר איז פונקט אַזויפיל שולדיק אין דיליידן פונעם פאָלק, ווי זיינע אוריאַדניקעס, פּריסטאַווס, גאַדזיראַטעלעס און סטאָם קנעפּלעך; אַז די גאַנצע סיסטעם איז שולדיק... די דאָזיקע מענטשן האָבן אַלץ געגלויבט, אַז עס איז בלויז געווען אַריבערצוגיין צו דעם צאַר מיט אַ פּעטיציע, פאַלן פאַר אים אף די קני און אים בעטן, — וועט דעמלט שוין אַלץ זיין רעכט. עס וועט שוין זיין ברויט, עס וועט זיין פרייהייט, און דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק וועט איבערגעאַנדערשט ווערן... אָט, אַפילו מיינס אַ לייבלעכער ברודער איז אויך געווען איינער פון יענע, וואָס האָט אויך אַזוי געגלויבט. נו, איז ער איינמאָל — צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער אַזעלכע טיפּשים ווי ער — אַרבעטער און פּוי׳ערים — אַוועקגעגאַנגען אונטער דער אָנפירונג פון עפּעס אַ גאַלעכל, צו בעטן הילף באַם צאַר. מיט הייליקע איקאָנעס און נאַציאָנאַלע פענער זענען זיי אַוועק אין אַ פּאַטריאָטישער מאַניפעסטאַציע צום צאַרס פּאַלאַץ. זיי זענען אונטערטעניק, פרידלעך, געגאַנגען בעטן ברויט...נו, דער סאָף, ווייסט איר דאָך, ברידערלעך, איז געווען, אַז ווען זיי זענען אָנגעקומען צום צאַרס פּאַלאַץ, האָבן זיי דאָרט — אָנשטאָט ברויט — גאָר באַקומען בלאַנקע קאָזאַקישע שווערדן און סאָלדאַטישע ביקס-קוילן...יאָ, און מיין ברודער, דער עלטסטער און איינציקער ברודער, איז דעמלט — צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע הונדערטער אַרבעטער און פּויערים — דערשאָסן געוואָרן... אָט, ווי אַזוי דער צאַר, דער אומשולדיקער נעבעך, האָט זיי אָפּגעענטפערט אף זייערע באַקאָשעס...אָט, ווי אַזוי ער האָט עס טאַקע גאָרניט געוואוסט, ווי „זיין" פאָלק לעבט און ליידט...

דאַווידאָוו האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגערוט אַ ווייל און מיט אַ צעווייטיקטן זיפץ אַ זאָג געטאָן:

— אָ, ווען מיין ברודער וואָלט דעמלט לעבן געבליבן, וואָלט ער שוין איצט מיסטאָמע פיל בעסער פאַרשטאַנען. ער וואָלט אַוואַדע איצט שוין גאַנץ אַנדערש געטראַכט און אַנדערש גערעדט...

דאַווידאָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן. די קאָמאַנדע איז געבליבן זיצן עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט דאָ אַלעמען מיט קאַלטע וואַסער געווען אָפּגעצוואָגן. עס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ שווערע אָנגעצויגנקייט, — אַ פּרעמדקייט, ווי איינער וואָלט ניט געקענט דעם צווייטן...

אינדרויסן איז גאַנץ טונקל געוואָרן. אינעם שטיבל צו אונדז איז

אַריינגעטראָטן אַ פינצטערניש. קיינער,— אַפילו ניט דער דעזשורנע, וואָס דאָס איז געווען זיין אויפגאַבע צו טאָן — האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן אויף אָנצוצינדן דאָס קליינע קעראָסין-לעמפּל, וואָס איז אויף דער וואַנט געהאַנגען. עס איז געווען פינצטער, שטיל און אומעטיק... דער געפּיל ביי אַלעמען — ווי נאָך עפּעס אַן עקזעקוציע, ווי נאָך אַ שמיץ-פּייניקונג, פון וועלכער דאָס לייב ברענט ווי אַ העליש פייער און די אויגן פאַרציען זיך פון שווערן ווייטיק...

עס איז פאַרביי אַ שטיקל צייט און קיינער האָט זיך ניט געטאָן אַ ריר. מיטאַמאָל האָט עמעצער אומגעריכט עפּעס אַ ברום געטאָן אין דער פינצטער און די שטילקייט האָט געפּלאַצט, אָט ווי עס פּלאַצט אַ גומענער, צופּיל-אָנגעבלאָזענער באַלאָן. קיינער האָט אָבער נאָך אַלץ ניט אָנגעהויבן צו רעדן. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט פּאַשעט ניט געוואוסט ווי אַזוי און פון וואָס אָנצוהויבן. עטלעכע יאָטן האָבן ווי אונטערגעדרימלט. שפּעטער אַ ווייל האָט אַ גרופּע זיך פאַרנומען שטילערהייט צו זינגען:

— „ס'וואָיען, ווינטן וואָיען,
שטורמיש — ס'טוט אַזש בוימער בויגן...
אוי, ווי ס'האַרץ מיינס איז צעווייטיקט,
ס'גיסן אַזש טרערן פון מיינע אויגן...
כ'פאַרליר די יאָרן מיינע
אָן שום זין און אָן שום צילן;
אוי, ווען כ'קאָן זיך כאָטש אויסווייינען —
וואָלט מיין ווייטיק זיך עפּשער שטילן...

אַנדערע יאָטן האָבן — ווי דערשלאָגענע — זיך גענומען שפּילן אין קאָרטן. זיי האָבן געוואָרפן דאָס קליין-געלט אויפן אַספּאַלטענעם דיל, פּונקט ווי זיי וואָלטן מיטן דאָזיקן געלט-געקלאַנג געזוכט צו פאַרטויבן די אייגענע צעווייטיקטקייט און ווי ניט איז אַריינטראָגן אַביסל אויפלעבונג. עס איז אָבער אַלץ ניט געגאַנגען. די קאָרטן-שפּיל איז זיך באַלד פאַנאַנדערגעפאַלן. די קאָמאַנדע איז אָבער שוין אַזוי געבליבן מיט דער צעווייטיקטקייט דעם גאַנצן אָוונט, ביז מען האָט זיך געלייגט שלאָפן און ביסלעכווייז קוים איינגעשלאָפן...



# קאַפּיטל איינונצוואַנציק

מאַנאַטאָן האָט זיך געצויגן אונדזער לעבן. מיר זענען געוואָרן גלייכגילטיק און אָפּהענטיק. שוין ניט געווען באַ קיינעם פון אונדזערע יאַטן קיין שום אינטערעס, אָדער צוציאונג צו עפּעס. דער באַגריף, אַז מיר געפינען זיך ניט אין טיל און ניט אויף דער פּאָזיציע, — איז געווען ווי מיר וואָלטן זיך געפונען אין עפּעס אַ טפּיסע. עס איז געווען שווער און פּיינלעך. טעג האָבן זיך געצויגן לאַנגע, קאָלירלאָזע און אַלצאייניקע. און וואָלטן מיר זיך ניט געווען פאַרנומען מיט אויסטראַכטן שניידנדיקע וויצעלעך און שפּאַסן אויף זיך אַליין און אויפן אייגענעם לעבן, וואָלטן מיר מיסטאָמע איינער נאָך דעם אַנדערן פון זינען אַרונטער...

דער לאַנגווייל האָט געפרעסן אונדזערע מויכעס, פּונקט ווי די לייז — אונדזערע קערפּערס. אַלע פון קאָמאַנדע זענען אַרומגעגאַנגען ווי לעבעדיקע שאָטנס און מעקאַנע געווען יענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער פּאָזיציע און זענען זיך דאָרט אויסגעשטאַנען די גרעסטע געפאַרן. עס האָט זיך אַלעמען פון אונדז אויסגעוויזן, אַז דאָרט, אויף דער פראָנט-ליניע, איז עפּעס פּאָרט בעסער, איידער ליגן און פוילן אין אָט דער קליינער שטיקנדיקער שטוב, הערן סאַוואָראָפּס פּאַסקודנע זידלערייען, אויסצושטיין דעם אַדיוטאַנטס ווילדע קאַפּריזן און באַליידיקונגען, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן גאָר קיין מענטשן ניט געווען, נאָר מיעסע ווערים; אומווירדיקע נוצלאָזע באַשעפענישן.

יעדער האָט געפילט דעם ווייטיק, אָבער אַלע האָבן געשוויגן. יעדער איינער האָט געוואוסט, אַז ער ווערט באַשפּיגן, אָבער קיינער האָט ניט געפונען דעם מוט, אָדער ווילן צו פּראָטעסטירן. פיל האָבן שוין, זעט אויס, פאַרשטאַנען, אַז די מילכאָמע איז אַ פרעמדע; פאַר פרעמדע, גייציקע אינטערעסן, אָבער קיינער האָט זיך ניט געשטעלט אַנטקעגן. פיל האָבן שוין אַפילע באַגריפן, אַז דאָס איז אַ קריג צווישן

די קאַפּיטאַליסטן און אימפּעריאַליסטן פון פאַרשידענע לענדער, פאַר בייע מערק און טעריטאָריעס, און דאָך האָט מען זיך געמוטשעט אפן שטיקל פּאַרלויזיקטן געלעגער, אף דער שמוציקער נאַרע. דאָס ראָוו פון אונדז איז נאָך אַלץ געווען דורכגעזאַפּט מיט דער זעלביקער אונ־טערטעניקייט, אַזוי ווי אין די ערשטע מילכאָמע־טעג. צו טיף זענען אַפּאָנים, איינגעוואָרצלט געוואָרן אין די מויכעס די אַלע אַבערגלויבישע מאַיסעס, וואָס די גאַלאָכים, לערער און נאַטשאַלסטווע, האָבן ביי אַלע געלעגנהייטן אין די קעפּ אַריינגעקלאַפּט. צוזאַמען מיט דער מילך פון דער מוטערס ברוסט, איז — דאַכט זיך — איינגעזויגן געוואָרן דער גלויבן וועגן דער אויסדערוויילטקייט פון דעם רוסישן פאָלק, וועגן זיינע הייליקע מיסיעס, אויסצוראָטן אַלע נעכריסטן, און נאָך אַזאַ מין עבלעכער סאָם. ביי פיל פון אונדזערע יאָטן האָבן נאָך געקלונגען אין די אויערן די היסטערישע אויסרופן פון די ערעוו־מילכאָמע־טעג:

— „קיין בערלין!... קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל!...”

— „באַפרייען די קירך פון דער הייליקער סאָפיע!...”

— „אַ הייליקע מילכאָמע פאַר פּראַוואָסלאַוויע, פאַרן קריסטנטום, און קעגן די אומגלויביקע!...”

און זיי האָבן עס נאָך אַלץ געגלויבט אַזוי...

אָפּט האָט אויסגעזען, אַז קיינער האָט זיך אַפילע ניט גענומען די מי אַ טראַכט צו טאָן, פאַרוואָס מיר, סאָלדאַטן, וועמען מען האָט אָנ־געטרויט דעם דאָזיקן קאַמף און אַפילע געקרוינט מיטן פיינעם נאָמען „העלדישע און רומפולע אָדלערס”, —ווערן באַהאַנדלט פיל ערגער ווי פּאַשעטע שלעפּ־פערד, ווי הימלאָזע הינט...

דער גרעסטער יאָנטעוו ביי אַ סאָלדאַט, דאָס בעסטע גליק וואָס ער האָט זיך געקאָנט ווינטשן, איז געווען, ווען ער איז קראַנק געוואָרן און עס איז אים געלונגען זיך אַרויסצעכאַפּן אף עטלעכע וואָכן אין אַ שפּיטאָל אַריין, אין טיל. און כאָטש דער קראַנקער, וואָס האָט שוין יאָ געהאַט די זכיע אָפּגעשיקט צו ווערן אין שפּיטאָל אַריין, האָט צום ערשטן געדאַרפט דורכמאַכן געברענטע צאָרעס אין דער אַמבולאַטאָריע, און ערשט דערנאָך זיך שלעפּן אַ היפּשן מעהאַלעך וועג צו פוס, אָדער אַזוי זיך שלעפּן אף אַ האַרטן אָבאָז־וועגעלע מיילן ווייט, איידער ער איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל, — האָט דאָך יעדער איינער געהאָפט, אַז אויב שוין יאָ קראַנק ווערן, זאָל עס כאָטש זיין וואָס שווערער, וואָס שטאַרקער, און זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער... דאָס — אין האָפענונג צו קאָנען דערפאָרן וואָס ווייטער...

און מאָדנע: דאַווקע אַזוי, איז קראַנקהייט גאָר ביכלאַל געווען אַ

גאַנץ זעלטענע דערשיינונג ביי אונדז אין דער קאָמאַנדע. דער טייוול ווייסט עס, ווי אַזוי מיר, די מוזיקאַנטן, האָבן אויסגעמידן די אַלע קראַנקהייטן, בעאיים אַרום איז געווען מאַמעש ווי אַ פאַרפלייצונג פון פאַרשידענע סאָרטן עפידעמיעס: צינגאַ, געלזוכט און אַפילו כאָלערע־אויסברוכן. אינגאַנצן, אָבער, האָט עס אונדז פונדעסטוועגן אויך ניט אויסגעלאָזט. פון צייט צו צייט איז אויך ביי אונדז אין דער קאָמאַנדע עמעצער קראַנק געוואָרן און מען האָט אים אַוועקגעשיקט ערגעץ אין אַ שפּיטאָל, אין טיל, וואו ער איז פאַרבליבן אַ לאַנגע צייט. אין אַ צאָל פאַלן — אַפילו מער ניט צוריקגעקומען אין קאָמאַנדע אַריין...

*****

**מיטאַמאָל** האָב איך זיך דערפילט עפּעס ניט מיט אַלעמען. אין געווייינטלעכע צייטן וואָלט איך דאָס, באַטירלעך, באַטראַכט פאַר אַ גרויס אומגליק פאַר זיך. דאָ אָבער, אינעם זומפּ,— ווי מיר האָבן אָנגערופן דאָס פאַרוואָרפענע דערפל, וואו מיר זענען געשטאַנען—איז עס געווען אַזאַ גליק, וואָס מען האָט פּאָשעט געבעטן אַף זיך און וואָס יעדער איינער פלעגט מעקאַנע זיין.

איך בין אַרומגעגאַנגען אָפּגעשוואַכט און קראַנק. איך האָב אָבער אַלץ ניט געוואָלט צוגיין אין שטאַב-אַמבולאַטאָריע, צום דאָקטאָר. איך האָב פּאָשעט מוירע געהאַט, אַז ווייל איך בין ניט זייער געפערלעך קראַנק, וועט מיך דער דאָקטאָר דערפאַר צוריקשיקן אין דער קאָמאַנדע אַריין און וועט — ווי עס איז געווען זיין טעווע — נאָך אַריינשרייבן אין דער קאָמאַנדעס אַמבולאַטאָריע-בוך, אַז איך סימוליר עס נאָר אַזוי, קעדיי זיך אַרויסצודרייען פון די איבונגען און פליכטן. אַזאַ שטייגער באַמערקונג אינעם בוך, וואָלט מיר פאַרשאַפט פיל צאָרעס. טאַקע וואָלט מיך אפן גרונט דערפון געזידלט. ער וואָלט מיך ערשט אַף אַן עמעס אָנגעהויבן אומראַכמאָנעסדיק צו פּייניקן מיט איבעריקע איבונגען און ביי דער מינדעסטער געלעגנהייט — באַשטראָפט. מיין צושטאַנד איז אָבער מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ ערגער, אַזוי, אַז איך האָב שוין מאַמעש מער אַף די פיס ניט געקאָנט איינשטיין. און יאַטן פון דער קאָמאַנדע האָבן — זאָרגפעליק און מיט שרעק — מיך געמאַכט אויפמערקזאַם אַף מיין אויסזען. מען האָט מיר אָנגעוויזן, אַז איך בין עפּעס אויסערגעווייינטלעך אויסגעצערט; אַז מיינע אויגן זענען איינגעזונקען; אַז די ווייסלעכער און די הויט אפן פּאָנים איז געל און אַז דער גאַנצער אויסזען מיינער איז ביכלאַל ווי ביי אַ מעס. מער פון אַלעמען זענען

צו מיר צוגעשטאַנען גרישונין און גודמאַן. דער ערשטער האָט פּאָשעט מיך געטריבן איך זאָל צוגיין אין אַמבולאַטאָריע. גודמאַן, ווידער, האָט איינמאָל מיך אָפּגערופן אָן אַ זייט און — נאָכדעם ווי איך האָב אים גע־האָט דערקלערט די סיבע פאַרוואָס איך וויל ניט צוגיין צום דאָקטאָר, אין אַמבולאַטאָריע — מיך גענומען אויסלאַכן:

— עך, ביסטו דאָס אַ יאָלד, גאָטעניו!... — האָט ער צו מיר מאַיסע וואוילערינג אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, — נו, און אויב מען האָט אַפילע יאָ ווינציק היץ, איז וואָס?... דער איקער איז דאָך דער קאָליר פונעם פּאָנים און... אָט, זעסטו, — האָט ער אַ זיפּצעלע געטאָן, — אַלוואַי האָב איך דיין פּאָנים, וואָלט איך זיך שוין געווען דורכגעדרייט מיט גאָר קיין היץ ניט. פאַרשטייסט... מיט אַזאַ אויסזען ווי דיינעם, דאַרף מען בלויז עטוואָס אַ באַאַרבעט טאָן דעם טערמאָמעטער, אַז די היץ זאָל אַ קאַפּעלע אַרויפגיין, און דעם פעלדשער — אַז ער זאָל אַזוי שטאַרק ניט נאָכקוקן, און דעמלט...

דערביי האָט ער פלינק אַ שנעל געטאָן מיט די פינגער אף זיינס אַ נאָגל אַרויף און צוגעגעבן:

— פאַרשטייסט... אָט אַזוי־אָ, בלויז אַ שנעל מיט צוויי פינגער, און דו יאָגסט אים לייכט אַרויף ביז פערציק... דו, ברודערל, זע און כאַפּ זיך נאָר דורך אָט דאָ־אָ, ביי אונדז אין אַמבולאַטאָריע. דערנאָך, אַז וועסט זיך נאָר דורכרייסן, וועסטו דעמלט ניט נאָר דערפאָרן אין אַ שפּיטאָל, ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט אין טיל, און טאַקע קומען צו זיך, נאָר שפּעטער, אַז וועסט האָבן אַרויסגעקומען, וועסטו ערשט קאָנען אַ לעב טאָן ווי עס געהער צו זיין. דו וועסט זיך דאָרט קאָנען צוקוקן, אויסגעפינען וואָס עס הערט זיך און... יעדנפאַלס, וויפל איז ווערט דער אָפּרו אַליין?...

גודמאַנס ווערטער האָבן מיך היפּש צעוואַרעמט. די האָפנונג אף צו קאָנען זיין אין טיל, האָט מיך — וואָס אַן עמעס — עפּעס נאָר ווי פאַרשיקערט. איך האָב אַזש פאַנטאַזירט אין געדאַנק בא זיך:

„עך, זיך כאָטש אויסבאָדן אַביסל... זיך אַרומוואַשן מיט זייף, זיך אויסלויזן און אָנטאָן פרישע וועש... זיך אָפּרוען אַ שטיקל צייט און — אויב עס וועט מיר נאָר געלינגען — טאַקע אויך אַביסל אַ לעב טאָן אין אַ גרויסער שטאָט און כאָטש וויפל עס איז זיך אָפּנעמען פאַר מיינע צוויי יאָר זיך וואַלגערן אפן פראָנט...“

איך האָב געהייסן דעם דעזשורנע, ער זאָל מיך גלייך פאַרשרייבן אין אַמבולאַטאָריע־בוך אַריין...

אויפגענומען האָט מיך אַ געשטופּלטער נידעריקער פעלדשער, מיט

עפּעס אַזאַ ־צוגעשוירענע באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קליידער־בעזימל. ער איז ערשט ניט לאַנג צוריק געהאַט אָנגעקומען אין שטאַב מיט אַ רעזערוו־באַטאַליאָן און מיך אַפילע ניט געקענט. ער האָט גע־האַלטן דעם טערמאָמעטער אין דער האַנט און דערביי אַלץ געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט זיך ניט געקאָנט באַשליסן, צי ער זאָל מיר אים יאָ אַרונטערשטעלן אונטערן אָרעם, אָדער ניט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן און — מיקלוימערשט גלייכגילטיק, אָבער דערביי געניוג קלאָרדייטיק און צוגעלאָזן אַ מורמל געטאָן:

— און וואוהין, אַ שטייגער, רוקסטו זיך עס מיט דיינע בלאָטיקע שטיוול?...ווייסטו דען ניט, אַז היינטיקע צייטן קאָנען זיך בלויז די רייכע פאַרגינען צו קרענקען?...

ער האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג צו מיר. איך האָב פאַר־שטאַנען די אָנצעהערעניש און אָפּגעענטפערט:

— נו, אויף אַזויפיל רייך, אַז איך זאָל זיך קאָנען פאַרגינען צו קרענקען, בין איך נאָך אויך. אַ כוץ דעם, זעסטו, האָב איך אַפילע אַ ספּעציעלע דערלויבעניש דערויף פון דער קאַזנאַטשעיסטווע...

איך האָב, פונקט ווי ער, אויך אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און ער האָט גלייך, אָן שום קווענקלעניש, אַרויסגענומען פון מיין האַנט דעם זילבערנעם האַלבן רובל, וואָס איך האָב — ווי גודמאַן האָט מיך געאייצעט — געהאַט צוגעגרייט פאַר אַ יעדנפאַלס...

מיט אַ פלינקער באַוועגונג האָט דער פעלדשער דערנאָך אַריינגע־רוקט זיין האַנט צו מיר אונטערן העמדל, אַ פאַרשטעק געטאָן דעם טערמאָמעטער אינצווישן דער פאַכווע און איז גלייך אַוועקגעגאַנגען צו אַ צווייטן סאָלדאַט. איך האָב דאַן ביגביירווע פאָרזיכטיק אַריינגערוקט מיין האַנט צו זיך אונטערן צעשפּיליעטן העמדל, זיך מיקלוימערשט אַ קראַץ געטאָן און...

עטלעכע מינוטן שפּעטער איז דער פעלדשער צוריקגעקומען צו מיר. ער האָט אַרויסגענומען דעם טערמאָמעטער, אַ קוק געטאָן אויף אים, אַ קוק געטאָן אויף מיר און...ער איז געבליבן שטיין ווי אַ צעטומלטער. די טעמפּעראַטור אויפן טערמאָמעטער האָט געוויזן אַריבער פערציק. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צום דאָקטאָר און — אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף מיר — אים דער שטיל אים עפּעס אַ זאָג געטאָן. באַלד איז דער דאָקטאָר צוגעקומען. ער האָט אַ קוק געטאָן אין מיינע אויגן אַריין, באַטראַכט מיין צונג, באַטאַפּט מיין שטערן, געקוועטשט מיין פּולס און — אַ הויב טוענדיק מיט די אַקסלען — גלייכגילטיק, ווי צו זיך אַליין — אַ ברום געטאָן צום פעלדשער:

— הםםם... אַזוי... איך פאַרדעכטיק, אַז ביי אים אַנטוויקלט זיך עפּעס אַ גאַנץ ערנסטע געשיכטע... די אויגן זיינע און די היץ...
ער האָט מיך גלייך פאַרשריבן אין שפּיטאָל אַריין...
*****

**צוזאַמען** מיט נאָך עטלעכע קראַנקע סאָלדאַטן, האָט מען מיך אויפגעזעצט אויף אַ פּראָסטן האַרטן סאַניטאַר-וועגעלע, אָן ספּרוזשינעס, און מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפן וועג צום פעלד-שפּיטאָל. אַ שטיק צייט זענען מיר געפאָרן איבער אַ זאַמדיקן וועג, אַז דער שטויב פון דעם פערדס פאָדקאָוועס האָט זיך צעלייגט אויף די לונגען, און דאָס טרייסלען פונעם וועגעלע האָט שיער דעם אינגעווייד אַרויסגעטרייסלט פון אונדז. שפּעטער אַביסל זענען מיר אַרויף אויף אַ שמאָלן, נאָר-וואָס אויסגעהאַקטן און נאָך ניט-פאַרענדיקטן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן גאַנץ הויך, אויף אַ סקאַלעדיקן באַרג. אַרום האָבן זיך געוואַלגערט מאַסן אָפּגעבראָכענע אָפּשניצלעך פון שטיינער, איבער וועלכע די רעדער האָבן זיך געגליטשט רעכטס און לינקס. אָפטמאָל האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס פערד און וועגעלע וועט זיך—אָט-אָט צוזאַמען מיט אונדז— אַרונטערגליטשן און נעמען אַראָפּפליען צו דעם טיפן אָפּגרונט אַרונטער. אונטן, אינעם טיפן אָפּגרונט, האָט באַ דעם ברעג וועג, האָט זיך— אין אַ געדיכט-באַגרינטן דורכשניט, וואָס אין צווישן די בערג— געשלענגלט אַ טיף-גרינע טייכעלע, אין וועלכן עס זענען געווען ווי איינגעטונקען שווערע, אַלטע ביימער, און הויכע גראָזן. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס טייכל, די ביימער און די גראָזן, וואָלטן זיך דאָרט געבורעט אין אַזאַ גליקלעך-צופרידענער רואיקייט,— דערפאַר, וואָס קיין מענטשלעכע פיס האָבן ניט זייער אָפּט געהאַט די מעגלעכקייט אַרונטערצוקומען צו זיי. דאָרט איז געווען אַזוי רואיק, אַזוי אומגעשטערט-שיין, און מיר זענען אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם הערלעך-שטילן, פון קיינעם ניט-באַהערשטן לאַנדשאַפט, אַז מיר האָבן אַזש די אויגן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים... אַפילו אונדזער אָנטרייבער האָט זיך אויך פאַרגאַפט דערויף און איבער דעם שיער ניט אַרונטערגעפלויגן אַהינצו צוזאַמען מיט אונדז...

ענדלעך האָבן מיר זיך אַרונטערגעלאָזט פונעם סקאַלע-באַרג-וועג און זענען אַרייַנגעקומען אין טאָל. מיר זענען צוגעפאָרן צו אַ פעלד-שפּיטאָל. גרויסע, קיילעכיקע פּאַלאַטקעס, מיט פענדלעך פון רויטן קרייץ אויף זייערע שפּיצן, — זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אינמיטן

פעלד און פונוויטן אויסגעזען ווי אַן אָנגעפּאָרענער באַלאַגאַן־צירק. אַזוי גיך ווי מיר האָבן זיך נאָר אָפּגעשטעלט, — איז צו אונדז גלייך צוגעקומען אַ פעלדשער, אונדז איבערגעקוקט, אויסגעפרעגט עטלעכע פראַגעס און אונדז צעשיקט איבער פאַרשידענע פּאַלאַטקעס.

אינעווייניק, באַם אַריינגאַנג אין דער פּאַלאַטקע, וואו מען האָט מיך אַריינגעפירט, איז ביי אַ קליינעם נידעריקן טישעלע, ווי אַ פּוס־בענקעלע, געזעסן אַ קראַנקן־שוועסטער. זי האָט מיך אויסגעפרעגט אַ צאָל איינצלהייטן און מיינע ענטפערס פאַרשריבן אין אַ בוך אַריין. געטאָן האָט זי דאָס עפּעס אַזוי פּאַמעלעך, אַז איך בין דערוויל שיער פון די פיס געפאַלן. ענדלעך האָט זי מיר אַ ווייז אָן געטאָן אויף אַ ליידיקן שטרוי־זאַק, וואָס איז — צווישן אַנדערע, באַלייגטע — געלעגן ביט ווייט פון איר, אויף דער ערד, און — מיט אַ שמייכל, וואָס איז שווער געוועזן צו באַשטימען, צי עס איז געווען מיט כויזעק אָדער גאָר מיט באַדויער — אַ זאָג געטאָן:

— וואַרפט, זייט מויכל, סאָלדאַטיקל, קוידעם־קאָל אַרונטער פון זיך די שמאַטעס אייערע מיט די בלוט־טרינקערלעך!... איר מוסט זיי דאָך אַוואַדע פאַרמאָגן גאַנץ נישקאָשעדיק, האַ?...

מעכאַניש האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ גרוילעך־שטייפע און היפּש לאַנגע העמד פון זייער גראָבן לייוונט און זיך אָפּגעקערט פון מיר, אַז איך זאָל זיך קאָנען איבערטאָן. דערנאָך האָט זי מיר איבערגע־מאָסטן די היץ, זיך געוואונדערט אויף דער הויכער טעמפּעראַטור און איז אַוועקגעלאָפן. באַלד האָט זי מיר צוגעטראָגן צוויי פּיצלעך פּילן מיט אַ גלאָז וואַסער און מיך געאייצעט אַנטשלאָפן צו ווערן...

מיינע קליידער — צונויפגעבונדן אין אַ קלומעקל — האָט מען פון מיר גלייך צוגעכאַפּט און אַרויסגעטראָגן. איך בין געבליבן ליגן און זיך גענומען אַרומקוקן איבער דער פּאַלאַטקע.

אויף דער ערד, אַרום, זענען — אין אַ קיילעכיקער ליניע, ווי די ציפערן אויף אַ ציפערבלאַט פון אַ זייגער — געלעגן אויסגעלייגטע אַ צאָל שטרוי־זעק מיט איינגעדעקטע מענטשלעכע קערפּערס אויף זיי. עס איז געווען אַ געמיש פון קראַנקע און פאַרוואונדעטע. אָט איז איינער געלעגן מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, פון וועלכן עס האָט זיך קוים אַרויסגעזען אַ שפּיץ פון אַן אָנגעשוואָלענער נאָז. אַן אַנדערער — מיט אַן אַרומגעבונדענער האַנט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ באַנדאַזשיר־טער קלאָץ. אַביסל ווייטער האָט זיך איינער געוואָרפן און געקרעכצט. אַ צווייטער האָט געזידלט און געשאָלטן, אַ דריטער האָט גאָר געוויינט און — אין געוויין — אונטערגעמורמלט:

— מאַמע, מאַמע מײַנע, מאַמינקע... איך שטאַרב... איך...

אײנער האָט זיך געוואָרפן און גערעדט פון היץ:

— ניטע!...ניט שיס!...איך...ניט איך...ניין־ניין, ניטע!...

אַן אַנדערער האָט געקריצט מיט די ציין און געברומט:

— הינטישע קינדער!...באַפקעס!...זעט, וואָס איר האָט געמאַכט פון מיר!...פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָשן דאָס ליכט פון מײַנע אויגן?!...

און זיך צעכליפעט, אַז עס האָט אַזש די אָדערן געריסן...

ערגעץ בײַ אַ שטרוי־זאַק האָבן זיך געפּאָרעט צוויי סאַניטאַרן. זיי האָבן אַריבערגעלייגט אַן איבערגעדעקטן קערפּער אף אַ טראַגע אַרויף און איס אַרויסגעטראָגן פון דער פּאַלאַטע. אַ ווײַל שפּעטער איז שוין אפן זעלביקן שטרוי־זאַק געלעגן אַ צווייטער מענטש.

שפּעט אין אָונט איז אין פּאַלאַטע אַרײַנגעגאַנגען אַ יונגיטשקער דאָקטאָר אין באַגלייטונג פון אַ קראַנקן־שוועסטער. זיי זענען אַרומגעגאַנגען פון איין קראַנקן צום צווייטן, ווי די ווייזערס אף אַ זייגער, און זיך אָפּגעשטעלט אף אַ ווײַל בײַ יעדן באַזונדער. דער דאָקטאָר האָט איבערגעוואָרפן אַ קוק געטאָן אפן קראַנקן, עפּעס אַ מורמל געטאָן צו דער קראַנקן־שוועסטער און זי — צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — האָט דאָס אַרײַנגעשריבן אין אַ קליין ביכעלע אַרײַן.

איך האָב זיך פונדערווײַטן צוגעקוקט און מיר איז פאָרגעקומען גאָר מאָדנע, פאַרוואָס איך האָב אַלץ אין פּאַלאַטע פאַרגליכן צו אַ זייגער.

„איז עס ניט אַמאָל דערפאַר", — האָב איך געטראַכט, — „וואָס דאָ זעט זיך ערשט שאַרפער אָן דער אומזין און דאָס פאַרברעכן פון דער מילכאָמע און עס פילט זיך ווי אויסצושרייען: ,ווי לאַנג נאָך וועט איר אַזוי מאָרדן מענטשן?...שוין צייט צו מאַכן אַ סאָף דערצו!...'"

איך האָב זיך געצאַפּלט אין שווערן אומרו...

אַרום האַלבע נאַכט האָט די קראַנקן־שוועסטער זיך געביטן. איצט איז אַרײַנגעקומען אַ יונגע, העל־בלאָנדע, מיידל. זי האָט אַרומשפּאַצירט איבער דער פּאַלאַטע מיט אַ שווימענדיקן גאַנג, ווי אַ שוואַן, און — יעדן קראַנקן באַזונדער — אויסגעפרעגט ווי יענער פילט זיך. בײַ די ביי־אָנגעקומענע איז זי געבליבן שטיין שוין עטוואָס לענגער און זיך באַקענט מיט זיי. דערבײַ האָט זי געכאַפּט אַ קוק אינעם ביכעלע און אויסגעטיילט רעצעפּטן לויט דעם אָנגעשריבענעם. זי איז צוגעקומען צו מיר, אָוועקגעשטעלט אף דער ערד, לעבן מײַן שטרוי־זאַק, אַ לעכט — אַרײַנגעשטעקט אין העלדזל פון אַ פלאַש, זיך אַרונטערגעבויגן צו מיר און זיך גענומען אַרומפּאָרען אַרום מיר. איך האָב זי באַטראַכט פון דער זײַט. זי האָט געהאַט אַ פּאָר בלויע אויגן, וואָס האָבן אינעם

אָפּשיין פון דעם קליינעם ליכט־פּלעמל אויסגעזען ווי צוויי בלויע כאַלוימעס. זי האָט מיר דערלאַנגט אַ טערמאָמעטער, געהאַלטן מיט אירע ווייסע פינגער מיין הייסע האַנט און מיט די ליפּן שטיל געציילט מיין פּולס. דערנאָך האָט זי מיר צוגעטראָגן עפּעס אַזאַ שרעקלעך־ביטערע מעדיצין, וואָס איך האָב געוואָלט אויסגיסן באַלד ווי איך האָב עס צו די ליפּן גענומען. איך האָב עס אָבער אויסגעטרונקען בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט מיך באַצוואונגען מיט איר באַכיינטן פאָרוואורף. באַלד האָט זי, אַ שמייכלענדיקע, גענומען איינרייבן מיין לייב מיט שטאַרקן שפּירט, אויסגעבעסערט אונטער מיין קאָפּ דאָס שטרוי־קישעלע, מיך אַרומגעדעקט און — דערלאַנגענדיק מיר אַ שטיפעריש־לייכט פּעטשל — צערטלעך־לאַשטשענדיק אַ זאָג געטאָן:

— איצט, סאָלדאַטיקל, שלאָפט איין אַביסעלע. שלאָפט איין. עס איז געזונט פאַר אייך!...

דערפילנדיק די צאַרטע פרויען־האַנט אף זיך, האָט מיין קערפּער אויפגעציטערט. אַ קאָנוואולסיווער פיבער איז מיך באַפאַלן און מיך געהאַלטן געקלעמט נאָר ווי אין צוואַנגען. איר נאָענטקייט האָט מיך גערייצט. עס האָט מיך גערעגט מיט אַ מאָדנע זיסקייט — נאָר ווי צום איינשלאָפן. שוין צוויי יאָר צייט ווי קיין שום פרוי איז אַזוי נאָענט ניט געשטאַנען לעבן מיר און מיך ניט אָנגערירט. שוין העכער צוויי יאָר וואָס איך האָב אַזאַ זיסן געפיל ביכלאַל ניט איבערגעלעבט... איך האָב צוזאַמענגעשטשעמעט מיינע ציין, אַז זיי זאָלן אַזוי ניט קנאַקן איינער אין אַנדערן. איך האָב צונויפגעדריקט די הענט אין פויסטן, אַז איך זאָל אַזוי ניט ציטערן. איך האָב זיך געפלייסט צו באַהערשן. מיר האָט זיך אַלץ אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט וועל איך פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך; אַז מיינע הענט וועלן זיך אַ ריס טאָן צו איר, מיט גוואַלד זי אַ שלעפּ צו טאָן צו זיך, איינפּרעסן מיינע ליפּן אין אירע, זיך איינזויגן און אויסקושן מיין ברענענדיק־סאַרפּעדיקע און אויסגעהונגערטע ליידנשאַפט אף אירע ליפּן, אויגן, האָר, הענט, באַקן און אף איר גאַנצן גלאַטן, צאַרטן קערפּער. איך האָב מוירע געהאַט, אַז אָט־אָט וועל איך זיך איינבייסן מיט מיינע ציטערדיקע ציין אין אירע רונד־שטייפע בריסטלעך, וואָס האָבן — לויט איר רעגלמעסיקן אָטעם — זיך ריטמיש געהויבן אונטער די אַקסל־בענדער פון איר ציכטיק־ווייסן שפּיטאָל־פאַרטעך. אַן עמעסער וואַנזין האָט מיך געפאַנגען...

זי האָט, אַפּאָנים, באַמערקט מיין אומרו, גענומען קוקן אף מיר מיט אַ וויך־האַרציקן ראַכמאָנעס און דערביי אַזוי רייצנד־כיינעוודיק און קינדיש־אומשולדיק געשמייכלט. מיינע גליענדיקע אויגן האָבן זיך

אָנגעגעגנט מיט אירע און... איך האָב זיך פאַרשעמט. איך האָב גלייך באַכגעלאָזט איר האַנט. זי האָט געצוקט מיט איר קליין, פאַרריסן נעזל, פאַרצויגן אירע רויטע, פולבלעכע ליפּן און אַוועקגעלייגט איר ווייך, וואַרעם הענטל אַף מיין צעגליטן שטערן, קעדיי מיך צו באַרואיקן.

מיטאַמאָל האָט זי אַ באַדויערנדיק-ליבלעכן שמייכל געטאָן און איז אַוועק. איך בין אָבער אַלץ געבליבן ליגן מיט מיין שווערן אומרו. איך האָב זיך געפּלייסט צו שלאָפן, צו פאַרגעסן, אָבער בעשום אויפן ניט געקאָנט. איר געשטאַלט איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן און ניט אָפּגעטראָטן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זי האָט מיך פאַרשטאַנען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אַוואַדע אויך איר געפעלן געוואָרן און אַז זי האָט מיך אויך ליב באַקומען. איך בין זיכער געווען, אַז אויך זי בענקט נאָך מיר, פּונקט ווי איך נאָך איר. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אײנרעדן, אַז אָט-אָט, שפּעטער, ווען זי וועט זיך נאָר באַפרייען פון איר אַרבעט אַרום די קראַנקע, וועט זי שטיל, אַף די שפּיצן פינגער, מיסטאָמע צוקומען צו מיר. איך האָב געגלויבט, אַז זי וועט זיך דאַן פאַרזיכטיק אַרונטערלאָזן צו מיר, זיך אַוועקזעצן אַפן געלעגער לעבן מיר, וועט מיך אינדערשטיל האַלדזן, קושן און ליב האָבן, פּונקט אַזוי ווי איך האָב זי באַגערט...פון בלויז אָט דעם געדאַנק דערפון האָבן די בלוטן אין מיר מיטאַמאָל אויפגעזאָטן... עס האָט מיך באַדעקט אַ קאַלטער שווייס. די שלייפן האָבן גענומען האַמערן. מיטן גאַנצן ווייזן מיינעם האָב איך דערפילט, אַז איך ציטער...

און זי איז טאַקע צוגעקומען. זי האָט זיך אָבער ניט צוגעזעצט. זי האָט זיך בלויז אַרונטערגעבויגן צו מיר, באַרירט מיט איר גלאַטער, קילער האַנט, מיין הייסן שטערן, פון וואָס איך בין נאָך מער צעגליט געוואָרן. איך האָב קרענקלעך-צעווייטיקט אָנגענומען איר האַנט, זי פאָרזיכטיק איבערגערוקט צו מיין מויל, צוגעדריקט צו מיינע ליפּן און אַ שאַרפן קוש געטאָן. זי האָט די האַנט ניט צוגענומען. זי האָט נאָר פאָרוואורפלעך געשמייכלט און — מיט אַ פינגער פון דער צווייטער, פרייער האַנט — שטיפעריש אַ דראָע געטאָן צו מיר:

— אָ, סאָלדאַטיקל, מען טאָר דאָך ניט אַזוי... עס איז ניט גוט, ניט שיין און... ווערסט דאָך קראַנקער ווערן... צוליב וואָס זאָלסטו זיך גאָר בעכינעם פּייניקן?...

איר שטימע — אַ געזאַנג, אַ ליבלעך-כיינעוודיק ליד, וואָס האָט געצערטלט און געלאַשטשעט. שטראָפעריש, — אָבער דאָך עפּעס אַזוי האַרציק. איך בין ניט ברויגעז געוואָרן אַף איר. פאַרקערט: עפּעס האָב איך מיטאַמאָל דערפילט אַן אָפּשיי צו איר, אַ טיפן דערעך-ערעץ

צו איר קערפּער, וועלכן איך האָב ערשט נאָר־וואָס אין געדאַנק באַ זיך, געהאַט אויסגעטאָן אינגאַנצן נאַקעט. ערשט איצט האָב איך באַגריפּט מיין אייגענע נאַרישקייט. ערשט איצט האָב איך זי דערזען עפּעס אַזוי אומשולדיק־ריין, אַזוי מאַלעכדיק־נאַאיוו, עפּעס נאָר ווי אַ קליין ליב מיידעלע, ווי מיינס אַ יונג שוועסטערל, וועלכע איך האָב אינדערהיים איבערגעלאָזט. איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר מיינע מאַכשאָוועס און — ראַפּטאָווגע אָפּגעלאָזט איר האַנט. איך בין צוגעפאַלן צום קישן, זיך איינגעגראָבן טיף מיטן פּאָנים און... זיך שטיל צעוויינט... איך האָב מוירע באַקומען אַפילע אַ קוק צו טאָן אף איר. איך האָב אַפילע ניט באַמערקט ווי זי איז שטילערהייט אַוועק פון מיר...

אינדערפרי האָט מען מיך — צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע קראַנקע — אויפגעזעצט אף אַ סאַניטאַר־וועגעלע, אונדז צוגעטראָגן צו גלעזער וואַרימע מילך און זיך געגרייט אָפּצעפאָרן ווייטער. איך בין געווען צופרידן. די געשעעניש פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָט מיך נאָך שטאַרק נערווירט און איך האָב געוואָלט שוין וואָס גיכער אַוועק...

*****

**שפּעט** נאָכמיטיק זענען מיר אָנגעקומען צו אַ צווייטן שפּיטאָל. און כאָטש דאָס איז אויך געווען ניט מער ווי אַ פעלד־שפּיטאָל,— אין ברעזענטענע פּאַלאַטקעס,— האָט שוין אָבער אַלץ דאָ אויסגעזען מער איינגעפונדעוועט. די פּאַלאַטקעס — לאַנגע — זענען געווען מיט טאָפּלטע ברעזענטענע ווענט, מיט אריינגעשטעלטע טירן און פענצטער, מיט אויסגעשפּרייטע הילצערנע דילן און אַפילע מיט אייזערנע בעטלעך פאַר יעדן קראַנקן באַזונדער. דערפאַר איז שוין אָבער דאָ ניט געווען אַזאַ וואַרעמע באַציאונג צו די קראַנקע, ווי דאָרט, אין ערשטן פּלאַץ. די דיסציפּלין איז דאָ געווען שטרענג, רוי און אוממענטשלעך. די קראַנקן־שוועסטער — אומפריינטלעך. די סאַניטאַרן האָבן קעסיידער געזידלט און אָנגעשריגן אף די קראַנקע. קוים האָט מען עמעצן פון זיי געדאַרפט האָבן אף צום דערלאַנגען עפּעס,— האָט מען געקאָנט די לונגען אויסשרייען פון זיך, איידער מען האָט דערלעבט צו זען אַ סאַניטאַר, אָדער אַ קראַנקן־שוועסטער...

אין די אָוונטן איז אין די פּאַלאַטקעס אינגאַנצן פינצטער געווען. קיין לאָמפּן, אָדער לעכט, האָט מען ניט אָנגעצונדן. בלויז אַ צופּעליק ביסל לעוואָנע־שיין איז קוים אַריינגעפאַלן דורך די פענצטער, און עס האָט באַפאַרבט דעם אינעווייניק מיט אַ בייכהאַקוואָרעסדיקער בלאַסקייט.

פון די בעטלעך האָבן זיך געטראָגן קרעכצערייען און געוויינען, אָבער קיינער איז ניט צוגעגאַנגען באַרואיקן, אָדער העלפן. איבער דער גאָר-„הויכער" היץ באַ מיר, האָט מען מיך געלייגט אין אַ פּאַלאַטע צווישן די טיפוס-קראַנקע. דאָס האַרץ איז מיר איינגעפאַלן דערפון, אָבער איך האָב געשוויגן. וואָרים כאָטש די געלזוכט אױף מיין פּאָנים האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטאָן, האָב איך אָבער נאָך אַלץ געהאָפּט, אַז דורכן באַאַרבעטן דעם טערמאָמעטער ווי פריער, וועט מיר פּאָרט געלינגען זיך דורכצורייסן ווייטער, אין אַ שפּיטאָל ערגעץ אין טיל, ווייט פונעם פראָנט, זיך דאָרט אָפּרוען און... טאַקע פּאָרט אַביסל אַ לעב טאָן...

אָבער מיין אומרו און שרעק האָט אַלץ ניט אָפּגעטראָטן פון מיר. איך האָב זיך אַלץ געשראָקן, ניט אָנצוגעמען זיך מיט טיפוס אױף אַן עמעס. דערצו האָב איך נאָך געהאַט אַ שאָכן אין פּאַלאַטע, טאַקע אַ טיפוס-קראַנקן, וואָס האָט מיך שיער מעשוגע געמאַכט מיט זיינע רייד, בעאייס די היץ איז אױף אַ ווייל אָפּגעטראָטן פון אים. באַלד, אין דער ערשטער נאַכט, איז ער אַרונטערגעקראָכן פון זיין בעטל, זיך שטיל צוגערוקט צו מיר און זיך צוגעזעצט אױפן ברעג פון מיין בעטל. אין דער גרויער טונקלקייט, אונטער דער בלאַסער שיין פון דער לעוואָנע, האָב איך געזען, ווי ער האָט מיט זיינע פאַרשוואָלענע אויגן מיך אַרומגעקוקט, און איך האָב דערפילט, ווי ער האָט מיך אַרומגעטאַפּט מיט די הייסע הענט. מיטאַמאָל האָט ער גענומען שעפּטשען:

— אַ נייער פּאַסאַזשיר, האַ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, — און וואָס, לאַנדסמאַן, איז מיט דיר?... אויך אַ טיפּאָזנער מיסטאָמע?!...

איך האָב אינדערשטיל עפּעס אַ ברום געטאָן, וואָס האָט געקאָנט מיינען, אי יאָ, אי ניט...

— עך-עך-ע, — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, — ניט גוט, ברודער, פאַר אַן אונדזעריקן דאָ... גאָרניט גוט...דאָ, אַז מען כאַפּט זיך נאָר אַריין אַהער, האָט מען שוין גאַנץ קליינע האָפנונגען זיך ווען עס איז אַרויסצוכאַפּן. אָט, אַזוי לאַנג ווי זיי טראַכטן, אַז זיי וועלן נאָך קאָנען מאַכן אַ מענטש פון דיר און דיך קאָנען צוריקשיקן אױף דער פּאָזיציע, — וועלן זיי דיר נאָך געבן אַ מעדיצין, צי אַן איינשפּריצונג; צולייגן אייז צום קאָפּ און... טאַמער דערזעען זיי אָבער, אַז צו דער פּאָזיציע וועסטו שוין ניט טויגן, — הערן זיי מיטאַמאָל אויף דיר צו געבן אייז, זשאַלעווען דיר אַן איינשפּריצונג און לאָזן דיך דאָ מאַמעש אויסגיין ווי אַ הונט... יאָ-יאָ, איך וויים עס...

ער האָט זיך צוגעבויגן נעענטער און שטילער צוגעגעבן:

— און וויפל, רעכנסטו, לאַנדסמאַן, האָבן זיי שוין אונדזערע

יאַטן אַריבערגעפּעקלט אַף יענער װעלט?!... כ׳מיין... פּאַשעט געגומען און זיי פאַרסאַמט... אַט, איך אַליין האָב אַנומלטן געזען...

ער האָט אַפּאָניב געוואָלט פאַרזעצן די רייד, אָבער ער איז מיט־אַמאָל איבערגעשלאָגן געוואָרן. איינער פון די שווער־קראַנקע, וואָס איז געלעגן אין זייער הויכער היק, אין אַ ווינקל פון פּאַלאַטע, — איז מיטאַמאָל געוואָרן אומרואיק און גענומען שרייען:

— לאָזט מיך אַהיים!...איך וויל דאָ מער ניט בלייבן!... איך...

מיין „גאַסט” האָט זיך דערשראָקן אויפגעזעצט און צוגעוואָרפן:

— עס הויבט זיך שוין אָן. באַלד וועלן זיי אָנלויפן, די היגטישע סאַניטאַרן מיט די קראַנקן־שוועסטער און...איך וועל בעסער...

ער איז פלינק אַריינגעקראָכן אין זיין בעטל, זיך איינגעגורעט און געשוויגן. יענער, דער וואָס אין דער הויכער היק, איז דערווייל אַרונטערגעקראָכן פון זיין בעטל, זיך גענומען שלעפּן צו דער טיר, ווי אַ נאַכט־וואַנדלער, און ווייטער געשריגן:

— לאָזט מיך אָפּ אַהיים, זאָג איך אייך!...מערדער!... גאַזלאָנים, וואָס איר זענט!...לאָזט מיך אָפּ אַהיים!...

פּלוצלונג האָט ער זיך מיט רוגזע גיך אַ לאָז געטאָן צו אַ בעטל, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער טיר, דאָס גענומען וואַרפן און טרייסלען. מיטאַמאָל איז ער אומגעפאַלן און — אַן אָנמאַכטיקער — געבליבן ליגן אַף דער ערד. אין פּאַלאַטע איז געוואָרן אַ פּאַניק. די קראַנקע האָבן גענומען שרייען און טומלען. עטלעכע מינוט שפּעטער זענען אַריינגעלאָפן צוויי פאַרשלאָפענע סאַניטאַרן מיט געצונדענע שיין־וואַרפער אין די הענט. זיי האָבן אַ וואָרף געטאָן צוויי סנאָפּעס ליכט אַרום דער פּאַלאַטע און זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם קראַנקן, וועלכער איז נאָך אַלץ געלעגן אַף דער ערד. מיט זידלערייען האָבן זיי אים אויפגע־הויבן, צוגעטראָגן צו זיין בעטל און אים צוגעבונדן מיט שטריק צו דעם, אַז ער זאָל זיך ניט קאָנען באַוועגן. יענער, אָבער, האָט זיך שטאַרק געוואָרפן און אָן אַן אויפהער געגוואַלדעוועט. ענדלעך איז אַריינגעקומען אַ קראַנקן־שוועסטער. זי האָט אים גלייך געמאַכט אַן איינשפּריצונג אונטער דער הויט און...אין אַ ווייל אַרום איז ער שוין געלעגן אַ באַרואיקטער און שטילער.

פּאַרטאָג, עס איז נאָך רעכט פינצטער געווען, האָט זיך אין דער פּאַלאַטע ווידער דערהערט אַ טומל. עטלעכע סאַניטאַרן און קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט אַרום יענעם ווינקל־בעטל. די שיין־וואַרפער האָבן אומרואיק געטאַנצט איבער די ווענט און סופיט, זיך אַלע ווייל אָפּגעשטעלט אַף אַן אַנדערן קראַנקן, וואָס האָט זיך אין

שרעק געטוליעט אונטער דער קאָלדרע. עס האָט זיך געזען, ווי די סאַניטאַרן האָבן איבערגעדעקט דאָס ווינקל-בעטל מיט אַ ווייס ליילעך און — אַזוי, מיטן קערפּער אונטער דעם — עס אַרויסגעטראָגן פון דער פּאַלאַטע. איינער פון די סאַניטאַרן האָט דערביי גאַנץ גלייכגילטיק אַ ברום געטאָן ווי סטאַם אין דער וועלט אַריין:

— בר-אָט, שוין באַך איינער מיט אַ „טשיסטע אַטסטאַווקע"...*)

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. די קראַנקע פון פּאַלאַטע האָבן מיט שרעק געקוקט צו דעם ליידיק-געוואָרענעם פּלאַץ, געצוקט מיט זייערע צעווייטיקטע אויגן און, אין שווייגעניש, זיך ווידער איינגענורעט צו זיך אונטער די קאָלדרעס, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן זיך דערמיט געוואָלט אויסהיטן פון אַן ענלעכן סאָף. שפּעטער אַביסל האָט מען אין פּאַלאַטע אַריינגעפירט אַ בעטל מיט אַ צווייטן קראַנקן.

מיין שאָכן האָט אַרויסגערוקט זיין קאָפּ פון אונטער דער קאָלדרע, מיך אַ שפּיז געטאָן מיט זיינע צעגליטע, אויפגעלאָפענע אויגן און ווי אָן קויכעס אַ מורמל געטאָן:

— אָט אַזוי, יעדע פּאַר שאָ — אַן אַנדערן... ווער ווייסט וועמעס ריי עס איז איצט?...מיינע, דיינע, אָדער...

איך האָב אים גאָרניט געענטפערט. אין זיינע ווערטער איז געלעגן אַ טויט-שרעק, וואָס האָט מיך ווי פּאַרשטומט. איך בין געבליבן ליגן פּאַרצווייפלט. אַ שוואַרצער פּאַכעד האָט מיך איינגאַנצן באַוועלטיקט. און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך בין ניט גאָר געפערלעך קראַנק, און אַז איך אַליין האָב עס אַזוי בעקיוון אַרויפגעיאָגט די היץ ביי זיך, — האָב איך זיך פונדעסטוועגן געגומען שרעקן, אַז אויב איך זאָל דאָ פּאַרבלייבן לענגער, וועל איך זיך שוין אַוואַדע ניט אויסדרייען. איך האָב דערפאַר גלייך באַשלאָסן באַ זיך צו פּאַרענדיקן די דאָזיקע גאַנץ-געפערלעכע שפּיל...

שפּעטער, בעאייס די דעזשורנע קראַנקן-שוועסטער האָט באַ מיר איבערגעמאָסטן די היץ, האָט דער טערמאָמעטער געוויזן באָרמאַל. די שוועסטער האָט געקוקט אויף מיר מיט שטוינונג און, אַפּאָנים, גערעכנט, אַז דער טערמאָמעטער איז קאַליע געוואָרן. זי האָט מיר צוגעטראָגן אַ צווייטן, אָבער אויך דער האָט געוויזן דאָס זעלביקע. זי האָט גלייך געמאָלדן דעם דאָקטאָר וועגן דעם און מען האָט מיך באַלד איבערגע-פירט אין אַ צווייטער פּאַלאַטע. אפן צווייטן טאָג, ווען זיי האָבן געזען, אַז די היץ הויבט זיך ניט צוריק ביי מיר, — האָט מען מיך גלייך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, איבערגעשיקט צום קאָמענדאַנט און — פון

*) איינגאַנצן אַ באַפרייטער.

דאָרט — צוריק אין קאָמאַנדע. צום טיל בין איך, פאַרשטייט זיך, שוין ניט דערפאָרן. פון דער האָפנונג זיך אַרומצעוואַשן און אויסבאָדן — איז גאָרניט געוואָרן. איך האָב זיך אומגעקערט מיט אַזויפיל בלאָטע און שמוץ אף זיך, ווי בעאייס איך בין אַרויסגעגאַנגען.

איך בין געגאַנגען צופוס עטלעכע טעג און זיך זייער אָנגעליטן ביז איך בין דערגאַנגען. ווען איך בין ענדלעך אָנגעקומען, האָב איך זיך געפילט פיל אָפּגעשוואַכטער, ווי בעאייס איך בין אַרויסגעשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל אַריין. דערפאַר האָבן די יאַטן פון קאָמאַנדע מיך אויפגענומען מיט פרייד. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלע זענען געווען צופרידן, וואָס איך, — איינער פון דער מישפּאָכע, אין וועלכער מען האָט זיך אַזוי צוזאַמענגעלעבט, און וועלכע איז שוין די לעצטע צייט סיי ווי פאַרקלענערט געוואָרן, — בין צוריק מיט זיי. סאַוואָראָף, אָבער, האָט מיך באַגעגנט אף זיין געוויינטלעכן שטייגער. ער האָט מיך עפּעס אַזוי אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט מיך קלוימערשט גאָרניט דערקענט, און ענדלעך, מיט אַ גיפטיקן שמייכעלע, מיך געגומען רייצן:

— נו, סטערווע, שוין צוריקגעקומען?... און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין אף אַן עמעס געשטאָרבן...נו, אויב אַזוי, איז זיך גלייך גענומען צום אינסטרומענט דיינעם און געבלאָזן זאָל ווערן, אַז דער טייוול זאָל דיך נעמען...

איך האָב גאָרניט געענטפערט און זיך גענומען צו מיין אַרבעט. די רוטין איז אַוועק אף איר אַלטן, געוויינטלעכן שטייגער...

*****

**טעג** זענען געשטאַנען הייסע, אָנגעגליטע. פון די אַרומיקע געל-זאַמדיקע און גאָלדיק-פעלזיקע בערג האָט עפּעס געבלאָזן מיט אַזאַ שווערן, סאַרפעדיקן ווינט. עס האָט געבריט איבעם קערפּער און אָפּגעברענט די הויט פון פּנים. בעאייסן אָטעמען האָט געקראַצט אין האַלדז ווי מיט מעסערס. די פיס האָבן געפּאַרעט און געגליט. מען איז אַרומגעגאַנגען אָפּגעשוואַכטע און אויסגעמאַטערטע. עס איז פּאָשעט שווער געווען אַ טאָג איבערצוקומען. עס איז געווען אַזוי הייס, אַזוי שטיקנדיק, אַז אָפּט האָט עס אויסגעזען, ווי אַפילע די טרוקן-פאַרכאַלעשטע בוימלעך וועלן אויך אָט-אָט אַוועקפאַלן...

וואר און מיט וואָס אָפּצוקילן זיך -- איז ניט געווען. דער קוואַל, וואר מיר פלעגן נעמען אונדזער טרינק-וואַסער, איז קוים-קוים גענוג געווען דערפאַר און מיר האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרגינען צו נוצן

אַן איינציקן טראָפּן אַפילע אַף אַרומצעוואַשן זיך. דאָס טייכל, וואָס באַם שליאַך דערביי, איז געווען פלאַך און פול מיט שטיינער, אַזוי, אַז אַפילע פאַר די פיש איז שווער געווען דורכצושווימען. דאָס איינציקע שטיקעלע פלאַץ אין דעם טייכל, וואו עס איז יאָ געווען עטוואָס טיפער און וואו דאָס וואַסער האָט דערגרייכט ביזן גאַרטל, — האָבן אונדזערע שטאַב-אָפיצירן פאַרנומען פאַר זיך און ניט דערלויבט קיין סאָלדאַטן דאָרט זיך צו באָדן, אַפילע ניט דעמלט, ווען קיין אָפיצירן זענען דאָרט ניט געווען...

גרישונין האָט זיך אָבער דערטראַכט צו אַ פּלאַן. ער האָט צוזאַמענגענומען עטלעכע יאַטן און — אַף דעם שטייגער פון די טערקישע וואַסער-מילן — אויסגעגראָבן אַ לאַנגן, פלאַכן קאַנאַל אַפן ברעג, פאַזע טייכל. דורך אָט דעם קאַנאַל האָט ער דאָס וואַסער ביסלעכווייז אָפּגעצויגן אַלץ העכער און העכער אַרויף, און — ביי אַ געוויסן אָרט, וואו דאָס וואַסער אינעם קאַנאַל האָט דערגרייכט אַ גענוגנדיקע הויך, — דאָס אַרונטערגעלאָזט איבער אַ ברייטן, פלאַכן שטיין. דערפון האָט זיך געשאַפן אַ געקינצלטער וואַסער-פאַל, וואו מען האָט זיך גאַנץ באַקוועם געקאָנט באָדן. מיר האָבן מאַמעש אויפגעלעבט. אָבער מער ווי אַן איינציק מאָל האָבן מיר זיך ניט געקאָנט באַנוצן דערמיט. דער וואַסער-פאַל איז טאַקע גלייך געפעלן געוואָרן אונדזער באַטאַלאָסטווע. זיי האָבן אים איבערגענומען פאַר זיך און אונדז פאַרבאָטן זיך דאָרט צו באַווייזן אַפילע. עפּעס איז אויסגעקומען, ווי עס וואָלט זיי, דער באַטאַלאָסטווע, מאַמעש אין לעבן געגאַנגען, אַז מיר זאָלן אַרומגיין שמוציקע, צעשוויצטע און צעפּאַרעטע...

פאַרכאַלעשטע, מיט אַרויסגעהאַנגענע צונגען, ווי די הינט, זענען מיר דעריבער אַרומגעגאַנגען אין דער שטיקנדיקער היץ און פּאָשעט געלעכצט נאָך אַביסעלע דערפרישונג. קיין דערלייכטערונג האָבן מיר אַפילע אין די אָוונטן ניט געהאַט. גראָד דעמלט, ווען די היץ האָט שוין עטוואָס נאָכגעלאָזט און דאָס ראָוו סאָלדאַטן פון אונדזער קליינעם גאַרניזאָן האָט זיך צעליגט אָפּרוען אַפן פרייען פעלד, אינעם קילנדיקן גראָז, האָבן מיר — ווי מיר זאָלן ניט האָבן מיד געווען פונעם גאַנצן טאָג — ערשט געמוזט צוגיין צום שפּייז-פּונקט פון „זעמסקע פאַרבאַנד" און זיך אַוועקשטעלן שפּילן לעבן דעם „פּאָטערלס" פּאַלאַטקע, קעדיי צו פאַרווײלן די אָפיצירלעך און די אָנגעלאָפענע קראַנקן-שוועסטער. דאָס ערגסטע איז אָבער ערשט געקומען נאָכן אָפּשפּילן, בעאייס מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אונדזער אייגענער צעפּאַרעטער און גאַנץ ענגער קוואַרטיר. דאָרט איז פּאָשעט שווער געווען דעם אָטעם צו כאַפּן.

די גאַנצע בייטאָגעדיקע שטיקעניש און אויך די היץ פון די צעגליטע ציגל־ווענט און פונעם בלעכענעם דאַך, האָט זיך ערשט פאַנאַנדערגע־לאָזט און זיך ערשט אויסגעפּאַרעט צו אונדז אין שטיבל אַריין. מיר, קעדיי כאָטש ווי ביט איז עטוואָס אָפּצוקילן דאָס פלאַץ און צו מאַכן מעגלעך איינצושלאָפן, — האָבן אָנגעטראָגן עטלעכע עמערס וואַסער פונעם טייכל און דאָס אויסגעגאָסן אפן שטיינערנעם דיל. דאָס האָט אָבער אויך ווינציק געהאָלפן. עס איז געוואָרן פאַרעדיק ווי אין אַ שוויץ־באָד. שלאָפן איז געווען אומעגלעך. עס איז מאַמעש ביט געווען מיט וואָס צו אָטעמען...

פאַרשמאַכטע און צוזאַמענגעפּרעסטע איינער צום אַנדערן איז מען געלעגן אף די נאַרעס, וואָס זענען געווען געבויט אין צוויי פלאַכן, ווי צוויי פּאָליצעס — איינע דירעקט איבער דער צווייטער — און דאָרט זיך ערשט געמוטשעט צום טויט. מען האָט זיך געדרייט אַהער און אַהין און סאָף־קאָל־סאָף זיך געמוזט צוריק אויפזעצן, קעדיי אָפּצואָטעמען. מען האָט אַפילע אַרונטערגעוואָרפן די אונטערוועש פון זיך, אין פאַר־זוך זיך לייכטער צו מאַכן, אָבער דאָס האָט געווירקט פונקט פאַרקערט. די נאָענטקייט פון איין קערפּער צו אַ צווייטנס, און די נאַקעטקייט פון די צעפּאַרעטע לייבער, האָט נאָך מער צעגליט און געשטיקט. עס האָט געריצט און גערעגט די יונגע בלוטן ביז מעשוגאַאַס...

יאַטן זענען געלעגן אף די געלעגערס און מיט די ציין געביסן דאָס אייגענע לייב פון פאַרדראָס. אַנדערע האָבן געשפּיגן, געשאָלטן און — מיט זייער געפּילדער — איבערגעוועקט די אַנדערע, וואָס האָבן שוין געהאַלטן באַם אַנטשלאָפן ווערן. ערשט אַרום פאַרטאָג, ווען דער דאַך און די ציגל האָבן זיך געהאַט אָפּגעקילט אין נאַכטיקער קילקייט, און ווען די מידקייט האָט סיי ווי גענומען די אויבערהאַנט, — איז די קאָמאַנדע — אַן אויסגעשעפּטע און אָפּגעשוואַכטע — אַוועקגעפאַלן און איינגעשלאָפן. פון צייט צו צייט האָט עמעצער — אַפּאָנים צערעגט פון עפּעס אַ בייזן, וויסטן כאָלעם, צי אַזוי איבער עפּעס אַן אַנדער אורזאַך — זיך אויפגעכאַפּט מיטן אַ גוואַלד פון שלאָף און איבערגעוועקט די גאַנצע קאָמאַנדע. אָפּט זענען דעריבער פאָרגעקומען קריגערייען און אַפילע געשלעגן. יעדע נאַכט האָט זיך געטראָפן עפּעס אַנדערש. אַמאָל איז עס געווען איבער אַ שטיקל פלאַץ, וואָס איינער האָט באַם אַנדערן פאַרנומען, און — אַן אַנדערשמאָל — איבער אַ האַרבערע זאַך: איינער האָט עמעצן געכאַפּט קריכן איבער די קעשענעס פון זיינע הויזן, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט פונעם אונטערן צוקאָפּנס. טיילמאָל האָבן זיך געטראָפן קאָמישע פּאַסירונגען, פון וועלכע עס האָט זיך בלויז געוואָלט

לאַכן און טיילמאָל — סקאַנדאַליעזע, — אַז עס האָט זיך גאָר געוואָלט אַ פאַרפאָר טאָן עמעצן אין דער מאָרדע אַריין דערפאַר...

*****

**גאָר אַן** אויסערגעוויינטלעכע געשעעניש האָט פּאַסירט איינמאָל אין אַ ביז גאָר צעגליטער, שטיקנדיקער נאַכט, וואָס האָט ניט געבראַכט די מינדסטע דערלייכטערונג פונעם שרעקלעך-הייסן טאָג. עס האָט אויסגעזען, ווי די היץ וואָלט זיך דעמלט פּאָשעט געהאַט פאַרנומען אויסצושטיקן אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן מיט איר פייער און פאַרע. אין אָט יענער נאַכט, נאָכדעם ווי מען איז נאָך אַ לאַנגן מוטשען זיך קוים אַנטשלאָפן געוואָרן, — האָט מען זיך גאָר מיטאַמאָל איבערגעוועקט פון אַ טומלדיקן געשריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון ערגעץ אַ ווינקל אף דער אונטערשטער נאַרע.

דערשראָקענע האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אף די געלעגערס און פאַרכידעשטע געקוקט צום דעזשורנע, וועלכער האָט זיך געאיילט צו יענעם ווינקל מיטן קליינעם קעראָסין-לעמפּל, וואָס ער האָט פון דער וואַנט אַרונטערגענומען. אַלע האָבן געקוקט, אָבער ניט געוואוסט וואָס עס איז געשען. מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען ווי אונדזער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו, נאָך ווייבלעכער ווי טאָמיד, איז — אַ נאַקעטער, ווי מיר אַלע — געשטאַנען אפן געלעגער, געהאַלטן אַ שטיוול אין דער האַנט, געהאַקט מיט דער אייזערנער פּאָדקאָווע זיין שאָכן „וויעטערן” איבערן קאָפּ און — דערביי, מיט באַנומענע קוילעס — געשריגן:

— איך וועל דיר ווייזן, הונט איינער, ווי צו קריכן!...איך...

לעכאַטכילע האָבן מיר גערעכנט, אַז דאָס איז די געוויינטלעכע פּאַסירונג; אַז מיסטאָמע האָט „וויעטער” געמאַכט אַ שפּאַציר איבער אַרטיאָמאָווס קעשענעס. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָסמאָל איז עס גאָר עפּעס אַנדערש — אויסערגעוויינטלעכס...

„וויעטער”, אַרטיאָמאָווס שאָכן אף דער נאַרע, איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער און זיך געדרייט און גערוקט צו דער וואַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינקריכן אין איר. מיט די הענט האָט ער זיך געפּרוּווט באַשיצן פון די פליענדיקע שטיוול-קלעפּ, וואָס האָבן אַלץ געהאָגלט איבער זיין קאָפּ, און דערביי היסטעריש געשריגן:

— הער אויף, מעשוגענער! וואָס האָסטו זיך צוגעזעצט, צו אַלדע שוואַרץ יאָר?!... עס האָט זיך דיר עפּעס געכאָלעמט, צי וואָס?...

אַרטיאָמאָוו איז געוואָרן נאָך מער אָנגעצונדן. ער האָט גענומען

נאָך שטאַרקער קלאַפּן מיטן שטיוול איבער „וויעטערס״ קאָפּ און באַ יעדן קלאַפּ צוגעוואָרפּן:

— אַזוי... געכאָלעמט האָט זיך מיר גאָר, דו מענוואַרול איינער?!... נו, און איך, מייסטער, פּיל שוין טאַקע גאָרניט?...

„וויעטער״ האָט זיך ניט אויפגעהערט דרייען און קניטשן. ער האָט זיך געפּרוווט אויפשטעלן פון גלעגער, קעדיי זיך צו ראַטעווען פון די קלעפּ, און — ווי צו פאַרענטפערן זיך — אַ וואָרף געטאָן צו זיין שאָכן, וואָס אף דער נאַרע איבער אים:

— אַ מעשוגענער דאָס איז!.. ער האָט זיך עפּעס איינגערעדט, דער טייוול ווייסט אים וואָס... הער אַ מאַיסע: שוין ניטאָ צו ווערן צו קריכן, נאָר צו אָט דעם דאָזיקן טרוקענעם פיש...

דער שאָכן אינדערהויך און — צוזאַמען מיט אים — קימאַט די גאַנצע קאָמאַנדע, האָט זיך צעלאַכט. דער טומל האָט זיך פאַרשטאַרקט און קיינער האָט שוין דערווייל מער ניט געטראַכט וועגן לייגן זיך צוריק שלאָפן. ביידע כעווערלייט האָבן זיך נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט אַרומצורייסן און קעסיידער געגוואַלדעוועט. מען האָט געשריגן אף זיי, געוואָרנט און געבעטן, אַז זיי זאָלן אַנטשוויגן ווערן, אָבער עס האָט אַלץ ניט געהאָלפן. און אַריינמישן זיך צווישן זיי האָט קיינער ניט געוואָלט. קיינער האָט אַפילע ניט געוואוסט ווער פון זייביידן עס איז גערעכט און ווער פון זיי עס האָט עמעס געזאָגט.

טערמאַקאָוו, וועלכער איז דעמלט געווען דעזשורנע און זיך צוגעקוקט צו אַלעם פון אָנהויב אָן, איז אַפּאָנים אומגעדולדיק געוואָרן. ער האָט צוריק אויפגעהאַנגען דאָס לעמפּל אף דער וואַנט, געטאָן אַ ריס אַרויס פון אַרטיאָמאָווס האַנט דעם שטיוול, אים אַ שמיץ געטאָן אָן דער ערד און זיך אף אַן עמעס גענומען בייזערן:

— נו, שוויגט שוין אַמאָל, דו מאַקע זאַראַזליווע!... גענוג שוין דיר פאַר היינט!...נו, געזען איבער וואָס מען האָט דאָס איבערגעוועקט אַ קאָמאַנדע פון שלאָף!...עס האָט אים עפּעס אַ קיצל געטאָן, איז אויס וועלט...טאָמער ווייסט איר וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען...

די ווייטערדיקע ווערטער האָט ער אַרונטערגעשלונגען עפּעס אַזוי מאָדנע קאָמיש, אַז כאָטש קיינער האָט אף קלאָר ניט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט, האָבן זיך דאָך אַלע שטאַרק צעלאַכט. אַרטיאָמאָוו, הערנדיק דאָס געלעכטער, וואָס איז געגאַנגען אף זיין כעזשבן, האָט זיך ווי פאַרשעמט און אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט זיך ענדלעך צוריק אַרונטערגעזעצט, זיך אַרונטערגעבויגן צו דער ערד, אויפגעהויבן דעם שטיוול און זיך גענומען קלאָגן:

— ביי גאָט! — האָט ער זיך דורך טרערן געשוואוירן, — עס האָט זיך מיר שוין גאָרניט אויסגעדאַכט!... איך האָב עס גאַנץ גוט געפילט... אַ גליק בלויז, וואָס איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין צייט, אַנדערש...

„וויעטער" האָט, ווייזט אויס, דערפילט, אַז ער איז שוין דאָס ערגסטע איבערגעקומען, האָט ער אַ וויש געטאָן דעם שווייס פון זיין פּאָנים, אַף גיך זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט און — אַ שוויגנדיקער זיך איינגעבורעט ווי אַ הינטל...

טערמאַקאָוו האָט צופרידן אַ רייב געטאָן די הענט, זיך נעענטער צוגערוקט צו „וויעטערן" און אים אַ זאָג געטאָן:

— אָט אַזוי, ברודערל, מיטן פּאָנים צו דער וואַנט וועט זיין פיל געזונטער... די וואַנט וועט זיך אַף דיר ניט באַקלאָגן... דאָרט קאָנסטו זיך טאָן וואָס דו ווילסט נאָר אַליין... און דו ווידער, — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אַרטיאָמאָוון, — דו זיי כאָטש צופרידן, וואָס האָסט זיך אויפגעכאַפּט פּונקט אין צייט... זעסטו, ווען דו וואָלסט כאָלילע פאַרשלאָפן, וואָלסטו זיך איינגיכן, כ'ווייס...

די קאָמאַנדע האָט ווידער אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער און ער, טערמאַקאָוו, — אַן אונטערגעוואַרעמטער, — איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע וויצעלעך:

— פונדעסטוועגן, — האָט ער מאַמזעריש אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויגעלע צו אונדז און דערביי, מיט אַ באַאיוון אָנשטעל, גערעדט צו אַרטיאָמאָוון, — זאָלסטו זיך פון איצטער אָן זען צו היטן און אויך זיין פאָרזיכטיק אף ווייטער... הערסט?... און טאָמער טרעפט זיך דיר ווען נאָכאַמאָל אַזאַ זאַך, זאָלסטו...

ער האָט זיך צוגעבויגן נעענטער צו אַרטיאָמאָוון, אים דערלאַנגט עפּעס אַ שטריקל אין דער האַנט אַריין און דערביי אים עפּעס אַ זאָג געטאָן שטיל אפן אויער. צום סאָף האָט ער מיט אַ געמאַכטן ערנסט און פיל העכער פון פריער, פאַרענדיקט:

— פאַרשטייסט, עס וועט זיין בעסער, אַז וועסט האָבן „פּאַקטישע באַווייזן"... קיינער וועט דעמלט ניט קאָנען אָפּלייקענען און...

יאַטן האָבן זיך אַזוי פאַנאַנדערגעלאַכט פון אָט די רייד, אַז זיי זענען שיער אַזש פון דער הויט געשפּרונגען. עטלעכע האָבן געגעבן צוואוואַרפן וויציקע באַמערקונגען, שטעך-ווערטלעך און ציניקע וויצן. אַנדערע ווידער האָבן געשריגן און זיך געבייזערט, פאַרוואָס מען לאָזט ניט שלאָפן. קיינער האָט זיי אָבער ניט געהערט. מען האָט אַלץ ניט אויפגעהערט רעדן וועגן דער געשעעניש און, אַף אַ וואולגאַרן אויפן, אויסגעטייטשט יעדע איינצלהייט פון דער פאַסירונג...

מיטאַמאָל איז גרישונין — אַ האַלב־באַקעטער — אויפגעשפרונגען פון זיין פלאַץ. פאַר אַ ווייל איז ער געבליבן שטיין מיט פאַרלייגטע הענט אף די באָקעס און שווער געאָטעמט. באַלד האָט ער אַ דונער געטאָן מיט זיין דיקער שטימע, אַז אַלע האָבן זיך פּאָשעט דערשראָקן און זענען שטיל געבליבן.

— וואָס האָט איר זיך אַזוי צעלאַכט? — האָט ער געשריגן און דערביי געדראָעט מיט זיינע פויסטן. — וואָס איז דען געשען אַזעלכעס, פון וואָס מען דאַרף לאַכן?... קאָן מען דען אָפלאַכן פון אייגענעם אומגליקלעכן לעבן?...אָ, טיפּשים וואָס איר זענט, באַמערקט איר דען גאָרניט, ווי איר לאַכט אָפּ פון אייגענעם אומקום?!... זעט איר דען ניט, אַז דאָס איז געשען בלויז דערפאַר, וואָס מען האָט אייך, מיך, אונדז אַלעמען, — אַזעלכע לעבעדיק־געזונטע יונגען, צו אַלדע טייוול, אַזעלכע פול־בלוטיקע אָגערס, דאָ פאַרשפּאַרט נאָר ווי אין אַ טפיסע?... צי פילט איר דען ניט, אַז דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט פון אונדז אָפּגעשניטן אונדזערע נאַטירלעכע מענטשלעכע נויטן?!... עך, לאַכן? — אַז שעמען וואָלט איר זיך כאָטש געדאַרפט!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אף זיין פלאַץ. אין קאָמאַנדע איז שטיל געוועזן. קיינער האָט שוין מער ניט גערעדט, אָדער געלאַכט. צופיל עמעס איז געלעגן אין גרישונינס רייד. צו טיף האָט ער אַ קראַץ געטאָן אין אַלעמענס וואונדן. עפּעס אַ שווערער אומעט האָט זיך אַוועקגעלייגט אף אַלעמענס פּענימער און אַלע האָבן דערפאַר געשוויגן. בלויז אַ ביינאַכטיק פלאַטער־פליגעלע האָט אַקשאָנעסדיק אַרומגעפלאַטערט אַרום דעם פלעמל פונעם ברענענדיקן לעמפל און זיך קעסיידער אָנגעקלאַפּט מיט אירע קליינע, דורכזיכטיקע פליגעלעך אינעם פאַרקאָפּטשעטן גלעזל. עס האָט, ווייזט אויס, געזוכט אַן אַרויסגאַנג צו דער ליכט, צו דער פריי, וואָס האָט זיך איר, אַפּאָנים אויסגעוויזן צו זיין דאָרט, אינעווייניק, אינעם פייער. אין אָט דער דאָזיקער שטילקייט האָבן אָטעמס שווער געסאָפּעט. הערצער האָבן אין אויפרעגונג געקלאַפּט. פון ערגעץ אין אַ ווינקל נאָרע האָט מיטאַמאָל זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט כליפּעריי, וואָס איז גלייך אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש־יאָמערלעכן געוויין.

דאַווידזאָן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן שטיל און קיין איינציק וואָרט ניט געלאָזט פאַלן, — האָט מיטאַמאָל אַ וויש געטאָן דעם שווייס פון זיין פּאָנים און — אַזוי ווי עס וואָלט אים געזונט געקאָסט — טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— עך, וויינען גאָר?...בלויז נאַראָנים וויינען, נאַראָנים...

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט טשעריאַק, מיט זיין געוויינטלעכן כויזעק, אים איבערגעשלאָגן. — יענער זאָגט: — מען טאָר ניט לאַכן, דער צווייטער זאָגט: — מען טאָר ניט וויינען. וואָס זשע מעגן מיר יאָ, צו אַלדע טייוול, עפשער פּלאַצן?...

דאַווידאָוו האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויף אים. ער האָט, זעט אויס, געטראַכט באַ זיך, צי ער זאָל יאָ ענטפערן, אָדער ניט. ענדלעך אָבער האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— לאַכן איז פּונקט אַזוי באַריש ווי וויינען, און ביידע זאַכן העלפן ניט. אומבאַהאָלפענע וויינען און באַראָנים לאַכן, צי עפשער פּאַרקערט, און עס איז קיין כילעק ניט. קלוגע, אָבער, — שטורעמען. און מיר... אָט, קוקט, — האָט ער מיטאַמאָל אַ צייג געטאָן מיט דער האַנט אויפן פלאַטער-פליגעלע, וואָס איז נאָך אַלץ אַרומגעפלויגן אַרום לעמפּל, — אַפילע דאָס-אָ באַשעפעניש שטורעמט אויך. אָט זוכט עס פאַר זיך אַ וועג צו דער ליכט, צו דער פרייהייט... און מיר, הסםם... וויינען, אָדער לאַכן... טוט בעסער אַ קוק אַהינצו, — האָט ער איבער-געפירט די האַנט אין דער ריכטונג פונעם שטאַב, — זיי דאָרט, האָבן זיך פאַרגרייט מיט גאַנצע עסקאַדראָנען קראַנקן-שוועסטער, מיט...נו... זאָל איך זאָגן — טיטולירטע געליבטע... פאַר אונדז, אָבער... עך, צו וואָס זיך נאָך ראָיען אין דער אייגענער שאַנד?... די פאָלגן אָבער הויבן זיך שוין אָן צו מערקן און, דאָס-אָ איז אַ טייל דערפון. עס איז בלויז אַ וואונדער, וואָס מען איז נאָך ניט מעשוגע געוואָרן...

— נאָך ערגער ווי באַ די אַרעסטאַנטן, — האָט יערמישין זיך געטומען קלאָגן, — יענע טוט מען כאָטש אַריין עפּעס אַזאַ מעדיצין אין דער שפּייז אַריין. דאָ אָבער, טאַקע נאָר מעשוגע צו ווערן און...

און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

דאַווידאָוו האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מער ניט גערעדט. אַלע אין קאָמאַנדע זענען געבליבן זיצן מיט פאַרזונקענע קעפּ און האָבן געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, פּונקט ווי גרישוּבין, דאַווידאָוו, און אַפילע יערמישין, וואָלטן מיט זייערע פייערדיקע רייד צעוואָרפן אַזעלכע גליענדיקע קוילן, וואָס האָט אַלעמען צעבריט. אַ צייט לאַנג האָבן די יאַטן געשוויגן און זיך אַפילע געשעמט צו קוקן איינער אויפן צווייטן. וועגן דעם געשעענעם האָט מען שוין קיינמאָל מער ניט דערמאַנט...



# קאַפּיטל צוואַנציק

**י מילכאָמע** איז שוין אַריין אין איר דריטן יאָר, אָבער קיין סאָף האָט זיך נאָך אַלץ ניט געזען. מען האָט שוין אַפילע אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אַ סאָף. עס האָט אויסגעזען, אַז אַזוי וועט שוין בלייבן אף אייביקע יאָרן. קיין שלאַכטן זענען קימאַט ניט פאָרגעקומען. זעלטן ווען האָט אויסגעבראָכן אַן איבערשיסונג אף אַ קורצער צייט. די פּאָזיציע איז דעריבער געוואָרן ווי איינגעפונדעוועט און מיר, דער שטאַב, איז דערפאַר געבליבן אפן זעלביקן פלאַץ.

פונעם הויפּט-שטאַב בּאַ דער קאַווקאַזער אַרמיי איז מיטאַמאָל גאָר אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אָנהויבן אָפּצולאָזן די סאָלדאַטן אף קורץ-טערמיניקע אורלויבן. דאָס איז געקומען ווי אַן איבעראַשונג פאַר אונדז און עס האָט אַריינגעטראָגן אַן אויפלעבונג אין דער קאָמאַנדע. לויט דער פּראָפּאָרציע, האָט אונדזער קאָמאַנדע געקאָנט אין איין צייט אָפּלאָזן בלויז צוויי מענטשן פאַראַמאָל. באַלאָנים זענען אָבער געווען — קימאַט אַלע. דאָס האָט אַרויסגערופן פיל מאַכלויקעס ביי די יאַטן. אַלע האָבן געוואָלט זיין פון די ערשטע צום פאָרן. און יעדער איינער האָט אָנגעוויזן, פאַרוואָס ער, נאָר ער, איז באַרעכטיקט דערצו...

סטעפּאַקין, וועלכער איז ערשט מיט בלויז אַ טאָג פריער געהאַט צוריק אָנגעקומען פון זיין לאַנגער אָפּוועזנהייט אין שפּיטאָל און אף אָפּרו, און האָט שוין געהאַט צוריק איבערגענומען די קאָמאַנדע אונטער זיין אָנפירונג, — האָט זיך גענומען צום אויסגלייכן דעם איניען. ער האָט פאָרגעלייגט צו וואַרפן אַ גורל און — יענער, וועמען דאָס גליק וועט צושפּילן, — דער זאָל פאָרן. דאָס איז געווען די בעסטע לייזונג און אַלע זענען איינגעגאַנגען דערויף.

מען האָט דעריבער אויפגעשריבן אַלעמענס נעמען אף שטיקלעך פאַפּיר. די דאָזיקע פּאַפּירלעך האָט מען — פאַרוויקלטע — אַריינגעלייגט אין אַ היטל און גענומען ציען דעם גורל. אַלע זענען אַרומגעשטאַנען

מיט קלאַפּנדיקע הערצער און — מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס — געוואַרט אפן גליקלעכן אויסגאַנג.

דער גורל איז אויסגעפאַלן אף דראַבולקינען און — מיר. יאַשן האָבן אונדז באַגריסט און געוואונטשן גליק, כאָטש זיי האָבן דערביי אינדערשטיל אונדז מעקאַנע געווען. דראַבולקין איז פּאָשעט אַרומגע-שפּרונגען ווי אַ צעווילדעוועטער און — פון גרויס פרייד — אַזש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט געטומלט און אויסגעלייגט פאַרשידענע פּלענער. עטלעכע יאַשן זענען צוגעשטאַנען צו מיר, פאָרגעלייגט באַ מיר אָפּצוקויפן די זכיה צו פאָרן, אָנגווייזנדיק, אַז איך האָב סיי ווי ניט וואוהין צו פאָרן, ווייל מיין היים-שטאָט איז פאַרנומען פון די דייטשן. איך בין אָבער באַשטאַנען אף מיין געווינס און זיך גענומען גאַנץ ערנסט צוגרייטן צום אָפּפאָרן.

סטעפּאַקין איז אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון שטאַב, צו מעלדן די נעמען פון די, וואָס דאַרפן פאָרן, און איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ יעדיע פון דאָרט, אַז דער שטאַב האָט ניט קיין אויסזעצונג און אַז די פּאַפּירן מיט די באַן-בילעטן וועלן פאַר אונדז פאַרטיק ווערן אין עטלעכע טעג אַרום...

איך, כאָטש איך האָב זיך אין אָנהייב ניט געריכט אף אַזאַ גליק, — האָב זיך דאָך געפילט יאָנטעוודיק. דראַבולקין האָט אַזש פון גרויס פרייד ניט געהערט וואָס מען האָט גערעדט צו אים. און דאַווקע האָבן יאַשן זיך ערשט אַ נעם געטאָן צו אים און אים גענומען אַריינזאָגן:

— זע זשע, דראַבולע, — האָט טשעריאַק שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן צו אים, — דו זיי דאָרט גוט צו דיין עסטרייכער... באַהאַנדל אים ווי אַן אייגענעם מענטשן; ווי דיין אייגענער ווייבס אַ פריינטל...

און גלייך צוגעגעבן:

— וואָרים, אויב אַ מענטש האָט אַכטונג געגעבן אף דיין ווייבל, בעאייס דו ביסט ניט געווען, האָט ער דאָך די ווערט, אַז זאָלסט אים כאָטש פונדעווועגן מיט אַ האַלב קענדל בראַנפן...

קאַטאַיעוו האָט אויך צושטייער געגעבן:

— זאָלסט אָבער אַמאָל ניט אויסלאָזן דיין קאַאַס צו דער באַבע דיינער. זי איז דאָך אַוואַדע אַ יונגע באָכערטע באַ דיר און...

אַ דריטער האָט געצופּט שטיקער:

— פונדעסטוועגן זאָלסטו זיך ניט לאָזן נאַרן... זאָלסט פאָדערן, אַז זי זאָל דיך באַהאַנדלען ניט ערגער ווי דעם עסטרייכער...

טשעריאַק האָט אים געגעסן מער ווי אַלע אַנדערע. ער האָט זיך פּאָשעט אָנגעזעצט אף אים און מיט געמאַכטן ערנסט אָנגעזאָגט:

— זאָלסט אונדז זען צו ברענגען אַ פאָטאָגראַפישע קאַרטעלע. דו הערסט?!... עס זאָל זיין געמאַכט אַזוי: דו — פון איין זייט, דער עסטרייכער — פון דער צווייטער, און זי, די באַבע אייערע — אונטער ביידנס אָרעמס — אינדערמיטן. אָט אַזוי ווי עס פירט זיך בא די רייכע לייט: — די גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען, מאַן, ווייב און געליבטער...

דראַבולקין האָט זיך געמאַכט האַרץ. ער האָט קלוימערשט טאַקע מיטגעלאַכט מיט די וויצן, אָבער געפילט האָט מען גאָר, אַז דאָס האַרץ זיינס ווייגט מאַמעש ביי אים. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און — מיט געמאַכטן שפאַס — אָפגעענטפערט:

— זאָרגט זיך ווינציקער פאַר מיר. לאָזט עס שוין איבער צו מיר אינגאַנצן... איך וועל זיך דאָס מייניקע אָפנעמען מיט פראָצענטן — יאָ עסטרייכער, אָדער ניט... איך וועל זיך אַפילע אָפנעמען פאַר אייערט־וועגן... יאָ, איך וועל אייך אַלע האָבן אינזינען...

טשעריאַק האָט אַ פייף געטאָן און צוגעוואָרפן:

— זע זשע פונדעסטוועגן, אַז זאָלסט זיך דאָרט אַמאָל ניט צופיל איבערפרעסן, וואָרים עס קאָן דיר נאָך כאָלילע פאַרשאַטן...

דראַבולקין האָט פאַרקנייטשט אַן אויג און גאַליק געכויזעקט:

— מיילע, אַז עס וועט האַלטן אַזוי ווייט און איך וועל דערפילן, אַז איך בין זאַט, וועל איך דאָס איבעריקע איינפאַקן אין אַ פייניטשקן קעסטעלע און עס מיטברענגען אַהערצו, פאַר דיר, מאַמעליגע...

דאָס קיבעצן — כאָטש שאַרף און שטעכיק — איז דאָך געווען אין גוטן מוט און פריינטלעך. קיינער איז ניט בייז געוואָרן און עס האָט קיינעם ניט געערגערט. פאַרקערט: דאָס האָט אַריינגעטראָגן אַביסל אויפלעבונג אין קאָמאַנדע. אַלע זענען געווען צופרידן. כעוורע האָבן אונדז מיטגעגעבן געלט און געבעטן מיטברענגען פאַר זיי פאַרשידענע זאַכן. איינעם — אַ ספעציעלן סאָרט פאַפיראָסן; אַ צווייטן — טאַבאַק, אַ דריטן — וואורשט; אַ פערטן — אַ פעשל קאָרטן און — אויב עס וועט זיך איינגעבן — אויך אַ פלעשל בראנפן. קימאַט יעדער איינער האָט צוגעגרייט אַ בריוו, אף צום אָפשיקן דורך אַ שטאָטישן פאָסט־קעסטל, קעדיי אַזויאַרום אויסצומיידן די מיליטערישע צענזור פונעם פראָנט. עס האָט אויסגעזען ווי ערעוו עפעס אַ גרויסן יאָנטעוו...

*****

**מיר האָבן** געשפילט אין עפעס אַ רעזערוו־באַטאַרייע, לעקאָוועד זייער באַטאַרייע־יאָנטעוו. די אַרטילעריסטן האָבן

צו דער געלעגנהייט באַקומען צו שטיקעלעך וואורשט און צו דאַרע, אַלטגעבאַקענע פראַנצויזישע בולקעס. מיר — פאַר אונדזער שפּילן — האָבן אויך באַקומען דאָס זעלביקע. די אָפיצירן האָבן געהוליעט אין אַ ספּעציעל-אויפגעשטעלטער פּאַלאַטקע. דאָרט האָבן זיי געפרעסן און געטרונקען, געיובלט און געזונגען. טאָסטן האָבן זיך געטראָגן איינס נאָכן אַנדערן און זיך צוזאַמענגעמישט מיט אַפּלאָדיסמענטן און מיט שיכּורע הוראַ-געשרייען...

מיר, די מוזיקאַנטן, זענען — ווי געוויינטלעך — געשטאַנען אינדרויסן, לעבן אָט דער פּאַלאַטקע, און געשפּילט. אָפיצירן זענען קעסיידער אַריין און אַרויס. פאַר אַ ווייל האָט זיך עמעצער פון זיי אָפּגעשטעלט לעבן אונדז און זיך איינגעהערט צו דעם שפּילן. פיל האָבן געהייסן שפּילן געוויסע זאַכן, געדאַנקט און אַפילע צוגעוואָרפן אַ רובל, אָדער צוויי דערפאַר. איינער פון זיי, אַ גאַנץ-היפּשלעך אָנגעשיקערטער, — האָט זיך פּלוצים גענומען טשעפּען צו אונדז. אַ וואַקלענדיקער איז ער געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן און דערביי עפּעס ברוגעז אונטערגעברומט אונטער דער נאָז. מיטאַמאָל האָט ער זיך גאָר אָפּגעשטעלט לעבן דוקלען און אים אַ זאָג געטאָן:

— וואָס זשע, זשידאָטשעק, דיר איז עפּעס סקוטשנע דאָ?... דו קאָנסט מער ניט, ווי דו ביסט געוואוינט געוועזן — אַרומגיין פאַרקויפן באָדל-פּאָדים, האַ?...

דוקעל האָט אים אָנגעקוקט און מיט שטאָלץ אָפּגעענטפערט:

— איך בין אַ מוזיקאַנט פון דער היים, אַ פידל-שפּילער, אָבער ניט קיין סוחר, אייער וואויל-געבוירנקייט. איך...

דער אָפיציר האָט מיט כויזעק זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אָ, איזוויניטע, גאָספּאָדין מישאַ כייפעץ, איזוויניטע!...

און גענומען מאַכן מאָדנע האַוואַיעס מיט די הענט, זינגענדיק:

— „אַי, וואַי, טאַטעלע, מאַמעלע, באָבעלע, האַי; טאָם נאַ פּאָזיציע גאָי סטרעליאַי, אַ יאַ נאַ דודקע סעביע איגראַי...*)”

פון דוקלען איז ער מיטאַמאָל איבערגעגאַנגען צו מיר. ער האָט אויסגעצויגן אַ פינגער גלייך קעגן מיינע אויגן און געשטעכלירט:

— און פאַרוואָס, זשידיוגע, פאַרשאָלטענער, ביסטו ניט אויף דער פּאָזיציע?... וואָס איז, דאָ, אין דער מוזיק-קאָמאַנדע, איז עס אַוואַדע זיכערער און באַקוועמער פאַר דיר, האַ?...

איך האָב געקוקט אויף אים און פאַרביסן אַ שמייכל. אָפּענטפערן אים האָב איך ניט געוואָלט און ניט געקאָנט. איך האָב פּאַשעט מוירע

*) אויף פּאָזיציע ניט אידן שיסן און איך שפּיל זיך דאָ אויפן פייפל.

געהאַט פאַר אַ סקאַנדאַל, וואָס וואָלט אַוואַדע צעשטערט מיין אורלויב, צו וועלכן איך בין שוין געווען צוגעגרייט. איך האָב זיך דעריבער באַלד אָפּגעקערט פון אים און אים איגנאָרירט.

דעם אָפיציר האָט אַפּאָנים פאַרדראָסן מיין שווייגן. ער איז געוואָרן צודרינגלעכער און אַ שטויס געטאָן מיט זיין פוס אין מיין קני. ער האָט געפאָדערט, אַז איך זאָל אים קוקן גלייך אין פּאָנים אַריין און אים סאַלוטירן. ער האָט געשריגן:

— אויסשיסן דאַרף מען אייך, אַלע זשידעס!... אויסשיסן אייך נאָר ווי די הינט, איר פאַרשאָלטענע!...

און נאָך איידער איך האָב באַוויזן זיך אָפּצורוקן פון אים, האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער פונעם טעשל, אָנגעצילט אף דער ערד, לעבן מיינע פיס, און לאַכנדיק גענומען שרייען:

— אַ־נו־קאַ, בעהיימע אַזעטיקע, טאַנץ נאָר אַביסעלע, טאַנץ!...

מיטאַמאָל האָט ער אויסגעשאָסן און אַ קוויטש געטאָן:

— אין געלויף — מאַרש!... מאַרש גלייך צו דער פּאָזיציע, דו פאַרשאָלטענער!... מאַרש זאָג איך!...

ער האָט באַכאַמאָל אויסגעשאָסן. זיין האַנט — אַ שווערע און אַ ציטערדיקע — האָט זיך, צום גליק, אַרונטערגעלאָזט. די קויל האָט אַ זעץ געטאָן ניט ווייט פון מיר און איז אַריין אין דער ווייכער, ליימיק־בלאָטיקער ערד, בלויז עטלעכע טריט פון מיינע פיס.

די קאָמאַנדע האָט געשטוינט און געציטערט. עטלעכע יאַטן האָבן אָפילע אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלטן אויסגעשריי און ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. גרישונין — אויס מוירע, אַז דער שיקערער אָפיציר זאָל ניט איבערכאַזערן זיינע ווילדע שטיק און דערביי אַמאָל ניט אויסשיסן אף עמעצן אף אַן עמעס, — איז פון הינטנאַרום אונטערגעשפּרונגען צו דעם אָפיציר, אים אַ כאַפּ געטאָן באַ די הענט, זיי אַרונטערגעצויגן און פאַרדרייט אף אַרונטער. דערביי האָט ער אים אַזאַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן אף צוריק, אַז איבערן אומגעריכטן ריס האָט יענער אַזש אַרויסגעלאָזט דעם רעוואָלווער פון דער האַנט, וואָס האָט — אין פאַלן — ווידעראַמאָל אויסגעשאָסן אין דער ערד אַריין.

גרישונין האָט אים גלייך אָפּגעלאָזט און זיך אַוועקגערוקט אָן אַ זייט. דער אָפיציר האָט זיך — אַ וואַקלדיקער — אַ לאָז געטאָן אויפצוהויבן דעם רעוואָלווער. ער האָט אָבער פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט, זיך אַ גליטש געטאָן און איז שוין אַזוי — אַן אויסגעצויגענער — דאָרט געבליבן ליגן מיטן פּאָנים אין דער בלאָטיקער ערד.

די אַרטילעריסטן, וואָס זענען געשטאַנען ניט ווייט פון קאָמאַנדע,

האָבן זיך אַזש אָנגעהויבן שטיקן פון געלעכטער איבער זייער אָפיצירס קאָמישער פּאָזיציע און זיך איבערגעוואונקען צווישן זיך אף גרישונינס דרייסטקייט. סטעפּאַקין איז צוגעלאָפן צו דער אָפיצירישער פּאַלאַטקע צו מעלדן וועגן געשעענעם. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער פּאַרהאַנגענער, לייוונטענער טיר און, מיט דער האַנט אינדרויסן, אָנגעוויזן צום פּלאַץ. עטלעכע אָפיצירן זענען באַלד אַרויסגעלאָפן און זיך גענומען אויפהויבן זייער אויסגעצויגענעם, איינגעשמירטן קאָלעגע. זיי האָבן מיט טיכלעך אים אַרומגעווישט דאָס אויסגעשמירטע פּאָנים, אים באַרואיקט און אַוועקגעפירט. אַן אַנדער אָפיציר איז צוגעקומען צו אונדזער קרייז, גענומען אויספרעגן די איינצלהייטן, זיי פאַרשריבן און צום סאָף מיט קאַאַס אַ געשריי געטאָן צו גרישונינען:

— און דו, באַלוואַן איינער, זאָלסט דערלייגן דיין אַדיוטאַנט וועגן דעם!...זאָל ער דיר צייגן וואָס עס הייסט אָנפאַלן אף אַן אָפיציר!...

גרישונין האָט געשוויגן. שפּעטער, נאָכדעם ווי מיר זענען שוין אַהיימגעקומען, האָט סטעפּאַקין דערלייגט דעם אַדיוטאַנט וועגן דעם און יענער האָט באַפוילן צו שטעלן גרישונינען אף צען שאָ אונטער דער ביקס. גרישונינען האָט דאָס ניט געאַרט. געוואוסט האָט ער, אַז ער וועט סיי ווי ניט דאַרפן אָפּשטיין. סטעפּאַקין האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וועט עס שוין פאַררייבן און ווי ניט איז פאַרשרייבן אין בוך אַריין, קעדיי יויצע צו זיין פאַרן אַדיוטאַנט.

מיך האָט די דאָזיקע גאַנצע געשעעניש געערגערט מער פון יעדן. עס האָט מיר זייער וויי געטאָן פאַר גרישונינען. איך בין צוגעגאַנגען צו אים, אים אויסגערעדט און געטרייסט. ער האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו מיר און געשמייכלט:

— אָ, עס לוינט ניט צו רעדן וועגן דעם. וואָרים וואָסער באַטרעף האָט די שטראָף מיינע קעגן דעם וואָס וואָלט געווען, ווען דער אויסוואורף דערשיסט עמעצן?... זעסטו, וואָס מיך פאַרדריסט יאָ, — האָט ער ביטער צוגעגעבן, — איז דער יוישער זייערער, אָט וואָס!... באַרעכן נאָר: איך... אָנשטאָט צו באַשטראָפן אים, דעם פאַרשיקערטן אויסוואורף, בין איך עס גאָר דער שולדיקער און...

ער האָט ניט פאַרענדיקט. ער האָט פאַרקוועטשט די פויסטן און דערביי אַזאַ שטאַרקן קריץ געטאָן מיט די ציין, אַז עס האָט זיך אַזש אויסגעדאַכט, ער וועט זיי — אין זיין גרויסן גרימצאָרן — פונעם מויל אויסברעכן. דערנאָך האָט ער זיך אַ שאַרפן דריי אויס געטאָן אין דער ריכטונג פון שטאַב, אַ טייטל געטאָן מיט אַ פינגער און געברומט:

— און אָט, ברידערלעך, פאַר וועמעסוועגן מיר דאַרפן עס ליגן

אונדזערע קעפּ!... פאַר אַזאַ באַנדע איסוואורפן, וואָס לעבן בלויז פון אונדזער בלוט און שפּייען נאָך אונדז אין די פּנימער אַריין...

ער האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט די פויסטן אין דער לופט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן קעגן עמעצן און ווידער אַ ברום געטאָן:

— געדענקט דאָס אָבער, טכוירישע נעשאָמעס, געדענקט דאָס, אַ פּעגירע אף אייך!...

דראַבולקין האָט געקוקט אף אים מיט פאַרטרויערטע בליקן. ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק און אויסגעקרעכצט:

— עך, דו, מאַמינקע מיינע!... וואָס שייך דער דאָזיקער הינטישער באַטשאַלסטווע, מעג אף זיי טאַקע קומען, ווי מען פלעגט עס זאָגן, אַ פאַרדריפּעטע אויסכאַפּעניש, ביי גאָט!...

„וויעטער", וואָס פלעגט אין אַזעלכע פאַלן גלייך ווערן אַ צע־קראָכענער און סענטימענטאַלער, האָט זיך טאַקע גלייך צערעוועט:

— פאַרוואָס קומט דאָס אונדז, פאַרוואָס?... דאַכט זיך, אַז מיר דינען זיי געטריי און עמעסדיק, האָרעווען פאַר זיי מיט די לעצטע קויכעס, און זיי... פאַרוואָס קומט דאָס אונדז?...

ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אָנגענומען באַ ביידע אָרעמס, אַרונטערגעבויגן זיין קאָפּ צו מיין ברוסט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איינבורען, און געשוויגן. דערנאָך האָט ער אַ הויב אויף געטאָן זיינע אויגן צו מיר און טרויעריק געשטאַמלט:

— פאַרוואָס האָט ער דיך באַליידיקט, דער הונט?...דו, דו ביסט דאָך ניט קיין זשיד, נאָר אַ יעווריי. ניט אַזוי?...

איך האָב אַ שמייכל געטאָן:

— עס איז אַלץ איינס, „וויעטער" ברודער, אַלץ איינס. זשיד איז דאָס זעלביקע וואָס יעווריי...מיעסע מענטשן רופן זשיד, ווייל...

ער האָט אין אומגלויבן מיר פאַרגעוואָרפן:

— אָ, מאַכסט כויזעק פון מיר. וואָס איז, איך ווייס דען ניט?... אָט, גודמאַן, דוקעל, באַלטעק, — זיי...דו אָבער ביסט אַ יעווריי... ער האָט דיך געוואָלט באַליידיקן, דערפאַר...

איך האָב געלאַכט. איך האָב שוין ניט איינמאָל געהערט פון אים דאָס זעלביקע, ווען ער האָט מיך געוואָלט שמייכלען. און כאָטש איך האָב אים שוין ניט איינמאָל דערקלערט וואָס דאָס מיינט, האָט ער אָבער זיך אַלץ געהאַלטן באַ דאָס זייניקע, אַז „יעווריי" און „זשיד" איז ניט דאָס זעלביקע. דאָ אָבער האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן:

— און אויב דו ביסט אַפילע יאָ אַ זשיד,— ביסטו מיסטאָמע פון עפּעס גאָר אַן אַנדער מין... אָבער אַז דו זאָגסט... יעדנפאַלס, בין איך

שטאַרק צופרידן וואָס ער האָט ניט געטראָפן אין דיר און...

אין קאָמאַנדע איז געווען אַ צערודערטקייט. אַלע האָבן גערעדט וועגן דער פּאַסירונג און אַזש געזאָטן פון איפּערעגונג. מיטאַמאָל איז סטעפּאַקין אָנגעלאָפן פונעם שטאַב און מיטגעבראַכט מיט זיך די צוויי אורלויב־דאָקומענטן מיט די בילעטן. די שטימונג אין קאָמאַנדע איז צוליב דעם גלייך געוואָרן אַן איבערגעענדערטע, און מען האָט שוין גאָר גענומען רעדן וועגן אונדזער אָפּפאָר. יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס אַנדערש וואָס אונדז אָנצוזאָגן.

מיר האָבן זיך טאַקע גלייך פאַרטיק געמאַכט אין וועג אַריין און זיך גענומען געזעגענען. יאַטן זענען אַרויסגעגאַנגען אונדז באַגלייטן און אַפילו נאָכגעגאַנגען אַ שטיקל וועג. מען האָט ווידער אָנגעזאָגט וועגן די בריוו און וועגן די זאַכן וואָס מיר האָבן צוגעזאָגט מיטצו־ברענגען. ענדלעך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, זיך צעקושט מיט די אינטימע פריינט, געדריקט די הענט באַ די איבעריקע און זיך גענומען שפּאַנען. יאַטן האָבן נאָכגעקוקט און נאָכגעשריגן:

— פאַרגעסט ניט מיטצוברענגען אַ שטיקעלע שאָלעם!...

— פרעגט זיך נאָך, קוקט זיך צו, דערשמעקט ווי עס האַלט!...

זיי האָבן נאָכאַמאָל צוגעוואָרפן אַ „גליקלעכע רייזע" און — מיט אויגן פול טרערן און קינע, פונקט ווי אַמאָל בעאייסן אַהיימלאָזן די אויסגעדינטע סאָלדאַטן — שטום נאָכגעקוקט אונדזער אַוועקגיין. זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, עפּעס נאָר ווי זיי וואָלטן ניט געגלויבט, אַז מיר זאָלן נאָך ווען עס איז צוריקקומען און אַז זיי זאָלן זיך נאָך קאָנען זען מיט אונדז. מיר זענען אַוועק פון זיי. מיטאַמאָל האָט זיך דערפילט עפּעס אַזוי מאָדנע־אומהיימלעך און שווער. אויף די פּלייצעס האָט זיך געשפּירט זייערע באַגלייטנדיקע טרויער־בליקן און עס האָט זיך דעריבער געוואָלט וואָס גיכער זיך דערווייטערן. מיר האָבן פונ־ווייטן נאָכאַמאָל צוגעוואָרפן אַ באַוועג מיט די הענט, שעמעוודיק אַליין אָפּגעווישט די טרערן, וואָס האָבן זיך קעגן ווילן אַ גאָס געטאָן פון די אויגן, און מיט איילנדיקע טריט זיך פאַרנומען אויף דעם שמאָלן, זאַמדיקן וועג, וואָס האָט זיך אַריינגעדרייט אין די בערג...

*****

**דראַבולקין** און איך זענען געפאָרן צוזאַמען ביז טיפליס. דאָרט האָבן מיר זיך געזעגנט. ער איז אַוועק ווייטער, אפן וועג אַהיים צו זיך, ערגעץ אין אַ דאָרף פון טאַמבאָווער גובערניע,

און איך האָב באַשלאָסן זיך אָפּצושטעלן אין טיפליס אויף אַ קורצער צייט. גערעכנט האָב איך זיך דאָרט צו זען מיט עטלעכע באַקאַנטע, וואָס איך האָב דערוואָרבן בעאייס אונדזער שטיין אין טיפליס אַפן וועג צום פראָנט, און ערשט דערנאָך אַוועקפאָרן ווייטער, קיין ראָסטאָוו. געהערט האָב איך, אַז דאָרט זענען פאַראַן פיל לאַנדסלייט — פּליטים פון פוילן, און איך האָב געהאָפט זיך דאָרט צו טרעפן מיט אייגענע.

אַהיימצופאָרן האָב איך סיי ווי ניט געקאָנט. מיין געבורט, און וואוין־שטאָט, איז שוין לאַנג געווען פאַרנומען פון די דייטשן. פאַר מיר איז דערפאַר ניט געווען קיין בילעק וואו זיך אָפּצושטעלן אויף מיין אורלויב, אַבי נאָר פריי צו זיין אַ שטיקל צייט און אָפּלעבן...

ווי עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, איז מיר ניט אויסגעקומען האַנאָע צו האָבן פונעם אורלויב, נאָר פאַרקערט, אַריינצוכאַפּן אַ היפּש ביסל צאָרעס. און אָנגעהויבן האָבן זיי זיך טאַקע גלייך, אַזוי ווי איך בין נאָר אַרונטער פונעם צוג און קוים געשטעלט די ערשטע טריט אויף דער „פרייער" גאַס, אין דער צווייטער זייט פונעם וואָקזאַל.

געשען איז אָט וואָס:

פון גרויס איבערעגונג, וואָס איך געפין זיך שוין ווידער צווישן ציווילן לעבן, בין איך, פאַרשטייט זיך, געווען אַביסל פאַרטראַכט און פאַרגאַפט. דער אומגעדולד און די פאַראינטריגירנדיקע דערוואַרטונג זיך צו טרעפן מיט באַקאַנטע און פרייע מענטשן, — האָט מיך מאַמעש ווי איבערוועלטיקט. איך האָב געשלונגען מיט די אויגן די אַרומיקע גאַסן, די הייזער, טראַמווייען, די ציווילע פאַרבייגייער און אַפילע דעם הימל, וואָס האָט דאָ, אין דער שטאָט, אויסגעזען עפּעס גאַנץ אַנדערש ווי יענער, דאָרט, אויפן פראָנט. איך בין געגאַנגען און פּאַשעט ניט געוואוסט וואו, אויף וואָסער וועלט איך געפין זיך. פּלוצלונג האָב איך דערהערט לעבן זיך אַזאַ רעציכעדיקן אויסרוף, וואָס האָט מיר אַזש אַ שניט געטאָן אין די אויערן:

— העי, דו, בעהיימע, וואָס שלעפּסטו זיך אַרום איבער די גאַסן און כאַלעמסט ווי אַ קוואָקע?!...

איך האָב אויפגעציטערט. צעטומלט און דערשראָקן האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן, זיך אומגעקוקט און דערזען לעבן זיך עפּעס אַן אַלטן גענעראַל, מיט אַן אַרונטערהענגנדיקן, גראָבן מאָפּסן־פּאָנים, וואָס איז געווען באַזעצט מיט אַ ברייטער, צעפּלאַטשיקטער נאָז און מיט אַ פּאָר שיטערע, גרויע וואָנצעס. ער איז געשטאַנען, בייז געדרייט מיטן קאָפּ און אַזוי הויך געשריגן, אַז עס האָט אַזש אָפּגעקלונגען איבער דער גאַס, און די פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן.

— הינטישער זון! — האָט ער געדונערט, — און וואו, צו אַלדע טייוול, האָסטו זיך דאָס אַזוי אויסגעלערנט?... אָדער עפשער האָסט דו גאָר געוואַרט, אַז איך זאָל דיר פריער אָפּגעבן דעם סאַלוט?!...

איך האָב זיך פאַרלוירן. עס האָט מיך אַזוי שטאַרק געקרענקט, וואָס מיר קומט אַלעמאָל אויס צו ליידן איבער דער ניט אויפמערקזאַמקייט צו סאַלוטירן, אַז איך האָב זיך שיער ניט צעוויינט פון גרויס פאַרדראָס. איך בין אָבער גלייך געקומען צו זיך. געטראַכט האָב איך, אַז דאָסמאָל איז עס ניט אַזוי געפערלעך און אַז עס וועט מיר לייכט דורכגיין. איך בין דאָך עפּעס פּאָרט אַ פראָנטאָוויק, — האָב איך זיך באַרואיקט, — פאַר מיר וועט ער דאָך מיסטאָמע האָבן איינזעעניש. איך האָב דעריבער גלייך אַ כאַפּ געטאָן מיין האַנט צום שטערן:

— שולדיק, אייער אויבערדערהויבנקייט! — האָב איך אָפּן סאָלדאַטישן אויפן אָפּסאָלוטירט. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך קום באַר-וואָס פון דער פּאָזיציע; אַז איך בין דאָרט אָפּגעווען העכער פון צוויי יאָר; אַז איך בין שוין אין דער אַרמיי פינף יאָר און אַז...

דער גענעראַל האָט מיך ניט געלאָזט ווייטער רעדן. ער האָט מיר באַפוילן אים צו באַווייזן מיינע פּאַפּירן און — אַזוי ווי איך האָב אים גאָר דערלאַנגט מיין אורלויב-שיין מיטן באַן-בילעט — האָט ער זיי צוגענומען בײַ מיר, געהייסן מיך אָפּלויפן אַ הונדערט טריט פונעם פּלאַץ, זיך אומקערן און אים דאַן סאַלוטירן ווי עס דאַרף צו זיין.

מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל, טראַכטנדיק, אַז דערמיט וועל איך שוין אַוודאי האָבן אַלץ איבערגעקומען, — האָב איך אָטאָמאַטיש אויסגעפאָלגט דעם באַפעל און, אַן אויסגעצויגענער, זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן אף מיינע פּאַפּירן. דער גענעראַל, אָבער, אָנשטאָט מיר זיי אָפּצוגעבן, האָט זיי גלייכגילטיק און שוייגנדיק אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע און — ניט געקוקט אין מיין זייט אַפילע, צוגעוואָרפן:

— זאָלסט זיך, הינטישער עק, מעלדן צו מיר אין דער קאָמענדאַנטור, נאָך די פּאַפּירן!... באַך הײַנט...

איך בין גלייך אַהינגעגאַנגען. נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעוואַרט אַ היפּש ביסל צייט אין דער קאַנצעלאַריע, איז דער קאָמענדאַנט, טאַקע דער אייגענער גענעראַל מיטן מאָפּסן-פּאָנים, אָנגעקומען. ער האָט מיך באַטראַכט פון אויבן ביז אַרונטער און מיך ווידעראַמאָל גענומען זידלען. דערנאָך האָט ער אַריינגערופן זיינס אַ סאָלדאַט, אָנגעוויזן אף מיר און אַ זאָג געטאָן צו אים:

— נעם אָט די דאָזיקע בעהיימע און זעץ אים איין אין קאַרצער אף פופצן טעג, אף ברויט מיט וואַסער!...

לעכאַטכילע האָב איך גערעכנט, אַז דאָס האָט דער גענעראַל נאָר געשפּאַסט אַזוי, קעדיי מיך איבערצושרעקן. איך האָב זיך ניט געקאָנט גלויבן, אַז ער זאָל בעעמעס פאַר אָט אַזאַ קלייניקייט באַשטראָפן אַזוי שטרענג אַ פראָנט-סאָלדאַט און צונעמען באַ מיר דעם גאַנצן אורלויב. איך האָב זיך אָבער גלייך איבערגעצייגט, אַז דאָס איז גאַנץ ערנסט. דער סאָלדאַט האָט מיך אַרייַנגעפירט אין אַ קליין, בידעריק קעמערל, ערגעץ אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר, אונטער טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו אַ העכערן שטאָק, און פאַרשלאָסן דאָס טירל הינטער זיך. אינעם קעמערל איז געווען פינצטער און שטיל. בלויז פון צייט צו צייט האָבן זיך איבער מיר אַ טראָג געטאָן קלאַפּנדיקע טריט, וואָס האָבן געדונערט ווי שווערע האַמערס און מיך שטאַרק אויפגערעגט.

דעם ערשטן טאָג פון מיין אַרעסט האָט מיין האַרץ מאַמעש געוויינט אין מיר פון פאַרדראָס. איך האָב זיך קוים געקאָנט באַהערשן פון צו צעוויינען זיך אפן קאָל. איך בין געווען אַזוי צעווייטיקט, אַז איך האָב זיך אַפילע ניט צוגערירט צום שטיקל טרוקענעם ברויט און צום ביסל וואַסער, וואָס דער סאָלדאַט האָט מיר דורכן טיר-לעכל אַרייַנדער-לאַנגט. עטלעכע מאָל האָב איך זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך צולאָזן צום קאָמענדאַנט. איך בין דעמלט, דאַכט זיך, גרייט געווען פאַלן צום קאָמענדאַנטס פיס און אים בעטן, אַז ער זאָל מיר מויכל זיין; אַז ער זאָל מיך ניט באַשטראָפן אַזוי שטרענג און באַ מיר ניט צעשטערן מיין לאַנג-דערוואַרטעטן אורלויב. דער סאָלדאַט האָט מיך אויסגעהערט מיט באַדויער און מיך פאַרזיכערט, אַז — שוין אָפּגערעדט וואָס ער קאָן עס ניט טאָן — לוינט זיך ביכלאַל ניט צו בעטן, ווייל עס וועט ניט העלפן. ער האָט מיר דערציילט, אַז אף וויפל ער אַליין געדענקט, האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז דער קאָמענדאַנט זאָל ווען עס איז עמעצן מויכל זיין און צוריקרופן די שטראָף פאַר דער באַשטימטער צייט. איך בין געבליבן זיצן פאַראומערט און געשוויגן. איך האָב שוין מער ניט געבעטן. ווי אַ באַזיגטער האָב איך זיך דאַן איבערגעגעבן דאָס געשעענע און אין זיך אויסגעווייטיקט מיין טיפן טרויער. איך האָב זיך געראַנגלט מיט די לייז און וואַנצן און מוירע געהאַט אויסצוטאָן די קליידער פון זיך, אַז די מייז זאָלן מיך דאָ ניט צעגריזשען. איך האָב זיך געגריזשעט פון פאַרדראָס און אַזש געביסן מיינע פינגער-נעגל פון דער דערנידעריקנדיקער פיין.

אפן סאָף פון צעכטן טאָג זינט איך בין אַרעסטירט געוואָרן, האָט מען גאָר אומגעריכט אויפגעשלאָסן דאָס טירל פונעם קעמערל און מיך אַרייַנגעפירט אין קאַנצעלאַריע. דער שרייבער האָט מיר אַרויסגעגעבן

מיינע פֿאַפּירן און מיר דערקלערט, אַז איך בין פֿריי און מעג מיינע פֿאַרבליבענע עטלעכע טעג גיין וואוהין איך וויל. דערביי האָט ער מיר שטילערהייט געזאָגט, אַז איך בין עפּעס גאָר אַ גליקלעכער מענטש. ווייל זינט ער געפֿינט זיך אין קאַנצעלאַריע באַם קאָמענדאַנט, איז עס צום ערשטן מאָל, אַז דער אַלטער זאָל עמעצן באַפֿרייען אַפֿילו בלויז מיט אַן איינציקער שאָ פֿאַרן אָפּזיצן די פֿולע באַקומענע שטראָף...

איך האָב שווייגנדיק צוגענומען די פֿאַפּירן און בין אַוועק...

*****

## גלייכגילטיק און אָן באַזונדערער פֿרייד

האָב איך אויפֿגענומען מיין באַפֿרייאונג. עס האָט מיך שוין גאָרניט ניט געאַרט און ניט איבעראַשט. די עטלעכע טעג, וואָס זענען מיר נאָך פֿאַרבליבן פֿון מיין אורלויב, — האָב איך פֿאַרבראַכט אַפּאַטיש צווישן מיינע באַקענטע. ווען איך האָב זיי דערציילט וועגן מיין פֿאַרדראָסיקער דערפֿאַרונג, — זענען זיי געוואָרן געקרענקט. איינער האָט מיר אַפֿילו פֿאָרגעוואָרפֿן, פֿאַרוואָס איך האָב ניט געלאָזט וויסן אין צייט, וואָלטן זיי עפּשער דעם איניען געקאָנט דערליידיקן מיט עטלעכע קערבלעך. עס איז שוין אָבער געווען פֿאַרפֿאַלן. זיי האָבן מיך דערפֿאַר געראָטן, אַז קעדיי אויסצומיידן מעגלעכע ווייטערדיקע צאָרעס בעאייס איך וועל בלייבן אין שטאָט, זאָל איך זיך בעסער איבערטאָן אין זייערע ציווילע קליידער, וועלכע זיי האָבן מיר פֿאָרגעלייגט.

איך האָב זיך איבערגעטאָן, אָבער אין ציווילע קליידער האָב איך זיך ערשט דערפֿילט אומבאַקוועמער ווי פֿריער. ערשט דעמלט האָב איך זיך געדאַרפֿט היטן. שוין ניט אַזוי פֿאַר די אָפֿיצירן, וועלכע איך האָב באַגעגנט אויף דער גאַס, נאָר טאַקע פֿאַר זיך אַליין. די געוואוינשאַפֿט אויפֿצוהייבן די האַנט און סאַלוטירן די אָנקומענדיקע אָפֿיצירן, — האָט זיך ניט געקאָנט אָפּטאָן פֿון מיר און איך האָב שטאַרק געליטן דערפֿון. אָפּטמאָל האָב איך זיך אַזש געדאַרפֿט באַצווינגען ניט צום סאַלוטירן. דער גאַנצער איניען האָט מיר גענומען ווערן איבערדריסיק.

מיינע באַקענטע האָבן מיך גענומען אויף צו באַווייזן די שטאָט. זיי האָבן מיך גענומען צו קאָנצערטן און איבער טעאַטערן; מיך געפֿירט איבער פֿאַרקן און אין קלובן. אומעטום, האָב איך באַמערקט, איז זיך דאָס לעבן אָנגעגאַנגען מיט אַ געהויבענעם טעמפּאָ. עס איז קימאַט ניט געווען צו דערקענען, אַז אין לאַנד איז מילכאָמע־צייט און אַז גאָרניט ווייט געפֿינט זיך אַ פֿאָזיציע, וואו מענטשלעך בלוט גיסט זיך

ווי וואַסער. טייערע ווייַנען, ליקערן, געמישט מיט פריידיקן געלעכטער, האָבן זיך געגאָסן און פאַרקלונגען די קלובן. די באַזוכער אין אָט די פאַרווייַלונג־פלעצער, האָבן אויסגעזען זאַטע און זעלבסטצופרידענע. עס איז געווען לייַכט צו דערקענען, אַז דאָס ראָוו פון זיי איז פון די נאָר־וואָס אויפגעקומענע, פון דער מילכאָמע־רייַך־געוואָרענע סאָכרים, וואָס האָבן אָנגעזשעברעוועט אויצרעס געלט באַם צושטעלן פּראָוויאַנט, שפּייַז און אַמוניציע פאַר דער אַרמיי. מיר איז אַפּילע אייַנמאָל דורך אַ צופאַל אויסגעקומען אויפצוכאַפּן אַזאַ מין שמועס צווישן צוויי האַלבּ־באַזויפענע און דעריבער אָפנהאַרציקע געסט פון אַ קלובּ:

— דער עמעס איז, — האָט אייַנער פון זיי זיך צעשמועסט מיטן צווייטן, — אַז איך פערזענלעך האָב פייַנט מילכאָמע. איך מוז אָבער צוגעבן, אַז איך האָב אין גאַנצן לעבן ניט פאַרדינט אַזויפיל געלט, ווי אין די מילכאָמע־יאָרן... הייַנט גיי און האַס מילכאָמע...

— און מיך אַרט ניט די מילכאָמע. — האָט דער צווייטער אים אָפּגעענטפערט, — פאַר מייַנעטוועגן קאָן זי אַזוי אָנהאַלטן נאָך צען יאָר. סיי ווי סיי איז פאַראַן צופיל שוואַל ביי אונדז אין לאַנד. עס האָט זיך זיי שוין אָנגעהויבן לעבן צו גוט, האָבן זיי גענומען קאָפּן דאָס ליילעך. אַזוי אָבער, אַז מען וועט זיי אַביסעלע אָפּרוימען...

— אַזוי צו אַזוי, — האָט דער ערשטער צוגעשטימט, — מוז מען די מילכאָמע דערפירן צו אַ זיגרייכן סאָף... צו אַ זיגרייכן סאָף...

טיילמאָל פלעגט זיך צווישן די טישלעך דורכשלייכן אַ יונגע דאַמע מיט אַ טעצעלע אין דער האַנט, אויסגעטיילט כיינעוודיק קאָקעטישע שמייכעלעך צו די אַרומזיצנדיקע און אויסגעזונגען:

— הערשאַפטן, גיט עפּעס פאַר אונדזערע סאָלדאַטיקלעך וועגן!... שענקט לויט אייער וואונטש אף מאַטאָנעס פאַר די פאַרוואונדעטע!...

אין אָנזיכט פון דאָזיקן, האָט מיך אַזש אָנגעהויבן עקלען. דער פאַרדראָס און ווייטיק איז ערשט געוואָרן בוילעטער, שאַרפער. אָפט האָב איך זיך געדאַרפט באַהערשן, ניט אויסצושרייען אפן קאָל:

— העי, איר, כאַזיירים, וואָס האָט איר זיך אַזוי צעהוליעט?... וואָס מייַנט איר, איר וועט זיך קאָנען אויסקויפן מיט די פאָר גראָשן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט?!...

דערפאַר האָט זיך אָבער געשפּירט אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג אפן סאָלדאַטישן באַזאַר, צווישן פּאָשעטן פאָלק. מיט אַ געוויסער צוריקגע־האַלטנקייט און פאָרזיכט, אָבער פאָרט קלאָר, האָט מען געמורמלט:

— ווי לאַנג נאָך וועלן זיי אַזוי אַרויסציִען דעם קליאָק פון די בייַנער און אונדז פאַרהונגערן צוליב דער מילכאָמע?...

סיי ווי סיי, די פּאָר טעג — איבערדריסיקע — האָבן זיך שוין באַלד געענדיקט. דעם פּלאַן צוצופּאָרן קיין ראָסטאָוו — האָב איך אויך אויפגעגעבן. איך האָב שוין פּאָשעט קיין צייט ניט געהאַט דערויף און עס איז מיר ביכלאַל נימעס געוואָרן צו זיין אַף דער „פריי". איך האָב מאַמעש אָנגעהויבן בענקען צוריק נאָך דער קאָמאַנדע; צו די יאַטן, מיט וועלכע איך בין געווען אַזוי איינגעלעבט און וועלכע זענען מיר איבער די עטלעכע יאָר געוואָרן ווי אייגענע ברידער.

און איך האָב ניט אויסגעהאַלטן. מיט צוויי טעג פריער, איידער מיין צייט האָט זיך נאָך געהאַט פאַרענדיקט, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע פריינט און בין אַוועק צו דער באַן. איך בין געגאַנגען אַהינצו מיט מער צופרידנקייט, ווי בעאייס מיין אָנקומען. עס האָט מיך בלויז געאַרט דאָס, וואָס עס וועט דאַרפן נעמען עטלעכע טעג ביז איך וועל דערגיין צו דער קאָמאַנדע. מיין אומגעדולד און בענקשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב אַפילו ניט געוואָלט וואַרטן אַף אַ פּאַסאַזשיר-צוג, צו וועלכן איך בין געווען באַרעכטיקט לויט מיין באַן-בילעט, נאָר זיך אויפגעזעצט אַפן ערשטן מיליטערישן עשאַלאָן, וואָס איז געווען גרייט אַוועקצופאָרן.

אינעם וואַגאָן, אין וועלכן איך האָב זיך איינגעזעצט, האָבן זיך געפונען סאָלדאַטן פון פאַרשידענע טיילן אפן קאַווקאַזער פראָנט. דאָס ראָוב פון זיי — אויסגעהיילטע קראַנקע און לייכט-פאַרוואונדעטע, וואָס זענען שוין צוריקגעשיקט געוואָרן צו זייערע טיילן. די יאַטן — אַלע פרעמד צווישן זיך — האָבן ניט גערעדט איינער צום צווייטן. בלויז פון צייט צו צייט האָט מען זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ וואָרט אָדער מיט צוויי, ווי מען וואָלט זיך געהיט אַרויסצעווייזן וואָס מען טראַכט. ווען איך האָב זיך איינגעזעצט, זענען שוין אַלע פּאָליצעס אינעם וואַגאָן געווען פאַרנומען פון אַנדערע. מיר איז דעריבער אויסגעקומען צו מאַכן פּלאַץ פאַר זיך אַף דער ערד, לעבן דער וואַגאָן-טיר. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין דער טיר-עפענונג, מיט די פיס אַרויסגעהאַנגען אינדרויסן אַרויס, און זיך אַפּאַטיש צוגעקוקט צום אומעטיקן דרויסן. אַפן פּעראָן איז געווען ליידיק. ניט געווען מער דער אַמאָליקער גע-פילדער, ווי אין די ערשטע מילכאָמע-טעג. עס זענען ניט געקומען מער קיין מיליטערישע אָרקעסטערס, וואָס זאָלן שפּילן פאַר אונדז די פריילעכע מאַרשן צום אַרויספאָרן. עס זענען ניט געקומען די אַמאָליקע „פּאַטריאָטן" זיך צו געזעגענען מיט די אַרויספאָרנדיקע סאָלדאַטיקלעך צום פראָנט. און טאָמער איז עמעצער יאָ צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אונדזערע וואַגאָנען, — איז יענער געווען אַזוי אָנגעבלאָזן - ברוגעז,

אַקוראַט ווי מיר, די סאָלדאַטן, וואָלטן גאָר שולדיק געווען וואָס די מילכאָמע האָט זיך נאָך אַלץ ניט פאַרענדיקט.

איך בין געזעסן און געקוקט אפן מעלאַנכאָליש־שטילן וואָקזאַל און איך האָב זיך מיטאַמאָל דערפילט עפּעס אַזוי מאָדנע פאַרדראָסיק. עפּעס איז מיר אפן געדאַנק געקומען, אַז מיר, פראָנט כעוורע, זענען גאָר אַנדערע מינים מענטשן; אַז מיר האָבן קיין שום געמיינשאַפטלעכס מיט די דאָזיקע באַשעפענישן פונעם טיל. עס איז מיר אויסגעקומען, אַז זיי קאָנען אונדז ניט פאַרשטיין אַפילע; אַז זיי האָבן גאָר אַנדערע באַגריפן, געפילן און שטימונגען. עס האָט מיך אָנגעהויבן שטאַרק פאַרדריסן. נאָך מער האָט מיר וויי געטאָן, בעאייס מיט אַ צען מינוט איידער דער עשאַלאָן האָט געדאַרפט אָפּפאָרן, זענען צו די וואַגאָנען צוגעקומען עטלעכע אַלטע, צעקניישטשטע גאַבעטעס. זיי האָבן געפּאָכעט מיט קליינע, אָפּגעבליאַקעוועטע פענדלעך און אַריינגעוואָרפן אין יעדן וואַגאָן אַריין אַ מעכאַנישע פראַגע:

— וויפל זענט איר עס אינעווייניק, סאָלדאַטיקלעך?...

און פונקט אַזויפיל, וויפל סאָלדאַטן עס האָבן זיך געפונען אין וואַגאָן,— האָבן זיי אַריינגעציילט צוגעלעגענע עפּעלעך, צוזאַמען מיט פונקט אַזויפיל צוגעפּוילטע שמייכעלעך, און צוגעוואונטשן:

— זייט זיך געזונטינקע, סאָלדאַטיקלעך!... געאָרגי, דער זיגן־טרעגער, זאָל אייך באַשיצן און באַשירעמען!...

— גאָט זאָל אייך העלפן, אָדלערלעך, צום זיג און רום!...

און ווידער אַן עפּעלע מיט אַ קאָנפעטל...

„אַפּאָנים”, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — „אַז דערויף־אַ האָט עס יענע יונגע קאָקעטישע דאַמע צוזאַמענגעשנאָרעט די גראָשנס באַ די אָנגעפּרעסענע, זעלבסטצופרידענע הוליאַקעס אין די קלובן”...

עס האָט מיך גענומען פיינלעך עקלען. דער פייף פונעם לאָקאָמאָטיוו איז פאַר מיר געווען מאַמעש ווי אַ דערלייזונג...

*****

## ענדלעך בין איך אָנגעקומען אין קאָמאַנדע.

כעוורע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט מיר און מיך גענומען אויספרעגן ווי עס איז מיר דערגאַנגען. ווען איך האָב זיי דערציילט וועגן מיין דערפאַרונג מיטן קאָמענדאַנט און וועגן מיין אַרעסט, — האָבן פיל פון זיי מיר ניט געוואָלט גלויבן. אַ טייל האָט מיך באַדויערט. דראַבולקין איז אָנגעקומען מיט אַ צוויי טעג שפּעטער. אויך ער איז געווען בייז

און אָנגעכמורעט. טכּילעס האָט ער אַפּילע גאָרניט געוואָלט רעדן. ער איז בלויז געזעסן, געשטשירעט מיט די ציין און עפּעס זיך געבּרומט אונטער דער נאָז. באַמערקט האָט מען, אַז אויך אים איז דער אורלויב ניט איבעריק וואויל באַקומען. ערשט אף צומאָרגנס נאָך זיין קומען, אַז ער האָט זיך עטוואָס באַרואיקט, — האָט ער דערציילט, אַז ער איז געווען אַרעסטירט פינף טעג פאַר כאַפּן אַן איבעריקן טרונק בראַנפן. ער האָט אויך דערציילט, אַז אין די דערפער איז אַ הונגער; אַז די פויערים זענען אויפגעצאָרנט און אַז עס זעט אויס, אויב די מילכאָמע וועט זיך ניט פאַרענדיקן אינגיכן וועט זיכער עפּעס געשען...

כעוורע — אַז זיי האָבן געהערט אונדזערע דערפאַרונגען — זענען געוואָרן בּידערגעשלאָגן. זיי האָבן געקוקט אף אונדז מיט טרויער. עס איז שוין קיינעם פון זיי ניט איינזינען געלעגן צו שפּעטן, כויזעקן, אָדער קיבעצן. אַפּילע טשעריאַק, וועלכער האָט זיך געגרייט דערצו, האָט פאַרוואָרפן זיינע צוגעגרייטע פראַגעס צו דראַבּולקינען, וועגן דעם, וואָס עס הערט זיך מיטן עסטרייכער, מיט דער באַבע זייערער, און ווי ער אַליין האָט פאַרבראַכט. יעדער איינער פון קאָמאַנדע איז געווען אַזוי דערשלאָגן, אַקוראַט ווי די געשעענישן מיט אונדז וואָלטן גאָר מיט זיי אַליין געטראָפן.

דעם צווייטן גורל האָט מען דעריבער שוין געצויגן אָן שום כיישעק און אַוואַדע אָן פרייד. עס איז שוין ביכלאַל ניט געווען די אויפרעגונג ווי באַם ערשטן מאָל. אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ מין גלייכגילטיקייט און עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט קיינעם אַפּילע ניט אָנגעגאַנגען ווער עס וועט זיין דער געווינער צום פאָרן.

סיי ווי, געוואונען האָבן קאַטאַיעוו און אַרטיאָמאָוו. עס איז אָבער פּאָשעט געווען אַ ראַכמאָנעס צו קוקן ווי די צוויי יאַטן האָבן אויס־געזען נאָכן געווינס. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרטרויערטע און מען האָט זיי געמוזט טרייסטן, אַז עס איז ניט אומבאַדינגט בּויטיק, אַז אויך זיי זאָלן האָבן אַ פאַרשטערטן אורלויב, און זיי גענאַרפט אויסרעדן, אַז זיי זאָלן זיך אַזוי ניט אָפּלאָזן. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. אָן כיישעק און אָן שום באַגייסטערונג — עפּעס נאָר ווי באַצוואונגענע — האָבן זיי זיך גענומען גרייטן צו זייער שוין אַזוי לאַנג־דערוואַרטעטן „גליק"...



# קאַפיטל דרייונצוואנציק

קימאַט יעדן טאָג האָט אונדזער קאָמאַנדע געהאַט ערגעץ וואו צו שפיקן. אָפטמאָל איז עס געווען באַם „פאָטערלס" פאַלאַטקע אין שפייז-פונקט, און טיילמאָל — ביי אַ דערביישטייענדיקער אָפטיילונג, וואָס איז געווען אַף אָפרו. צומאָל האָבן מיר אומגעריכט באַקומען אַ באַפעל, אַוועקצופירן מיט מוזיק אַ באַטאַליאָן, וועלכער איז געווען אין רעזערוו, אַף אָפרו, און — צוריקוועגס, פון דער פאָזיציע, אַהערפירן אַ צווייטן, איבערגעביטענעם באַטאַליאָן, וואָס האָט זיך ערשט געדאַרפט קומען אָפרוען. אַזאַ גאַנג איז געווען ניט איבעריק לייכט. דאָס איינציקע גליק איז געווען, וואָס סטאַוואָראָף פלעגט ניט מיטגיין און מיר האָבן זיך מער-ווייניק געפילט פריי אפן וועג.

געוויינטלעך האָבן מיר קיינמאָל אין פאָרויס ניט געוואוסט ווען אַזאַ באַפעל וועט אָנקומען און ווען מען וועט אונדז אַרויסרופן. און פאָרקומען פלעגט עס טאָמיד אָט אַזוי: מען האָט אינמיטן דער נאַכט געלאָזט וויסן דעם דעזשורנע וועגן דעם, און יענער — אויס מוירע ניט צו פאַרשפעטיקן — האָט אונדז אויפגעוועקט פאַרפרי און געהייסן צוגיין צו אַ באַשטימטן באַטאַליאָן. אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער פון יענעם באַטאַליאָן, — איז נאָך צו פרי געווען. דער באַטאַליאָן איז נאָך געשלאָפן און מיר האָבן ערשט געדאַרפט וואַרטן אַ צייט, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן אַרויסצוגיין.

איינמאָל אין אַזאַ פאַל, האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט באַזונדערס פרי. אַ שווערע נאַכטיקע רואיקייט האָט נאָך געהערשט איבערן לאַגער. די פאַלאַטקעס זענען נאָך געשטאַנען רואיק-צעשטעלט אין רעגלמעסיק-גלייכע רייען. די סאָלדאַטן זענען נאָך אַפאָנים געשלאָפן. בלויז דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט די אָפגעהאַקט-שווערע טריט פון עטלעכע אַרומשפאַנעריקע דעזשורנעס און דנעוואַלנעס. דער הימל אַליין האָט נאָך אויך אויסגעזען ווי נאָר-וואָס פון שלאָף אַרויס. ערגעץ וואו,

אינדערוויַיס, אַף איבער אַ באַרג-שפּיץ, האָט זיך קוים אָנגעהויבן צו בלויען אַ שמאָל ליכט-פּאַסיקל. מיר, — פאַרדראָסיקע איבער דעם צו פריען אַרויסגיין, — האָבן זיך דערוויַיל צוגעזעצט אַף דער ערד און גענומען אונטערדרימלען. מיטאַמאָל האָט זיך אין דער לופט דורכגעשניטן אַ סיגנאַל-רוף, וואָס האָט שרעקנדיק אָפּגעקלונגען מיט מאַסן עכאָס אַף די אַרומיקע בערג. איבערן לאַגער-פּלאַץ איז גליַיך געוואָרן אַ געררודער. אין איילעניש זענען די סאָלדאַטן אַרויסגעשפּרונגען פון זייערע פּאַלאַטקעס אַרויס, אַרומגעהאַוועט און אַרומגעפּאָרעט, און אין עטלעכע מינוטן אַרום איז שוין גאָרניט געווען צום דערקענען. דער פּלאַץ איז געוואָרן ווילד-נאַקעט און האָט אויסגעזען אַזוי אויסגעקראָכן ווי נאָך אַ פיַיער, אָדער אַן ערד-ציטערניש. ערגעץ וואו איז פאַרבליבן זיך וואַלגערן אַ צעריסענער שינעל, אַ פּאָר פאַרוואָרפענע, אַלטע הויזן, און גלאַט אַלטע, בוצלאָזע שמאַטעס. אַף אַ שטריק — צוגעבונדן צו צוויי בוימער — האָבן זיך געהוידעט עטלעכע פאַרגעלטע העמדער, וואָס עמעצער פון די סאָלדאַטן האָט פאַרגעסן, אָדער בעקיוון איבערגעלאָזט, און וואָס האָבן אויסגעזען ווי פענער פון אַ באַזיגטער מאַכנע. איבעם סאַמע מיטן פונעם פּלאַץ, אַף עטלעכע צונויפגעלייגטע שטיינער, האָט זיך — איבער רויכערדיקע, ניט-דערברענטע קלעצער, — געפּאַרעט אַ בלעך-קאַן מיט וואַסער. די סאָלדאַטן — באַהאַנגענע מיט די בייגל-אַרטיק געוויקלטע שינעלן, פּראָוויאַנט-זעק, ביקסן, פּאַלאַטקעס, שטעקעלעך, שטריק, לאָפּעטקעס, גראָב-אייזנס, און שפּייז-קעסעלעך, — האָבן עפּעס אויסגעזען ווי באַוועגלעכע פּעק, פון אונטער וועלכע מען האָט קוים געקאָנט אַרויסזען די מענטשן.

באַלד האָט ווידער אָפּגעהילכט אַ סיגנאַל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף און מען האָט זיך גענומען אויסשטעלן. דער באַטאַליאָן-קאָמאַנדיר האָט זיך אויפגעזעצט אַף זיין פערד, וואָס האָט זיך ספּריטנע געדרייט אונטער אים און מיט די קלאָען געקאָפּעט די ערד אונטער זיך, ווי פון אומגעדולד. ער איז אַרומגעריטן אַהין און צוריק, אין פאָרנט פון די אויסגעשטעלטע סאָלדאַטן, האָט זיך געבייזערט אַף די פעלד-פעבלען און ראָטע-קאָמאַנדירן, פאַרוואָס עס דויערט אַזוי לאַנג, און געוואָרנט, אַז מען זאָל זיך צאַיילן, ווייל אַנדערש וועט אויסקומען צו מאַרשירן אונטער אַ ברענענדיקער זון.

ענדלעך איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט די קאָמאַנדע, און מיר — אויפשפּילנדיק אַ מאַרש — האָבן זיך אַרויסגערירט. מיר זענען געגאַנגען געהאַקט און גיך. די לופט איז נאָך אַלץ גאַנץ קיל געווען. די זון האָט זיך געהאַט נאָר-וואָס אַרויסגערוקט און

איז געלעגן פאַרלייגט ערגעץ אָן אַ זייט פון אַ באַרג, ווי אַ קאָפּ אויף אַ קראַנקן האַלדז. עס האָט זיך שוין אָבער געשפּירט דאָס אָנקומען פון אַ גאַנץ שווערן און ברענענדיק־צעגליטן טאָג.

דעם וועג, די עטלעכע און צוואנציק ווי־אָרסט, האָבן מיר געמאַכט לעבעדיק און לייכט. געגאַנגען זענען מיר — ווי דער געזעץ איז אין מיליטער — פופציק מינוט און צען מינוט גערוט. בעאייסן אָפּרו האָבן מיר זיך, געווייבטלעך, צוגעזעצט לעבן אַ טייכל. כעוורע האָבן זיך דעמלט אָנגעטרונקען פולע בייכער מיט וואַסער און אָנגעפילט זייערע אויסגעליידיקטע וואַסער־פליאַגעס. טייל יאַטן האָבן באַנעצט די פּע־נימער און איינגעדעקט די קעפּ מיט איינגענעצטע טיכלעך. מען האָט גערויכערט, פאַרדרייט עקסטרע ציגייערלעך און זיי אַרייגעלייגט אין צווישן די לעדערלעך פון די היטלען, קעדיי צו האָבן גרייט וואָס צום רויכערן אויפן וועג, אין די קומענדיקע פופציק מינוט גאַנג...

מיר זענען דערגאַנגען צו אַ דערפל הינטער דער פּאָזיציע און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. דער באַטאַליאָן האָט זיך גלייך גענומען אַרויפהויבן אויפן באַרג, צו דער פּאָזיציע. מיר, די מוזיקאַנטן, זענען געבליבן אונטן, באַם באַרג־פוס. דאָרט, אין פּאָלק־אָבאָז, האָבן מיר באַקומען טיי מיט סוכאַרעס און זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז, וואַרטן ביז דער אַנדערער, געביטענער באַטאַליאָן, וועט אַרונטערקומען פון באַרג.

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט דער אַנדערער באַטאַליאָן זיך אָנ־געהויבן אַרונטערלאָזן פונעם באַרג און — אין זיין צעצויגנקייט — אויסגעזען ווי אַ מאַכנע קראָען. באַלד האָבן זיי זיך דערנעענטערט. די סאָלדאַטן — אָפּגעריסענע, מידע און פאַרבלאָטיקטע — האָבן זיך קוים געשלעפּט אויף זייערע פיס. די ליידיקע זעק אויף זייערע פּלייצעס האָבן אויסגעזען פונקט אַזוי ליידיק און איינגעפאַלן, ווי זייערע אויגן און באַקן. זיי זענען געווען פאַרטרויערט און עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך אַפילו ניט געפרייט מיטן באַלדיקן אָפּרו. דער קאָמאַנדיר פון אָנקומענדיקן באַטאַליאָן איז זיך צונויפגעקומען מיט דעם קאָמאַנדיר פונעם ערשטן, וועלכער איז געבליבן אונטן, צוזאַמען מיט דער פאָן־וואַך. זיי האָבן איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן די וויכטיקע פּאָלק־דאָקומענטן און זיך דערביי מיליטעריש פאַרנויגט איינער פאַרן צווייטן. אַ ספּעציעלער קאַראַאול האָט צערעמאָניאַל איבערגענומען די וואַך איבער דער פּאָלק־פאָן און דעם פאָנען־טרעגער פון דעם פריערדיקן קאַראַאול, וואָס איז געקומען פון אָפּרו. די סיגנאַליסטן האָבן געשפּילט, דער באַטאַליאָן האָט סאַלוטירט און... מען האָט זיך געשטעלט וואַרטן אויפן באַפעל אָנצוהויבן אַרויסמאַרשירן...

דער קאָמאַנדיר פונעם באַטאַליאָן, וואָס האָט זיך געקליבן גיין אף אָפּרו, דע-פּאָלע-פּאָלסקי האָט ער געהייסן, איז געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. צוליב זיין אויסערגעווייניטלעכער שטרענגקייט איז ער, פון אַ געוועזענעם פּאָרוטשיק, נאָר-וואָס דערהויבן געוואָרן צו דעם ראַנג פון פּאָדפּאָלקאָווניק. ער איז אַזויאַרום אַריבערגעשפּרונגען פולע צוויי טרעפּ איבעם ראַנגן-לייטער פּאַראַמאָל: שטאַבס-קאַפּיטאַן און קאַפּיטאַן. ער איז געווען — ווי זיין נאָמען האָט אָנגעדייט — עפּעס אַ נאָבלמאַן פון פּויליש-פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג און ביז גאָר אַ געפּוצטער, כאָטש ניט קיין איבעריק שיינער. צווישן זיינע סאָלדאַטן האָט מען דערציילט, אַז ער, דע-פּאָלע-פּאָלסקי, האָט אפן פּראָנט, אף דער סאַמע פּאָזיציע אַפילע, געטראָגן אַ קאָרסעט אף זיך, אף קעדיי אָנצעהאַלטן אַ שלאַנקן אויסזען. אַז אַלץ איז פאַרטיק געווען, האָט ער — מיט זיין געווייניטלעכן גאַנג, דורכשניידנדיק, נאָר ווי אַ ווינט וואָלט אים געשטערט — גענומען צושפּאַנען צום פערד, וואָס זיינס אַ שטאַפּעט האָט צוגעהאַלטן באַם ציימל. פלינק איז ער אַרויף אף דער ברוינער קאָבילע, גענומען שטרענג קאָמאַנדעווען און שרייען, אַזש אַ שרעק איז באַפאַלן דעם באַטאַליאָן. באַלד האָט ער אונדז באַפוילן צו אויפשפּילן אַ מאַרש און מיר האָבן זיך אַרויסגערירט אין וועג...

*****

**בעאייס** מיר האָבן זיך פאַרנומען אין וועג אף צוריק, איז שוין געווען אַרום מיטיקצייט. די גליענדיקע זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך אינמיטן הימל, פּונקט איבער די קעפּ, און האָט אומראַכמאָנעסדיק געבריט און געסאַרפּעט. די קערפּערס ביי אַלעמען — דורכגעווייקטע פון שוויס — האָבן געביסן און געבריט. די פיס-טריט — אין די אָנגעגליטע שטיוול — האָבן געברענט און געשמאַרצט ווי אין אַ קאַלך-אויוון. דער גאַנג איז געווען שווער און אומדערטרעגלעך. אין מויל איז געווען טרוקן. דאָס שפּייעכץ, געמישט מיט שטויב פונעם וועג, האָט געשטיקט. דער קלעפּיקער שטויב האָט זיך צעלייגט אפן גומען און צונג, און געשאַפן אַ בלאָטע אין מויל, פון וועלכער מען האָט ניט געקאָנט פּאָטער ווערן. די היטלען ביי די יאַטן זענען געווען פאַרדוקט אף אַרויפצו. די פאַרשוויצטע און נאַסע טשובעס האָבן זיך געפּלאָנטערט אף די שטערנס און מיט רינענדיקן שוויס געברענט אין די אויגן. די רויט-צעגליטע פּענימער זענען געוואָרן אָנגעבלוטיקט און די הויט האָט געשמאַרצט פון דעם רינענדיקן

געזאַלצענעם שוויס. שטראָמענווייז האָט ער זיך געגאָסן פון די העל־דזער, אַרונטערגערונען צו די ברוסטן און געשניטן אין די לייבער. צווי באַסע, איבערגעקרייצטע שוויס־פּאַסן האָבן דורכגעזעצט דורך די כאַקי־העמדלעך, אונטער די אַקסל־בענדער פון די אַמוניציע־זעק און דאָס העמד צום לייב צוגעקלעפּט. די הויט האָט געסוועדזשעט און מען האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן מיט די באַסע באַז־טיכלעך.

פאַר אונדז, מוזיקאַנטן, איז דער גאַנג געווען אַן עמעסע פּיין. אונדזערע קיילים — אָנגעגליטע פון דער זון — האָבן געוואָרפן פון זיך אַ שווערע היץ אין די אַזוי אויך שוין שטאַרק אָנגעגליטע פּענימער. די מונדשטיקער האָבן שיער שטיקער פלייש אויסגעגעסן, בעאייס מען האָט זיי צו די ליפּן גענומען. דאָס שפּילן איז געווען צאַרעדיק. די אינסטרומענטן, אָנשטאָט שפּילן, האָבן געפּיסטשעט ווי געשלאָגענע קעץ און קיין איינציק־ריינעם טאָן פון זיך ניט אַרויסגעגעבן. און ווייל אַזוי, האָט ערשט דער קאָמאַנדיר, דע־פּאָלע־פּאָלסקי, אונדז מאַמעש געצוואונגען צו שפּילן קימאַט אָן אויפהער.

קנאַפּע צווי שאָ זענען פאַרביי זינט מיר זענען אַרויסגעגאַנגען און קיין אָפּרו האָט מען נאָך אַלץ ניט באַקומען. אין באַטאַליאָן האָט זיך גענומען שפּירן אַ שטילע, קוים באַמערקבאַרע אומצופרידנקייט. יאַטן האָבן זיך שטילערהייט געסוידעט צווישן זיך און געזאָגט, אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז יענעם טאָג, אַפּאָנים, אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט און אַז ער וועט שוין דעריבער אַזוי אַוואַדע לאָזן אויס־גיין פון היץ און קיין אָפּרו וועט ער ניט געבן. שטילערהייט האָט מען צווישן זיך געמורמלט, אָבער רעדן, כּעסן — האָט קיינער ניט געוואַגט. אין באַטאַליאָן איז באַוואוסט געווען, אַז בײַ דע־פּאָלע־פּאָלטקין איז ניט פאַראַן קיין איינזעעניש.

די היץ איז דערוויל פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ שטאַרקער און סאַרפּעדיקער. די קערפּערס — באַסער, און די פּיס — מידער. דאָס מורמלעריי האָט זיך פאַרשטאַרקט, אָבער צו דע־פּאָלע־פּאָלסקין איז עס דערוויל נאָך אַלץ ניט דערגאַנגען. ער האָט זיך — גלייך ווי גאָרניט — געהוידעט אפן פערד, געקוקט אין הימל אַריין, און יעדע ווייל זיך אומגעקוקט צו אונדז און אונדז אונטערגעמונטערט:

— שפּילט, מוזיקאַנטן!... שפּילט עפּעס אַ לעבעדיקן מאַרש!... שפּילט, שלאָפט ניט, — וועלן מיר גיכער אָנקומען אַהיים!...

מיר האָבן אָפּגעשפּילט אַ פּאָר מאַרשן און פאַר אַ ווייל אָפּגעכאַפּט די אָטעמס. אָבער בעאייס מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אויפצושפּילן אַ צווייטן מאַרש, האָט זיך פּלוצלונג פון צווייטן עק באַטאַליאָן — ווי

פון הינטער אַ וואַנט אַרויס — דערהערט אַ פאַרשטיקטער אויסרוף:

— צום טייוול מיט דער מוזיקע!... גיט אונדז בעסער אָפּרו!...

דעם דאָזיקן אויסרוף האָט דע־פּאָלע־פּאָלסקי, אַפּאָנים, מער דער־פילט ווי דערהערט. ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן מיטן איבערשטן טייל קערפּער אפן זאָטל, אַ קוק געטאָן אפן באַטאַליאָן, זיך ציניש צעלאַכט און פרעך אויסגעשריגן:

— אָ, אַזוי הייסט עס, איר ווילט ניט קיין מוזיק, נאָר אָפּרו?! אָ, און איך האָב עס גאָרניט געוואוסט... נו, אויב אַזוי, איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש...וועט איר שוין היינט ביי מיר קריגן אַזאַ אָפּרו, אַז עס וועט אייך פינצטער ווערן אין די אויגן... איר וועט...

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן צו אונדז און רעציכעדיק צוגעוואָרפן:

— נו, טוט שוין אַ שפּיל, בעהיימעס, טוט שוין אַ שפּיל!... זעט איר דען אַליין ניט, אַז די אָרימע סאָלדאַטיקלעך זענען נעבעך מיד געוואָרן?...אָדער עפּשער ווילט איר אויך האָבן אַביסעלע אָפּרו?!...

מיר האָבן געשפּילט. דאָס האָט אָבער ניט פאַרלייכטערט די מיד־קייט באַ די סאָלדאַטן. דערפאַר, וואָס דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט אונדז געצוואונגען צו שפּילן אין אַ גיכערן טעמפּאָ ווי געוויינטלעך, איז דער טראָט באַ די סאָלדאַטן געוואָרן שווערער און מידמאַכנדיקער, זיי האָבן געהויבן די פיס און געפּרייכט. דאָס ראָוד פון די יאָטן זענען געגאַנגען מיט אַרונטערגעהאנגענע קעפּ און בלויז שטילערהייט אונ־טערגעמורמלט ווי צו זיך אין די בייכער אַריין. ביסלעכווייז אָבער איז די אומצופרידנקייט געוואַקסן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בורזשעניע. פון דאָ און דאָרט האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ ברום, אַן אומפאַרשטענדלעך וואָרט, אַ זידלערייי און אַפילע אַ קלאָלע. עס האָט אויסגעזען, אַז דער צונויפגעזאַמלטער צאָרן, וועלכער איז ביז יענער מינוט געלעגן ווי איינגעגראָבן,— וועט אָט־אָט אַרויסשטורעמען. פון מינוט צו מינוט איז געוואָרן אומרואיקער און טומלדיקער. די סאָלדאַטן זענען געוואָרן דרייסטער. מיטאַמאָל, מען האָט אַפילע ניט געזען פון וואַנען און פון וואָס, האָט זיך פון ערגעץ אין די הינטערשטע רייען, דערהערט אַן ערנסטער, אָבער דערצו אויך אַ שפּאָטישער אויסרוף:

— נו, אַוואַדע, וואָס אַרט עס אים?... אַז דאָס פערד אונטער אים שוויצט שוין אָפּ פאַר זייבעטוועגן!...

אונטערגעוואָרעמט און אויפגערעגט פונעם דאָזיקן אויסרוף, האָבן יאָטן באַקומען אַ פרישן מוט. פון אַ צווייטער זייט האָט זיך דעריבער גלייך דערהערט אַן איראָנישע באַמערקונג:

— נו, זיכער איז רייטנדיק אף אַ פערד לייכט צו פוס צו גיין!

אָט, זאָל ער אָבער אָקאָרשט נאָר אַרונטערגיין און אַליין אויך פאַרזוכן דעם טאַאַם פון שלעפּן זיך צו פוס אין אַזאַ פייער!...

— אַז ער האָט אונדז אין דער ערד! — האָט אַ דריטע שטימע, ווי אַ דונער, צוגעוואָרפן, — אַז ער הערט אונדז אַפילו ניט!...

די דאָזיקע אויסרופן זענען נאָך, אַפּאָנים, אין זייער קלאָרקייט ניט דערגאַנגען צום קאָמאַנדיר. דאָס קלאַפּן פונעם פערדס פּאָדקאָוועס אפן וועג, האָט עס מיסטאָמע פאַרטױבט. דער געטומל איז שוין אָבער ניט געוואָרן איינגעשטילט. יאַטן האָבן גענומען דרייסט שרייען:

— אָפּרו!...מיר ווילן אָפּרו!... גיט אונדז אָפּרו!...

— אַז מען וועט אונדז ניט געבן מיט גוטן, וועלן מיר זיך עס אַליין נעמען!...

— גענוג זיך געמוטשעט איבן, אף די בערג. מיר ווילן ניט אומקומען דאָ, אפן וועג!...

— זאָל ער אַרונטערקריכן פון פערד און שפּאַנען ווי אַלע!...

די געשרייען האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבערן אָפענעם פעלד און זיך צעפּאַלן אפן גאַנצן אַרום מיט ציטערדיקע ווידערקלאַנגען.. דע-פּאָלע-פּאָלסקי האָט עס ענדלעך דערהערט און אויפגעציטערט. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט ער דערפילט די געפאַר, וואָס האָט זיך — ווי אַ פאַרבאָרגן פייער — מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן, גרייט צום צעפלאַקערן זיך. דעריבער, ניט פאַרלירנדיק קיין איינציקע סעקונדע, האָט ער — צוזאַמען מיטן פערד — זיך שאַרף אַ דריי אויס געטאָן צום באַטאַליאָן מיטן פּאָנים און מיטן גאַנצן קויעך אויסגעדונערט:

— באַטאַליאָן, — שטיי!...

דער באַטאַליאָן האָט זיך טייקעף אָפּגעשטעלט. די אויסגעמידטע סאָלדאַטן האָבן אַרונטערגעלאָזט די ביקסן צו די פיס און פריידיק אָפּגעאָטעמט. אין דערוואַרטונג, אַז דע-פּאָלע-פּאָלסקי וועט זיי באַלד געבן דעם לאַנג-דערוואַרטעטן אָפּרו און זיי דערלויבן זיך אַרונטערצוזעצן, — זענען די סאָלדאַטן געשטאַנען, געקוקט מיט אומגעדולד אף זייער קאָמאַנדיר און געשוויגן.

עטלעכע רעגעט זענען פאַרביי אין גרעסטער אָנגעצויגנקייט. די אויגן בײַ די סאָלדאַטן האָבן געגליט. קיין באַפעל אף אָפּרו איז נאָך אַלץ ניט געקומען. ער, דע-פּאָלע-פּאָלסקי, איז נאָך אַלץ געזעסן אפן פערד, אויפגערעגט געביסן אַ ליפּ און אַפּאָנים געטראַכט וועגן עפּעס. מיטאַמאָל האָט ער טאַמעוואַטע, גלייך ווי גאָרניט, אַ פרעג געטאָן:

— און ווער, זאָגט מיר נאָר, האָט עס אַזוי געשריגן?... ווער פון אייך וויל עס אַזוי שטאַרק באַקומען אַן אָפּרו?!...

קיין ענטפער איז ניט געקומען.

דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז אָנגעגאַנגען:

— ווייסט איר כאָטש, הינט אַזעלכע, וואָס איך קומט דערפאַר?

די סאָלדאַטן האָבן אַלץ געשוויגן.

דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט ביטרע אַ שמייכל געטאָן. ער האָט אָפּגעניס דערפילט, אַז די סאָלדאַטן האָבן זיך ווי פאַרלוירן, און אַז ער האָט ווידער באַקומען די איבערהאַנט איבערן באַטאַליאָן. ער האָט דעריבער נאָך מיט מער טאַקיפּעט גענומען שרייען:

— איך באַפעל, אַז איר זאָלט מיר גליך זאָגן ווער עס האָט דאָס געשריגן און ווער עס האָט געבונטעוועט!...איר הערט?!...

קיין ענטפער איז אַלץ ניט געקומען.

— נו, אויב איר ווילט ניט זאָגן ווער עס האָט געבונטעוועט, —האָט ער בייזער און שטרענגער אויסגעשריגן,— וועט איר ווייטער קיין אָפּרו ניט באַקומען!...איר הערט?...אָט אַזוי אָ, פאַרברענטערהייט, וועט איר מוזן גיין ביי מיר!...

עס איז שטיל געוואָרן. אויסגעזען האָט עס, ווי אַ שטילער ציטער וואָלט דורכגערונען דורכן באַטאַליאָן. פאַר אַ וויילע האָט זיך אַפילע אויסגעדאַכט, אַז עמעצער וועט דאָך פאַראַטן און אָנווייזן ווער עס האָט געשריגן. קיינער האָט זיך אָבער פון זיין פלאַץ ניט גערירט. אָבער דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען מיט זיין מאַטערן. צווישן די סאָלדאַטן האָט זיך דערפילט עפּעס אַזאַ אומבאַקוועמע און פיינלעכע אָנגעצויגנקייט. מיטאַמאָל האָט זיך פון דער ווייטער, הינטערשטער ריי, דערטראָגן אַ פרישער אויסרוף:

— העי, איר, פּאָדערשטע, וואָס שוויגט איר דאָרט?... ווי לאַנג וועלן מיר זיך עס אַזוי לאָזן שטיקן און דריקן?... ענטפערט אים!... ענטפערט אים ווי מען דאַרף!...

דער דאָזיקער אויסרוף — ווי אַ פונק צו אַ פּולווער־פאַס. דער אויסגעשריי איז גלייך אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע סאָלדאַטן און עס האָבן זיך איבערן פעלד אַ טראָג געטאָן אַנדערע פאַרשידענע אויסרופן און געשרייען — געמישטע איינער אין צווייטן:

— שטייט ניט ווי געפּיגערטע נעווילעס!...ענטפערט אים!... אַלע ווילן מיר אָפּרו!...מיר אַלע האָבן געשריגן!... גענוג זיך שוין צו לאָזן פייניקן!... נעמט אים אַרונטער פונעם פערד!... מיט קויען נעמט אים אַרונטער!... אף די שטיקעס!... נעמט אים נאָר אַרונטער און דאַן וועלן מיר זיך שוין אַליין נעמען אָפּרו!...מיט גוואַלד נעמט אים אַרונטער!... גיט אים בליי צו שמעקן!... האַקט אין אים אַריין עטלעכע קוילן!...

שווייגט ניט, פּאָדערשטע דאָרט, שווייגט ניט!...

אַ נערוועזער פּאַכעד איז באַפאַלן די פּאָדערשטע סאָלדאַטן. זיי זענען געשטאַנען און האָבן געציטערט. קיין אייבציקע האַנט האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. דע־פּאָלע־פּאָלסקי אַליין — אין אַן אויסדויער־פּאָזע — איז געזעסן אפן פערד און קיין אויג ניט אַרונטערגענומען פונעם באַטאַליאָן. מיר, די מוזיקאַנטן, אַזוי ווי מיר זענען געשטאַנען גאָר נאָענט, סאַמע לעבן אים, האָבן באַמערקט ווי די קאָלירן אף זיין פּאָנים האָבן זיך קעסיידער געביטן. אָט איז ער געוואָרן בלאַס און אָט איז ער געוואָרן רויט. באַלד איז ער געוואָרן גרין און געל און די ליפּן ביי אים האָבן געציטערט. דאָס גאַנצע פּאָנים זיינס, — די אויגן, דער שטערן, און אַלע מוסקולן, האָבן געצוקט. עס איז קלאָר געווען, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן. דאָס האָט אָבער געדויערט בלויז אַ ווייל. גלייך האָט ער זיך אַפּאָנים געכאַפּט, אַז ער דאַרף האַנדלען גיך, און באַגריפן, אַז ער דאַרף קינצלעך אויסמאַנעווורירן די סאָלדאַטן, ווייל אַנדערש איז זיין לעבן אין קאָן. ער האָט ווי באַצוואונגען אַ וואָרף געטאָן אַ שמייכל, אַ קיצל געטאָן דאָס פערד מיט זיינע שפּאָרן און שטיף אָנגעצויגן דאָס ציימל, אַז דאָס פערד האָט זיך אַזש אַ שטעל געטאָן אף די הינטערשטע פיס. ער האָט זיך פלינק אַ לאָז געטאָן צום פאָן־טרעגער, אַרויסגעכאַפּט די פאָן פון יענעמס האַנט און איבערגיך זיך אַ וויקל איין געטאָן אינעם רויטן סאַמעט. אָפּגעטאָן דאָס, האָט ער ווידער זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם באַטאַליאָן אין אַן אויסדויערנדיקער, העלדישער פּאָזע און — קוקנדיק אפן באַטאַליאָן מיט פאַרזשמורעטע אויגעלעך — האָט ער, מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, טעאַטראַליש, אָבער מיט אַ קוים־מערקבאַרן ציטער, אויסדעקלאַמירט:

— נו, איצט קאָנט איר שוין שיסן, האַ־האַ!... וויסן זאָלט איר אָבער, אַז איידער איירס אַ קויל וועט קאָנען צוקומען צו מיין קער־פּער, וועט זי נאָך צום ערשטן מחן דורכלעכערן די דאָזיקע הייליקע פּאָלק־פאָן, וועלכע איר האָט געשוואוירן צו באַשיצן און...

דערזען, אַז דער באַטאַליאָן שטייט צעטומלט, האָט ער באַקומען מער מוט. מיט אָנגעבלאָזענער כוצפּע, דורך וועלכער ער האָט געזוכט צו פאַרדעקן די שרעק, וואָס האָט אים געהאַלטן געפּאַנגען, אָבער מיט אַ כויזעק־שמייכל, כאָטש נאָך אַלץ קלאַפּנדיק מיט אַ צאָן אין אַ צאָן, — האָט ער אַרויסרופעריש צוגעוואָרפן:

— וואָס זשע, איר האָט זיך טאַקע דערשראָקן פאַרן טויט?... נו, בישקאָשע, עס וועט אייך שוין סיי ווי ניט אויסמיידן!...אָ, איך וועל אייך נאָך באַווייזן דערפאַר, איר צויגישע קינדער!...

ער איז שטיל געבליבן, אָבער נאָך אַלץ געמאָסטן דעם באַטאַליאָן מיט זיינע ווילד-געוואָרענע און צעגליטע אויגן. די סאָלדאַטן האָבן אויך געשוויגן. קיינער פון זיי האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן. אַ שווערע געדריקטקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן מיטאַמאָל באַהערשט געוואָרן פון עפּעס אַ מאָדנע אומגעזעענער און געהיימער האַנט; פון עפּעס אַ מאַגיש-היפּנאָטישער קראַפט, וואָס האָט אַלעמען באַצוואונגען צו שווייגן. עס איז שוין מער קיין צווייפל ניט געווען, אַז די גאַנצע צעגליטע אויפרעגונג, וואָס האָט נאָר-וואָס געהאַט אויפגעבראַזט, און דער נאָר-וואָס אויפגעריסענער פאַרלאַנג פאַר נעקאָמע, וואָס איז אָט פריער צווישן די סאָלדאַטן געבוירן געוואָרן,— איז מיטאַמאָל צוריק אָפּגעשטאָרבן. עס איז אַזוי שטיל געוואָרן, אַז מען האָט, דאַכט זיך, געקאָנט אַרויסלייענען דאָס ציטערדיקע צאַפּלען אין אַלעמענס הערצער. אַלע זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך. עס האָט אויסגעזען, ווי דער גאַנצער באַטאַליאָן וואָלט מיטאַמאָל פאַרשטיינערט און שטום געוואָרן. בלויז דאָס פערד זיינס, דע-פאָלע-פאָלסקיס, איז געשטאַנען אומרואיק. עס האָט געגראָבן מיט די פיס אינעם זאַמד, געוואָרפן מיטן קאָפּ, געריסן דאָס שטייף-אָנגעצויגענע ציימל און געקלונגען מיטן ציימל-שטאָל צווישן די גרויסע פאַרגעלטע ציין. דע-פאָלע-פאָלסקי אָבער— פון איין זייט, און דער באַטאַליאָן — פון דער צווייטער, האָבן ניט געוואַגט זיך אַ באַוועג צו טאָן. יעדער איז געשטאַנען און שטום געטראַכט, ניט נאָר, אַפּאָנים, פון זיך, נאָר איבערהויפּט וועגן דעם וואָס דער אַנדערער צאַד פּלאַנט צו טאָן. אַ באַוועג האָט געקאָנט קאָסטן עמעצנס לעבן. מיטאַמאָל האָט דע-פאָלע-פאָלסקי איינגעשטעלט. ער האָט אומגעריכט אַ שטויס געטאָן דאָס פערד מיט זיינע שפּאָרן, זיך אַ דריי אויס געטאָן אף פּאָרויס, אַ צי געטאָן באַם ציימל און אַזוי — אַן איינגעוויקלטער אין דער פּאָן — פלינק זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַלאָפּ, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם באַטאַליאָן, איינגעהילט אין אַ געדיכטן שטויב-וואָלקן.

דער באַטאַליאָן איז געבליבן שטיין מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. צעטומלט פונעם אומגעריכטן אויסגאַנג — האָט זיך קיינער קיין ריר ניט געטאָן. אַפילו די עטלעכע יונגע פּראָפּאָרשטשיקעס און פעלד-פעבלען — ראָטע-און זוואָד-קאָמאַנדירן — זענען געבליבן שטיין ווי פאַרלוירענע און אָפּהענטיקע. זיי האָבן גאָרניט ניט געזאָגט, ניט פאַרגעוואָרפן און ניט געזידלט קיינעם. זיי האָבן, מאַשמאָעס, אַליין מוירע געהאַט, אַז דער אויסגעבראָכענער קאַאָס פון די סאָלדאַטן, זאָל זיך אַמאָל ניט אויסלאָזן צו זייערע אייגענע קעפּ. דער קאָמאַנדיר פון

דער ערשטער, דער קאָפּ-ראַטע, אַ יונגינקער פּראַפּאָרשטשיק, האָט זיך אַרויסגערוקט עטלעכע טריט אין פאָרויס פון זיין ריי, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום באַטאַליאָן און מיטאַמאָל אויסגעשריגן:

— באַטאַליאָן, הער מיין קאָמאַנדע!... אַף אָפּרו, באַפריי זיך!...

די סאָלדאַטן — ווי אָפּגעשניטענע פון טליעס — האָבן זיך מיטאַמאָל שווער אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד. מידע און אויסגעשעפּטע — איז קיינער פון זיי אַפילע ניט צוגעקראָכן צום טייכל, וואָס איז רואיק געפלאָסן דערביי, באַ דער זייט פונעם וועג. דער איינציקער באַגער ביי אַלעמען איז געווען — אָפּצורוען די מידע, צעפּאַרעטע פיס...

די יאַטן האָבן זיך צעלייגט אָנגעשפּאַרט אַף זייערע פּראָוויאַנט-זעק און שווער געסאָפּעט. שפּעטער אַ ווייל האָט דער נייער, זעלבסטבאַשטימטער קאָמאַנדיר געהייסן אַלעמען צוגיין צום טייכל זיך אָנצוטרינקען און אָנפילן די וואַסער-פליאַגעס. יאַטן האָבן זיך קוים צוגעשלעפּט צום ברעג טייכל און זיך אַ וואָרף געטאָן צום וואַסער מיט די מיילער, ווי זיי וואָלטן שוין פון אַ וואָך קיין טרונק ניט געהאַט. אין אַ צענדליק מינוטן שפּעטער, אַז מען איז שוין אַביסעלע געהאַט געקומען צו זיך, האָט דער קאָמאַנדיר געהייסן זיך צוריק אויסשטעלן אַף די פּלעצער, און אַ באַפעל געטאָן:

— ביקסן אַף אַקסלען!... פאָרויס, טראָטוויז — מאַרש!...

און דער באַטאַליאָן האָט פאָרגעזעצט דעם גאַנג...

*****

**איידער** מיר זענען צוגעקומען צום פּלאַץ, וואו די באַטאַליאָנען פלעגן זיך געוויינטלעך אָפּשטעלן אַף אָפּרו און צעשטעלן זייערע לאַגערן, איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ רייטער פון בריגאַדע-שטאַב און — אין נאָמען פון שטאַב-קאָמאַנדיר — איבערגעגעבן אַ באַפעל, אַז דער באַטאַליאָן זאָל צוגיין צום שטאַב. פונווייטן, נאָך איידער מיר האָבן אַפילע איבערגעטראָטן דאָס שמאָלע טייכל, וואָס איז געלעגן צווישן שטאַב און דעם וועג — האָט זיך געמערקט, אַז אין פאָרנט פון שטאַב-קאַנצעלאַריע, האָט זיך עפּעס גערודערט. דאָרט, אַפן פּלאַץ לעבן דער קאַנצעלאַריע, האָט זיך געזען אַן אויסגעשטעלטע קאָמאַנדע מיט פּולעמיאָטן אָנגעצילט גלייך אַנטקעגן אונדז. עטלעכע אָפיצירן זענען אַרומגעריטן אַף פערד און איינציקע סאָלדאַטן זענען געלאָפן פון קאַנצעלאַריע צו די אָפיצירן און צוריק...

מיט אַ געפיל, מער פון נייגעריקייט ווי פון שרעק, האָבן מיר

אַריבערגעשפּרייזט דאָס שמאָלע טייכל. די גאַנצע מיליטערישע צוגריי־טונג דאָרט, לעבן דער קאַנצעלאַריע, איז פאָרגעקומען זייער מאָדנע. עס איז ביכלאַל געווען אומפאַרשטענדלעך וואָס אונדזער באַטשאַלסטווע האָט געקאָנט מיינען דערמיט. עס איז דאָך אומעגלעך, — איז אָף די געדאַנקען געקומען, — אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען אויסצושיסן, אָדער אַפּילע בלויז אַרעסטירן דעם גאַנצן באַטאַליאָן. דאָס העכסטע — האָט זיך געגלויבט — וואָס זיי קאָנען יאָ טאָן, איז עפּשער פאַנאַנדערשיקן דעם באַטאַליאָן, אים אויפלייזן און פאַנאַנדערשפּרייטן אַלע סאָלדאַטן זייבע צווישן אַנדערע באַטאַליאָנען; צעוואַרפן צווישן אַנדערע פּאָלקן. סיי ווי סיי, לאַנג טראַכטן האָבן מיר ניט געדאַרפט. באַלד איז פאַר אונדז אַלץ קלאָר געוואָרן.

עטלעכע אָפיצירן — צוזאַמען מיטן בריגאַדע־קאָמאַנדיר — זענען אונדז אַנטקעגנגעריטן. דער קאָמאַנדיר האָט פונוויַיטן אַ הויב אויף געטאָן אַ האַנט און אויסגעשריגן:

— באַטאַליאָן, הער מיין קאָמאַנדע!...

ער האָט אונדז צוגעלאָזט אַביסל נעענטער און אַ באַפעל געטאָן:

— באַטאַליאָן, — שטיי!...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די סאָלדאַטן האָבן אַרונטערגעלאָזט די ביקסן צו די פיס. באַלד איז געקומען אַ נייער באַפעל:

— באַטאַליאָן, — יעדער צו זיין רעכטן פוס, אָף דער ערד, לייג אַוועק דאָס געווער!...

אַ שאַרפער ציטער האָט אַזש אַ שניט געטאָן אין די אָדערן. מיט צאַפּלדיקע הענט האָט דער באַטאַליאָן, אַריינגערעכנט די עטלעכע פּראַ־פּאָרשטשיקעס, אַוועקגעלייגט די ביקסן, רעוואָלווערן, שווערדן און אַלע אַנדערע מינים געווער וואָס מען האָט געטראָגן. מיר, די מוזיקאַנטן, האָבן אויך אויסגעטאָן אונדזערע רעוואָלווערן מיט די טעסאַקעס, און — צוזאַמען מיט די אינסטרומענטן — זיי אַוועקגעלייגט אָף דער ערד, לעבן די פיס, ווי דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן. אַ ווייל שפּעטער, אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר פאַרטיק געוואָרן דערמיט, — האָט דער קאָמאַנדיר ווידער אַ באַפעל געטאָן:

— באַטאַליאָן, — פאַרלאָז דאָס געווער אַזוי, אָף די פּלעצער, און אַליין — פאָרויס — מאַרש!...

ווי באַפוילן, האָבן מיר געלאָזט ליגן דאָס געווער אָף דער ערד און אַוועק אין פאָרויס. דער גאַנצער איניען איז שוין קלאָר געווען פאַר אַלעמען. באַטשאַלסטווע האָט מיסטאָמע זיך געקליבן עפּעס טאָן און — אויס מוירע, אַפּאָנים, פאַר אַ ווידערשטאַנד — אונדז קוידעם־

קאָל אַנטוואָפּנט און צוגעגרייט די פּולעמיאָטן. אָבער וואָס ווייטער?...

דער קאָמאַנדיר האָט אונדז געלאָזט אָפּגיין אַ פיר־פינף הונדערט טריט אין פאָרויס, אונדז בעקירעוועט אויף רעכטס און אויף לינקס און דערנאָך, — גאַנץ ווייט פונעם געוועהר — אונדז געהייסן זיך אָפּשטעלן. גלייך האָט ער אונדז גענומען פּאָרמירן און איבערשטעלן. צום ערשטן — ראָטעסוויז, דערנאָך — זוואָדנוויז, צו אָפּטיילונגען, און — צום סאָף — אין צווייי אויסגעצויגענע אײנצל־רייען, אָפּגערוקט איינע פון דער צווייטער אויף אַ צענדליק טריט און מיט די פּנימער אַנטקעגן זיך.

מיר זענען געשטאַנען שטילע און אומבאַוועגלעכע. קיינער האָט אַפילו קיין פינגער מיט די אויגן ניט געטאָן. ביי יעדן איינעם האָט זיך די ברוסט געהויבן אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. אַלעמענס פּנימער האָבן זיך געבלאָסט און געצוקט. פונוויטן, פונעם שטאַב אַרויס, האָט זיך באַוויזן דע־פּאָלע־פּאָלסקי. ער איז געגאַנגען מיט געלאַסענע און געמאָסטענע טריט, ווי זיכער אין זיך. באַלד האָט אַ סאָלדאַט צוגעפירט זיין פערד צו אים. ער האָט זיך אויפגעזעצט און איז צוגעריטן צום בריגאַדע־קאָמאַנדיר.

פאַר אַ ווייל האָבן זיי אינדערשטיל עפּעס גערעדט צווישן זיך. דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט דערביי עטלעכע מאָל סאַלוטירט דעם קאָמאַנדיר און מיטאַמאָל זיך אַ לאָז געטאָן רייטנדיק צום באַטאַליאָן. ער האָט געלאַסן גענומען פאַרבייריטן די אויסגעשטעלטע רייען. דערביי האָט ער מיט אַ בייסיק־שלאַנגיקן קוק אַריינגעקוקט יעדן סאָלדאַט אין די אויגן אַריין און אַלעמען דורכגעשטאָכן מיט זיין צאָרנדיקן בליק.

אַלע זענען געשטאַנען שטיל, האָבן נערווירט און געציטערט... פאַרשטאַנען האָט מען, אַז עפּעס וועט אַוואַדע באַלד געשען...

דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אַנטקעגן איינעם אַ געזונטן, באַבערדלטן סאָלדאַט אין דער ריי און — אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף אים — טרוקן און גלייכגילטיק אַ ברום געטאָן:

— אָט דער!...

פון דער זייט — ווי פון אונטער דער ערד אַרויס — זענען גלייך צוגעשפּרונגען עטלעכע קאָזאַקן, — באַוואָפנטע מיט בלאַנקע שווערדן. זיי האָבן אַ נעם געטאָן דעם סאָלדאַט און אים אַרויסגעפירט פון דער ריי. יענער האָט לעכאַטכילע געקוקט אַרום זיך מיט פאַרווירטע און צעשראָקענע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט ניט באַגריפן וואָס עס איז דאָ געשען און צי האָט מען טאַקע אים געמיינט. מיטאַמאָל האָט ער, זעט אויס, יאָ באַגריפן וואָס עס איז פאָרגעקומען און ער איז — אַ צע־רעגטער, מיט אַ באַצאַרט פּאָנים — צוגעפאַלן צו די קאָזאַקן, געקוקט

אָט אף איינעם, אָט אף אַ צווייטן און פאַרצווייפלט גענומען שרייען:

— הערט, גאָט מייַנער, דאָס איז דאָך אַ טאָעס!...איך... ניט איך...

די קאָזאַקן האָבן אָבער קיין שום אַכט ניט געלייגט אף זייַנע רייד און אים נאָך פעסטער צוגעהאַלטן. דע-פּאָלע-פּאָלסקי איז אַלץ ווייטער געריטן פאַרבייַ דער רייַ, האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, ווידער געפּרעסן די אַנטקעגנשטייענדיקע מיט זייַן שטעכיקן בליק און באַלד ווידער אַ צייג געטאָן אף עמעצן אין דער רייַ:

— און אָט דער-אָ!...

דער אָנגעוויזענער האָט גלייך אויפגעציטערט. ער האָט זיך אַזש אַ וואָרף געטאָן צו דע-פּאָלע-פּאָלסקין, אים געכאַפּט קושן אַ שטיוול, און גענומען היסטעריש וויינען:

— אייער הויך-וואויל-געבוירנקייט!... איך שווער אייך: איך בין גאַנץ אומשולדיק!..ערן וואָרט, אַז איך ווייס פון גאָרניט!...

דע-פּאָלע-פּאָלסקי — זיצנדיק אפן פערד — האָט מיט זייַנס אַ פוס אַזאַ שטאַרקן שטויס געטאָן דעם סאָלדאַט, אַז ער האָט אים צעבלוטיקט דאָס פּאָנים און אים אומגעשליידערט צו דער ערד. דערבייַ האָט ער גאַנץ קאַלטבלוטיק אַ וואונק געטאָן צו די קאָזאַקן:

— נעמט אים צו, דעם דאָזיקן סוואָלאָטש!...

די קאָזאַקן האָבן יענעם אַ הייב געטאָן פון דער ערד, אים פעסט אַרייַנגענומען צו זיך אין זייער רינג אַרייַן און מיט אויסגעשטעלטע פויסטן אים באַוויזן, אַז ער זאָל אָפּווישן דאָס בלוט פונעם מויל און בעסער שווייַגן. דע-פּאָלע-פּאָלסקי איז זיך ווייטער געריטן און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט די אָנווייַזונגען:

— אָט דער-אָ און... אָט דער!...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, בלויז אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צום עק פון דער רייַ און איז שוין ווייטער ניט געריטן. אַפּאָנים, אַז לויט אַ באַשטימטן פּלאַן פון פריער, — האָט ער מער ווי פיר מענטשן ניט געדאַרפט אויסקלייַבן. די קאָזאַקן האָבן אונטער די בלאַנקע שווערדן אַוועקגעפירט די פיר סאָלדאַטן אין שטאַב אַרייַן. דער בריגאַדע-קאָ-מאַנדיר איז ווידער צוגעקומען, אונדז צוריק איבערגעטראָיעט אין קאָלאָנעס און גענומען האַלטן אַ רעדע צום באַטאַליאָן. ער האָט דאַן אָנגעוויזן, אַז די פריערדיקע האַנדלונג פונעם באַטאַליאָן איז אַ זייער אומדערלאָזבאַרע און אומדערהערטע; אַז מיר האָבן ביכלאַל פאַרשוועכט דעם הייליקן נאָמען „סאָלדאַט”, וואָס מיר האָבן זוכע געהאַט צו טראָגן און, אַז מיר אַלע זענען גלייך שולדיק אין דאָזיקן פאַרברעכן:

— מען וואָלט דערפאַר — האָט ער געדונערט — אַלעמען פונעם

באַטאַליאָן געדאַרפט באַשטראָפן דערפאַר. נאַר, — האָט ער פאָרגעזעצט, — אַזוי ווי דער באַטאַליאָן האָט זיך אַלעמאָל אויסגעצייכנט סיי אין דער דיסציפּלין און סיי אַפן שלאַכטפעלד, דעריבער...

זיין שטימע האָט זיך געוואַקלט אַרויף און אַראָפּ. ער האָט דעם געמאַכטן ווייכן טאָן לענגער ניט אויסגעהאַלטן און פּלוצים מיטאַמאָל גאָר גענומען שרייען און זידלען:

— אויסוואורפן!...מער וועל איך אַזעלכעס ניט דולדן אין מיין בריגאַדע, איר הערט?!...מער ניט!... יעדן צענטן אין די רייען וועל איך לאָזן דערשיסן ווי אַ הונט!...איך וועל...

ער איז רויט געוואָרן ווי צונטער, עטלעכע מאָל זיך פאַרהוסט און איבערגעהאַקט איינמיטן רעדן. דערנאָך האָט ער אויסגעשפּיגן, אַ וויש געטאָן די וואָנצעס און ווידער גענומען רעדן געלאַסענער:

— אַזוי טאָרן דאָך קיין סאָלדאַטן ניט האַנדלען!...אַזוי־אַ קאָן בלויז האַנדלען אַ באַנדע ווילדע באַנדיטן!... און איר, אויב עמעצער פון אייך רעכנט, אַז אייערס אַ קאָמאַנדיר האָט אייך ניט ריכטיק, ניט יושערדיק באַהאַנדלט, און אייך ניט געגעבן דאָס, וואָס עס איז אייך געקומען לויטן געזעץ, איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקלאָגן... יאָ, איר קאָנט זיך באַקלאָגן אַפילע אַף מיר אַליין, אויב איך האַנדל ניט ריכטיק. דאָס איז אייער רעכט און... אָט, איך בין אַפילע גרייט שוין, דאָ אַפן פּלאַץ, אויסצוהערן יעדע קלאַגע וואָס איר האָט און זען, אַז דער שולדיקער, — מעג עס אַפילע זיין אייער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, — זאָל דאָס זייניקע באַקומען...

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן אַף זיין אַרויסרוף. דער באַטאַליאָן איז געשטאַנען אַ שטילער און עס האָט אויסגעזען, ווי קיינער וואָלט אַפילע מיט קיין אויג קיין פינטל ניט געטאָן. פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז דער דאָזיקער אַרויסרוף איז בלויז אַ ווענטקע, צו קאָבען כאַפּן עמעצן און אים באַשטראָפן ווי אַ בונטאָווטשיק. אין דער אַרמיי זענען אַזעלכע זאַכן געשען גאַנץ אָפט. מען האָט יעדן סאָלדאַט גאַנץ גוט געלערנט, אַז אַף מיליטער־דינסט קאָן מען זיך ניט סטאַם אַזוי, דירעקט צום קאָמאַנדיר, באַקלאָגן. יעדער איינער האָט געוואוסט, אַז די משטיינסגעזאָגטע קלאַגעס, וואָס עמעצער האָט, דאַרפן צום ערשטן דערלייגט ווערן צום יעפרעיטאָר, צו דעם סאַמע נידעריקסטן דירעקטן נאַטשאַלניק, אַזוי צו זאָגן. יענער דאַרף די קלאַגע ראַפּאָרטירן צום זוואָדנע און פון יענעם האָט עס ערשט געדאַרפט איבערגיין צו דעם פעלדפעבעל, וועלכער גיט עס איבער צום ראָטע־קאָמאַנדיר. אַזוי האָט עס געדאַרפט גיין העכער און העכער און ניט געדאַרפט אויסמיידן

אַפּילו יענעם, קען וועמען די קלאַגע איז געווען געווענדט. ווי איז אָבער געווען צו יענעם סאָלדאַט, בעאיס זיין קלאַגע איז דערגאַנגען צו יענעם אָפיציר, אף וועמען ער האָט זיך באַקלאָגט. עמעס, געטאָן האָט מען אים דערפאַר מיקלוימערשט גאָרניט. דאָס איז געווען זיין „רעכט". מען האָט אים אָבער דערנאָך שטילערהייט אַזוי פאַרביטערט דאָס לעבן, אַז ער איז דערנאָך גרייט געווען צו פאַרזאָגן אַ צענטן, קיינמאָל זיך ניט צו באַקלאָגן אף קיין נאַטשאַלסטווע. אָפּט האָט דער קלעגער צוריקגערופן זיין קלאַגע, באָך איידער זי איז דערגאַנגען צום ראָטע-קאָמאַנדיר. מערסטנטייל, אויב אַ קלאַגע האָט זיך שוין יאָ ווען עס איז אַריבערגעריסן איבערן באַקלאָגענעם, האָבן די עלטערע אָפיצירן, וועלכע האָבן געדאַרפט די קלאַגע אויפנעמען, — זי אינגאַנצן צעריבן און צונישט געמאַכט. דער קלאַל, אַז אַ הונט בייסט ניט זיין מין, איז אין אַזעלכע פאַלן אף קלאָר באַשטעטיקט געוואָרן.

דער קאָמאַנדיר, אַז ער האָט געזען ווי קיינער באַקלאָגט זיך ניט, האָט ער צופרידן אַ שמייכל געטאָן מיטן פולן מויל, עטלעכע מאָל אַ וויש געטאָן איבער די האַלבע וואָנצעס אף אַהין און צוריק און דאַן פריילעך-צופרידן אַ וואָרף צו געטאָן:

— מאָלאָדצי, צווייטער באַטאַליאָן, מאָלאָדצי!...

דער באַטאַליאָן האָט, ווי געוויינטלעך, אָפּגעענטפערט:

— צופרידן זיך צו פליסן, אייער הויך-וואויל-געבוירטיקייט!...

דער קאָמאַנדיר האָט אונדז ווידער אַ לאָז געטאָן מאַרשירן און דערביי אונדז געקירעוועט אַזוי, אַז יעדער פון אונדז איז ענדלעך צוריק צוגעקומען צום פּלאַץ, וואו ער האָט פריער געהאַט אָפּגעלייגט זיין געווער. דער קאָמאַנדיר האָט אונדז דאַן אָפּגעשטעלט, געהייסן יעדן פאַרנעמען זיין געווער און צוריק אָנטאָן אף זיך ווי מען דאַרף. דערנאָך האָט ער אונדז, מוזיקאַנטן, אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט פון פּלאַץ, געהייסן אויפשפילן אַ לעבעדיקן מאַרש, און דורכגעלאָזט דעם באַטאַליאָן אין צערעמאָניאַל-מאַרש, ווי אף אַ פּאַראַד...

*****

**ענדלעך** האָט דער קאָמאַנדיר אונדז דאָך פאַנאַנדערגעלאָזט. דער באַטאַליאָן איז אַוועק איבערן טייכל, אויפצושטעלן דאָרט זיין לאַגער. מיר, די מוזיקאַנטן, זענען אין איילעניש אַריין צו זיך אין קאָמאַנדע, אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די אינסטרומענטן מיטן געווער און געבליבן ליגן ווי געהאַרגעטע אף אונדזערע באַרעס.

ערשט דאַן האָט זיך דערפילט די גאַנצע שווערע מידקייט, וואָס האָט זיך ביי אונדז אָנגעזאַמלט פונעם גאַנצן טאָג, אַז עס איז פּאָשעט שווער געווען זיך אַ באַוועג צו טאָן. פון קיך האָט מען אונדז עטלעכע מאָל געלאָזט וויסן, אַז מיר זאָלן צוקומען נאָך אונדזער מיטיק, וואָס מען האָט פאַר אונדז באַהאַלטן. קיינער האָט זיך אָבער ניט גערירט דערצו. מיר האָבן זיך צעוואַליעט אף די באַרעס, ווי אויסגעצויגענע שעפסן, און ניט געהאַט דעם מינדסטן פאַרלאַנג צום עסן. אַ כּרץ דער מידקייט, וואָס האָט געמוטשעט די קערפּערס, האָט נאָך געפּרעסט דער ווייטיק פונעם געשעענעם. אַ שטיק צייט זענען מיר אַזוי אָפּגעלעגן שווייגנדיקע און צעדולטע. מען איז געווען ווי אָנגעבריגעזט איינער אפן אַנדערן, פונקט ווי מען וואָלט זיך אַליין באַשולדיקט אין אַלעם. און כאָטש קיינער האָט ניט גערעדט וועגן דעם, איז דאָך פאַר יעדן פון אונדז קלאָר געווען, אַז אָט אַזאַ זאַך — אויב עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן — האָט זיך געדאַרפט אויסלאָזן גאַנץ אַנדערש...

גרישונין, וועלכער איז דאָסמאָל ניט געהאַט מיטגעגאַנגען מיט אונדז אינעם אומגליקלעכן גאַנג, ווייל ער איז פאַרבליבן זיך אָפּרוען פון זיין ביינאַכטיקער דעזשורסטווע,— האָט זיך דערוואוסט וועגן דער פאַסירונג אפן וועג לויט דער פּראָצעדורע אפן שטאַב־פּלאַץ און פון צופעליקע רייד. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין קאָמאַנדע האָט ער געקריצט מיט די ציין, געביסן די ליפּן און זיי שיער ניט אָפּגעביסן. ער האָט געגליט מיטן פּאָנים און באַצאַאַרט געברומט:

— צו אַלדע פאַרשאָלטענע טיירואָלים!...העכער טויזנט געלאָדענע ביקסן זאָלן זיך אַזוי־אָ האָבן דערשראָקן פאַר אַ שטיקל שמאַטע!... אָ, גאָט מיינער, אַזויפיל מענטשן און מירע געהאַט פאַר אַן איינציקן מעשוגענעם הונט?!...

דאַווידאָוו האָט צונויפגעדריקט די פויסטן און געציטערט:

— ביסט גערעכט, גרישונין. יאָ, דאָס איז טאַקע אַ כאַרפּע, דער טיירול זאָל עס נעמען!...אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? איך קאָן דיך פאַרזיכערן, אַז וואָלטן מיר געשטאַנען אין די רייען, צווישן די סאָלדאַטן, און ניט אויסגעטיילט אין פּאָרנט, וואָלט דעמלט...

גרישונין האָט געבליצט מיט זיינע אויגן:

— אָבער דאָרט זענען דאָך אויך געווען מענטשן, ניין?... נו, אָט באַרעכן עס נאָר אינמיסטן אַליין: העכער טויזנט מענטשן אין דעם באַטאַליאָן און...עס האָט זיך ניט געפונען קיין איינציקער צווישן זיי, וואָס זאָל האַנדלען ווי אַ מענטש!...

דאַווידאָוו האָט אים אויסגערעדט:

— נו, נישקאָשע, עס וועט דערצו אויך קומען די צייט!... היינט האָבן יאַטן נאָך מוירע געהאַט און בלויז אַריינגעברומט צו זיך אין די בייכער אַריין, אָבער... זיי זיכער, אַז אויב עס האָט זיך נאָר אַפילע אַזוי אָנגעהויבן, וועט עס שוין גיין אַ גאַנג!... לאַנג וועט עס שוין ניט דויערן!...וואָרים דאָ איז דערוויילע נאָך ניט אַזויפיל וויכטיק דער רעזולטאַט, ווי דער טאַט גופע; דער באַגריף, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן...

דראַבולקין, וועלכער איז געזעסן אף דער נאַרע אַ באָרוועסער און מיט שפּייעכץ איינגעריבן די טריט פון זיינע מיט בלאָזן-פּאַרלאָפענע פיס, האָט געקוקט אף זייביידן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק און אויסגעגענעצט:

— עך-עך-ע, טייערינקע מיינע, זענען מיר דאָס אַביסל נאַרישע פּויערים, אַז מען דאַרף אונדז — ווי מיין פאָטערל, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן, פלעגט זאָגן — אַרונטערלאָזן די מייטקעלעך און אונדז אַריינפּיצקען מיט נאַסע ריטער איבער די הוילע אונטער-כאַלאָקים...

„וויעטער” האָט זיך אַרומגעשלעפּט אַ וויינענדיקער. עמעצער האָט אָנגעשריגן אף אים און געדראָעט אים די ציין אויסצוזעצן, אויב ער וועט ניט אויפהערן. יענער האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן שטוב און עפּעס אַזוי ווי אַרויסגעפּלאַצט:

— אָבער גאָט מיינער, מען וועט זיי דאָך דערשיסן!... מען...

זיינע ווערטער — ווי אַ באָמבע וואָלט אויפגעריסן — האָבן אַלעמען אויפגעטרייסלט. און כאָטש מיר אַלע האָבן גאַנץ גוט באַגריפן, אַז די פיר אַרעסטירטע סאָלדאַטן וועלן טרוקן ניט אָפּשניידן, האָט אָבער „וויעטערס” זאָג וועגן דערשיסן, אונדז אַלעמען ווי פריטשמעלעט... מען איז געבליבן זיצן מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ און געשוויגן.

עמעצער פון די יאַטן איז מיטאַמאָל אַריינגעלאָפן פון דרויסן. ער איז געבליבן שטיין לעבן דער טיר און — מיט אַ געבראָכענער שטימע, גיך און צעווייטיקט — אַ ברום געטאָן:

— שוין, עס הויבט זיך שוין אָן... אָט, אינדרויסן...

מיר זענען אַרויסגעלאָפן אַ קוק טאָן...

*****

## אינדרויסן, אַנטקעגנאיבער דער קאָמאַנדע

און ביים אַריינגאַנג צום שטאַב, איז געשטאַנען אַ טישל מיט עטלעכע בענקלעך. עטלעכע שטאַב-אָפיצירן — מיט דע-פּאָלע-פּאָלסקין צווישן זיי — זענען געזעסן אַרומגעזעצט. די קאָזאַקן-וואַך האָט אַרויסגעפירט

פון שטאַב די פיר אַרעסטירטע סאָלדאַטן, זיי צוגעפירט צום טיש, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די זיצונג פונעם פעלד־געריכט...

די גאַנצע זאַך איז צוגעגאַנגען זייער גיך. קיין איידעס האָט מען ניט אַרויסגערופן. מען האָט אַפילו גאָרניט געפרעגט ביי די באַשולדיקטע. אַן אָפיציר, דער פאָרזיצער פונעם געריכט — מיט אַ שטימע, וואָס האָט געריבן הייזעריק און אומקלאָר, אַזוי ווי ער וואָלט געריבן מיט אַ שאַרפער פייל איבער פאַפיר — האָט שנעל אַרויסגעלייענט פון אַ פאַפיר אַרויס. דערנאָך האָט ער, ווי פון יויצע וועגן, זיך אַ דריי אויס געטאָן צו די אַרעסטירטע און אַ ברום געטאָן צו זיי:

— איר האָט געהערט לייענען די באַשולדיקונג!... איר וועט דאָך ניט וואַגן אָפצולייקענען, אַז פאָלקאָווניק דע־פאָלע־פאָלסקי האָט אַלץ געמאָלדן אַקוראַט ווי עס איז אין עמעסן פאָרגעקומען...

די סאָלדאַטן — האָט זיך געמערקט — האָבן געוואָלט עפעס זאָגן, אָבער ער האָט זיי ניט געלאָזט. ער האָט זיך צוגעבויגן צו די אַנדערע אָפיצירן אַרום אים און אינדערשטיל עפעס גערעדט צו זיי. קלאָר איז געווען, אַז דאָס איז בלויז אַזאַ מיקלוימערשטע באַראַטונג. אַלץ — האָט אויסגעזען — איז שוין געווען צוגעגרייט פון פריער. ער האָט גענומען אַ צווייטן פאַרשריבענעם בויגן פאַפיר, זיך צוריק אומגעקערט צו די אַרעסטירטע און — שוין קלאָרער ווי פריער — אַרויסגעלייענט:

— לויטן באַפעל פון זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט, צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, אַלרוסלענדער זעלבסטהערשער, באַשליסט די זיצונג פון מיליטערישן פעלד־געריכט ביי דער טורקעסטאַנער בריגאַדע, אַז די פיר באַשולדיקטע סאָלדאַטן, וואָס זענען אויסגערעכנט אינעם באַשולדיקונג־אַקט, ווערן געפונען שולדיק אין אויפהעצן די סאָלדאַטן פון זייער באַטאַליאָן צו אַ בונט און אין אַ פאַרמעסט צו דערשיסן זייער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר. דער נעמלעכער פעלד־געריכט פאַרמישפעט דעריבער די דאָזיקע פיר פאַרברעכער צו טויט־שטראָף, דורך שיסן. די אויספירונג פון דער שטראָף זאָל פאָרקומען אין מעשעך פון פיר און צוואַנציק שאָ נאָכן אַרויסטראָגן פונעם אורטייל...

די פאַרמישפעטע זענען געבליבן שטיין מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און פאַרלוירן געקוקט אַרום זיך. זיי האָבן, אַפּאָנים, זיך ניט געקאָנט גלויבן, אַז אַלץ איז שוין טאַקע פאַרענדיקט. צוויי פון זיי זענען גאָר געווען ווי פאַרשטיינערט, אַזוי ווי אין באַוואוסטזיין, אַז עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט זיין; אַז אפן אויסגאַנג פונעם מישפעט איז סיי ווי ניט געווען צו האָפן אף בעסער און יושער. די אַנדערע צוויי, אָבער, זענען צוגעפאַלן אף זייערע קני צו דע־פאָלע־פאָלסקין, געכאַפט

קושן זיינע הענט און פיס, זיך געצאַפּלט אין אַנגסטן און אָנגעהויבן אַזוי היסטעריש כליפּען, אַז עס האָט אַזש ביי אונדז, די זייטיקע, די אָטעמס פאַרכאַפּט. עס איז שווער געווען צוצוזען דעם צאַאַר פון די דערוואַקסענע, אָבער פאַרלוירענע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געבעטן ראַכמים באַ יענע, וואָס האָבן איצט געגאַרט נאָך זייער בלוט...

זייערע געוויינען האָבן זיי טאַקע גאָרניט געהאָלפן. דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט קאַלט געשמייכלט. דערביי האָט ער נאַכלעסיק צעשפּרייט די הענט, אַרויפגעהויבן די אַקסלען, איינגעקנייטשט דעם שטערן און — מיט אַפּאַטיע — גלייכגילטיק אויסגעצויגן:

— איך קאָן אייך גאָרניט העלפן, טייערינקע... אויב איר האָט געוואָלט באַווייזן, אַז איר זענט טאַקע אומשולדיק, האָט איר געדאַרפט אָנווייזן ווער עס איז עס יאָ... איר — אויב איר האָט עס טאַקע ניט געטאָן — האָט דאָך אָבער אַוודאי זיכער געזען ווער עס האָט עס יאָ. איר האָט דאָך מיסטאָמע געהערט און...

איינער פון די פאַרמישפּעטע האָט זיך גענומען צאַפּלען:

— געהערט, אייער הויך־וואויל־געבירטיקייט...יאָ, טאַקע געהערט, אָבער ניט געזען ווער...אַז עס איז געקומען פון הינטער די פּלייצעס, פון ערגעץ פון די הינטערשטע רייען...

— נו, קאָן איך, ליידער, גאָרניט טאָן פאַר אייך, ברידערלעך, — האָט דע־פּאָלע־פּאָלסקי, — פּונקט ווי פריער — גלייכגילטיק אויסגעצויגן און — באַפרייענדיק זיינע שטיוול פון זייער אַרומנעמען — זיך פון זיי אַ קער אָפּ געטאָן און צוגעגעבן, — און אַ כוץ דעם, איז עס שוין איצט סיי ווי סיי ניט אין מיינע הענט. דאָס געריכט האָט שוין איצט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל און...עס איז שוין פאַרפאַלן...

די צוויי פאַרמישפּעטע האָבן גענומען פאַרצווייפלט יאָמערן.

דער געריכט־פּאָרזיצער, ווי ער וואָלט ניט געקאָנט פאַרליידן דאָס געוויין, האָט זיך אומבאַקוועם אַ קנייטש געטאָן. ער האָט אַ ברוגעזער אַ קוק געטאָן איבער זיינע ברילן אָף די אַרעסטירטע און אומגעדולדיק צוגעוואָרפן צו די פאַרמישפּעטע:

— דאָס איינציקע, וואָס מיר קאָנען איצט עפּשער יאָ טאָן, איז — אויב איר ווילט — אַוועקשיקן אַן אונטערטעניקע טעלעגראַמע צו זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט און, אין אייער נאָמען, אים בעטן פאַר אייך אַ באַגנאַדיקונג, עס ליגט איצט אויסשליסלעך אין זיינע הענט...

דער טאָן, אָבער, פון זיינע רייד, די צעשפּרייטע הענט און דער איינגעגראָבענער קאָפּ אין די אַקסלען אַריין בעאייסן רעדן — דאָס אַלץ צוזאַמען, האָט אַרויסגערופן אַ צווייפל אין זיין ערנסטקייט, אָדער צי

עס איז ביכלאל נאָך גאָר פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז די פיר מענטשן זאָלן ווי עס איז נאָך קאָנען געראַטעוועט ווערן.

די ערשטע צוויי האָבן עס טאַקע אויסגעדריקט מיט זייערע איראָ־ניש־ביטערע שמייכלען. באַ די אַנדערע צוויי אָבער,— באַ יענע, וואָס זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די קני פאַר דע־פאָלע־פאָלסקין,— האָבן די אויגן מיטאַמאָל אויפגעגלאַנצט, אין דער האָפנונג, מיסטאָמע, אויף באַגנאַדיקט צו ווערן פונעם צאַר. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער אָ האָפנונג, ווי אין אַן איבערגעבראָכענעם שטרוי. זיי זענען האַסטיק אויפגעשפּרונגען פון דער ערד און אין טרערן גענומען בעטן:

— טוט עס גלייך, אייער־הויך־וואויל־געבוירטיקייט!... מיר בעטן אייך אונטערטעניקסט... טוט עס גלייך...

די אָפיצירן האָבן זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פּלעצער. דער פאָרזיצער האָט צוזאַמענגענומען די פּאַפּירן פון טיש, דערביי ווידער אַ קוק געטאָן איבער די ברילן צו די אַרעסטירטע און פלעגמאַטיש אַלץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ...

די אַרעסטירטע האָט מען צוריק אַריינגעפירט אין שטאַב אַריין. דע־פאָלע־פאָלסקי האָט פויל אַ גענעץ געטאָן, מעכאַניש געוואָשן איינעם פון די אָפיצירן מיט אַ פּאַפּיראָסל פון זיין זילבערנער־פּאַפּיראָסן־פּושקע און— אָנגעמענדיק אים באַ זיין אָרעם— גענומען צוזאַמען מיט אים אַוועקשפּאַצירן צום שטאַב, רעדנדיק דערביי אפן קאָל:

— דאָס, יעפים אַנטאָנאָוויטש, וועט איצט זיין אַ גוטע וואָרנונג פאַר די איבעריקע געמיינע הינט...אָט אַזוי־אָ דאַרף מען זיי אָנלערנען, די ווערים... וואָרים אויב מיר זאָלן פאַרשווייגן אַזעלכע זאַכן, וואָלטן זיי, דער טייוול ווייסט, צו וואָס דערגאַנגען... זיי וואָלטן נאָך אונדז אַלעמען אויסגעשאָסן און...אָ, יאָ, מען דאַרף די דאָזיקע פּאַסקודסטווע אויסראָטן, נאָך איידער זי האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט אירע וואָרצלען...

דער אָפיציר האָט נאַכלעסיק צעבלאָזן דעם רויך פונעם פּאַפּיראָס הויך איבער זיך און— פונקט אַזוי פויל— צוגעשטימט:

— אָן צווייפל, פּאָלקאָווניק, אָן צווייפל... וואָס מער מיר וועלן זיי דריקן,— אַלץ בעסער וועלן די גרויע בעהיימעס זיך אויסלערנען צו וויסן ווי אַזוי זיך צו האַלטן פאַר נאַטשאַלסטווע. אָן צווייפל...



# קאַפּיטל פירונצוואַנציק

פאַרטאָג, עס איז נאָך רעכט פינצטער געווען, האָט מען אונדז אויפגעוועקט. דער דעזשורנע האָט אונדז געהייסן נעמען די אינסטרומענטן און אַרויסגיין צום שטאַב.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען און אַפילע ניט געוואוסט וואוהין און נאָך וואָס מיר דאַרפן גיין. פרעגן — איז אויך ניט געווען באַ וועמען. סאַוואָראָף אַליין האָט געשוויגן. ער — אַ פאַרשלאָפענער — האָט זיך אַרומגעדרייט און שטאַרק נערווירט. ער האָט געדרייכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן און געבלאָזן דעם רויך פון זיך מיט אַזאַ מין אימפּעט, פּונקט ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט פאַריאָגן פון זיך אַן אָנפאַל פון שרעק. מיר זענען אַלץ געשטאַנען, געוואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן און געקוקט אינעם. רויטן אויפגייענדיקן פרימאָרגן אַריין. אַלץ אַרום האָט אויסגעקוקט עפּעס אַזוי אַנדערש ווי טאָמיד, אַזוי מאָדנע פרעמד. דער פּלאַץ אויף דער צווייטער זייט טייכל, וואו מען איז טאָמיד געווען געוואוינט צו זען אויסגעשטעלטע רייען פון גרויע פּאַלאַטקעס, — איז געווען אינגאַנצן ליידיק און פאַרלאָזן. דאָרט, וואו דער אָנגעקומענער באַטאַליאָן האָט ערשט נעכטן געהאַט צעשטעלט דעם לאַגער, — איז געווען פּוסט און נאַקעט. עס האָט זיך ניט געמערקט קיין איינציקע פּאַלאַטקע און קיין שום לעבעדיקער נעפעש. דער באַטאַליאָן איז שוין דאָרט ניט געווען. דאָס איז אויסגעקומען מאָדנע פאַרדעכטיק און מען האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין וואוהין ער איז עס איבער נאַכט אַהינגעקומען.

פון שטאַב זענען אַרויסגעקומען צוויי שרייבער מיט פּאַפּירן אונטער די אָרעמס. איינער פון זיי האָט אונדז בעסאָד אַ זאָג געטאָן, אַז דאָס גייען מיר באַגלייטן די פיר פאַרמישפּעטע אין זייער לעצטן גאַנג און אַז מען וועט באַלד אויספירן די עקזעקוציע איבער זיי. ער האָט אונדז אויך פאַרטרויט, אַז דעם באַטאַליאָן האָט מען אינמיטן נאַכט

בעקיוון צוגענומען און אַוועקגעשיקט ערגעץ ווייט, קעדיי די סאָלדאַטן זאָלן ניט זיין דערביי און ניט קאָנען אָפּשפּילן עפּעס, בעאייס מען וועט דורכפירן די עקזעקוציע איבער די פיר מענטשן.

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אונדזערע שטאַב־אָפיצירן. איינציקווייז זענען זיי אַרויסגעקומען פונעם שטאַב מיט פאַרשלאָפענע פענימער און נאָכגעשלעפּט זייערע שווערע פיס. זיי האָבן ניט גערעדט צווישן זיך, נאָר זיך אַזוי שווייגנדיק באַגריסט. אין דעם דאָזיקן שווייגן האָט זיך אַזוי ווי דורכגעזען אַ באַהאַלטענער אומרו און שרעק פאַר עפּעס אַזאַ אומבאַוואוסטן און ניט־געזעענעם, פון וועלכן אַפילע זיי אַליין האָבן, ווי עס האָט אויסגעזען, מוירע געהאַט צו טראַכטן.

אין אַ זייטיקן, גאָר שמאָלן דורכגאַנג צווישן די בערג, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַן אָנקומענדיקער באַטאַליאָן סאָלדאַטן. ער האָט זיך דערנעענטערט צו אונדז און זיך אָפּגעשטעלט. לויט די נומערן אף די פּאָגאָנעס בא די סאָלדאַטן, האָבן מיר אַפילע ניט געוואוסט וועגן זייער עקזיסטענץ און, נאָך מער, פון זייער נאָענטקייט צום שטאַב. לויט זייער אויסזען, לויט זייער אָנטועכץ און לויט זייער פרישקייט, האָט מען לייכט געקאָנט באַמערקן, אַז זיי זענען נאָך קיינמאָל ניט געווען אפן פראָנט און אַז זיי זענען אַוואַדע ערשט ניט־לאַנג צוריק אָנגעקומען פונעם טיל. דאָס ראָוו פון זיי — יונגע, ניט־דורכגעליטענע און אומדערפאַרענע אינגלעך. אַ קוק צו טאָן אף זיי, האָט מען גלייך געקאָנט פאַרשטיין, אַז דאָס האָט דער שטאַב זיי בעקיוון אַהערגעבראַכט, קעדיי זיי זאָלן היטן די אָרדנונג בעאייס דער עקזעקוציע און... ווער ווייסט, עפּשער זי טאָקע אויך דורכפירן...

דער שטאַב־קאָמאַנדיר — אַ פאַרוויקלטער, ווי טאָמיד, אין זיין וואַרעמען, וואָלענעם שאַל — איז אַרויסגעקומען פון זיין צימער. ער האָט זיך אומפאָרמעל באַגריסט מיטן באַטאַליאָן און מיט אונדז און דערביי, נאָך פונווייטן אָנגעוויזן, אַז מען זאָל אים ניט אָפּענטפערן אף דער באַגריסונג. דערנאָך האָט ער זיך אינדערשטיל דורכגערעדט וועגן עפּעס מיט די אָפיצירן און באַלד האָבן זיי, לויט זיין באַפעל, אונדז גענומען אויסשטעלן צום גאַנג.

געגאַנגען זענען מיר אין אַזאַ סיידער:

פאָרויס — נאַטשאַלסטווע אף פערד: אין דער ערשטער ריי — דער קאָמאַנדיר מיט אַלע שטאַב־אָפיצירן און הינטער זיי — עטלעכע עלטערע אָפיצירן פון דערביי־שטייענדיקע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אַפּאָנים באַקומען דעם קאָוועד בייצווואוינען די געשעעניש. הינטער זיי — מיר, די מוזיקאַנטן. נאָך אונדז — אַ וואַך פון קאָזאַקן מיט בלאַנקע

שווערדן, וואָס האָבן צווישן זיך געפירט די פיר אַרעסטירטע. הינטער זיי — די צוויי שטאַב־שרייבער מיט די פּאַפּירן; דער דאָקטאָר פון דער אַמבולאַטאָריע; דער „פּאַטערל" פונעם שפּייז־פּונקט און פיר שטאַפּעטן פונעם שטאַב, מיט אויסגעוואַשענע זאַלץ־זעקלעך און שטריק אויף די אָרעמס. הינטער אַלעמען — די סאַמע לעצטע — זענען געגאַנגען די פיר ראָטעס פונעם אַנגעקומענעם באַטאַליאָן.

דער וועג — כאָטש גאָרניט קיין ווייטער — האָט זיך געצויגן ווי עפּעס אַ לאַנגער, אומענדלעכער גאַנג. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר קימאַט אָן אַן אויפהער געשפּילט טרויער מאַרשן און געשפּאַנט מיט צעצויגענע, פּאַמעלעכע טריט...

*****

נאָך אַ קנאַפּער האַלבער שאָ גאַנג, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ באַקעטן, טרוקן־זאַמדיקן און אַ געל־קאָלירטן פעלד, וואָס האָט זיך געשפּרייט אין אַ דריי־עק צווישן צוויי הויכע, שפּיציקע און פּונקט אַזעלכע געל־סקאַלעדיקע בערג. לינקסצו, לעבן איינעם פון די בערג־פיס, האָבן זיך שוין געהאַט אַרומגעפּאָרעט אַרום אַ צענדליק סאָפּיאָרן, וואָס האָבן געהאַלטן אין פאַרענדיקן אַ הילצערנע פּלאַטפאָרמע פון אַלטע, געניצטע ברעטער. דערביי, אין דער הינטער־שטער זייט פון דער פּלאַטפאָרמע, האָבן אַנדערע סאָלדאַטן געהאַלטן אין פאַרענדיקן גראָבן אַ גרוב. דער שטאַב־קאָמאַנדיר האָט זיך עפּעס דורכגערעדט מיט די אָפיצירן, אָנגעוויזן מיט אַ האַנט איבערן פּלאַץ, און מען האָט אונדז גלייך גענומען אויסשטעלן.

טיף אויף רעכטס, קעגנאיבער, און גאַנץ ווייטלעך פון דער פּלאַט־פאָרמע, — האָט מען אַוועקגעשטעלט אונדז, די מוזיקאַנטן. לינקער פון אונדז — די אָפיצירן, דעם גאַלעך, דעם דאָקטאָר און אַלע אַנדערע גרופּעס. ערשט נאָך זיי — באַם סאַמע סאָף — דעם באַטאַליאָן סאָלדאַטן. אָבער אויך זיי, די סאָלדאַטן, אויף אַ גאַנץ מאָדנעם אופן. אַזוי:

פּאָרויס, קימאַט אין סאַמע מיטן פון פּלאַץ, אַנטקעגן דער אויפגע־בויטער פּלאַטפאָרמע, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַן אָפּטיילונג פון זעכצן סאָלדאַטן. הינטער זייערע פּלייצעס, בלויז אויף אַ צען טריט אָפּגערוקט, האָט מען אַוועקגעשטעלט די איבעריקע סאָלדאַטן פון זעלביקן זוואָד. הינטער דעם זוואָד — אין אַ האַלב־רונד, און אויך אויף אַזוי ווייט — די איבעריקע דריי זוואָדן פון יעדער ראָטע. און צום סאָף — הינטער זיי אַלעמען, אין אַ צעצויגענער האַלב־רונדיקער ליניע, ווי אַ פעסטע

וואַנט — די איבעריקע דריי ראַטעס פונעם באַטאַליאָן...

די פאַרמישפּעטע האָט מען צוגעפירט צו דער פּלאַטפאָרמע. מען האָט זיי אייבציקווייז אַרויפגעפירט אינדערהויך, אַוועקגעשטעלט מיט די פּנימער צו אונדז און...

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אַרומגעפּאַרעט. ער איז צוגעגאַנגען צו די שרייבער, גענומען די פּאַפּירן און אַף אַ קאָל דורכגעלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט מיטן באַשלוס פונעם פעלד־געריכט. זיין שטימע האָט דערביי שטאַרק געציטערט און עטלעכע מאָל האָט ער זיך פאַרהוסט אינמיטן לייענען. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער מיט אַ קוויטש אין דער שטימע זיך אַף גיך אַ ווענד געטאָן צו די פאַרמישפּעטע:

— ווילט איר עפּשער עפּעס זאָגן?...דאָס איז אייער רעכט...

— איך בין אומשולדיק!— האָט יעדער פון זיי באַזונדער, אָבער דאָך ווי צוזאַמען, קימאַט אין איין צייט, צעוויישיקט אויסגעשריגן.

דער אַדיוטאַנט האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, געדרייט זיין וואָנצעלע און — ווי אַ פאַרלוירענער — זיך אָפּגעקערט פון זיי. ער האָט צוריקגעגעבן די פּאַפּירן דעם שרייבער און איז צוגעגאַנגען צו סטאַוואָראָפן. ער האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן און דערביי אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַף אַ פּלאַץ, עטוואָס פאָרויס פון דער קאָמאַנדע. גלייך האָט סטאַוואָראָף צוגערופן צו זיך טשעריאַקן— דעם פייקלער, יערמי־שינען— דעם פויקער און גודמאַנען — דעם סיגנאַליסט. ער האָט זיי אָנגעזאָגט וואָס צו טאָן און זיי אַרויסגעשיקט אין פאָרויס, צו דעם פּלאַץ, וואָס דער אַדיוטאַנט האָט נאָר־וואָס געהאַט אָנגעוויזן.

אַרום איז שטיל געווען. אַזוי שטיל, אַז מען האָט, דאַכט זיך, געקאָנט הערן ווי אַלעמענס הערצער האָבן זיך מאַמעש געצאַפּלט פון אָנגעצויגנקייט. ביי אַלע סאָלדאַטן אַף די פּנימער, זענען — עפּעס נאָר ווי אָפּגעדרוקט— געלעגן צעשפּרייטע צייכנס פון דער אינעווייניקסטער פיינלעכער שרעק, וואָס האָט זיי ווי באַוועלטיקט. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן געוואַרט אַף אַ נעס, אַף אַן אומגעריכטער זאַך, וואָס זאָל דאָך אָפּשטעלן די עקזעקוציע. אין די אָנגעצויגענע אָדערן, האָט זיך געפילט, איז דורכגעלאָפן אַ שניידנדיקער ציטער. אין מויעך האָט געגליט אַ צעפלאָנטערטער מישמאַש פון שנעל־פאַרביילויפנדיקע און קוים־אָנכאַפּבאַרע געדאַנקען:

„עפּשער וועט פּאַרט אין דער סאַמע לעצטער מינוט אָנקומען אַ באַגנאַדיקונג פונעם צאַר?..."

„עפּשער וועט דאָך באַלד אָנלויפן אַ שרייבער פונעם שטאַב מיט אַ דערהאַלטענער טעלעגראַמע?..."

„עפשער וועט דער שטאַב-קאָמאַנדיר אַליין איינזען, אַז מען האָט די פיר מענטשן פאַרמישפּעט ניט-יושערדיק און אָן באַווייזן?..."

„און עפשער וועלן גאָר די סאָלדאַטן ניט וועלן שיסן?... עפשער וועלן זיי זיך אָפּזאָגן דורכצופירן אַזאַ בלוטיקן באַפעל?..."

אָט דער דאָזיקער מישמאַש פון געדאַנקען האָט שיער דעם מויעך צעזעצט, אַז עס איז פּאָשעט געווען אומעגלעך ווייטער צו טראַכטן. און דאַווקע אַזוי, האָט די אָנגעצויגענע שטילקייט געגרילצט אין די אויערן און געהאַמערט אין קאָפּ. די פיס האָבן אַזש געציטערט און געברענט, פונקט ווי מען וואָלט געשטאַנען אויף צעגליטע שטיינער...

אינמיטן דער דאָזיקער אָנגעצויגענער פיינלעכקייט, האָט זיך גאָר דער גאַלעך גענומען שטופן אין פאָרויס מיט זיין נאָכהענגנדיקן און גרויסן בויך, נעענטער צו דער פּלאַטפאָרמע, צו די פאַרמישפּעטע. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך געטאָפּטשעט מיט זיינע קליינינקע פיסעלעך איבעם ווייכן זאַמד. פון אונטער זיין שוואַרצן, לאַנגן כאַלאַט אַרויס, האָט ער אַרויסגענומען אַ גרויסן הילצערנעם ציילעם, געפּאַכעט מיט אים אין אַלע זייטן, געגלאָצט מיט די אויגן צום הימל און מיט אַ צעצויגענעם ניגן אונטערגעברומט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס. ער האָט גענומען אַרויפקריכן אויף דער פּלאַטפאָרמע, אָבער מיטאַמאָל זיך גאָר פאַרטשעפּעט אָן אַ ברעט און איז אומגעפאַלן. ער איז געבליבן ליגן אין אַ מאָדנע לעכערלעך-קאָמישער פּאָזיציע, צעשפּרייט מיטן אויבערשטן טייל קערפּער אויף דער פּלאַטפאָרמע און דערביי געדריגעט מיט זיינע נאָכהענגענדיקע פיס אין דער לופטן. זיין נעבעכדיקער אויסזען האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ שמייכל. עס האָט אויסגעזען, אַז אַפילע די פאַרמישפּעטע האָבן אויך באַצוואונגען אַ שמייכל, וואָס האָט זיך קעגן זייער ווילן געריסן אויף זייערע ליפּן אַרויף. באַלד זענען אונטערגעלאָפן צוויי פעלדפעבלען. זיי האָבן אונטערגעכאַפּט דעם גאַלעך אונטער די אָרעמס און — ווי אַ שטייפע מאַנעקענע — אים אַוועקגעשטעלט אויף די פיס. ער האָט זיך צעטומלט, זיך אומבאַקוועם אַרומגעקוקט און געטאָן אַ וויש דעם שווייס פונעם שטערן. דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו אייגעם פון די פאַרמישפּעטע — צו יענעם, וואָס איז געשטאַנען דער ערשטער אין דער ריי, גענומען פאָכען אויף אים מיטן גרויסן ציילעם און — מיט אַ גאַלאָכיש-זינגענדיקער שטימע — גענומען בלעקעצן:

— זינדיקער מענטש, — האָט ער געמורמלט צו אים, — איידער דו גייסט אַוועק אויף דיין אייביקן וועג, — טו פריער טשוווע צו דיין באַשעפער, צום אַלמעכטיקן גאָט און צו זיין זון יעזוס!... רייניק דיין זינדיקע נעשאָמע, איידער דו גייסט זי איבערגעבן אין זיינע

הענט אַריין!... בעט ביי אים, אַז ער זאָל דיר מוֹיכל זיין און דיך אַריינפירן אין זיין הימלישן קעניגרייך!...

ער האָט צוגעטראָגן דעם ציילעם צו יענעמס מויל און געהייסן אים אַ קוש טאָן. יענער האָט זיך גלייך אַ לייכטן בויג צו געטאָן, זיך איבערגעציילעמט, אַ קוש געטאָן דעם ציילעם און... זיך צעוויינט...

דער גאַלעך איז צוגעגאַנגען צום צווייטן און אָנגעהויבן דאָס זעלביקע פון אָנהויב אָן. יענער, אָבער, האָט אף אים אַ שאָס געטאָן מיט זיינע צעפייערטע אויגן, אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, אויסגע־שפּיגן אין זיין זייט, קימאַט גלייך אים אין פּאָנים אַריין, און — מיט אַ היסטערישן געבריל — סאַרקאַסטיש און ביטער אויסגעשריגן:

— אַוועק פון מיר, דו קאָלטעבעוואַטער היפּאָקריט דו!... אַוועק!... ווילסט מיר איינרעדן, אַז דאָס האָט דיך גאָט אַליין אַהערגעשיקט צו בענטשן דעם מערדערלעכן טאַט?!... צו בענטשן די מערדער, וועלכע קלויבן זיך איצט מיך צו דערשיסן?!... אַוועק דו שווינדלער!...

דער גאַלעך האָט אַ ציטער געטאָן און זיך פאַרלוירן. יענער האָט נאָך צעווייטיקטער ווי פריער פאָרגעזעצט:

— דו ווילסט אין גאָטס נאָמען רעכטפערטיקן אזא פאַרברעכן, רעכטפערטיקן אַ מאָרד איבער אומשולדיקע מענטשן?... און דו ווילסט נאָך, אַז איך זאָל דיר גלויבן, אַז איך זאָל קושן דיין ציילעם!...

דער גאַלעך האָט געציטערט און — אַ דערשראָקענער — זיך שנעל אָפּגערוקט פון יענעם. ער איז שוין אַפילו ניט צוגעגאַנגען צו די אַנדערע צוויי. בלויז פון ווייטן האָט ער געפּאָכעט אף זיי מיט זיין גרויסן ציילעם און דערביי אינדערשטיל עפּעס אונטערגעמורמלט. מיט זיינע דריבנע טריטלעך איז ער אַרונטערגעקראָכן פון דער פּלאַטפאָרמע און אַוועק צוריק צו זיין פּלאַץ, לעבן די אָפיצירן. אָבער פון דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך נאָך אַלץ נאָכגעיאָגט נאָך אים יענעמס געשריי:

— וואָס זשע אַנטלויפסטו, דו פּאַכדן?!... דו זאָג בעסער, וואָס דו וועסט ענטפערן דעם גאָט דייַנעם, ווען ער וועט דיך פרעגן, פאַרוואָס דו האָסט געשוויגן, בעאַיס מען האָט זיך פאַרנומען אומצוברענגען די פיר אומשולדיקע מענטשן?...

אָט די דאָזיקע אויסרופן האָבן נאָך שאַרפער אָנגעצויגן די שוין אַזוי אויך פּיינלעכע שטימונג. אַלע האָבן צעווייטיקט געקוקט אף דער אָפּטיילונג סאָלדאַטן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט אַרונטערגעבויגענע קעפּ און אַפילו ניט געקוקט איינער אין צווייטנס זייט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי וויינען...

*****

אַלץ איז געווען גרייט פאַר דער עקזעקוציע.
די פאַרמישפּטע זענען געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע אין דערוואַרטונג אויף דעם סאָף, אָדער אויף אַ נעס. די סאָלדאַטן — די עקזעקוטאָרס — זענען געשטאַנען פאַרטיק. דער גאַלעך האָט שוין געהאַט אָפּגעבענטשט די פאַרמישפּטע, און די טרובע מיט די פּויקן — גרייט אויף צו פאַר־טויבן ווען מען וועט הייסן. אָבער עפּעס האָט נאָך געפעלט. אַפּאָנים, אַז ביי באַטשאַלסטווע האָט נאָך געפעלט די זיכערקייט, אַז די סאָלדאַטן וועלן אויספאָלגן דעם באַפעל און וועלן טאַקע שיסן ווען דער באַפעל וועט זיי געגעבן ווערן. עס האָט אויסגעזען, אַז פּונקט אַזוי ווי מיר, פּאָשעטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אין די געדאַנקען געהאָפט, אַז די סאָלדאַטן זאָלן זיך אָפּזאָגן, האָט באַטשאַלסטווע מאַמעש מוירע געהאַט דערפאַר. מען האָט דאָס דערקענט לויט דעם, ווי דער קאָמאַנדיר האָט די גאַנצע צייט נערווירט און, שוין אין דער לעצטער מינוט, איידער ער האָט געדאַרפט געבן דעם צייכן צום אַדיוטאַנט, אַז יענער זאָל זיך נעמען דערצו — האָט ער זיך גאָר מיטאַמאָל געטאָן אַ שטייף אויס, איז מיט עטלעכע ברייטע שפּרייזן צוגעטראָטן צום סאַמע פאָרנט פון דער אָפּטיילונג און גענומען האַלטן אַ רעדע צו זיי:

— ברידער! — האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ ציטערדיקער, אָבער צו דער זעלביקער צייט, גאַנץ שטרענגער שטימע, — באַלד וועט איר דאַרפן אויספירן אַן אורטייל איבער די דאָזיקע פיר פאַרברעכער, וואָס שטייען דאָ פאַר אייך, אויף דער פּלאַטפאָרמע!...ברידער, אויף אייער גורל איז אויסגעפאַלן דער הייליקער כּיבוד איצט צו באַווייזן, ווי אַזוי איר זייט גרייט צו פאַרטיידיקן אייער פאָטערלאַנד, אייער צאַר און זיינע באַדינער — די אָפיצירן!... יאָ, גליקלעך זענט איר, ברידער, וואָס גלייך אויפן ערשטן טאָג פון אייער אַהערקומען, איז אייך געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו באַווייזן אייער טריישאַפט צו אייער לאַנד און צו אייער צאַר!...איר זאָלט דעריבער וויסן און געדענקען, אַז איר טאָרט ניט באַהערשט ווערן פון קיין שום ראַכמאָנעס-געפיל; אַז איר טאָרט זיך ניט וואַקלען, אָדער קווענקלען!...אייערע הענט טאָרן אַפילו קיין ציטער ניט טאָן, בעאייס דער באַפעל צום שיסן וועט אייך געגעבן ווערן!... צילט זשע זיך גוט!...זייט דרייסט און בראַוו!... זייט העלדן, ווי עס פּאַסט פאַר אייך, יונגע און העלדישע אָדלערס!...

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך אויסגעהוסט און שוין עטוואָס שטילער פאָרגעזעצט:

— איך וויל אײַך אָבער דאָ וואָרענען, אַז אויב אַפֿילו פֿאַר איין רעגע בלויז וועט בײַ אײַך פֿאָרקומען אַ קווענקלעניש און — צי פֿון ראַכמאָנעס צו די פֿאַרברעכער, אָדער צוליב אויפֿגעהעצטע געדאַנקען, — איר וועט זיך פּרובירן אָפּזאָגן פֿון אויסצופֿירן דעם אָפּגעגעבענעם באַפֿעל צו שיסן — זאָלט איר וויסן זײַן, אַז הינטער אײַך שטייט גרייט אַ גאַנצער זוואָד, וואָס וועט דאַן שיסן ניט נאָר אין יענע פֿאַרברעכער, נאָר אויך אין אײַך, פֿאַר אײַער אָפּזאָגן זיך צו פֿאָלגן... און אויב דער זוואָד זאָל זיך אויך אָננעמען מיט אַ פֿאַרעטערישן געפֿיל און ניט אויספֿאָלגן דעם באַפֿעל, וואָס וועט זײַ געגעבן ווערן, — איז הינטער זײַ צוגעגרייט אַ גאַנצע ראָטע, וואָס וועט דעמלט באַקומען אַ באַפֿעל, צו דערשיסן די פֿאַרמישפּעטע, — צוזאַמען מיט אַלע פֿאַרעטער, וועלכע וועלן ניט פֿאָלגן די באַפֿעלן... און אין לעצטן פֿאַל — אַ זאַך וועגן וועלכן עס ווילט זיך אַפֿילו ניט צום געדאַנק דערלאָזן, נאָר אויב דאָס זאָל יאָ געשען און די ראָטע זאָל זיך אַ וואַקל טאָן — דעמלט וועט אָט דער גאַנצער באַטאַליאָן, וואָס שטייט הינטער אײַך אַלעמען, דורכלעכערן אַלע ווידערשפּעניקע מיט הייסע קוילן ווי אַ זיפּ. זײַ — געטרײַ צו דער הייליקער שוואוע, וואָס זײַ האָבן געגעבן דעם ליבן צאַר און דעם טײַערן פֿאָטערלאַנד — וועלן אָן ראַכמאָנעס, דאָ, אויפֿן פּלאַץ, מאַכן אַ בלוט־באָד און אויסראָטען יעדן פֿונק פֿון ווידערשפּעניקונג. אָבער איך האָף, אַז עס וועט דערצו אַוואַדע ניט קומען. יאָ, איך בין זיכער, אַז איר, די אויסדערוויילטע אָפּטיילונג, וועט מיט פֿרייד און שטאָלץ באַווײַזן, אַז איר קאָנט אויספֿירן אַ באַפֿעל, וואָס ווערט אײַך געגעבן...

מיט שווערע טריט איז דער שטאַב־קאָמאַנדיר אַוועק צוריק צו זײַן פּלאַץ און — באַם פֿאַרבײַגײן דעם אַדיוטאַנט — אומגעדולדיק אים עפּעס אַ זאָג געטאָן. לויט זײַן שאַרפֿן באַוועג מיט דער האַנט האָט עס פֿאַר אונדז אויסגעזען, אַז ער האָט אים געהייסן אונטעריאָגן און זען וואָס גיכער פֿאַרענדיקן דעם גאַנצן אײַסעק. דער אַדיוטאַנט האָט סאַלוטירט, אַ וואונק געטאָן צו די פֿיר שטאַפּעטן, וואָס מיט די זעקלעך, און זײַ געהייסן זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט. די שטאַפּעטן זענען טײַקעף אַרויף אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און זיך פֿאַרנומען צום אַרויפֿוואַרפֿן די זעקלעך איבער די קעפּ פֿון די פֿאַרמישפּעטע. אָבער איינער פֿון זײַ, דער וואָס האָט פֿריער אָפּגעטריבן דעם גאַלעך, האָט אַ ריס אַרויס געטאָן דאָס זעקל פֿון יענעמס האַנט, דאָס אַ שמיץ געטאָן אין דער ריכטונג פֿונעם שטאַב־קאָמאַנדיר און אַ פֿאַרביטערטער אויסגעשריגן:

— ס'איז אומנויטיק, אײַער עקסעלענץ, אומנויטיק!... מיר דאַרפֿן זיך ניט פֿאַרשטעלן די אויגן!... מיר האָבן זיך ניט מיט וואָס צו שעמען,

ווייל מיר זענען קיין שום פֿאַרברעכן ניט באַגאַנגען!... אָט, איר, איר דאַרפֿט עס גוטיקער ווי מיר!...נעמט זשע זיך די זעקלעך, פֿאַרשטעלט אייערע פּענימער, אייערע אויגן און אייערע געוויסנס, אַז איר זאָלט ניט זען ווי איר גייט אומברענגען אומשולדיקע מענטשן!...

די איבעריקע דריי זענען אַפּאַנים דערוואָרעמט געוואָרן פֿון דעם אויסרוף. אויך זיי האָבן אַוועקגעשמיסן די זעק פֿון זיך און, מיט אַ ביטערער היסטעריע גענומען שרייען:

— מיר זענען אומשולדיק!...מיר שווערן אייך, אַז מיר זענען דאָ אינגאַנצן אומשולדיק!...

דער ערשטער האָט זיך דאַן אַ ווענד געטאָן צו די סאָלדאַטן:

— יאָ, ברידער סאָלדאַטן, מיר זענען אומשולדיק!..באַרעכנט זיך איידער איר גייט שיסן!...פֿאָלגט זיי ניט, די מערדער!...

סראווראָף האָט אַ וואונק געטאָן צו יערמישינען און צו טשעריאַקן און זיי געהייסן קלאַפּן אין די פּויקן, קעדיי דערמיט צו פֿאַרטויבן די אויסרופֿן, אַז זיי זאָלן ניט דערגיין צו די סאָלדאַטן. אָבער איידער זיי, יערמישין און טשעריאַק, האָבן באַוויזן צו נעמען די פּויקן אויף זיך, איז שוין געווען נאָך די אויסרופֿן. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ווי אַלץ אַרום וואָלט פּלוצלונג אָפּגעשטאָרבן. בלויז די אויגן-דעקלעך ביי אַלעמען האָבן געפֿלאַטערט און די אויגן האָבן געברענט — נאָר צום פּלאַצן...

*****

דער אַדיוטאַנט איז האַסטיק איבערגעגאַנגען אין צענטער, צו דער אויסגעשטעלטער אָפּטיילונג סאָלדאַטן. ער האָט באַ יעדן פֿון זיי באַזונדער אַדורכגעקוקט די ביקסן-שלעסער און די ביקסן-לופֿעס, באַטראַכט די קוילן אין די קוילן-טעשלעך, און וועגן אַלעם ראַפּאָרטירט דעם שטאַב-קאָמאַנדיר. יענער האָט פֿאַרגיטיקנדיק צוריקגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אים אַ צייכן געגעבן, אַז ער זאָל אָנגיין ווייטער. דער אַדיוטאַנט האָט דאַן אַרויסגעצויגן די שווערד פֿון דער שייד און זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו דער אָפּטיילונג.

פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע האָט זיך ווידער אַ שאָט געטאָן אַן אויסרוף וואָס איז אונטערגעכאַפּט און אויסגעמישט געוואָרן מיט די אַנדערע:

— שיסט ניט, ברידער, מיר זענען אומשולדיק!...

— היינט הייסט מען אייך שיסן אין אונדז, און מאָרגן וועט מען אַנדערע הייסן שיסן אין אייך!...פֿאָלגט זשע זיי ניט, די מערדער!...

— ברידער, איר גייט איצט אומברענגען אומשולדיקע מענטשן!...

— באַרעכנט זיך ברידערלעך, אידער עס ווערט צו שפּעט!...

דער אַדיוטאַנט איז אַרומגעפּאַדעט ווי אַ פאַרלוירענער און ניט געוואוסט צו וואָס זיך פריער צו נעמען. פונוויילן האָט ער צוגעוואָרפן נאַריש־אומבאַהאָלפענע בליקן צום שטאַב־קאָמאַנדיר, אַקוראַט ווי ער וואָלט דערוואַרט הילף פון אים. יענער — אַן איפּגערעגטער פון דער שוין־צופיל־צעצויגענער פּראָצעדורע — האָט אומצופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ און בייז געביסן זיינע ליפּן. דער אַדיוטאַנט האָט פון גרויס מוירע ווידער באַקומען מוט און ווילד אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— אָפּטיילונג, פּאַרויס — מאַרש!...

די אָפּטיילונג האָט גענומען שפּרייזן פּאַרויס.

— אָפּטיילונג — שטיי! — האָט דער אַדיוטאַנט אַ געשריי געטאָן באַלד ווי זיי זענען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַרום אַ צענדליק טריט פון זייער פריערדיקן פּלאַץ.

די אָפּטיילונג האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דער אַדיוטאַנט האָט אַ וואונק געטאָן צו סאַוואָראָפן. יענער האָט גלייך אַ ברום געטאָן צו יערמישינען, טשעריאַקן און גודמאַנען, וועלכע זענען שוין געשטאַנען גרייט מיט זייערע אינסטרומענטן און געוואַרט בלויז אויף דעם באַפעל אָנצוהויבן... טשעריאַק האָט אַ הייב געטאָן די שטעקלעך אינדערהויך, יערמישין — זיין פּויק־קלאַפּער, און גודמאַן האָט צוגעלייגט דעם מונדשטיק פון דער טרובע צו זיינע ציטערדיקע ליפּן. דער קאַפּעלמייסטער האָט ווידער אַ ברום געטאָן און זיי, אַלע דריי פּאַראַמאַל, האָבן גענומען שפּילן.

זייער שפּילן — כאָטש בלויז טרוקענע סיגנאַלן און צעפּיצלטער דרויב — איז אויסגעקומען ווי דאָס געוויין פון מענטשלעכע שטימעס. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס דאָזיקע געוויין קומט פון ערגעץ ווייט; אַז דאָס זענען די שלוכצן פון די אַלטע מאַמעס און דאָס געוויין פון די ווייבער און קינדער פון די פיר פאַרמישפּעטע. מען האָט אַפילע געקאָנט מיינען, אַז דאָס וויינען אַזוי אינדערשטיל די סאָלדאַטן פון דער אָפּטיילונג, וועלכע דאַרפן באַלד אויספירן די עקזעקוציע... דאָס ציטערדיקע געוויין פון די אינסטרומענטן האָט אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט און געשניטן באַם האַרצן, — אַז מיר זענען מאַמעש קוים אויף די פיס איינגעשטאַנען. עס האָט זיך געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך איבער אונטערן קערפּער, ווי די קניען בויגן זיך און בויגן זיך איין און אַז אָט־אָט וועט מען טאַקע אומפאַלן. אינעם דאָזיקן שפּילן האָבן זיי אַלע דריי, טשעריאַק, גודמאַן און אַפילע יערמישין אויף דעם גרויסן פּויק,

— אַריינגעלייגט זייער גאַנצן ווייטיק; אַריינגעגאָסן זייער גאַנצע גאַל און פּאַרדראָס, און דערמיט אויך באַווירקט די אַרומשטייענדיקע.

דער קאָמאַנדיר איז, אַפּאַנים, אומצופרידן געווען פונעם דאָזיקן מין שפּילן. ער האָט גלייך צוגעשיקט אַ שטאָפּעט צו סטאַוואָראָפּן, מיט אַ באַפעל, אַז מען זאָל שפּילן שטייפער און העכער, שטאַרקער קלאַפּן אפן גרויסן פּויק. ער האָט מאַשמאָעס געוואָלט, ניט נאָר פאַרטריבן זיך אַליין, נאָר איבערהויפּט פאַרדעקן די דערוואַרטעטע אויסרופן פון די פאַרמישפּעטע און דאָס קנאַלן פון די ביקסן, וואָס האָט זיך אָט באַלד געדאַרפט אָנהויבן. יענע האָבן גענומען שפּילן שאַרפער און העכער, אָבער — צוזאַמען מיט דעם — אויך שניידנדיקער און טרויעריקער. אָפּט האָט זיך גאָר אויסגעדאַכט, אַז יעדער קלאַפּ אינעם פּויק — גיט אויך אַ קלאַפּ איבער די געהירן, און יעדער בלאָז פון דער טרובע — רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. מען איז געשטאַנען צעווייטיקטע. די אויגן האָבן זיך געריסן פון די לעבער. די שוואַרץ-אַפּלען, — האָט זיך געפילט, — זענען פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ גרעסער און אויפגעריסענער. מיט יעדער רעגע איז מאַמעש פאַר די אויגן געוואָרן אַלץ פינצטערער און אַלץ שוואַרצער...

מיטאַמאָל האָט אַ גרילצנדיקער אויסגעשריי אונדז איבערגעוועקט פון די צאַפּלדיקע געדאַנקען.

— אָפּטיילונג, — האָט זיך ווידער דערהערט דעם אַדיוטאַנטס אַ רויער באַפעל, — גרייט זיך!...

הילכיק האָט אָפּגעקלאַפּט אַ צוזאַמענגעגאָסענער טראָט פון זעכצן פיס, וואָס האָבן זיך אינאיינעם אַ וואָרף געטאָן אין פאָרויס. זעכצן ביקס-שלעסער האָבן זיך מיט אַ שטאָלענעם געבראַזג אָן עפּן געטאָן, איינגעשלונגען צו גאַנג קוילן אין זיך אַריין, און באַלד צוריק זיך פאַרהאַקט. דער אַדיוטאַנט האָט אַ הויב געטאָן זיין בלאַנקע שווערד איבערן קאָפּ און ווידער אויסגעשריגן:

— אָפּטיילונג — צילט זיך!...

זעכצן קעפּ האָבן זיך אַ פאַרוואָרף געטאָן צו דער זייט, צו די אַקסלען. זעכצן אויסגעשפּיזטע באַגנעטן האָבן — ווי מאָדנע שלאַנגען — גענומען טאַפּן אינדערלופטן, זוכנדיק די פיר צאַפּלדיקע מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען אַנטקעגן זיי, אף דער פּלאַטפאָרמע.

באַטשאַלסטווע, האָט מען געזען, האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. די פּויקן מיט דער טרובע האָבן געריסן שטיקער. אינדערלופטן האָט זיך געטראָגן אַ צעווייטיקט וויבּרירן. פון דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך ווידער מיטאַמאָל אַ טראָג געטאָן אַ פּיינלעכער אויסגעשריי:

— גאָט!... ברידערלעך, זעט וואָס איר גייט איצט טאָן!...

— מיר זענען דאָך אומשולדיק, אומשולדיק!...

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אַ הויב געטאָן אויף די שפּיצן פינגער, אַ פּאָכע געטאָן מיט דער שווערד קעגן דער זון, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן קעגן איר, און אויסגעשריגן:

— אָפּטיילונג, — פייער!...

אין דער לופט האָט אַ ריס געטאָן אַ זאַלפּ. פון דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ פאַרצווייפלט־יאָמערלעך געוויין:

— מאַמע! מאַמעלע!... — האָט אַ באַבערדלטער סאָלדאַט געשריגן מיט אַ הייזעריקער שטימע, — מאַ־מיג־קע מיי־נע־ע, טיי־ע־רע!...

— פייער! — איז געקומען דעם אַדיוטאַנטס ענטפער.

ווידער האָבן די ביקס־שלעסער אַ קלאַפּ געטאָן און גלייך באַגלייט געוואָרן פון אַ דונערדיקן זאַלפּ.

— פייער! נאָכאַמאָל! נאָכאַמאָל!... — האָט דער אַדיוטאַנט — אָן אונטערגעוואָרעמטער און צערייצטער — ווילד קאָמאַנדעוועט איינס נאָכן אַנדערן, אונטערטאַנצנדיק דערביי אויף זיינע ספּרוזשינע־פיסלעך און בײַ יעדן מאָל אַרויפגעהויבן די שווערד איבערן קאָפּ. זאַלפּן האָבן אָפּגע־ענטפערט אויף יעדן באַפעל זיינעם און — מיט זייער דונערן — פאַרדעקט דעם קלאַפּ פון די אונטערגעשאָסענע אומפאַלנדיקע קערפּערס.

פינף זאַלפּן זענען אויסגעשאָסן געוואָרן. צוויי מענטשן פון די פיר — זענען שוין ניט געווען. די אַנדערע צוויי זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע און — מיט אונטערגעבויגענע קניען — ד׳ערוואַרט זייער אומקום. באַוועגלאָז, מיט בלודנע און שטאַרע אויגן, בלאַסע פּנימער און צעטומלטע בליקן, האָבן זיי רעזיגנירטע געקוקט צו דער אָפּטיילונג, וואָס האָט נאָכאַמאָל אָנגעלאָדן די ביקסן, — אין צוגרייטונג ווידעראַמאָל צו שיסן. אין דער רעגע האָט איינער פון די פאַרבליבענע אויפגעהויבן זיין אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט, פון וועלכער עס האָט געטריפט אַ דין שטראָמעלע בלוט און — מיט אַ צעווייטיקטער שטימע — גענומען שרייען:

— איך ווייס, ברידער, אַז איר זענט ניט שולדיק!... איך ווייס, אַז איר זענט געצוואונגען דערצו!... געדענקט דאָס, אָבער, געדענקט, ווען די צייט וועט קומען, און נעמט דעמלט נעקאָמע פאַר אונדז! יאָ, נעמט נעקאָמע!...

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף אַרויס, זיך אויפגעהויבן אויף די ספּרוזשינע־פיס, ווידער אַ צי געטאָן זיין שווערד און ווידעראַמאָל באַפוילן צו שיסן...

ווידער האָבן עטלעכע זאַלפּן אָפּגעדונערט איינער נאָכן אַנדערן און אומגעוואָרפן נאָך איינעם אף דער פּלאַטפאָרמע. דער לעצטער — אַ פאַרוואונדעטער, פון וועמען עס האָט זיך פון עטלעכע פלעצער געגאָסן רישקעלעך בלוט, — איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיך שווער געוואַקלט אף די פיס און מיט אַן אָפּגעשוואַכטער שטימע געברילט:

— געדענקט!...פאַר אונדזערע יונגע לעבנס!... פאַר אונ-דזער אומ-שול-דיק בלו-ט-אוט!... נעמט נע-קאָ-אָ-מע-ע!...

נאָך אַ זאַלפּ האָט אַ זעץ געטאָן. זעכצן קוילן האָבן זיך מיט אַ סוויסטש אַ יאָג געטאָן און אויך יענעם — דעם לעצטן פון די פיר-אַרונטערגעוואָרפן פון דער פּלאַטפאָרמע, — טויט...

עס איז שטיל געוואָרן. די ביקס-שפּיזן האָבן נאָך אַלץ געקנאַקט איינעם ליידיקן כאָלאָל אַריין, אַהין, — צו דער אָפּגעליידיקטער פּלאַט-פאָרמע. דאָרט איז שוין אָבער קיינער ניט געווען. בלויז איין קערפּער, וואָס האָט — בעאייסן אַרונטערפאַלן — זיך פאַרטשעפּעט מיט אַן אַרבל אין אַ ברעט, — איז געבליבן ליגן מיט אַן אַרויפגעהויבענער האַנט, ווי ער וואָלט זי געהאַלטן אין אַ שוואוע.

דער אַדיוטאַנט איז אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרסאַמטע מויז און ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן. ער האָט אַפילו פאַרגעסן צו באַפרייען די אָפּטיילונג סאָלדאַטן, וועלכע זענען נאָך אַלץ געשטאַנען מיט די אויסגעשטעלטע ביקסן אין פאָרויס. אַ צעטומלטער איז ער צוגעלאָפן צום דאָקטאָר, וועלכער איז שוין געשטאַנען אַן אַריבערגעבויגענער איבער די דערמאָרדעטע און דאָרט געטאַפּט באַ זיי די פּולסן, צי זיי שלאָגן נאָך, און אויפגעהויבן די פאַרקלעפּטע אויגן-דעקלעך, אף אַרייננצוקוקן אין זייערע אויגן אַריין. אַזוי גיך ווי יענער האָט אים באַר אַ צייכן געגעבן, אַז עס איז שוין נאָך אַלעמען, האָט ער, דער אַדיוטאַנט, אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיר אף אונטערצושרייבן און אַליין איז ער מיט דעם גלייך צוגעלאָפן צום שטאַב-קאָמאַנדיר.

דער גאַלעך האָט זיך ווידער צוגעקאַטשעט צו דער פּלאַטפאָרמע. ער האָט געגלאָצט מיט די אויגן און זיך אַריבערגעבויגן איבער די דערמאָרדעטע קערפּערס. מיט זיין גרויסן, הילצערנעם ציילעם, האָט ער געפּאָכעט איבער זיי און דערנאָך — אויפהויבנדיק אים אַרויף און אַראָפּ — געמאַכט אומצאָליקע ציילעם-באַוועגונגען אין אַלע פיר זייטן, פונקט ווי ער וואָלט דאָ אַלעמען געוואָלט הייליקן מיטן ציילעם און אַלעמען מעכאַפּער זיין פאַר דעם באַר-וואָס באַגאַנגענעם מאָרד. ער האָט געהאַלטן אין איין בלעקעצן:

— אין נאָמען פון פאָטער, דעם זון און דעם הייליקן גייסט, —

האָט זיך געהערט זיין געמורמל איבערן פּלאַץ, — דער געקרייציקטער האָט געזאָגט: קומט איר אַלע גאָטס קינדער אונטער די פליגל פונעם באַשעפער, דעם אַלמעכטיקן פאָטער און...

אַלץ איז שוין געווען פאַרענדיקט. די אָפּטיילונג האָט באַקומען דעם באַפעל אַרונטערצולאָזן די ביקסן און זיך באַקוועם מאַכן. די זעכצן סאָלדאַטן האָבן עס מיט אַ צופרידענער דערלייכטערונג אויסגעפאָלגט און גענומען ווישן דעם שווייס פון זייערע צעגליטע פּנימער. די סאַפּיאָרן זענען שוין ווידער געווען ביי דער אַרבעט. זיי האָבן אַוועקגעלייגט די טויטע קערפּערס אין גרוב אַריין און גענומען אים פאַרשיטן. אַ צווייטע גרופּע האָט בעאייס דעם זיך גלייך גענומען צום פאַנאַנדערנעמען די פּלאַטפאָרמע...

מיר אַלע זענען געבליבן שטיין עפּעס ווי אין אַ פולשטענדיקער פאַרגליווערונג. באַטשאַלסטווע האָט גאָרניט געזאָגט. פאַר אַ ווייל האָט אַפילע אויסגעזען, אַז זי, די באַטשאַלסטווע, האָט זיך עפּעס אינגאַנצן ווי פאַרלוירן און ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן און ווי אָט די דאָזיקע גאַנצע פּראָצעדורע צו פאַרענדיקן. עס איז קלאָר געווען, אַז דער שטאַב-קאָמאַנדיר שטייט איצט און טראַכט, צי זאָל ער גלאַט אַזוי דעם באַטאַליאָן פאַנאַנדערלאָזן, אָדער צי זאָל ער פריער עפּעס רעדן צו די סאָלדאַטן. אַלע זענען געשטאַנען אין דערוואַרטונג...

באַלד אָבער האָט מען אונדז, מוזיקאַנטן, באַפוילן אַוועקצושטעלן זיך אין דער אַנדערער זייט פּלאַץ און אויפשפּילן אַ הילכיקן מאַרש, קעדיי דורכצולאָזן דעם באַטאַליאָן אין אַ צערעמאָניאַל-מאַרש. דער קאָמאַנדיר איז געשטאַנען לעבן אונדז, באַטראַכט דעם שליאַבערדיקן גאַנג פון די צעבראָכענע, אומגלייכע רייען און, ניט געקוקט דערויף, געלויבט די סאָלדאַטן פאַר זייער גוטן מאַרשירן און פאַר די גראַד-אויסגעהאַלטענע רייען. דערנאָך האָט דער קאָמאַנדיר אונדז באַפוילן אַוועקצושטעלן זיך אין פאָרויס פון דעם באַטאַליאָן, אויפצושפּילן אַ מאַרש און זיך צוריק פאַרנעמען צום שטאַב צו...

קימאַט דעם גאַנצן וועג אַף צוריק האָט סאַוואָראָף אַליין דיריגירט און זיך דערביי ווי בעקיוון געפלייסט צוצוגעבן דעם שפּילן עפּעס אַ מין באַזונדערע פייערלעכע לעבעדיקייט. ער האָט דאָסמאָל אין זיין דיריגירן געהאַקט עפּעס אַזוי אַלעגראָ-לעבעדיק, אַז אונדזער שפּילן איז אויסגעקומען ווי מיר וואָלטן זיך צוריקגעקערט פון עפּעס גאָר אַ גרויסער פייערונג, לעקאָוועד אַ גרויסן יאָנטעוו, און גאָרניט פון אַזאַ פאַרברעכערישער עקזעקוציע. אַז מיר האָבן געענדיקט דעם מאַרש און אויפגעהערט שפּילן, — האָט דאַן דער באַטאַליאָן באַקומען אַ באַפעל צו

נעמען זינגען. די סאָלדאַטן — אַקוראַט ווי זיי אַליין וואָלטן טאַקע נאָר געוואַרט דערויף — האָבן זיך מיט ביישעק גלייך אַ נעם געטאָן דערצו. און דאַווקע האָבן זיי געזונגען אַ פריילעך־זינגלאָז ליד:

— „פרייע פויגל — אָנגעפלויגן,
נייע האָפנונג מיטגעבראַכט...
— סאָלאָווער, סאָלאָווער, פויגעלע,
דער קאַנאַריקל טרויעריק זינגט צו...
איינס...צוויי... צאָרעס פעלן ניט,
דער קאַנאַריקל טרויעריק זינגט צו...
— ס'האָט דאָס לעבן מיך געמאַניעט,
נאָר אַ פלי טאָן פונקט ווי זיי (סאָלאָווער...)"

דאָס ליד איצט האָט מאַמעש געגרילצט אין די אויערן...

*****

**שטילע,** מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ און מיט דערשלאָגענע געמיטער, זענען מיר אַריין צו זיך אין דער קוואַרטיר. אין איילעניש — ווי דאָס וואָלטן געווען די שווערסטע מאַסעס — האָבן מיר אַרונטערגעוואָרפן די אינסטרומענטן פון זיך, אַוועקגעפאַלן אויף די נאַרעס און זיך איינגעגראָבן מיט די פּענימער טיף אינעם שטרוי פון די געלעגערס. אַלע זענען געלעגן שטיל און זיך אַפילו ניט קיין באַוועג געטאָן. קיין איינער פון אונדז איז ניט אַוועק נאָך עסן, כאָטש מען האָט אונדז שוין עטלעכע מאָל געלאָזט וויסן פון דער קיך, אַז אויב מיר וועלן גלייך ניט צוקומען, וועט מען דאָס עסן אַרויסגיסן. אין קאָמאַנדע האָט זיך געפילט אַ מאָדנע שווערע דריקעניש. פאַר די אויגן זענען נאָך אַלץ געשטאַנען די געשטאַלטן פון יענע פיר אומגליקלעכע פאַרמישפּעטע און אומגעבראַכטע מענטשן. אין די בליקן האָט נאָך אַלץ געבליצט דאָס פייער פון די זעכצן זאַלפנדיקע ביקסן... אין די אויערן האָט נאָך אַלץ געדרישט דער שווערער געפּרום פון די פּויקן און דאָס שאַלנדיקע געוויין פון דער טרובע. אין די מויכעס בײַ יעדן האָט נאָך אַלץ געשניטן דער לעצטער, צוווייטיקטער אויסגעשריי פון די דערשאָסענע סאָלדאַטן:

— נע־קאָ־מע!...נעמט נעקאָמע פאַר אונדזערע לעבנס!...

אַפילו שפּעטער, שוין אַ שטיק צייט נאָכן צוריקקומען פון דער עקזעקוציע, האָט די שווערע צעפּייניקטקייט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט אָפּטאָן פון אונדז. יעדער איינער פון אונדז איז נאָך אַלץ געווען ווי

ניט מיט זיך. דאַווידאָוו איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, געביסן זײַנע פויסטן און געשוויגן. גרישונין האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ צעטראָגענער און עפּעס געבורטשעט אונטער דער נאָז. „וויעטער" איז אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק ווי מעשוגע און געריסן די האָר פון קאָפּ. דראַבולקין האָט זיך געקראַצט אין קאַרק און זיך געקרומט, נאָר אַזוי ווי עס וואָלט אים געבודיעט פון עפּעס. יערמישין — מיט זײַנע שווערע הענט אַרונטערגעלאָזן — איז געזעסן אָף דעם ברעג נאַרע, אַלץ געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אָף זײַן פּויק און שווער געאָטעמט. טשעריאַק האָט ווי צעווילדעוועט אַ שטויס געטאָן מיט אַ פּוס אין זײַן פּייקל אַרײַן, אַזוי, אַז די פּעל איז אַזש שיער ניט צעזעצט געוואָרן. גודמאַן איז גאָר געזעסן ווי אַ צעטומלטער, געהאַלטן זײַן טרובע אין האַנט, געקוקט אָף איר, אַזוי ווי ער וואָלט זי באַווײַנט און אָן אויפהער זיך צוגעשאָקלט מיטן קערפּער. דוקעל האָט געשמאָרעט מיט דער נאָז און געצוקט מיט די ליפּן. די איבעריקע פון קאָמאַנדע זענען געזעסן יעדער באַזונדער און אין פאַרצווייפלונג געשוויגן. אַפילע סטעפּאַקין, — וועלכער האָט די לעצטע צײַט קימאַט מיט קיינעם פון קאָמאַנדע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט און אַליין קיינמאָל ניט געדרויכערט, — האָט יעדע פּאָר מינוט געבעטן בײַ עמעצן אַנדערש אַביסל מאַכאָרקע און פון גרויס אויפרעגונג — געדרויכערט איין ציגייערל נאָכן צווייטן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געזוכט עמעצן אָף אַראָפּצורעדן זיך פונעם האַרצן, אָבער ניט געוואַגט איבערצושלאָגן קיינעמס טראַכטונגען. אַלע האָבן זיך אַרומגעפּלאָנטערט ווי אָף אַ פרעמדער וועלט. יעדער אייגער האָט זיך געפילט, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ מיטשולדיקער אין דעם געשעענעם און זיך געשעמט די אויגן אויפצוהויבן. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ שטילער זיפץ, אַ קרעכץ, אָדער אַ פאַרשטיק־טער כליפּ. מיטאַמאָל האָט „וויעטער" אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ספּאַזמאַטישער יעלאָלע:

— פאַרוואָס קומט דאָס אונדז? — האָט ער געשריגן, — פאַרוואָס?...

גרישונין האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן זײַן צערעגטן אַרומשפּאַנען און איז אַזוי פּאַר אַ ווײַל געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך ווי ער וואָלט געטראַכט וואָס ווײַטער צו טאָן. באַלד האָט ער אַ ברייטן שפּרייז געטאָן, אויפגעהויבן זײַנע צוויי געזונטע פויסטן אינדערהויך אַרויף, שווער אַ פּאָכע געטאָן מיט זיי, דראָענדיק אין דער ריכטונג פונעם שטאַב און — ווי אַ צערייצטער לייב — אויסגעברילט:

— אָ ניין, דאָס וועט אייך ניט געשענקט ווערן!...דאָס וועט מען אייך ניט פאַרשווייגן!... קיינמאָל ניט!... און דערויף וועט מען שוין

אַוואַדע ביז וואַרטן ביז גאָט וועט באַשטראָפן...ביין!...אַליין, מיר... ווען די צייט וועט קומען!...

ווי אַ מידער האָט ער זיך דערנאָך אַרונטערגעלאָזט אפן ברעג פון זיין געלעגער און שטיל געטראַכט וועגן עפּעס. פון אַ ווינקל אַפער האָט מיטאַמאָל דאַווידאָוו — און נאָך אים — סטעפּאַקין — שטיל פאַרצויגן:

— „קאָרבאָנעס געפאַלן זייט איר אין דעם קאַמף..."

ווי פאַרהיפּנאָטיזירטע פונעם אָנגעפּלאָסענעם טרויער, מיט וועלכן אָט דאָס טרויער-ליד איז אָנגעהויבן געוואָרן, האָבן אַ צאָל יאָטן פון קאָמאַנדע, ווייל זיי האָבן ניט געוואוסט די ווערטער, אונטערגעבאָפּט די מעלאָדיע און צעצויגן איבערן צימערל דאָס געדריקטע, אָבער אויך האָפנונגספולע ליד, פון וועלכן עס האָבן זיך קוים אַרויסגעשיילט די ווערטער, וועלכע דאַווידאָוו האָט מיט טרערן אין האַלדז געזונגען:

— „קאָרבאָנעס געפאַלן זייט איר אין דעם קאַמף,
פון ליבשאַפט צום פאָלק — אייער שטרעבן;
איר האָט אָפּגעגעבן וואָס איר האָט פאַרמאָגט —
פאַר פרייהייט, פאַר רעכט און פאַר לעבן...
געשפּאַנט האָט איר מידע, אין קייטן געשמידט,
געבייטשט פון די רויבער און הענקער;
זיי האָבן דעם גוף בלויז פון אייך אומגעבראַכט,
דאָס פאָלק אייער גייסט וועט געדענקען...
ס'וועט קומען דער טאָג און ס'וועט אויפשטיין דאָס פאָלק —
אָפּצאָלן פאַר אַלע דיליידן;
דאַן וועט אייער אָנדענק דערמאַנט זיין מיט פּראַכט;
און זיי וועט נעקאָמע ניט אויסמיידן..."

דאַווידאָוו האָט פאַרענדיקט דאָס ליד און עס איז שטיל געוואָרן. יעבע נאַכט האָבן מיר שוין ביי זיך אין קאָמאַנדע קיין ליכט מער ניט אָנגעצונדן. דער טרויער באַ יעדן פון אונדז איז געוועזן צו פינצטער, אַז מען זאָל אים קאָנען אויסלעשן פון די אייגענע הערצער אַרויס מיט די סאַמע גרעסטע לאָמפּן אַפילע...



# קאַפּיטל פינפונצוואַנציק

**אפן גאַנצן** פראָנט האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשטאַרקטע שלאַכטן. אין שטאַב ביי אונדז האָט זיך געטומלט ווי אף אַ יאַריד. די מאַסן טעלעפאָנען, — אָנגעהאַנגענע אף די ווענט אינעם טעלעפאָן-צימער, — האָבן געהאַלטן אין איין קלינגען און קעסיידער אָנגעזאָגט וועגן דעם גאַנג פון די שלאַכטן. די טעלעפאָניסטן — מידע און שלעפעריקע — האָבן פאַרצייכנט די באַריכטן אף שטיקלעך פאַפיר און זענען יעדע פאָר מינוט אַוועק אין צימער פון שטאַב-קאָמאַנדיר אים צו רעפאָרטירן. אָפטמאָל האָבן זיי — נאָכן צוריקקומען פון דעם קאָמאַנדיר — איבערגעגעבן זיין באָפעל דורך די טעלעפאָנען, צו יענע, וואָס אף דער אַנדערער זייט. אין די פרייע מינוטן האָבן אונדז די טעלעפאָניסטן דערציילט, אַז אונדזער מיליטער שלאָגט זיך איצט מיט איבערגעוויינטלעכן מוט און העלדישקייט, און אַז די סאָלדאַטן פאַרלייגן מאַמעש מיט זייערע קערפּערס די וועגן און בערג, אפן וועג צו יעדן זיג. פון זייערע רייד איז קלאָר געווען, אַז כאָטש דאָס מיליטער האָט זיך מיט איין מאָל אַ רוק געטאָן אף קימאַט גאַנצע הונדערט מייל אין פאָרויס; מיט איין קנאַק פאַרנומען טראַפּעזאָנד, ערזערום און נאָך אַ צאָל שטעטלעך און דערפער — האָבן אָבער אונדזערע דערפאַר באַצאָלט מיט אומצאָליקע קאָרבאָנעס, סיי אין טויטע און סיי אין פאַרוואונדעטע. סאָלדאַטן, וועלכע פלעגן אָנקומען פון דער פּאָזיציע אין שטאַב אַריין, האָבן דערציילט וועגן דער העלדישקייט פון די טערקן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט ווילדן מעסירעס-נעפעש. איין סאָלדאַט האָט איבערגעגעבן ווי אַזוי בלויז אַ גרופּע פון פופצן טערקן, האָבן — מיט בלויז צוויי פּולעמיאָטן — איינגעהאַלטן דעם אָנגריף פון עטלעכע רוסישע פּאָלקן. דאָס אינטענסיווע פייער פון די עטלעכע טערקן איז געווען אַזוי אָפט און שטאַרק, אַז אונדזערע האָבן געמיינט ניט אַנדערש, נאָר אַז זיי האָבן קעגן זיך אַ גאָר גרויסע אַרמיי. ערשט מיט צוויי טעג שפּעטער,

ווען די הויפּט-טערקישע אַרמיי איז שוין געהאַט אָפּגעטראָטן טיפער צו זייע פּאָזיציעס, האָבן ערשט דאַן די פּופּצן טערקן קאַפּיטולירט און זיך אונטערגעגעבן. אונדזערע האָבן זיך דאַן גענומען יאָגן פאָרויס, אָבער שוין קיינעם פון דער טערקישער אַרמיי, נאָך ווען זיי האָבן זיך באַכגעיאָגט, האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרכאַפּן. מיט גרויס באַוואונדערונג האָבן אונדזערע יאַטן גערעדט וועגן דער געוואַגטקייט פון די קורדן, מיט וועלכע עס איז זיי אָפּט אויסגעקומען זיך אָנצוטרעפן. וועגן די געוואַגטקייט פון די קורדן האָבן אונדזערע אַזוי געזאָגט:

— דו שיסט אויס אף זיי פון אַ האַרמאַט און מיטאַמאָל זעסטו גאָר, אַז אפן קאַנאָן בײַ דיר זיצט אַ קורד מיט אַ שפּיז קעגן דיר...

אונדזער באַטשאַלסטווע האָט זיך אָבער מיט גאָרניט ניט גערעכנט. מען האָט אונדזערע יאַטן געשיקט אינעם געפּערלעכסטן פייער אַריין, כאָטש עס איז פאָרויס באַוואוסט געווען, אַז דאָס מיינט אַ זיכערער טויט פאַר דער גרעסטער טייל פון דער אַרמיי. נאָך יעדן ניצאָכן איז אונדזער שטאַב-קאָמאַנדיר געווען פריילעך און אויפגעלייגט. יעדן זיג האָט ער פאַררעכנט אף זיין אייגענעם כעזשבן, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט אויך אָנטייל גענומען אין די שלאַכטן. ער איז געווען אויסער זיך פון געדולע. יעדעס שטיקל לאַנד איז געגאַנגען אף זיין קרעדיט. נאָך יעדער שלאַכט איז ער — אַ פאַרוויקלטער אין זיין וואָלענעם שאַל — אַרומגעלאָפן איבערן טעלעפאָן-צימער און — אַ פאַרסאָפּעטער — געשפּעטמעסיק אַריינגערעדט אין די טעלעפאָנען אַריין. זייער אָפּט איז אונדז, שטאַב-סאָלדאַטן, אויסגעקומען צו זיין אינעם טעלעפאָן-צימער און הערן ווי דער שטאַב-קאָמאַנדיר האָט גערעדט צו אַ קאָמאַנדיר פון אַ פּאָלק, וואָס האָט זיך געפונען בײַם צווייטן עק פון טעלעפאָן-דראָט:

— וויפל, זאָגט איר, פּאָלקאָווניק, האָט עס אייך געקאָסט?... איך מיין... נו... וויפל שטיק האָט איר פאַרלוירן אין דער אַקציע?...

פאַר אַ ווייל האָט זיך זיין פּאָנים פאַרוואָלקנט איבערן באַקומענעם ענטפער. אַפּאָנים, אַז עס זענען געווען פיל קאָרבאָנעס. ער האָט דאַן אַ זויג געטאָן די אונטערשטע ליפּ און אַ הויב געטאָן זיינע ברעמען. באַלד אָבער איז ער צוריק אויפגעלעבט געוואָרן, פּונקט ווי עס וואָלט זיך גאָרניט געהאַנדלט וועגן קיין מענטשן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיטן פולן מויל און אַזוי ווי אויסגעגעבנצט:

— נו, מיילע, דערויף איז עס דאָך אַ מילכאָמע... אָבער זאָרגט זיך פונדעסטוועגן ניט, פּאַוועל סטעפּאַנישש!... נישקאָשע, מיר האָבן, כע-כע-כע, דעם דאָזיקן שוואַל נאָך זייער פיל אין אונדזער גרויסער מעדינע!... וואָס-וואָס, נאָר דער דאָזיקער סאָרט פעלט נאָך ניט, גאָט

צו דאַנקען, אין אונדזער מאַמע רוסלאַנד... יאָ, כע־כע־כע, מען האָט זיי ביי אונדז געבּוג אָנגעפּלאָדיעט!...

ער האָט צעשטשירעט די ציין און אַריינגעשריגן אין טריבּל:

— פונדעסטוועגן, פּאַוועל סטעפּאַניטש, גיט איבּער מיין גרוס און דאַנק אייערע העלדישע און בּראַווע אָדלערס!... און אַז זיי וועלן אַחוץ אָנגיין ווייטער מיטן זעלבּן אימפּעט, וועל איך זען אַז איר...

ער האָט זיך מיטאַמאָל אומגעקוקט און — סוידעסדיק, אַז קיין שום זייטיק אויער זאָל עס אַמאָל כּאָלילע ניט דערהערן, — שטיל אַ פרעג געטאָן בּאַ יענעם:

— און ווי, פּאַוועל סטעפּאַניטש, זעט עס אויס דאָרט ביי אייך וועגן... נו, איך מיין... וועגן דער שטימונג צווישן אייערע סאָלדאַטן?...

ער האָט געהערט אַ ווייל, געדרייט בּעשאַאַס מאַיסע זיין האַלבּע געלע וואָנצע און אַ דערלייכטערטער צופרידן צוגעגעבּן:

— איז אויסגעצייכנט, אויסגעצייכנט!... פונדעסטוועגן, פּאַוועל סטעפּאַניטש, טאָמער טרעפט יאָ עפּעס, זאָלט איר מיר גלייך לאָזן וויסן וועגן דעם... איר פאַרשטייט... באַך דע־פּאָלע־פּאָלסקיס געשיכטע מיטן צווייטן בּאַטאַליאָן, דאַרף מען זיין אָף דער וואַך... דערווייל, טאָמער עפּעס־וואָס, ווייסט איר דאָך אַליין וואָס איר האָט צו טאָן... אַבּיסעלע דיפּלאָמאַטיע און... איבּער אַלעם — האַנדלט מיט אַן אייזערנער האַנט! לאָזט זיי ניט אויפהויבּן די קעפּ!... דאָס איז דער איקער!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַפּאָנים, אַז צופּיל דערקלערן האָט ער יענעם ניט געדאַרפט. זיי האָבּן זיך, זעט אויס, פאַרשטאַנען אפן וואָרנק און עס איז איבּערהויפּט ניט נויטיק געווען יענעם אָפיציר צו לערנען ווי אַזוי צו בּאַהאַנדלען זיינע סאָלדאַטן. יעדער איינציקער אָפיציר האָט די טוירע אַליין געוואוסט און דאָס בּאַוויזן מיט מאַיסים. יעדן טאָג האָט מען ביי אונדז פון מויל צו מויל דערציילט וועגן די שטרענגע, אוממענטשלעכע בּאַשטראָפונגען, וואָס זיי האָבּן אויסגעטיילט אין די פאַרשידענע טיילן פון אונדזער בּריגאַדע. יאָ, עס איז געבּוג געווען, אַז אַ סאָלדאַט זאָל אין זיין אָפיצירס געגנוואַרט אַרויסבּלאָזן אַבּיסל פּאַפּיראָס־רויך פונעם מויל, אַז יענער זאָל דערפאַר בּאַשטראָפט ווערן מיט אַ צען־צוועלף שאָ אונטער ביקס און אָפט אויך נאָך ווערן אויסגעפּאַטשט דערצו. פאַר אַ גרעסער פאַרבּרעכן — נאָך ערגער. עס איז ניט דורכגעגאַנגען קיין איינציקע וואָך, וואָס אין טעגלעכן בּאַפעל פון שטאַבּ זאָל ניט האָבּן געווען קיין בּאַריכט, אַז מען האָט ערגעץ אין אַ פּאָלק דערשאָסן אַ סאָלדאַט. אַמאָל איז עס געווען מיקלוימעו־שט פאַר האָבּן בּאַליידיקט אַן אָפיציר. אַ צווייטמאָל — גאָר פאַר אַ העפקערדיקן

אַװעקגײן פֿון דער פֿראָנט־ליניע, אָדער פֿאַר אַ פֿאַרזוך אַריבערצולויפֿן צום סוינע. אַן אַנדערשמאָל — פֿאַר װאַרפֿן זיך מיט געװער אױף עפּעס אַן אָפֿיציר. טײלמאָל — פֿאַר אַ פֿאַרזוך דורכצעשיסן זיך אַ האַנט, אָדער אַ פֿוס, קעדײ אַזױאַרום זיך צו באַפֿרײען פֿון דער פּאָזיציע און זיך אַרויסצוראַטעװען פֿונעם טויט...

ניט געקוקט אָבער אױף דער שטרענגער דיסציפּלין און אױף די מאַסן טויט־שטראָפֿן, װאָס באַטשאַלסטװע האָט אויסגעטײלט רעכטס און לינקס; ניט געקוקט אױף דער גרויסער שרעק פֿאַר שטראָף, װאָס האָט געלויערט אױף די סאָלדאַטן, האָבן זײ דאָך, מאַסנװײַז, אײַנגעשטעלט זײערע לעבנס אין אַ פֿאַרזוך זיך צו באַפֿרײען. פֿון טאָג צו טאָג האָבן זיך געמערט די פֿאַלן, װאָס יאַטן האָבן טאַקע אַלײן זיך דורכגעשאָסן די הענט, פֿיס, אָדער אַזױ געמאַכט זיך לײַכטע װאונדן. אָפֿט זענען יאַטן — אַפֿילע גרופּעסװײַז — אַריבערגעלאָפֿן צום סוינע. אין שטאַב האָבן זיך געמערט די רײַסטערס פֿון די „אָן אַ שפּור פֿאַרלוירענע" און...נאָך אָט אַזעלכע אומגעלונגענע פֿאַרזוכן — אויסגעפֿירטע עקזעקוציעס...מיט יעדן טאָג איז געװאָרן אַלץ קלאָרער, אַז דאָס ראָװ סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן צו באַגרײַפֿן, אַז די מילכאָמע איז ניט זײערע און אַז מען שיקט זײ צום טויט פֿאַר פֿרעמדע אינטערעסן, װאָס האָבן גאָרניט צו טאָן מיט קײנעם פֿון זײ באַזונדער, אָדער מיטן רוסישן פֿאָלק בּיכלאַל...

גרויס אויפֿרעגונג האָט אַרויסגערופֿן אין בריגאַדע אַ פֿאַל פֿון דרײַ יאַטן אין אײנעם פֿון אונדזערע פּאָלקן. זײ, די דרײַ יאַטן, זענען אײנמאָל בײַנאַכט אַװעק אין אַ פּאַטרול אין פֿאָרנט פֿון דער ליניע. זײ זענען אָבער פֿאַרבלאָנדזשעט געװאָרן און גלײַך אַרומגערינגלט געװאָרן פֿון אַ טערקישן, גרעסערן פּאַטרול. עס איז געװען אַ געפֿאַר, אַז זײ זאָלן פֿאַרנומען װערן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. ניט לאַנג געטראַכט, האָבן זײ זיך געלאָזט לויפֿן. אָבער סײ צוליב דער טיפֿער פֿינצטערניש, סײ איבער דער צעררודערטקײט, זענען זײ — אַנשטאָט צו לויפֿן אױף צוריק, צו די אײגענע ליניעס — גאָר געלאָפֿן צו דער טערקישער. צװײ פֿון זײ — אײנער אַ רוסישער און דער צװײטער — אַ פּױלישער — זענען בעשאָלעם דערלאָפֿן, אַװאַדע פֿאַרנומען געװאָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט, און מער האָט מען שוין װעגן זײ בײַ אונדז ניט געהערט. דער דריטער אָבער, אַ אידישער באָכער, בעאײס ער — צוזאַמען מיט די אַנדערע — האָט אײנעם לויפֿן געדאַרפֿט אַריבערשפּרינגען פֿון אַ ניט זײער הויכן פֿעלדז, װאָס איז אין װעג געװען, — האָט זיך דערשראָקן און גענומען פּאַמעלעך אַרונטערקריכן. דערבײַ האָט ער זיך אָבער אַן אומגליקלעכן גליטש געטאָן, איז אַרונטערגעפֿאַלן פֿונעם פֿעלדז אין אָפּגרונט אַרײַן און

געבליבן ליגן מיט אַ צעבראָכענעם פוס — ניט צום רירן זיך. ערשט פאַרטאָג צו האָט אונדזערס אַן אויסשפּיר־גרופּע אים געפונען ליגן אַ פאַרבלוטיקטן און אים געבראַכט צוריק אין ראָטע אַריין. דאָרט האָט מען אים באַלד ווי ניט איז איבערגעבונדן דעם צעשמעטערטן פוס, און — צוגלייך מיט דעם — דורכגעפירט איבער אים אַ פעלד־געריכט און... אים פאַרמישפּעט צום טויט. די באַשולדיקונג איז געווען:

„ער האָט געוואָלט אַריבערלויפן צום סוינע...”

עס האָבן ניט געהאָלפן דעם אינגלס געוויינען און שוואוּעס; עס האָט ניט געהאָלפן זיין פינקטלעך איבערדערציילן וואָס און ווי דאָס איז געשען. דער פאַקט, וואָס די אַנדערע צוויי זענען ניט געווען — איז געבונג געווען פאַר באַטשאַלסטווע, וואָס האָט, זעט אויס, געזוכט צו טעראָריזירן די סאָלדאַטן, און האַלטן זיי אין שרעק.

עטלעכע שאָ שפּעטער, האָט מען אים — דעם באָכער — נאָך אַלץ אַ קראַנקן — דערשאָסן. די סאָלדאַטן, וועלכע זענען בייגעווען די דאָזיקע עקזעקוציע, האָבן דערנאָך דערציילט, אַז דער באָכער האָט די גאַנצע צייט דערקלערט זיין אומשולד און שפּעטער — בעאייס דער ערשטער זאַלפּ האָט אַ קנאַל געטאָן — האָט ער, אַ שטאָלצער, אויסגעשריגן:

— איר וועט עס באַצאָלן, טייער באַצאָלן!... אָבער זאָגן מוז איך אייך: ניט גוט איז צו שטאַרבן אומזיסט!... עס איז אָבער לייכטער און ליבער צו שטאַרבן דאָ, איינמאָל און זיכער, איידער דאָרטן, אויף דער פראָנט־ליניע, ביסלעכווייז, יעדן טאָג און אָן שום אורזאַך!...

דאָס שרעקלעכסטע דערביי איז געווען דער אויפן ווי אַזוי די באַטשאַלסטווע האָט זיך ערשט נאָך זיין טויט אָפּגערעכנט מיט אָט דעם דאָזיקן אידישן באָכערל. אינעם טעגלעכן באַפעל פון בריגאַדע־שטאַב איז געווען אָפּגעדרוקט אַ בריוו, וואָס דער זעלביקער אומגליקלעכער יונגערמאַן זאָל מיקלוימערשט האָבן אָנגעשריבן אַ האַלבע שאָ פאַר דעם אויספירן די עקזעקוציע איבער אים און ער זאָל אַפילע האָבן געבעטן, מען זאָל דעם בריוו איבערשיקן צו זיין ברודער, ערגעץ אין אַ קליין שטעטל אין ליטע. דער בריוו — כאָטש דער יונגערמאַן איז געווען אַ וואוילגעלערנטער און געענדיקט אַ גימנאַזיע — איז געווען אָנגעשריבן אין אַ שלעכטן, פאַראידישטן רוסיש, — פול מיט גרייזן. אינעם בריוו האָט זיך דערקלערט, אַז ער, דער פאַרמישפּעטער, נעמט אויף זיך די פולע שולד פון האָבן צוגערעדט די אַנדערע צוויי צו אַנטלויפן צום סוינע; אַז ער נעמט דערפאַר דעם טויט־אורטייל בעאַהאַווע, ווייל ער האָט ערשט איצט איינגעזען ווי שלעכט און ווי מיעס עס איז צו פאַ־ראַטן דעם צאַר מיטן פאָטערלאַנד, און ער האָט געשלאָסן מיט אַ רוף

צו אַלע סאָלדאַטן, ביז צו לאָזן זיך פאַרפירן פון פאַרעטערישע פריינט און כאַווירים, אַזעלכע ווי ער איז געווען, אָדער ווערן מיטגעריסן פון אייגענע מעשוגענע איינפאַלן און עמאָציעס...

אָבער סיי לויטן אינהאַלט פון בריוו, סיי לויט די אויסדריקן און סיי לויט דער שלעכטער שפּראַך, איבערהויפּט לויטן דערציילן פון די סאָלדאַטן, ווי אַזוי ער האָט ביז דער לעצטער רעגע פּראָטעסטירט זיין אומשולד, — איז געווען לייכט צו זען, אַז דער בריוו איז געווען אַ געפעלשטער. דאָס — אַפּאָנים קעדיי כּויזעק צו מאַכן פון דעם אידישן סאָלדאַט און געבן אַ מוסער־האַסקל פאַר די רוסישע סאָלדאַטן און זיי באַווייזן, אַז אַפילע אַ איד האָט אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן כאַראָטע אין אָנזיכט פון דער פאַרדינטער שטראָף...

דאָס האָט אָבער געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. די סאָלדאַטן האָבן שוין גוט געוואוסט, אַז וואָס עס זאָל ניט זיין — דער טויט וואַרט סיי ווי אף זיי. און בעעמעס: פאַר די יאַטן פון דער פראָנט־ליניע איז שווער געווען זיך אויסצודרייען פון טויט. פון איין זייט האָט אף זיי געלויערט דעם סוינעס קוילן און שראַפּנעלן, און — פון דער צווייטער — די אומענטשלעכע באַציאונג פון נאַטשאַלסטווע, וואָס האָט געטריבן צו די סאַמע פאַרצווייפלטע אויסוועגן, וועלכע האָבן סאָף־קאָל־סאָף אַ צאָל יאַטן דערפירט צום אומקום...

*****

צוליב די לעצטע זיגן אפן פראָנט, האָט זיך אונדזער שטאַב געקליבן אַריבערצוציען אף פאַרויס. מען האָט דאַן ביי אונדז צוגענומען די אינסטרומענטן אונדזערע און — אנשטאָט דעם — אונדז אַרויסגעגעבן זעגן, העק, האַמערס, נעגל און נאָך פיל אַנדערע טעשלער־מאַכשירים. מען האָט סטעפּאַקינען אָנגעזאָגט אַ מאָדנע נאָמען פון עפּעס אַ טערקיש דערפל, וואָס האָט זיך געדאַרפט געפינען אַרום אַ זעכציק וויאָרסט טיפער אין טערקיי, און אונדז געהייסן אַהינגיין. דאָרט האָבן מיר געדאַרפט אויסריינִיקן און צוגרייטן עטלעכע הייזלעך פאַרן שטאַב, קעדיי ווען ער וועט אַהינקומען נאָך אונדז, זאָל ער זיך קאָנען גליך איינאָרדענען.

אפן צווייטן טאָג, אָוונטצייט, אַז מיר זענען שוין געהאַט אָפּגע־גאַנגען די אָנגעגעבענע צאָל וויאָרסטן, וואו עס האָט זיך — לויט דעם אָנזאָג — געדאַרפט געפינען דאָס דאָזיקע דערפל, איז שוין געווען אַזוי טונקל, אַז מען האָט גאָרניט געקאָנט זען. דער שמאָלער וואַסער־שטראָם,

וואָס האָט איבערגעקרייציקט דעם וועג, און געדאַרפט דינען פאַר אַ סימען, אַז מיר זענען שוין אפן פלאַץ, באַם סאַמע דאָרף — איז טאַקע געלעגן לעבן אונדזערע פיס, אָבער דאָס דאָרף גופא האָט זיך אַלץ ניט געמערקט. סטעפּאַקין האָט געריבן שוועבעלעך, נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אין דער קליינער מאַפּע, וואָס מען האָט אים פון שטאַב מיטגעגעבן, און — כאָטש אַלץ איז געווען ריכטיק — האָבן מיר דאָס דערפל דאָך ניט געזען. עטלעכע מאָל זענען מיר געגאַנגען אַרויף פאַזע שטראָם, דערגאַנגען ביז צום קוואַל, וואָס האָט זיך געגאָסן פון אַ שטיין, אָבער אַלץ צוריקגעקומען צום וועג מיט גאָרניט. דערווייל האָט שוין די נאַכט אַרונטערגעבידערט אַ שוואַרצע און אַ פינצטערע און עס איז אומעגלעך געווען ווייטער אַ טראָט צו טאָן. אַנטוישטע און מידע פונעם וועג האָבן מיר זיך צוגעלייגט באַם זייט פון וועג, מיט דער פאַרשטענדיקונג, אַז פאַרטאָג וועלן מיר אַוודאי דאָס דערפל לייכטער געפינען. מיר זענען געלעגן, געקייט שטיקלעך סוכאַרעס און געשוויגן. מיטאַמאָל האָט זיך „וויעטער” אויפגעזעצט און גענומען וואַרפן מיט די הענט:

— הערט, כעוורע, ניט אַנדערש, נאָר אַז דאָס דערפל מוז זיין איינגעזונקען אָט דאָ, אונטער דער ערד! — האָט ער געשריגן, — אָט, עס הערט זיך אַפילע דאָס בילן פון אַ הונט אינעווייניק!...

טשעריאַק האָט אים אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַרונטער און — אַף זיין שטייגער — אים אויסגעכויזעקט:

— גיי שוין, טיפּעש איינער...שפּרייט בעסער אויס די זעגלען, ווייל דאָס איז גאָר איינער פון די אומגעריכטע ווינטן אפן יאַם!...

„וויעטער” האָט אָבער מער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט, פלאַך צוגעלייגט זיינס אַן אויער צו דער ערד און — ווידעראַמאָל אויסגעשריגן:

— און איך זאָג אייך, אַז דאָס דערפל איז יאָ פאַראַן דאָ ערגעץ אונטער דער ערד. אָט, הערט זיך אינמיסטן צו!...

מיר האָבן זיך אויך אַוועקגעלייגט מיט די אויערן פלאַך צו דער ערד און זיך איינגעהערט. פון ערגעץ — ווי פון אונטער דער ערד — האָט זיך טאַקע געטראָגן אַ צעצויגן־וואָיענדיק בילעריי...

דערמוטיקט דערפון, האָבן מיר זיך ווידער געוואָלט לאָזן גיין זוכן. די פינצטערניש איז אָבער געווען אַזאַ געדיכטע, — אַז מען האָט מאַמעש ניט געזען וואו אַ פוס צו שטעלן. שפּעטער אָבער, אַרום מיטן נאַכט, איז אויפגעגאַנגען אַ שטיקל לעוואָנע, וואָס האָט פאַרוואַשן דעם אַרום מיט אַ בלאַסער גרויקייט. קאָטאַיעוו איז מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעדרייט אַ ווייל און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ געשריי:

— זעט, יאַסן, אָט איז דאָך דאָס דאָרף!... טוט אַ קוק, אָט!...

מיר האָבן זיך אויפגעהויבן און אַרומגעקוקט. און מאָדנע: באַך איידער מיר האָבן באַוויזן צו שטעלן אַפילו אַ צענדליק טריט,— האָבן מיר,— לעבן זיך, און פּאָשעט מיט דער האַנט צו דערגרייכן — דערזען צוויי פון שטיין-געמויערטע הייזער, וואָס זענען געווען ווי אויפגעהאנגען אפן באַרג-רוקן און — ווי בעקיוון — אַריינגערוקט אינעם באַרג-שפּאַלט, אַז מען זאָל זיי פון ווייט ניט אַרויסזען. קיין אַנדערע הייזלעך אָבער האָט מען דערביי אַלץ ניט געזען.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין איינעם פון די הייזער — קיינער איז דאָרט ניט געווען. אַ שרעקעוודיקע שטילקייט איז געלעגן אויסגע-לייגט אונטער אונדזערע פיס. לויט די מאַסן ווייכע טעפּיכער אף די ווענט און דילן, און לויט די שויבן אף די פענצטער, וואָס איז אין טערקיי געווען קימאַט ווי אַ לוקסוס — איז געווען צו דערקענען, אַז דאָס האָט געמוזט זיין די וואוינונג פון אַ רייכן עפּענדי. יעדנפאַלס האָבן מיר באַשלאָסן דאָרט איבערצונעכטיקן. מיר האָבן גלייך אַהינצו אַריבערגעטראָגן אונדזערע קיילים, אַוועקגעלייגט אונדזערע אין בייגל-פּאַרוויקלטע שינעלן, אַוועקגעשטעלט אַ דעזשורנע מיט אַ דנעוואַלנע באַם געווער און זיך גענומען פּאַרלייגן שייטערס אינדרויסן, לעבן דעם הויז, אף אָפּצוקאָכן אַביסל עסן פון די קאָנסערוון, וועלכע מיר האָבן מיטגעהאַט מיט זיך. מיר זענען געזעסן אַרום די שייטערס און קימאַט ווי פּאַרגעסן וועגן דעם געבילעריי. „וויעטער" האָט אונדז אָבער באַלד ווידער דערמאַנט אין דעם. ער האָט מיטאַמאָל גענומען שרייען:

— הערט, יאַסן, הערט!...דער הונט, אָט דאָ ניט ווייט!...

מיר האָבן זיך איינגעהערט. דאָס געבילעריי האָט טאַקע דאָסמאָל זיך געטראָגן פון גאָר נאָענט. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. גרישונין האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און זויער אַ ברום געטאָן:

— און מיר, יאַטעלעך, געפעלט שוין גאָרניט די גאַנצע מאַיסע. וואָרים, אויב עס איז דאָ ערגעץ פּאַראַן אַ הונט, מיינט עס אויך, אַז דאָ איז אַוואַדע ערגעץ פּאַראַן אַ מענטש און...

סטעפּאַקין האָט אים אויסגעלאַכט:

— נאַרישקייטן. אין שטאַב האָט מען געזאָגט, אַז דאָס דאָרף איז ליידיק און אַז...אָ, זיי דאָרט ווייסן בעסער...

— נו, וועסטו האָבן באַך אַן אַוולע באַם שטאַב,—האָט דאַווידאָוו אָפּגעכויזעקט,— זעסט דאָך, אַז אַפילו וועגן דעם הונט האָבן זיי דאָך אויך ניט געזאָגט גאָר און פונדעסטוועגן...

דאָ האָט זיך אַרטיאָמאָוו מיטאַמאָל אַריינגעמישט:

— און איך זאָג אייך, ברידער, אַז עפּעס איז דאָ־אָ ניט גלאַטיק. מיין פאָטערל, אָסיפּ גאַווריליאָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער דאָרט האָבן, האָט געפלעגט זאָגן, „ווען אַ הונט וואָיעט, איז עס אַ סימען, אַז ערגעץ דערביי ליגט אַוואַדע אַ קראַנקער, אָדער...״

סיי ווי סיי, די גאַנצע מאַיסע איז אונדז אויסגעקומען פאַרדעכטיק און מיר, עטלעכע יאַטן, האָבן דעריבער באַשלאָסן ניט צו וואַרטן ביז אינדערפרי, נאָר זיך טאַקע גלייך אַוועקלאָזן אין דער ריכטונג פונעם געבילעריי, אַ קוק צו טאָן וואָס דאָס איז.

אין אַ צעצויגענער, ברייטער ריי, האָבן מיר זיך געלאָזט שפּרייזן פאָרויס און באַלד האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז דאָס שפּאַנען מיר עס אַזוי אויף די מיט־ערד־געדעקטע דעכלעך, אויף איבער די אינאיינעם־צו־בויפגערוקטע דאָרפישע הייזלעך. דאָס האָבן מיר דערקענט לויט די מאַסן לופט־לעכער, וואָס מיר האָבן באַמערקט אונטער די פיס. ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן מיר לעכאַטכילע ניט דערזען דאָס דערפל, ווייל די הייזלעך אונטער אונדז, וועלכע זענען געלעגן פלאַך צו דער ערד, זענען געווען פאַרבויעט ביז צום סאַמע באַרג־פוס, וואו מיר האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט. די דעכלעך פון אָט די הייזלעך זענען דערפאַר אויסגעקומען פאַר אונדז ווי אַ ווייטערדיק שטיק באָדן אין מיטן טאָל; ווי אַ שטיק באַרג־פוס. עס איז בלויז געווען אַ וואונדער פאַרוואָס מיר האָבן דאָס פריער ניט פאַרשטאַנען. סיי ווי, מיטאַמאָל, אַז מיר זענען אַזוי אָפּגעגאַנגען אַרום אַ דריי־הונדערט טריט, האָט יערמישין, וועלכער איז געגאַנגען עקסטרים־רעכטס פון אַלעמען, זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַנג, אַ צייג געטאָן מיט דער האַנט אויף נאָך רעכטער פון זיך און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— עס זעט טאַקע אויס, כעוורע, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק. אָט, זעט אינמיטסטן, אַ רויך פון דער ערד... אַ רויך...

מיר האָבן גלייך אַרומגערינגלט די עפענונג אינעם דאַך, פונוואַנען עס האָט זיך געשפּאַרט אַ פויל קנוילכל רויך. עמעצער פון אונדז האָט אַפילע געפּרואווט אַרונטערקוקן דורכן לאָך, אַרונטער, אין שטוב אַריין, אָבער — סיי איבערן רויך און סיי איבער דער פינצטערניש אונטן — דאָרט גאָרניט געקאָנט זען. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און, מיט אַ מאָדנע געפיל, געשוויגן. דער כשאַד, אַז אין דאָרף איז פאָרט פאַראַן עמעצער, האָט זיך געשטאַרקט ביי אונדז. מיר זענען דעריבער גלייך אַוועק צום צווייטן עק, דאָרט וואו דער קנויל הייזלעך האָט זיך פאַר־ענדיקט, און גיך אַרונטערגעקראָכן פונעם אַלגעמיינעם דאַך. מיר האָבן

געגומען זוכן אַן אַרייַנגאַנג אין די הייזלעך, אָבער דאָס איז גאָרניט געווען קיין לייכטע זאַך צו געפינען. און טאָמער האָבן מיר ענדלעך יאָ געפונען אַ טיר, זענען מיר גאָר אַריין אין אַזאַ נידעריקן קאָרידאָר מיט פינצטערע זייטיקע לאַבירינטן, וועלכע האָבן אונדז אַרונטערגעפירט פון דער באַשטימטער ריכטונג, און וויפל מיר האָבן זיך ניט אַרומגעדרייט מיטן איינציקן אָנגעצונדענעם לעכטל איבער די זיגזאַגיש־פאַרפלאָנ־טערטע קאָרידאָרלעך,— זענען מיר אַלץ ווידער צוריקגעקומען צו דעם אייגענעם פלאַץ, צו יענער שטוב, אָבער, פונוואַנען דער רויך האָט זיך אַרויסגעקנוילט דורכן דאַך־לאָך, אינדרויסן אַרויס, האָבן מיר דאָך אַלץ ניט באַוויזן צו דערגיין. עטלעכע יאָטן זענען דעריבער אַרויס צוריק אינדרויסן אַרויס, אַרויפגעקלעטערט אפן דאַך, און פון דאָרט — דורך די לופט־לעכער — דירעקטירט אונדזער גאַנג. ענדלעך, נאָך אַ לאַנגער זוכעניש און דרייעניש, האָבן זיי אונדז געלאָזט וויסן, אַז צו יענעם רויכיקן שטיבל איז געבליבן בלויז אַן איינציקע עפענונג. מיר האָבן זיך דאַן פאָרזיכטיק פאַרנומען אין יענער ריכטונג...

פון יענער שטוב האָט אונדז אָפגעטיילט בלויז אַ קלייניקע טיר, וועלכע איז געלעגן קימאַט ביי דער ערד און איז געווען באַהאנגען מיט אַ גרויסן שטיין אף אַ שטריק. דאָס איז, זעט אויס, געווען, קעדיי צו האַלטן די טיר פעסט צוגעמאַכט. מיר האָבן זיך דאַן שטאַרק אָנגעשפיצט, אָנגעשטעלט אונדזערע רעוואָלווערן, ווי מיר וואָלטן זיך דאָ געריכט אף אַ ווידערשטאַנד פון עמעצן, אינעווייניק. עטלעכע יאַטן האָבן אַ ריס געטאָן די טיר, זי צעעפנט און...מיר זענען ווי אַרייַנגעפאַלן...

אין פאָנים האָט גלייך אַ זעץ געטאָן אַ פאַרשטיקטע היץ — געמישט מיט גרויער, פאַרנעפלט־רויכיקער לופט. די אויגן ביי אַלעמען זענען גלייך פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן פונעם בייסיקן רויך...

*****

**אַ צייט** לאַנג האָט גענומען ביז מיר האָבן זיך ענדלעך צוגעוואוינט צום האַרבן רויך און צו דער שטיקעניש, און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן. דאָס שטיבל — ווי אַלע אַנדערע אָרימע טערקישע פויערים־שטיבלעך,— איז געווען גרוי און ליידיק. עס האָט געטראָגן פון זיך מיט אַ מין סוידעסדיקער צעווייטיקטקייט און געווייעט מיט נאַכלעסיקער פוסטקייט. עס איז געווען פינצטער. בלויז אינעם קאַמין אַרטיקן אויוון, וואָס איז געווען ווי אויסגעהוילט אין דער וואַנט פון גרויסע, ניט־געהאַקטע שטיינער, האָט זיך געטליעט אַ

קליין פּייערל. אַ האַלב־צעבּרענטער, גראָבער קלאָץ, האָט דאָרט פויל געבּרענט און צעשפּרייט איבּערן שטיבּל אַ גראָבּן רויך־וואָלקן, וואָס האָט זיך אין קנוילן געריסן אַרויפצו, צום לופט־לאָך, וואָס איז געווען אינמיטן פון באַלקן, צום אינדרויסן אַרויס. אַרום איז געווען רויכיק און פינצטער, ווי אין אַ געדיכטן נעפּל, — ניט צו זען אַפילע אף אַן איינציקן שפּאַן פון זיך.

פון אַ ווינקל, לעבּן דעם קאַמין, האָט זיך געטראָגן אַ שטילער, שווער־אָטעמדיקער קרעכץ — געמישט מיט אַ שטילן הינטישן געוואָי. מיר האָבּן געוואָרפן אונדזערע בּליקן אַהינצו און — אף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך געווען אין יענער פינצטערניש — דערזען אַן אָנגעוואָרפענעם הויפן מיט גראָבּע, צעריסענע וואַטע־קאָלדרעס, אַלטע טעפּיכער און קיילעכדיקע קישנס. אינעווייניק, אינעם באַרג שמאַטעס, איז געלעגן איינגעוויקלט אַ מענטשלעכע באַשעפעניש. דערלעבּן — ווי אַ געטרייער שוימער — האָט געהויערט אַ גרויסער, קודלאַטער הונט.

גרישונין האָט גלייך מיטן טעסאַק אָפּגעטעסעט עטלעכע שפּענער פון אַ וואַנט־פּאָליצע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, זיי צעשפּאָלטן אף קינדלעך און זיי אָנגעצונדן ביים לעכטל. מיט די דאָזיקע שטורקאַצן האָבּן מיר באַלויכטן דאָס אָנגעוואָרפענע ווינקל און זיך גענומען צום באַטראַכטן ווער און וואָס דאָרט איז...

אף אונדז האָבּן גלייך אַ בּליץ געטאָן אַ פּאָר פייגלעך־צעשראָקענע טונקל־בּרוינע אויגן, מיט אַ מאַטלעך־ליידיקן גלאַנץ אין זיי. עס האָט אַ שיין אויף געטאָן עפּעס אַן אויסגעמאָגערט־בּלאַס פּאָנים, מיט ווייכע בּרוינלעכע קנייטשלעך אין די ווייסע, איינגעפאַלענע באַקן, און מיט קליינינקע, בּלוילעך־אויפגעלאָפענע קישעלעך אונטער די אויגן. עס איז געווען צו דערקענען, אַז דאָס פּאָנים געהערט צו אַ יונגער און אויסערגעוויינטלעך־שיינער פרוי. די טיפע בּלאַסקייט — ווי בּיי עפּעס אַ גיפּסענער סטאַטוע — האָט באַשיינט דאָס פּאָנים מיט אַזאַ אנגענעמען רייץ, וואָס האָט איר געגעבּן דעם אויסזען פון אַ לעגענדאַר־געמאָלטער הייליקער מאַדאָנע. זי האָט שוואַך געאָטעמט און דערבּיי עטלעכע מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך צו באַוועגן איר אָפּגעשוואַכטן קערפּער.

זי איז געלעגן איינגעוויקלט אין די שמאַטעס, זיך אַפּאָנים גע־וואַרעמט בּיים טליענדיקן פייערל און געציטערט. ווען מיר האָבּן זיך צוגעבּויגן און געפּרוּווט רעדן צו איר, האָט זי זיך גלייך גענומען קאָרטשען פון שרעק און אַנטשוויגן. עס האָט אויסגעזען, אַז זי האָט מוירע געהאַט פאַר אונדז און אונדז ניט געוואָלט דערצערענען מיט אירס אַ קרעכץ. דערפאַר אָבער האָט זיך דער הונט גענומען פלאָנטערן

צווישן אונדזערע פיס און מיט דער צונג גענומען לעקן די הענט ביי אונדז, ווי ער וואָלט געבעטן, אַז מען זאָל עפּעס טאָן.

אַ ווייל זענען מיר געשטאַנען ווי פאַרלוירענע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און מיט וואָס צו העלפן. פּלוצים האָט די פרוי מיט איר אויסגעצערט־דינער האַנט זיך גענומען ציען צו עפּעס אַזאַ גרויסער, ליימענער וואַסער־קרוג, וואָס איז — אַן איבערגעקערטע און ליידיקע — געלעגן ניט ווייט פון איר, אויף דער ערד. זי האָט עס אָבער ניט גע־קאָנט דערגרייכן. דאַן האָט זי זיך אָנגעשטרענגט, אויסגעצויגן אירע לאַנגע, דינע פינגער, געטונקען די שפּיצן אינעם נאַסלעך־בלאָטיקן ריטשקעלע, וואָס האָט זיך געשלענגלט אויף דער ערד לעבן דער קרוג, און ציטערנדיק — מאַשמאָעס פון פיינלעכן דורשט — דערמיט באַפייכט אירע פאַרטרוקנט־צעפּלאַצטע, בלויע ליפּן.

מיטאַמאָל האָט זי אַ קרעכץ געטאָן, גענומען מורמלען אַזעלכע מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע רייד, פון וועלכע מיר האָבן אויפגעכאַפּט און קוים פאַרשטאַנען עטלעכע ווערטער:

— „באַנאַ יאַרדעם", — האָט זי זינגענדיק געבעטן, — „אָ, באַנאַ יאַרדעם, אַדאַמלאַרעם, ביאיר אַס סו, וואַאיר באַנאַ!..." 1)

און איידער מיר האָבן באַוויזן עפּעס צו טאָן פאַר איר, האָט זי פאַרדעקט דאָס פּאָנים מיט אירע ביינערדיק־לאַנגע פינגער פון אירע בלאַסע, אויסגעדאַרטע הענט, און זיך שטיל צעוויינט. מיר האָבן זי געפּרוּווט באַרויקן, אָבער זי האָט אַלץ געוויינט. מיטאַמאָל האָט זי אומהיימלעך און צוריקגעהאַלטן אויסגעקרעכצט:

— „אָ, כאַרדאַש, בענעם כאַסטאַ...איקי קאַזאַקליאַר..." 2)

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און פאַרשטאַנען. עפּעס אַזאַ שווערע געדריקטקייט האָט אונדז אַרומגעכאַפּט און מיר האָבן זיך ווי פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. עמעצער האָט אַזש אַ קריץ געטאָן מיט די ציין:

— אויסוואורפן!... ווי האָבן זיי געוואַגט?... זי — אַ קראַנקע?...

דאַווידאָוו האָט נערוועז געצופּט די ליפּן און געמורמלט:

— וואָרים עס איז דען אַ וואונדער?... אַז מען האָט גענומען און אַריינגעפירט מענטשן אין אַזאַ פאַרברעכערישער מילכאָמע, וואו מאָרד און פאַרניכטונג ווערט פאַררעכנט פאַר אַ העלדישקייט, טאָ וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין דעמלט אָנצופאַלן אויף אַ קראַנקער, אומבאַשיצטער פרוי?... איך זאָג אייך בעעמעס, אַז שולדיק זענען גאָרניט די, וועלכע האָבן באַגאַנגען דעם דאָזיקן פּאַסקודנעם פאַרברעכן, נאָר יענע, וואָס

1) העלפט מיר, מענטשן, גיט אַביסל וואַסער, איך בעט אייך!...

2) אָ, ברידער, איך בין קראַנק... צווי קאָזאַקן...

האָבן באַשאַפן אַזאַ פאַרברעכערישע סוויווע, אַז דער טײַוול זאָל זיי נאָר אויסדישען!...ניין, די קאָזאַקן איז גאָרניט צו פאַרדענקען...

יערמישין האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דאַווידאָווס רייד. ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און אומדרייסט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס וואָס איך האָב געטראַכט...מען קאָן קיינעם דערפאַר ניט פאַרדענקען... אַז זי...זי איז דאָך אַזאַ שיינינקע, אַז...מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן, צו בלייבן גלייכגילטיק און... איך זאָג אייך איצט דאָ גאַנץ אָפן, אַז איך אַליין וואָלט אַוואַדע...

ער האָט ניט פאַרענדיקט. אָנגעטראָפן פון דאַווידאָווס און פון גרישונינס בייזע בליקן, איז ער מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. זיינע רייד האָבן אַלעמען דערצערנט, אָבער קריגן זיך מיט אים האָט דאָך קיינער ניט געוואָלט. אַלע זענען פאַרכאַפּט געווען פון מיטגעפיל צו אָט דער דאָזיקער קראַנקער פרוי און דעריבער ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן. גרישונין— ווי ער וואָלט געערדט צו עמעצן אין דער ווייט— האָט שטיל און צוויישיקט אַ ברום געטאָן:

— עך, מאַמינקע מיינע, ווען מיר וואָלטן אָבער געווען מענטשן, עמעסע מענטשן, מיט סייכל און פאַרשטאַנד, וואָלטן מיר דאָך...

ער האָט מיטאַמאָל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און שוין אַנדערש אַ זאָג געטאָן:

— בעסער ניט רעדן וועגן דעם... לאָמיר בעסער זען צו העלפן דער פרוי מיט עפּעס און...

אַלע זענען ווי צו זיך געקומען. געערדט האָט קיינער ניט. יעדער איינער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום טאָן עפּעס. דראַבולקין האָט אַ כאַפּ געטאָן די קרוג און זיך געלאָזט גיין נאָך וואַסער. יערמישין האָט זיך גענומען פאָרקען ביי דעם פייער און אַזוי שנעל ווי עמעצער האָט אים אַריינגעבראַכט פרישע שטיקלעך האָלץ,— האָט ער עס גענומען אויס־בעסערן. דאַווידאָוו און גרישונין האָבן זיך גענומען אויפפרישן דאָס געלעגער אונטער דער קראַנקער און זי באַקוועמער אַוועקגעלייגט. מען האָט אויפגעפרישט איר פּאָנים מיט פרישן וואַסער און אויך צוגעטראָגן עטלעכע טראָפּנס צו אירע פאַרשמאַכטע, צעטרוקנטע ליפּן. באַלד האָט מען געבראַכט צו טראָגן אַ קעטעלע מיט טיי, וואָס די יאַטן פון דער קאָמאַנדע האָבן געהאַט אויפגעזאָטן. מען האָט איינגעוויקלט אין דעם אַ צוויי סוכאַרעס און דערמיט גענומען אָנקאָרמען די קראַנקע, פּונקט ווי אַ קליין, אומבאַהאָלפן קינד...

זי האָט מאַמעש אויפגעלעבט. אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. אַ שטומע דאַנקבאַרקייט — געמישט מיט טרויעריקער צוויישיקטקייט —

האָט אַרויסגעלויכטן פון זיי. זי האָט דאַן אויסגעזען ווי אַ דערשראָקן קינד און — צו דער זעלבער צייט — ווי אַ קראַנקער, לאַטטשענדיקער הונט, וואָס בעט מען זאָל אים ראַטעווען. זי האָט ניט גערעדט מער. איר שווייגן, אָבער, האָט אונדז דערציילט פיל מער ווי ווערטער. אירע בליקן האָבן דערקלערט מער ווי טויזנטער שפּראַכן...

טכילעס האָבן מיר אַפילו געזוכט איבערצוטראָגן די קראַנקע צו עפּעס אַ פעלד־שפּיטאָל. נאָר ווייל מיר האָבן ניט געוואוסט וואו אין דער דערבייאיקער געגנט עס געפינט זיך אַזאַ, — האָבן מיר באַשלאָסן איבערצוואַרטן ביז דער שטאַב וועט אָנקומען אַהערצו און דאַן לאָזן דעם אַמבולאַטאָריע־דאָקטאָר באַשטימען וואָס צו טאָן מיט איר. קלאָר איז אָבער געווען, אַז דערווייל מוז מען אַליין אָנווענדן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך איר צו העלפן, זי באַדינען, שפּייזן און האַלטן וואַכטע ביי איר. עטלעכע יאַטן האָבן זיך פרייוויליק אַרויסגערופן דאָס צו טאָן און אַכטונג געבן אויף איר אין צוויי־שאָאיקע וואַכטעס. צוויי יאַטן זענען טאַקע גלייך פאַרבליבן ביי איר, און מיר — די איבעריקע — זענען אַוועק צו זיך אויף באַכטלעגער.

צוויי טעג שפּעטער איז דער שטאַב אָנגעקומען אין דאָרף אַריין. דער אַמבולאַטאָריע־דאָקטאָר האָט זי באַטראַכט און דערקלערט, אַז זי האָט דורכגעמאַכט אַ בויך־טיפוס, נאָר אַז זי איז שוין איצט אַרויס פון געפאַר. ער האָט אונדז געגעבן אַ פלאַש מעדיצין מיט פּראָשקעס, און אָנגעזאָגט וואָס און ווי צו טאָן ביז זי וועט געזונט ווערן.

די קראַנקע האָט זיך קעסיידער געבעסערט. זי האָט אָנגעהויבן צו ווערן מונטערער און אויפגעלעבטער. דערווייל האָבן מיר, דורך דעם שטאַב־איבערזעצער, זיך געפּרוואווט דורכרעדן מיט איר, קעדיי אויסצוגעפינען מער איינצלהייטן וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט איר און, איבערהויפּט, פאַרוואָס זי איז פאַרבליבן איינע אַליין אינעם דאָרף. אַ צעווייטיקטע האָט זי דאַן דערציילט, אַז זי איז נאָך קראַנק געוואָרן איידער אירע אייגענע האָבן פאַרלאָזן דאָס דאָרף און דערפאַר — ביים אַנטלויפן — זי ניט געקאָנט מיטנעמען, ווייל זי האָט דעמלט שוין ניט געקאָנט שטיין אויף אירע פיס. זיי האָבן איר דעמלט בלויז איבערגעלאָזט די קרוג מיט וואַסער און עטלעכע פּיצלעך טרוקן ברויט, קעדיי זי זאָל האָבן מיט וואָס צו דערנערן זיך. דערנאָך — האָט זי מיט שעמעוודיקער אומשולד צוגעגעבן — זענען אָנגעקומען שווערע טעג, עפּשער וואָכן, און זי איז געלעגן אין עפּעס אַזאַ פאַרגעסנקייט. מיטאַמאָל זענען אָנגעלאָפן קאָזאַקן, זי געפונען אַליין און...

גרויסע, בלאַנקנדיקע טרערן האָבן זיך מיטאַמאָל אַ גאָס געטאָן פון

אירע אויגן און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. מיר האָבן זי דערפאַר מער ניט באַאומרואיקט מיט אויספרעגן.

זי איז ענדלעך געזונט געוואָרן. פונעם אָבאָז האָבן מיר פאַר איר אַרויסגעקראָגן בייע וועש, הויזן, אַ בלוזע, שטיוול און אַ שינעל. די יאַטן האָבן זיך גענומען זי אויסצולערנען צו רעדן רוסיש און זי איז געווען איבערגליקלעך. פון יעדן ניי־אויסגעלערנטן וואָרט האָט זי זיך געפרייט ווי אַ קינד מיט אַ נייער שפילצייג און — אויב עס איז איר געלונגען ניט שלעכט נאָכצוזאָגן אַ פראַזע — האָט זי אויסגעשטעלט די צוויי שורעס מיט גלייכע, ווייסע ציין, און געלאַכט מיט אַזאַ מאָדנע באַטאַאַמט געלעכטערל, פון וועלכן אַלע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן. זי איז ביכלאַל געווען אַזוי כיינעוודיק־ליבלעך, אַז אַלע אין שטאַב האָבן זי ליב באַקומען. אויך זי אַליין איז געווען שטאַרק צופרידן און זיך איינגעלעבט מיט אונדז. באַוועגלעך־לעבעדיק האָט זי זיך אַרומגעדרייט איבערן שטאַב, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער באַשטאַנד־מיטגליד, און מיט געזאַנג געטאָן פאַרשידענע קליינע אַרבעטן. אויסגעזען האָט עס, אַז זי וועט שוין אַוואַדע אַזוי פאַרבלייבן מיטן שטאַב, ביז...

עטלעכע טעג שפּעטער איז דאָס אָבער צוביסט געוואָרן. אין יענעם טאָג, האָבן יאַטן באַמערקט, איז זי — אַ פאַרוויינטע — אַרויסגעלאָפן פון קאָמאַנדירס צימער, וואָס זי האָט געהאַלטן אין ריינקן, און צו קיינעם קיין וואָרט ניט געוואָלט אויסרעדן. איר נאַטירלעכע פריילעכקייט איז פאַרשוואונדן, צוזאַמען מיט איר געזאַנג. דעם גאַנצן נאָכמיטיק איז זי דעמלט אָפּגעזעסן איינע אַליין ניט ווייט פונעם שטאַב און — מיט אַ בענקשאַפט אין אירע אויגן — געקוקט אף די אַרומיקע בערג. זי האָט ניט געוואָלט גיין עסן ווען מען האָט זי גערופן און ביכלאַל קיינעם ניט געוואָלט ענטפערן, ווען מען האָט זי געפרעגט וואָס אַזעלכעס עס איז מיטאַמאָל געשען. בלויז דאַווידאָוון, ווען זי האָט געטרויט און זייער געאַכט, האָט זי שטילערהייט אַ זאָג געטאָן:

— אָ, כאַרדאַש דאַווידאָוו, די וועלט וואָלט דאָך יאָ געקאָנט זיין אַזוי שיין, דאָס לעבן אַזוי זיס, ווען...מען זאָל נאָר צורולאָזן...

דאַווידאָוו האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען.

אינמיטן דער נאַכט איז זי ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן און מער האָבן מיר זי שוין קיינמאָל ניט געזען...



# קאַפּיטל זעקסונצוואַנציק

לאַכטן זענען אָנגעגאַנגען קימאַט קעסיידער ביזן סאָף זומער. אָנהויב האַרבסט האָט זיך אַביסעלע איינגעשטילט. דערווייל האָבן מיר, אין קאָמאַנדע, דערהאַלטן אַ שלעכטע בשורה. אין טעגלעכן באַפעל פונעם שטאַב איז געווען געמאָלדן, אַז אַ שיף — אַפן וועג פון באַטום קיין טראַפּעזאָנד — איז אונטערגעגאַנגען. צווישן די נעמען פון די דערטרונקענע — איז אויך געווען יערמישינס, דער פויקער, וועלכער איז געווען אַפן וועג צוריק פון זיין אורלויב. צו דער זעלבער צייט האָבן סאָלדאַטן — געראַטעוועטע פון יענער שיף — דערציילט פאַרשידענע וואַריאַציעס וועגן דעם אומגליק. אַ טייל האָט געזאָגט, אַז ביינאַכט, אין דער פינצטער, איז די שיף אַרויף אַף אַ שווימענדיקער מינע, וועלכע האָט אויפגעריסן ווי אַ דונער און... אַ צווייטע טייל האָט געזאָגט, אַז די שיף האָט זיך גאָר אין דער פינצטער אָנגעשטויסן אַף אַ רוסישער צעשטערער־שיף, וועלכע איז מיט אימפעט אַריינגעפאָרן אין איר און זי קימאַט אַף העלפט איבערגעשניטן. אָבער אַלע האָבן איבערגעגעבן וועגן דער שרעקלעכער פּאַניק וואָס האָט דאָרט געהערשט נאָכן אויפרייס. זיי האָבן דערציילט ווי די סאָלדאַטן האָבן זיך מיט יאָמער־געשרייען געוואָרפן אין וואַסער אַריין און גערופן נאָך הילף צו דער צעשטערער־שיף, וועלכע איז די גאַנצע נאַכט געשטאַנען דערלעבן און זיך אַפילו ניט צוגערירט צום ראַטעווען די שווימענדיקע מענטשן פון דעם וואַסער אַרויס, ווייל — ווי עס איז דערנאָך קלאָר געוואָרן — מען האָט דאָרט געמיינט, אַז די אונטערגייענדיקע שיף איז גאָר אַ טערקישע. ערשט פאַרטאָג צו, ווען מען האָט דאָרט, אַף דער צעשטערער־שיף, דערזען דעם טעות, האָט מען אַרונטערגעלאָזט די ערשטע רעטונג־שיפלעך. עס איז שוין אָבער צו שפּעט געווען. העכער פון פיר הונדערט סאָלדאַטן זענען שוין געהאַט אַרונטערגעזונקען צום גרונט און געפונען זייערע קוואָרים אין די פּיסקעס פון די ריזיקע וואַלפיש,

אָדער אין די טיפּענישן פונעם בראָנזנדיקן שוואַרצן יאַם...

די דאָזיקע ידיעה האָט אונדז אַלעמען שטאַרק צעווייטיקט. דער פאַרדראָס וואָס יערמישין איז אומגעקומען צופעליק, ניט אפן פראָנט, און דערצו נאָך צוריקפאָרנדיק פון אורלויב, האָט מאַמעש געגריזשעט ביז צום וויינען. אָבער דאָ איז געווען נאָך אַ זאַך: גרישונין. ער איז אויך געפאָרן אף אורלויב צוזאַמען מיט יערמישינען און האָט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, זיך אויך געדאַרפט אומקערן אין דער זעלבער צייט. און כאָטש אינעם צעטל פון די אומגעקומענע האָבן מיר ניט געזען גרישונינס נאָמען, — זענען מיר אַלע דאָך געווען אומרויִק און מוירע געהאַט, אַז אויך ער איז אומגעקומען. און גרישונינען האָט די קאָמאַנדע דאָזיקע לעצטנס שטאַרק ליב באַקומען פאַר זיין דרייסטקייט, פאַר זיין אָפטן אויסדריקן די פיין, וואָס עס פלעגט זיך אָנקלייבן ביי אַלעמען אף די הערצער. מען האָט אים אַפילע פיל ליבער געקראָגן ווי דאַווידאָוון, וועלכער פלעגט טאַקע קלאָר מאַכן זאַכן און דערקלערן די פאַרשידענע פראַגן. ער איז אָבער געווען צו שטיל און צוריקגעהאַלטן, בעאיִיס גרישונין האָט, פאַרקערט, געגעבן אָפּענעם אויסדרוק צו די אַלע ווייטיקן, וועלכע דאַווידאָוו פלעגט בלויז עטוואָס אָנרירן.

עטלעכע טעג שפּעטער איז גרישונין דאָך אָנגעקומען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, פון זיין דערציילן, איז ער געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ צופאַל. מיט אַ שמייכל אף די ליפּן האָט ער דערציילט, אַז ער האָט זיך שוין געהאַלטן ביים אויפזעצן אף דער זעלביקער שיף, נאָר ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן צוליב אַ מיידל, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט טאַקע לעבן דער שיף און מיט וועלכער ער איז אַוועק אַ הוליע צו טאָן. אַזויאַרום האָט ער פאַרשפּעטיקט די שיף און געמוזט נעמען אַ צווייטע שיף, וועלכע איז אָפּגעפאָרן מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

און ווי צו באַרעכטיקן זיך — אַ זאָג געטאָן:

— אַפּאָנים, אַז ניט אַלעמאָל מוז אַ מיידל דיך טאַקע אומגליקלעך מאַכן. זי קאָן, זעט איר, אַמאָל אויך ראַטעווען...

— דאָסמאָל אָבער,— איז אים טשעריאַק שפּאַסיק אַריינגעפאָרן,— דאָסמאָל זעט איר, האָט אַ מיידל דיך צוויי מאָל געראַטעוועט...

אַלע האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער...

*****

**ווי צום** דערגאַנצן אונדזער צאַאַר איבערן אומקום פון יערמישינען, איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער אָנגעקומען אַ

באַפעל פון דער הויפּט-קוואַרטיר פון דער קאַווקאַזער אַרמיי, אַז די שיסער-פּאָלקן פון אונדזער קאָרפּוס ווערן רעאָרגאַניזירט און וועלן באַקומען צו אייגענע שטאַטנע מוזיק-קאָמאַנדעס, אַנשטאָט די האַלב-אָפיציעלע, וואָס זיי האָבן פריער געהאַט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז געווען געמאָלדן, אַז אונדזער קאָמאַנדע — פּונקט ווי די אַלע אַנדערע בריגאַדע-קאָמאַנדעס פון אונדזער קאָרפּוס — ווערט איינגאַנצן אויפגעלייזט און אַז מיר, די מוזיקאַנטן, ווערן פאַנאַנדערגעשיקט אין די ראָטעס, פון וועלכע מיר, יעדער איינער, איז לעבאַטכילע גענומען געוואָרן. דאָס האָט אונדז זייער ניט געשמעקט, שוין ניט אַזויפיל דערפאַר, וואָס דאָס האָט געמיינט גיין אפן ערשטן פייער, נאָר פּשוט צוליב דעם, וואָס אין קאָמאַנדע האָבן מיר זיך געפילט ווי אין איין מישפּאָכע, ווי פרייַנט און באַווײַרים צווישן זיך.

צום גליק האָט אונדזער בריגאַדע-קאָמאַנדיר, וועלכער האָט ליב געהאַט מוזיק, באַשלאָסן אונדז ניט אויפצולעזן אינגאַנצן, נאָר אונדז אַלע, ווי אַ קערפּערשאַפט, אָפּקאָמאַנדערירן אין איינעם פון די פּאָלקן פון דער בריגאַדע, קעדיי אַזויאַרום איינצוהאַלטן אונדזער גאַנצקייט. ער האָט זיך דורכגערעדט מיטן קאָמאַנדיר פונעם דרייצנטן פּאָלק און אים געגעבן אַן אָנצוהערעניש, אַז ער זאָל אונדז — צוליב אונדזער דערפאַרנקייט און גוטן שפּילן — דערקלערן פאַר דער אָפיציעלער מוזיק קאָמאַנדע פון זיין פּאָלק, אַנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט אָרגאַניזירן אַ נייע קאָמאַנדע. און עטלעכע טעג שפּעטער איז טאַקע אָפיציעל באַשטימט און געמאָלדן געוואָרן אַזוי. מיר האָבן זיך שוין גערעכנט פאַר אַנגע-העריקע צום דרייצנטן שיסער-פּאָלק. מיר האָבן גלייך באַקומען נייע פּאַגאָנעס מיט די געהעריקע אויפשריפטן און דערווייל געבליבן אינעם שטאַב, וואַרטן ביז מען וועט אונדז אַרויספאָדערן אין פּאָלק אַריין.

אָבער ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר זענען שוין איצט אָפיציעל געווען צוגעשריבן צום פּאָלק, — זענען מיר נאָך אַלץ פאַרבליבן באַם שטאַב-בריגאַדע. טעלעפאָנאָגראַמעס און קאָמוניקאַציעס זענען דערווייל געלאָפן פונעם פּאָלק צום שטאַב און צוריק. פון דאָרט האָט אַלץ דער קאָמאַנדיר פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אונדז אַרויסשיקן אַהינצו, און דאָ האָט מען עס אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג...

אַזוי איז אַוועק אַ שפּאַר שטיקל צייט. מיטאַמאָל, אָבער, ווי עס איז טאָמיד דער שטייגער אין מיליטער, — איז אין קאָמאַנדע צו אונדז אַריינגעלאָפן אַ שרייבער פונעם שטאַב און גערופן סטעפּאַקינען אין קאַנצעלאַריע אַריין. שפּעטער אַ ווייל איז סטעפּאַקין צוריקגעקומען און — נאָך אין דער טיר — קימאַט אָן אָטעם אויסגעשריגן:

— העי, כעוורע, פֿאַרנעמט זיך גלייך אינדרויסן אַרויס! גיך!... באַטשאַלסטווע גייט זיך געזעגענען מיט אונדז און... עס זעט אויס, אַז מיר וועלן באַלד אַוועקגיין...

אין געאייל האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין פֿאַרנט פֿון דער שטאַב־קאַנצעלאַריע, אין אַן איינצל־ריי, סטעפּאַקין האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אף סאַמע רעכטס פֿון אונדז און מיט זייטיקע, אומגעדולדיקע בליקן, געקוקט אין דערוואַרטונג צו דער טיר פֿון שטאַב. באַלד איז אַרויסגעקומען דער אַדיוטאַנט. סטעפּאַקין האָט זיך אַ צי געטאָן אין זיין גאַנצער לענג און אויסגעשריגן דעם געוויינטלעכן באַפֿעל:

— קאָמאַנדע, — אויפֿמערקזאַם!...

דער אַדיוטאַנט האָט זיך באַגריסט מיט אונדז, מיר האָבן געענט־פֿערט און ער האָט גענומען האַלטן אַ געזעגענונגס־רעדע צו אונדז... ער האָט דאָסמאָל גערעדט אין אַזאַ אויסערגעוויינטלעך וואַרעם־פֿריינט־לעכן טאָן, אָן זיינע שטענדיקע זידלערייען און כויזעק,— אַז עס האָט אונדז מאַמעש איבעראַשט. אַזעלכע ווערטער האָבן מיר פֿון אים נישט געהערט פֿאַר דער גאַנצער פֿיר־יאָריקער צייט, זינט ער איז געוואָרן אונדזער נאַטשאַלניק. ער האָט געזאָגט, אַז עס פֿאַרדריסט אים, וואָס מיר, נאָך אַזאַ לאַנגן צוזאַמענשטיין, דאַרפֿן זיך פֿלוצלונג גאָר שיידן. דערביי האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן דאָרט, אינעם פּאָלק, וואו מיר וועלן איבערגעשיקט, זען צו דינען פּונקט אַזוי געטריי און געהאָרכזאַם, פּונקט אַזוי ווי מיר זענען עס געווען אין בריגאַדע־שטאַב...

פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער רעדע, האָט ער אַ באַפֿעל געטאָן:

— קאָמאַנדע — אין סיידער — צעציילט זיך!...

אַן אומצופֿרידענער דראָזש איז דורכגעלאָפֿן דורך דער ריי. עס איז דאָ קלאָר געווען פֿאַר אונדז, אַז ער קלייבט זיך צו קושן מיט אַ טייל פֿון אונדז, ווען ער וועט אַרויסרופֿן לויט די רוף־נומערן פֿון דער ריי. עפּעס האָט עס זייער שטאַרק דערמאָנט אין יענער צעציילונג, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט מיט אַ צייט צוריק געהייסן דורכפֿירן, ווען דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט געדאַרפֿט אויסקלייבן די פֿיר קאָרבאָנעס אף צו דערשיסן זיי. עס איז אָבער געווען אַ זאַך, וואָס מיר האָבן זיך נישט געקאָנט העלפֿן. סטעפּאַקין — ווי דער ערשטער אין דער ריי — האָט גלייך אַ דריי געטאָן זיין קאָפּ אף לינקס און, ראַפּטאָווגע, מיט אַ הילכיקן אויסרוף, אַ וואָרף געטאָן צו זיין שאָכן:

— ערשטער!

יענער — פּונקט ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט דערויף — האָט דאָס אַ כאַפּ געטאָן, אויך פֿלינק אַ דריי געטאָן זיין קאָפּ אף לינקס און —

ווי דאָס וואָלט געווען אַ שווערע מאַסע — גיך איבערגעוואָרפן צו זיין שאָכן אף לינקס:

— צווייטער!

אַזוי איז אַוועק קעסיידער — ווי אַ מאַשין. איינער נאָכן צווייטן האָט אַ קאָפּ זיך אַ דריי געטאָן פון רעכטס אף לינקס, אויפגעכאַפּט דעם צוגעוואָרפענעם רוף-נומער פון יענעם און שנעל אַ וואָרף געטאָן זיין אייגענעם רוף-נומער ווייטער:

— דריטער!... פערטער!... פינפטער!... צענטער!... און אַזוי אַלץ העכער און העכער, ביז... עס האָט זיך אין דער לינקער זייט, אפן סאַמע עק פון דער ריי, ווי פון אַ הוילן פאַס אַרויס אַ טראָג געטאָן אַ טויבער אויסרוף:

— זעקס און זעכציקסטער!...

דער אַדיוטאַנט האָט דאַן געוואָרפן אַ בליק איבער דער לאַנגער ריי, געדרייט בעאייס מאַיסע אַ וואָנצעלע און געטראַכט וועגן עפּעס. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ הויב געטאָן אף זיינע ספּרוזשינע-פּיסלעך און עפּעס אַזוי מאָדנע אויסגערופן:

— ערשטער אין דער ריי און יעדער פינפטער נאָך אים — דריי טריט אין פאָרויס!... טראָטווייז — מאַרש!...

פערצן פיס האָבן זיך בעריעש אַ הויב געטאָן, ריטמיש אָפּגעמאָסטן דריי ברייטע שפרייזן און — באַם אָפּשטעלן זיך — הילכיק אָפּגעקלאַפּט מיט די שטיוול פוס צו פוס. עס איז שטיל געוואָרן. מיר, די וואָס זענען איבערגעבליבן אין דער ריי, — האָבן באַהאַלטענערהייט, מיט אַ מין צופרידענער האַנאָע, דערלייכטערט אָפּגעאָטעמט און מיט באַדויער געקוקט אף די פּלייצעס פון יענע, וועלכע זענען געשטאַנען פאָרויס פון אונדז, אין אַ שיטער-צעוואָרפענער שערענגע.

דער אַדיוטאַנט איז צוגעגאַנגען צו סטעפּאַקינען. ער האָט אים אַ דערלאַנג געטאָן די האַנט, פאַרוואָרפן די צווייטע איבער זיין אַקסל און זיך צעקושט מיט אים גלייך אין די פּיסקעס. פון סטעפּאַקינען איז ער אַוועק צום אַנדערן, פון יענעם — צום ווייטערדיקן און... אַזוי קעסיידער, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די אַלע, וועלכע זענען געווען אַרויסגעטראָטן אין פאָרויס. דערנאָך האָט ער זיי געהייסן מאַכן דריי טריט אף צוריק, צו זייערע אייגענע פּלעצער און ווידעראַמאָל זיך געקליבן עפּעס רעדן צו אונדז.

אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן אָנצוהויבן, האָט זיך אין דער טיר פון שטאַב באַוויזן דער שטאַב-קאָמאַנדיר. דער אַדיוטאַנט האָט דאַן געוואָרפן די קאָמאַנדע צו אויפמערקזאַמקייט און — אַזוי גיך ווי דער

קאָמאַנדיר האָט זיך באַגריסט מיט אונדז און מיר האָבן אָפּגעענטפערט — האָט ער, דער אַדיוטאַנט, זיך אינדערשטיל דורכגערעדט מיט אים און גלייך אַ באַפעל געטאָן:

— קאָמאַנדע, — ערשטער אין דער ריי און יעדער צענטער נאָך אים — דריי טריט אין פאָרויס!... טראָטווייז — מאַרש!...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך צעקושט מיט אַלע אַרויסגעטראָטענע און דערנאָך געגומען האַלטן אַ רעדע. אויך ער האָט גערעדט אַזוי זיס, אַזוי ווייכהאַרציק, אַז אויב אַ פרעמדער וואָלט צופעליק געווען דערביי, וואָלט ער זיכער געמיינט, אַז אונדזער קאָמאַנדיר איז דער בעסטער, דער האַרציקסטער מענטש צווישן אָפיצירן. מיר זענען אָבער געשטאַנען, שטילערהייט געקריצט מיט די ציין און געביילט די פויסטן...

ענדלעך האָט זיך די דאָזיקע געזעגענונג-צערעמאָניע פאַרענדיקט און מען האָט אונדז פריי־געלאָזט. סטעפּאַקינען האָט מען אַריינגערופן אין קאַנצעלאַריע אַריין און דאָרט אים אַרויסגעגעבן אַ געוויסע סומע שפּיל־געלט, וואָס איז אונדז שוין אַ צייט געקומען. קיינער פון אונדז האָט זיך אָבער ניט געפרייט דערמיט. אַלע זענען געווען ווי דערשלאָגן. עס האָט אויסגעזען, אַז אויסער דעם פאַרדראָס, וואָס יעדער פון אונדז האָט געהאַט איבער דעם פאַקט פון אַוועקגיין פונעם שטאַב, האָט זיך קיינער ניט געקאָנט שענקען דאָס, וואָס מען האָט אונדז געצוואונגען צו שמייכלען צו באַטשאַלסטווע און זיך נאָך צעקושן מיט זיי. און כאָטש קיינער פון קאָמאַנדע האָט עס אָפן ניט אַרויסגעוויזן, האָט זיך דאָך געשפּירט דער ווייטיק דערפון. באַטירלעך האָבן זיך מער פון אַלעמען געפילט נידערגעשלאָגן יענע, וועמען עס איז טאַקע דירעקט אויסגעקומען דאָס צו טאָן. עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַפילו נאָך דעם געזוכט צו פאַרענטפערן פאַר די איבעריקע יאַטן, אַקוראַט ווי עס וואָלט בעעמעס געווען זייער אייגענע שולד און ווי זיי וואָלטן עס געטאָן מיטן אייגענעם גוטן ווילן. אָבער דאַווקע אַזוי, וואָס מער זיי האָבן זיך געפּרוווט פאַרענטפערן, האָבן די אַנדערע זיי ערשט גענומען שטעכע־לירן. מער פון אַלעמען האָט אַריינגעכאַפּט דוקעל, וועלכער איז גראָד אויסגעקומען צו שטיין דער צענטער אין דער ריי און האָט דעריבער געהאַט דאָס „גליק” זיך צו קושן מיט ביידן, סיי מיטן אַדיוטאַנט און סיי מיטן קאָמאַנדיר. ער אָבער, דוקעל, איז ניט ניספּאָעל געוואָרן פון דעם אַריינקיבעצן. ער האָט וואָרילינגעריש געפינטלט מיט די שוואַרצע מייזל־אויגעלעך און לאַבנריק אָפּגעענטפערט:

— נישקאָשע, זיי האָבן מער פאַרלוירן ווי איך... איך אַליין האָב טאַקע פאַר אַ מינוט צייט געמוזט שמעקן זייער פאַרפיום, אָבער זיי

האָבן דערפֿאַר זיך גוט אָנגעשמעקט מיט מיין שוויס און ברוד... און אַ כוץ דעם, האָב איך...

ער האָט אַ ווייז געטאָן אף זיין שטייף-אומראַזירטער באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן עמעסע שטאָלענע פערד-באַרשט און צוגעגעבן:

— יאָ, אַ כוץ דעם האָב איך זיי, די פערד, אַזוי אויסגעבאַרשט די פּעניִמער דערמיט, אַז זיי וועלן שוין פאַרזאָגן אַ צענטן, זיך ניט צו קושן מיט סאָלדאַטן...

דראַבולקין, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די „קאָרבאָנעס״, האָט זיך מיט באַדויער אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק:

— עך, ווען איך וויס, אַז דאָס וועט הייִנט פּאַסירן, וואָלט איך געכטן קיין פריש העמד ניט איבערגעטאָן... יאָ, איך וואָלט שוין געווען אַזוי געמאַכט, אַז זיי וואָלטן זיך געהאַט צום קראַצן, כאָטש...

טשעריאַק האָט אַ קיבעץ געטאָן:

— נישקאָשע, דאַרפסט זיך ניט זאָרגן, דראַבולע. יאָ אַ פריש העמדל, אָדער ניט, אָבער אין אַ פעלדל פונעם אויבערהעמדל, האָבן זיך זיכער איינגעהאַלטן אַזאַ פּאָרציע, געבוג אף אַריבערצושפּאַנען צו זיי. און כ׳האָב מוירע, אַז זיי וועלן סיי ווי זיך האָבן צו קראַצן...

אַלע האָבן האַרציק געלאַכט פון דער בלויזער מעגלעכקייט צו האָבן כאָטש אַזאַ קליינע בעקאָמע...

פאַרנאַכטצו האָט מען די קאָמאַנדע גערופן אין אָבאָז, און מען האָט אונדז אַרויסגעגעבן צו נייע שטיוול, הויזן, און אונטערוועש. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט דאָס בעקיוון געטאָן, קעדיי עס זאָל אונדז פאַרדריסן דאָס אַוועקגיין און אַז מיר זאָלן שטענדיק געדענקען ווי גוט מען האָט אונדז אין שטאַב באַהאַנדלט...

און מאָדנע: די דאָזיקע באַהאַנדלונג איז אונדז טאַקע געפעלן געוואָרן. נאָך מער: עס איז אונדז טאַקע מיטאַמאָל באַפאַלן אַ שווערע בענקשאַפט. מיר האָבן געקוקט איינער אפן צווייטן און זיך געשעמט צוצוגעבן, אַז שוין איצט, נאָך פאַרן אַוועקגיין, האָט אונדז אָנגעהויבן פאַרדריסן. דער עמעס איז געווען, אַז מיר, ווייל מיר האָבן נאָך ניט געקענט אונדזער צוקונפטיקן קאָמאַנדיר, — האָבן טאַקע געציטערט, אַז ער זאָל אַמאָל ניט זיין ערגער פון אונדזער איצטיקן קאָמאַנדיר און אַדיוטאַנט. שווייגנדיקע זענען מיר דאַן צוריק אַריין צו זיך אין דער קוואַרטיר און זיך גענומען צום איינפּאַקן אונדזערע זאַכן. און געטאָן האָבן מיר דאָס מיט אַזאַ מין געדריקטן געמיט, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן זיך געקליבן אַוועקצוגיין ערגעץ אין אַ פּלאַץ, פונוואַנען מען קאָן זיך שוין טאַקע קיינמאָל ניט אומקערן. מיר האָבן איינגעוויקלט אונדזערע

נאָטן־ביכער אין די קאָלדרעס אַריין און זיך נאָר געזאָרגט, ווי אַזוי מיר וועלן די דאָזיקע שווערע מאַסע — צוזאַמען מיט די אינסטרומענטן, פּאַלאַטקעס, קעסעלעך, טעסאַקעס, לאָפּעטקעס, געווער און אָנגעפּילטע אַמוניציע־זעק — קאָנען דערטראָגן אף זיך אין אַזאַ ווייטן מעהאַלעך.

ווי עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, האָט מען אונדז, פאַר דעם אַוועקגיין פונעם שטאַב, באַהאַנדלט פיל בעסער ווי מיר אַליין וואָלטן עס זיך גאָר געקאָנט פאָרשטעלן אַפילע. דער אַדיוטאַנט איז מיטאַמאָל געוואָרן ווייכהאַרציק און גוט צו אונדז. צי ווייל ער האָט זיך אַזוי געוואָלט אויספּיינען פאַר אונדזער פאָלק־קאָמאַנדיר, צי עפשער ווייל ער האָט גאָר דערהאַלטן אַזאַ באַקאָשע פון יענעם, — אָבער אַזוי צי אַזוי, ער האָט באַפוילן דעם אָבאָז און מען האָט אונדז באַזאָרגט פון דאָרט מיט עטלעכע אָבאָז־וועגעלעך, אף וועלכע מיר האָבן אויפגעלאָדן אונדזערע זאַכן. מיר אַליין — ליידיקע און לייכטע — נאָר מיט בלויזע אינסטרומענטן און רעוואָלווערן אף זיך — האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין, צו אונדזער נייער היים און צו די נייע באַלעבאַטים — אין דרייצנטן שיסער פאָלק אַריין...

*****

## **אַריבערגיין** פון בריגאַדע־שטאַב אין פאָלק

אַריין, איז ניט געווען קיין איבעריקע פרייד ניט בלויז ביי אונדז, מוזיקאַנטן, — נאָר אַפאָנים אויך ביי אַלע אַנדערע סאָלדאַטן פון דעם שטאַב. בעאייס מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט צום אַוועקגיין, האָבן זיך אפן פּלאַץ, לעבן שטאַב, פאַרקליבן קימאַט אַלע שרייבער, שטאַפעטן, דענשטשיקעס, אָבאָזלייט און אַזוי אַלע אַנדערע סאָלדאַטן פון אונדזער קליינעם גאַרניזאָן. אַפילע דער אַדיוטאַנט מיטן קאָמאַנדיר, האָט מען באַמערקט, האָבן באַהאַלטענערהייט אַרויסגעבליקט דורך די פענצטער פון זייערע צימערלעך. עס איז געווען מאָדנע: די אַלע יאַטן, וועלכע פלעגן אונדז טאָמיד שטעכעלירן, אַז מיר זענען אומזיסטיקע פרעסער און סטאַם לויאיצלעכס, האָבן איצט גאָר געווישט זייערע אויגן און... זיך דורכגעוואָרפן מיט טרויעריקע באַמערקונגען:

— אַ שאָד וואָס זיי גייען אַוועק, ערן וואָרט...אָן זיי וועט דאָך זיין עפעס אַזוי ליידיק און...

— אַזוי לאַנג געווען צוזאַמען און דאָ, מיטאַמאָל גאָר...

אַנדערע האָבן זיך אַפילע געפּרובירט טרייסטן:

— אָ, נישקאָשע, זיי וועלן נאָך צוריקקומען...דער שטאַב...

אַ צאָל יאָטן האָבן זיך וואַרעם געזעגנט מיט אונדז און אונדז געוואונטשן גליק. ביי פיל אָף די פּענימער האָבן זיך געמערקט די אָנגעלאָפענע טרערן. מיר — כאָטש אין געבראָכענעם געמיט — האָבן אויפגעשפּילט אַ פריילעך-קלינגענדיקן מאַרש און געגומען גיין. זיי אַלע זענען אָבער נאָך אַלץ געבליבן שטיין און אונדז נאָכגעקוקט, ביז מיר האָבן זיך דערווייטערט און אַריין אין אַ שפּאַלט צווישן די בערג.

די קאָמאַנדע איז געגאַנגען געלאָסן און ניט געאיילט. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל אונדז יאָגן אָדער אונטערטרייבן. סטאַוואָראָף איז ניט געווען מיט אונדז. ער — צוזאַמען מיט אַ ספּעציעלן שטאָפּעט פונעם פּאָלק — איז נאָך מיט אַ טאָג פריער פאַר אונדז אַרויסגעפאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט ספּעציעל פאַר אים צוגעשיקט. ער איז דעריבער געפאָרן ווי אַ וויכטיקער מענטש און זיך, אַפּאָנים, געפילט ווי אַן עמעסער אָפיציר. מיר, די קאָמאַנדע, האָבן זיך געדאַרפט טרעפן מיט אים אין צווייטן ראַנג פון פּאָלק-אָבאָז, וואָס איז געשטאַנען ערגעץ אין אַ דאָרף, אַרום אַ צוואַנציק וויאָרסט פונעם פּאָלק גופע, און וואָס האָט זיך געפונען ווייטער פאָרויס, אויף דער פראָנט-ליניע.

מיר זענען אָנגעקומען אין אָבאָז. דער דאָרטיקער קאָמאַנדיר פון אָבאָז, צוזאַמען מיט סטאַוואָראָפן, האָט אונדז באַגעגנט ביים אַריינגאַנג אין דאָרף. ער האָט זיך באַגריסט מיט אונדז אין קאָמאַנדירס נאָמען און באַפוילן דעם קוואַרטירמייסטער, ער זאָל אונדז גלייך באַזאָרגן מיט אַ פּלאַץ פאַר נאַכטלעגער און מיט שפּייז.

דער קוואַרטירמייסטער — אַן אונטעראָפיציר מיט דריי בענדלעך — האָט אונדז אַוועקגעפירט אין צווייטן עק דאָרף, באַם סאַמע וועג, און אונדז אָנגעוויזן אויף עפּעס אַן אַלטער, האַלב-כאָרעוועער הייזקעלע פון צוויי צימערלעך. געשטאַנען איז די דאָזיקע הייזעלע מיט ליידיקע און בלינדע ווענט און — מיט אַ גרויסן, צעשמעטערטן לאָך, אָנשטאָט אַ טיר — אַרויסגעקוקט, ווי אויסגעהוילט, איבדרויסן אַרויס. מיר האָבן זיך אַפילו אַביסל געקרומט, אָבער עס האָט אונדז ניט געהאָלפן. דער קוואַרטירמייסטער האָט אונדז געזאָגט, אַז אַלע הייזלעך אינעם דאָרף זענען שוין פון פריער פאַרנומען געוואָרן פון די אָבאָזלייט און פון אַנדערע קאָמאַנדעס. מיר האָבן זיך דעריבער געמוזט צופרידנשטעלן מיט דעם. עס איז אָבער דאָך געווען שלעכט און אומבאַקוועם. אין די נעכט איז שוין גאַנץ קאַלטלעך געווען און די קעלט איז אינעווייניק געווען פונקט ווי אינדרויסן. מיר האָבן דערפאַר ווי ניט איז באַלד פאַרהאַנגען דעם טיר-לאָך מיט אַ צונויפגעשטוקעוועטער פּאַלאַטקע און אַזוי־אַרום באָטש אַביסל פאַרהאַלטן די דרויסנדיקע קעלט מיט די ווינטן.

אינעווייניק, אף דער ערד און אַרום די ווענט — האָבן מיר צעשפּרייט צו ביסלעך שטרוי, צעלייגט אַ שייטער אינמיטן דער שטוב, אונטערן לופט־לאָך, און זיך באַלד אַוועקגעלייגט אָפּרוען פונעם וועג.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט דער פּאָלק־קאָמאַנדיר געהאַט באַפוילן, אַז מיר זאָלן פאַרבלייבן מיטן אָבאָז אף אַן אומבאַשטימטער צייט. די סיבה דערפון, ווי עס האָט אויסגעזען, איז געווען דאָס, וואָס אפן פראָנט האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פאַרשטאַרקטע שלאַכטן. פונעם בלייבן זענען מיר דאַווקע צופרידן געווען, כאָטש עס האָט זיך אונדז שוין געוואָלט זיך באַקענען מיטן נייעם באַלעבאָס אונדזערן. דערווייל האָט אונדז אָבער קימאַט גאָרניט געפעלט אינעם אָבאָז. מיר זענען אַרומגעגאַנגען אָן אַ שטאָך אַרבעט און קיינער האָט אונדז ניט געזאָגט גאָר. אַפילו סאַוואָראָף האָט אונדז ניט איבעריקס שטאַרק געמוטשעט. ער — נאָך גאַנצע נעכט שפּילן אין קאָרטן מיטן אָבאָז־קאָמאַנדיר און מיטן אַמבולאַטאָריע־דאָקטאָר — איז טאָמיד געווען מיד און פאַרשלאָפן, און איז דעריבער גאַנצע טעג געלעגן ביי זיך אין צימערל און געשלאָפן. בלויז אַ צוויי־דריי מאָל אין וואָך, און דאָס שוין אין אָוונט־צייט, האָט ער זיך אף אַ ווייל אַריינגעכאַפּט צו אונדז, געהייסן איבערשפּילן עפּעס אַ מאַרש, אָדער אַ פּאָפּורי פון אַן אָפּערע, און איז גלייך ווידער אַוועק צו זיין קאָרטן־שפּיל.

דאָס דאָרף, וואו מיר זענען געשטאַנען, איז געווען אַ קליינס, אָבער אַ לעבעדיקס. געלעגן איז עס אפן וועג צו דער פּאָזיציע, און מאַסן סאָלדאַטן זענען עס טעגלעך פאַרביגעגאַנגען. „טורטום־קאַלאַ", — אַזוי האָט דאָס דאָרף געהייסן, — צוליב אַ פאַרצייטיקער, קימאַט כאָרעווער פעסטונג, וועלכע האָט זיך געפונען גאַנץ הויך, אפן סאַמע שפּיץ באַרג, וועלכער האָט אַרומגערינגלט דאָס דאָרף פון צוויי זייטן. גרויסע, שמאָל־לענגלעכע לעכער, האָבן בלינד אַרויסגעקוקט פון דער ברייטלעך־גרויער, שטיינערנער וואַנט, און אויסגעזען ווי בלינדע, אויסגעלאָשענע אויגן. די דאָזיקע פעסטונג — ווי עס האָט אויסגעזען — איז מאַשמאָעס באַנוצט געוואָרן נאָך אין יענע אַלטע צייטן, ווען שטיינער זענען געווען דאָס הויפּט, אויב ניט דאָס איינציקע געווער. דעמאלט, ווען מען האָט נאָך ניט געוואוסט פון אַזעלכע „ציווילי־זירטע" און מאָדערנע קלייזאַיען, ווי פולעמיאָטן, ביקסן, קאַנאָנען, און די אַלע אַנדערע סאָרטן געווער, וואָס מאַכן גיך, אף אַ „ראַכמאָנעסדיקן" אויפן, דעם טויט. די שטיינער אפן באַרג האָבן זיך געקרישלט און זענען אָפטמאָל טאַקע אַרונטערגעפאַלן אין טאָל אַריין מיט אַ דונער־קראַך. די זייט, וואָס צום דאָרף־צו, איז געווען קימאַט גראַד און גלאַט, און האָט

ניט געהאַט קיין שום דירעקטן וועג אַרויפצו. עס איז פּאַשעט געווען אַ וואונדער פאַר אונדז, ווי אַזוי די אַמאָליקע פאַרשיידיקער האָבן גאָר באַוויזן אַרויפצוקלעטערן און ווי אַזוי זיי האָבן באַקומען די שפּייז, באַכדעם ווי זיי זענען שוין געווען אויבן. איבער דער שטענדיקער געפאַר פון די אָפּט-אַרונטערפאַלנדיקע שטיינער, האָט מען קיינעם פון די סאָלדאַטן ניט צוגעלאָזט באַענט צוגיין צום באַרג און דעריבער איז ער פאַר אונדז אויסגעקומען מאָדנע מיסטעריעז — ניט צו וויסן און באַגרייפן, וואָס און ווי אַזוי דער אַרויפגאַנג איז...

*****

**אַרום אַ** כוידעש נאָך אונדזער אָנקומען אין אָבאָז, האָבן די שלאַכטן אפן פראָנט זיך אָפּגעשטעלט. געזאָגט האָט מען, אַז מיר וועלן שוין מיסטאָמע איבגיכן אַריבערגיין צום שטאַב פונעם פּאָלק, דאָרט וואו דער קאָמאַנדיר געפינט זיך. מיר האָבן זיך דעריבער געגומען צוגרייטן, קעדיי ניט צו האָבן קיין דורכפאַל סיי מיט אונדזער אויסזען און סיי מיט אונדזער שפּילן. סואוואָראָף — קעדיי אָנצעיאָגן די פאַרלוירענע צייט — האָט אונדז געגומען טרייבן ווי אָקסן אין שפּאַן. גאַנצע טעג איז ער מיט אונדז איבערגעגאַנגען שווערערע זאַכן, איינגעשטודירט מיט אונדז אַ בייעם מאַרש, וועלכן מיר האָבן געהאַט צוגעגרייט פאַר יענעם גרויסן, גליקלעכן טאָג, ווען די מילכאָמע וועט זיך פאַרענדיקן. מיר האָבן זיך אויך געמוזט אויס-לערנען אף אויסווייניק דעם פּאָלק-מאַרש, וואָס כאָטש מיר — ווי די בריגאַדע-מוזיקאַנטן פריער — האָבן אים געהאַט אין די נאָטן-ביכער, האָבן אים זעלטן געשפּילט. מיר האָבן אויסגעשייערט די אינסטרומענטן און די טעסאַקעס, געפּוצט די מעשענע קנעפּ און די פּאַסיק-שנאַלן און אויסגעשוואַרצט די שטיוול. עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך איבערגעאיבט אין אָפּענטפערן אף די פאַרשידענע אָפיצירישע באַגריסונגען און נאָך אַנדערע מעגלעכע אויסרופן, וואָס וועלן אונדז אויסקומען — ווי מיר האָבן גערעכנט — צו באַנוצן ביים באַגעגענען זיך מיט אונדזער בייעם קאָמאַנדיר. און געטאָן האָבן מיר אַלץ מיט אַזאַ פלייס, אַקוראַט ווי עס וואָלט אונדז בעעמעס אין לעבן געגאַנגען, אַז אַלץ זאָל זיין אין בעסטן אָרדנונג, קעדיי צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק אפן קאָמאַנדיר...

עטלעכע טעג שפּעטער זענען מיר אַרויסגעגאַנגען. אַ שיינער און קעלטלעכער, אָבער גאַנץ זוניקער האַרבסט-טאָג, האָט אונדז באַגלייט אף אונדזער וועג. אַ קיל ווינטעלע האָט געקיצלט אין די באַקן און

אונטערגעבלאָזן אין די פּלייצעס, ווי ער וואָלט אונדז אונטערגעיאָגט צו גיין גיכער. מיר זענען געגאַנגען לעבעדיק־גיך און מיט אונדזער הילכיקן שפּילן צעלעכערט די לופט אין די אַרומיקע סאָסנע־וועלדלעך, וואָס זענען געשטאַנען ביי די זייטן פונעם וועג; דורכגעשניטן אַ צאָל ליידיק־פּאַרלאָזענע, כאָרעווע דערפלעך, און צעטריבן די דערשראָקענע קראָען, וואָס האָבן מאַסנווייז באַלאַגערט די אַרומיקע בערג.

און אַז עס איז אונדז נימעס געוואָרן צו שפּילן, האָט איינער פון די יאַטן פאַרצויגן עפּעס אַ ליד, וואָס — כאָטש עס איז געווען פון די געוויינטלעכע נאַרישע זעלנערישע לידלעך — האָט עס זיך דאָך גלייך אָנגענומען און די קאָמאַנדע, קעדיי צו „דערהאַרגענען" דעם גאַנג — האָט עס מיט כיישעק אונטערגעכאַפּט און עס איז אַוועק אַ געזאַנג:

— „קאַלינע, קאַלינע, אַ ברוין־אויגיקע מאַלינע..."

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צום דאָרף, וואו דער שטאַב פונעם פּאָלק, מיטן גאַנצן געהעריקן קלאַפּערגעצייג האָט זיך געפונען. דאָס דאָרף איז געווען געדיכט געפלאָכטן פון שמאָלע, ענגע און געדרייטע געסלעך, וואָס זענען ווי פאַרטרונקען געווען אין אַ טיפער בלאָטע. די נידעריקע, אָבער גאַנץ־געדיכט־צונויפגערוקטע הייזלעך, האָבן — ווי עס האָט אויסגעזען — אַפילע אין זומער־צייט ניט צוגעלאָזט קיין פּיצל זון־שיין צו דער ערד און דעריבער האָבן די בלאָטעס קיינמאָל ניט אויסגעטרוקנט. די געסלעך זענען געווען אַזוי שמאָל, אַז מיר האָבן ניט געקאָנט דורכגיין דורך זיי אין אונדזער געוויינטלעכער שפּיל־פאָרמאַציע, נאָר געמוזט שפּאַלטן אונדזערע רייען אף אַ לענגלעכער קאָלאָנע. באַם אַריינגיין אין דאָרף האָבן מיר אויפגעשפּילט דעם נייעם מאַרש און צוגעמאַרשירט צום קאָמאַנדירס וואוינונג.

דאָס גאַנצע דאָרף האָט אויסגעזען יאָנטעוודיק בעאייס אונדזער אָנקומען. די געסלעך זענען מאַמעש געווען אָנגעפּאַקט מיט סאָלדאַטן, וועלכע זענען אַרויסגעקומען אונדז צו באַגעגענען. אומעטום, אף די פלאַכע דעכלעך, אף קלעצער, בוימער און שטיינער, זענען סאָלדאַטן געשטאַנען מיט שטאַר־אויסגעצויגענע העלדזער און מיט שמייכלענדיקע פּענימער, און האָבן באַגעגנט אונדזער פאַרבייגיין מיט פריינטלעכע, פריילעכע אויסרופן. צווישן זיי האָבן זיך געזען זייער פיל באַקענטע פּענימער פון יאַטן, וועלכע מיר האָבן געדענקט נאָך פון אַמאָל, פון פרידן־צייט. מען האָט געזען פיל דענשטשיקעס, שרייבער, שטאַפּעטן און טעלעגראַפיסטן. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע זענען געווען פון יענעם באַטאַליאָן, וועלכער האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט דעם צוזאַמענשטויס מיט דע־פּאָלע־פּאָלסקין, און פון וועמעס רייען

מען האָט דעמאָלט אַרויסגענומען פֿיר סאָלדאַטן און זיי דערשאָסן. עפּעס אַ מאָדנע שטימונג איז אונדז באַפֿאַלן. אַ געפֿיל פֿון טרויער, געמישט מיט צוריקגעהאַלטענער פֿרייד, — אַזאַ ווי מען פֿילט געוויינטלעך בעת מען קומט צווישן אייגענע, מעקאַבער צו זיין אַ באַעגנטן.

לעבן איינער פֿון די שענסטע הייזלעך אינעם דערפֿל, אויף עטוואָס אַ ברייטערער גאַס ווי די איבעריקע, — אַ גאַסל, וואָס האָט אַרויסגעצויגן צו האָבן געווען די אַמאָליקע מאַרק־גאַס — האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. מיר האָבן נאָך שטאַרקער צעהילכט דאָס שפּילן און זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן, אַז אונדזער אומבאַקאַנטער קאָמאַנדיר זאָל אַרויסקומען.

דאָס טירל פֿונעם הייזל האָט זיך ענדלעך ברייט אַ צעעפֿן געטאָן און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ הויכער און פֿעסט־געבויטער פּאָלקאָווניק. ער איז געבליבן שטיין מיט איין פֿוס אינעם שטיבל, אַ קוק געטאָן מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן אויף אונדז און — נאָכן אָנווייזן מיט דער האַנט, אַז מיר זאָלן אויפֿהערן דאָס שפּילן — צופֿרידן אַ דונער געטאָן צו אונדז מיט זיין געזונטער שטימע:

— געגריסט, שטאַטנע קאָמאַנדע פֿון דרייצנטן שיסער־פּאָלק!...

מיר האָבן הילכיק און ריטמיש אָפּגעענטפֿערט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און ווידער צופֿרידן צוגעוואָרפֿן:

— איר ענטפֿערט גוט, וואונדערלעכע מוזיקאַנטן! מאָלאָדצי!...

פֿריילעכע און צופֿרידענע פֿון דער פֿריינטלעך־גוטער אויפֿנאַמע, האָבן מיר — ווי געוויינטלעך — אים געענטפֿערט, אַז מיר זענען זייער גליקלעך זיך צו פֿלייסן. ער — אַפּאָנים שטאַרק צופֿרידן פֿון אונדזער אייניקייטלעך־געהאַקטן און ריטמישן ענטפֿער — האָט צוגערופֿן צו זיך סטעפּאַקינען, אים דערלאַנגט אַ צען־רובלדיק פּאַפּירל און...

— דאָס איז אייך דערוויילע פֿון מיר פֿערזענלעך, אַ מאַטאָנע, — האָט ער, אומבאַקוועם, ווי שעמעוודיק, אַ זאָג געטאָן, — שפּעטער צו, אַז איך וועל באַקומען מיין געהאַלט, וועל איך אייך פֿאַרבעסערן...

ער האָט זיך באַגריסט מיט סטאַוואָראָפֿן, געדריקט זיין האַנט און עפּעס גערעדט מיט אים. דערנאָך האָט ער גערופֿן דעם קוואַרטירמייס־טער און אים געהייסן אונדז אַוועקפֿירן צו דער וואוינונג, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פֿאַר אונדזערטוועגן. דאָרט האָבן מיר — נאָכן איינאָרדענען זיך — צעלייגט אַ פֿייער, צוגעשטעלט צוויי עמער וואַסער אויף טיי צו קאָכן און, באַלד ווי מיר האָבן אָפּגעטרונקען, זיך צעוואַליעט אויף דער ערד, קעדיי זיך אויסצורוען פֿונעם וועג...



# קאַפּיטל זיבּנונצוואַנציק

אונדזער קאָמאַנדע איז גלייך געוואָרן דער צענטער פונעם דאָרף. צו אונדז זענען אַריינגעקומען אַלטע באַקענטע יאַטן, וועלכע האָבן זיך ביז דעמלט — ווי דורך ניסים — נאָך געהאַט אַרויסגעראַטעוועט פון טויט, און אַזעלכע, וואָס האָבן געדינט אינעם פּאָלק־שטאַב. עס זענען געקומען שרייבער, דענשטשיקעס, שטאַפּעטן, טעלעפאָניסטן און סאַפּיאָרן, וואָס זענען געווען צוגעקאָמאַנדירט צום פּאָלק. און ווען מען איז זיך צונויפגעקומען, האָט מען דאַן גערעדט, געשפּאַסט און איבערדערציילט פאַרשידענע מאַיסעס און בייעסן. עס האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ סאָרט קלוב ביי אונדז. אין די אָוונטן, באַלד ווי די זון האָט זיך נאָר געזעצט, אָדער גאָר אַזוי אין קאַלטע, רעגנדיקע טעג, ווען קיין שלאַכטן זענען ניט פאָרגעקומען, און די יאַטן האָבן זיך נאַר געקאָנט אַרויסרייסן פון דינסט, — האָט זיך ביי אונדז גלייך פאַרלייגט אַ קאָרטן־שפּיל. סאָלדאַטן זענען געקומען מיט זייער כוידעש־געהאַלט און אַזוי אָפּגעזעסן ביי דער שפּיל גאַנצענע נעכט, אָדער ביז עס איז בײַ זיי מער ניט געבליבן קיין קאָפּיקע מיט וואָס צום שפּילן. גודמאַן איז מאַמעש געוואָרן ברייטער ווי לענגער. ער האָט זיך אַרומגעדרייט נאָר מאַיטע באַלעבאָס, צוזאַמענגענומען די קאָפּיקעס פון יעדן קאָן, אויסגעטיילט לעכטלעך מיט אַלטע, פאַרפעצטע פעשלעך קאָרטן, וואו מען האָט נאָר געפּאָדערט, און געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז מען זאָל זיך באַגיין מער יורישערדיק מיט זיינע אַלטע, שמאַטעדיקע קאָרטן. ער האָט קלוימערשט געטיינעט:

— אַז מיר גייט ניט אינעם געלט וואָס עס קאָסט מיך... נאָר אַז איר וועט צערייסן, וועט איר האָבן מאַקעס און ניט קיין קאָרטן...

געוואוסט האָט מען אָבער, אַז דאָס סטראַשעט ער נאָר אַזוי. אין דער עמעסן — האָט מען געשמועסט — פאַרמאָגט ער נאָך בײַ זיך אינעם זעקל אַוואַדע אַרום אַ פופציק טאַליעס נייע, נאָך ניט־גענוצטע קאָרטן,

אַ כרן לעבט, אף וועלכע ער ליגט ווי אַ הונט אף אַ ביין. מען האָט זיך אָבער ניט געוואָלט קריגן מיט אים. די קאָרטן־שפּיל — האָבן יאַטן געטיינעט — איז פאַר זיי דאָס איינציקע און עמעסדיקע שטיקל גליק, אָן וועלכן זיי וואָלטן פּאָשעט מעשוגע געוואָרן...

און בעעמעס: דאָרט, אין יענעם דאָרף, ביי דער פּאָזיציע, האָבן די סאָלדאַטן זיך געפילט אַזוי טרויעריק און נידערגעשלאָגן, אַז זיי האָבן זיך פּאָשעט אָנגעכאַפּט אין יעדער געלעגנהייט זיך ווי ניט איז אויפצוהייטערן און אויפלעבן. יענע, וועלכע האָבן ניט געשפּילט אין קיין קאָרטן, — זענען געוויינטלעך אַרומגעגאַנגען ווי אף עפּעס אַ ווייטער, פרעמדער וועלט, און ניט געוואוסט צי זיי לעבן, אָדער ניט. זייערע פּענימער זענען געווען פול מיט צאַאַר און אַפּאַטיע. טאָמיד האָבן זיי געשוויגן. און אויב זיי האָבן יאָ אַמאָל גערעדט, איז דאָס געוויינטלעך געווען וועגן שאָלעם. אין צעוויטיקטקייט האָבן זיי — ווי אין רעזיגנאַציע — געהאַלטן אין איין ברומען:

— אַז דער טייוול זאָל שוין בעסער נעמען אַזאַ לעבן!...

ערשט דאָ, אין דעם דאָרף, האָט מען געקאָנט זען ווי די יאַטן זענען געווען האָפנונגסלאָז. קיינער האָט שוין דאָ מער ניט געגלויבט, אַז עס זאָל בעעמעס ווען עס איז קומען אַ סאָף. און כאָטש מען האָט געוואוסט, אַז אונדזערע האָבן פאַרנומען אַ גרויס שטיק לאַנד ביי די טערקן, — האָט עס דאָך קיינעם פון די סאָלדאַטן ניט געפרייט. אַלע האָבן געפילט, אַז די מילכאָמע איז אַ פאַרצויגענע און סיי ווי אַ פאַר־לוירענע. עס איז שוין אַפילע קיינעם ניט אָנגעגאַנגען אף וויפל זי איז אַ פאַרלוירענע, אַבי זי זאָל זיך נאָר וואָס גיכער פאַרענדיקן. די פאַרצווייפלונג ביי די סאָלדאַטן איז דערגאַנגען צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז אַ טייל סאָלדאַטן האָבן שוין אָנגעהויבן גאַנץ אָפן אונטערצומורמלען. צווישן זיי זענען שוין דאַווקע געווען אַזעלכע, וואָס בעאייס אָנהויב מילכאָמע זענען זיי גרייט געווען צו דוירעסן דעם אייגענעם פאָטער אַפילע פאַר די מינדסטע קעגנערישע רייד. איצט אָבער, אַז זיי זענען זיך צונויפגעקומען, האָבן זיי זיך באַקלאָגט איינער פאַרן צווייטן:

— נו, און אַז מען האָט שוין יאָ ליב דאָס אייגענע פאָטערלאַנד, מוז מען עס דען טאַקע גיין אף מילכאָמעס און אַוועקלייגן די לעבנס פאַר, דער טייוול ווייסט, צוליב וואָס?!...

— אַז וואָלט עס כאָטש געווען פאַרן לאַנד, — האָט אַ צווייטער אים געענטפערט, — וואָלט נאָך געווען אַ באַרעכטיקונג. דער עמעס איז דאָך אָבער, אַז מיר לייגן די לעבנס פאַר די צאַרן. מיר — פאַר ניקאָלייען, די דייטשן — פאַר ווילהעלמען, די טערקן — פאַר אַבדולקען און...

— און אַ כרץ די צאַרן, — האָט אַ דריטער אַ מורמל געטאָן, — זענען נאָך פאַראַן סטאַם רייכע לייט, פאַר וועמען די מילכאָמע איז אַ גליק. זיי וועלן ווערן רייכער. זיי וועלן באַקומען לאַנד און...טאַקע אין דער עמעסן: וועט דען עמעצער פון אונדז באַקומען כאָטש אַ פּיצל פון דער פאַרנומענער ערד?...ניין...דאָס וועט דער צאַר פאַרטיילן צו די קניאַזן און גרטבאַזיצער...מיר וועלן בלויז קריגן אף קוואָרים...

— און איך האַלט, אַז מען שלאָגט זיך גאָרניט איבער לאַנד, — האָט אַן אַנדערער צוגעוואָרפן,— וואָרים עס פעלט דען לאַנד ביי אונדז אין דער מעדינע?...ניין, די מילכאָמע איז איבער עפּעס אַנדערש!...

— דאָס איז ריכטיק.— האָט דער ערשטער צוגעשטימט. — מיין פאָטער האָט מיר אַנומלטן דערציילט, אַז אַלע עטלעכע יאָר קומען זיך צוזאַמען די צאַרן פון אַלע לענדער ערגעץ אין געהיים, און באַשליסן צווישן זיך: אַז אַזוי ווי עס האָבן זיך אָנגעקליבן צופיל מענטשן ביי זיי און אַזוי ווי די פעלדער קאָנען ניט אַרויסגעבן פון זיך אַזויפיל ברויט אף צו שפּייזן אַלעמען, — זאָל מען דעריבער מאַכן אַ מילכאָמע און אַזויאַרום איינגאַנצן פאָטער ווערן פון די איבעריקע מיילער...

— אַזוי? — האָט עמעצער פון דער גרופּע פאַרכידעשט אַ פרעג געטאָן, — און די וועלט שווייגט? און די גאַלאָכים שווייגן?...

— הערסטו, — האָט דער ערשטער אים איבערגעשלאָגן, — אָט דאָ ליגט דאָך דער אומגליק, וואָס די גאַלאָכים העלפן די רייכע אונדז צו נאַרן און מיר, דאָס פּאָשעטע פאָלק, זענען טיפּשים און לאָזן זיך... אָט, זעסטו, ווען מיר זאָגן אָבער איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ניין און...

— עס איז זיך לייכט צו רעדן — זיך אָפּזאָגן, — האָט אים דער אַנדערער אַריינגעוואָרפן, — נו, און זיי וועלן שווייגן? וואָרים קוים מאַכסטו אַ זויער פּאָנים בלויז, שוין אָפּגערעדט פון אָפּזאָגן זיך, גיט מען דיך גלייך איבער צום מיליטערישן פעלד־געריכט און ביסט באַלד אַ פאַרטיקער. מען דערשיסט דיך ווי אַ הונט און...

דאָס אַליץ. מער גאָרניט. די בלויזע דערמאָנונג וועגן דערשיסן, איז גענוג געווען, אַז די עטלעכע סאָלדאַטן זאָלן מיטאַמאָל עפּעס ווי פאַרשטומט ווערן. אין די אויגן זייערע האָט זיך גלייך אַ שניט דורך געטאָן אַ צעטומלטע שרעק— אַ מוירע, אַקוראַט ווי אָט־אָט נעמט מען און מען דערשיסט זיי טאַקע...

זיי זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. עס האָט זיך אָבער געמערקט, אַז עפּעס איז באַ זיי דאָך פאַרבליבן פון דעם שמועס; אַז עפּעס טראָגן זיי אַוועק מיט זיך אין די געדאַנקען און אין די הערצער; אַז עפּעס אַן אומצופרידענער אומרו האָט זיך שוין איינגעגריזשעט באַ זיי אין די

מויכעס, וואָס וועט זיי שוין ניט אָפּלאָזן...

אַנדערע יאַטן האָבן זיך גאָר אַרומגעשלעפּט ווי אָפּגעשטאָרבענע, אָדער ווי שאָטנס פון אויסגעטראַכטע באַשעפענישן. ניט זיי האָבן גערעדט צו עמעצן, ניט זיי האָבן געשפּילט אין קאָרטן און ניט זיי האָבן זיך פאַרווײַלט מיט עפּעס אַנדערש. אָפּגעלאָזענע, מיט אַרונטער־געבויגענע קעפּ, זענען זיי אַרומגעקראָכן ווי אויף אוילעם האַטויהו און אַפילע ניט געקוקט אויף קיינעם. עס האָט זיי ניט געאַרט זייער אייגענע באַרוועסקייט און אָפּגעריסנקייט. עס האָט זיי שוין אַפילע ניט געקי־מערט די אייגענע אויסגעהונגערטע און אייגעשרומפּענע מאָגנס, ניט די לײַז, וואָס האָבן שטיקערווײַז געפרעסן זייערע קערפּערס. שטומע, אָן שום ווידערשטאַנד, האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, אָט ווי זיי וואָלטן בלויז געוואַרט אויף אייגענעם סאָף...

צווישן פראָנט־כעוורע זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט אין אַ וועלט פון אויסגעטראַכטע פאַנטאַזיעס, זעלבסט־באַשאַפענע קלאַנגען און אייגן־איינגערעדטע, אויפגעבלאָזענע האָפענונגען. יעדער אומבאַגרינדעטער שאָרך איז בײַ זיי געוואָרן אַ רעאַלער פאַקט און יעדער כאָלעם — אַ וואָר. אָפּט — אין טעג ווען קיין שיסערייען זענען ניט פאָרגעקומען — האָט זיך דעמלט בײַ זיי דער גלויבן אין דער אויסגעטראַכטער וועלט דערהויבן צו אַזאַ גראַד פון זיכערקייט, אַז די מילכאָמע איז שוין אויף אַן עמעס פון אַ לאַנגע צײַט צוריק געוואָרן פאַרענדיקט, נאָר אַז עפּעס איז געשען אַזעלכעס, וואָס מען האָט די סאָלדאַטן נאָך ניט אָנגעהויבן אַהיימצולאָזן פונעם פראָנט. זיי זענען אַזוי געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַזוי, אַז זיי האָבן אַזש פיל מאָל — איבער אַן אָפּרו־טאָג, אָדער איבער אַ צופעליק־געהערטן וואָרט — פלוצלונג אָנגעהויבן טאַנצן און לאַכן פון פרייד. געוויינטלעך האָט עס זיך אָבער אַלעמאָל אויסגעלאָזט מיט אַן אַנטוישונג. נאָך אַזעלכע פרייד־אָנפאַלן האָבן זיך קימאַט טאָמיד אָנגעהויבן נײַע און נאָך פיל־שטאַרקערע שלאַכטן. דעמלט האָבן זיי — ווער מיטן אײַנגעגעסענעם גלײַכגילט, און ווער מיט גרויס שרעק — געמוזט צונויפשטשעמען די ציין און אַרונטערגיין צו דער פראָנט־ליניע, פונוואַנען זיי זענען שוין, אין די מערסטע פאַלן, מער ניט צוריקגעקומען.

מאַסן סאָלדאַטן, וואָס כאָטש זיי זענען שוין געוואוינט געווען צו דער דאָזיקער פּיין און אַפילע אָפט דורכגעמאַכט אַ צאָל שלאַכטן, — זענען באַם אָנהויב פון יעדער נײַער שלאַכט געוואָרן אַזוי צעשראָקן, אַז זיי זענען — אין מוירע פאַר אַ מעגלעכן טויט — גרייט געווען זיך אַליין דעם טויט צו מאַכן. אַ סאַך יאַטן האָבן טאַקע זיך אַליין, מיט

די אייגענע הענט, אומגליקלעך געמאַכט אפן גאַנצן לעבן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין צעקאַליעטשעט אַן איידוער, אַבי אויסצומיידן די שלאַכט און זיך אַרויסדרייסן אף אַ צייט פון דער פּאָזיציע. אָפט האָט אַ סאָלדאַט דאָ און דאָרט זיך דורכגעשאָסן אַ האַנט, צעלעכערט אַ פוס, זיך אָנגעפרעסן מיט סאַמיקע גראָזן, קעדיי אַזויאַרום זיך צו באַפרייען, — אויב ניט אף שטענדיק — איז כאָטש אף אַ שטיקעלע צייט, אף די עטלעכע טעג ביז די שלאַכט וועט אַריבער...

מיט צעווייטיקטע פּנימער און איינגעדרייטע קערפּערס האָבן זיך סאָלדאַטן — מאַסנווייז — געשלעפּט צו דער פּאָלק־אַמבולאַטאָריע, וואָס האָט זיך געפונען ערגעץ אין אַ טערקישער כאַטקע אינעם דאָרף, אין האָפנונג, אַז עפּשער וועט דער דאָקטאָר פּאָרט אָפּשיקן אין טיל...

יענער — אַן אַלטער מיליטערישער דאָקטאָר — האָט זיך אָבער גאַנץ ווינציק צוגעקוקט צו די געקומענע סאָלדאַטן. דאָס ראָוו קראַנקע האָט ער גלייך צוריקגעשיקט אין זייערע ראָטעס אַריין און דערצו באַפוילן דעם פעלדשער אַריינצושרייבן אין אַמבולאַטאָריע־בוך פון דער ראָטע, אַז דער סאָלדאַט איז, נישקאָשע, גאַנץ געזונט און קאָן גיין אין דער שלאַכט אַריין. בלויז די גאָר־געפערלעך־קראַנקע, די וואָס מיט הויכער היץ, אָדער יענע וואָס זענען מאַמעש געפאַלן פון די פיס, בלויז יענע האָט ער באַפרייט אף אַ טאָג־צוויי פון די פּאָזיציע־פליכטן, און זיי געהאַלטן אף איבער די פּאָר טעג אין דער אַמבולאַטאָריע. דאָרט זענען די קראַנקע געשלאָפן אף דער הוילער ערד, ביז... אָדער זיי זענען געזונט געוואָרן, אָדער גאָר אַזוי פאַרשלאַפט געוואָרן, אַז מען האָט זיי סאָף־קאָל־סאָף — אין אַ געפערלעכן צושטאַנד — געמוזט אָפּשיקן אין אַ ווייטערדיקן פעלד־שפּיטאָל, אָדער לאַזאַרעט אַריין.

דאָס איז אָבער געווען אַ זעלטנקייט. און ניט יעדער האָט געהאַט די זכיע קראַנק צו ווערן אַזוי שטאַרק, — אַז דער דאָקטאָר פון דער אַמבולאַטאָריע זאָל עס ביכלאָל וועלן אַנערקענען פאַר אַ קראַנקהייט, וואָס מוז האָבן שפּיטאָל־אויפפאַסונג און היילונג. ניט אַלע סאָלדאַטן האָבן אַפילו געהאַט דעם האַלבן רובל אף צו „שמירן" דעם פעלדשער, ער זאָל אַרייננוואַרפן אַ גוט וואָרט דעם דאָקטאָר פאַר אים. און ער, דער דאָקטאָר, פלעגט געוויינטלעך האָדעווען די פּאַציענטן מיט גרויסע דאָזעס ריצין־אויל, אָדער כינין און דאָס איבעריקע שוין איבערלאָזן צו אַ נאַטירלעכן אויסגאַנג. עס איז שוין געווען אַ שעם־דאַוואָר ביי אונדז וועגן דער אַמבולאַטאָריע, אַז וואָס פאַר אַ קראַנקהייט עמעצער זאָל ניט האָבן, ספּעציעל נאָך אַזאַ, וואָס האָט ניט קיין אויסערלעכע סימאָנים, — ווי געשווילעכץ, וואונדן, אָדער הויכע היץ, — האָט דער דאָקטאָר,

— נאָכן מעכאַנישן און איבערפלעכלעכן באַטראַכטן דעם כוילע, — פלעגמאַטיש א בורטשע געטאָן צום פעלדשער:

— אָ, גיב איך דאַרט אַ פינף גראַם קאַסטאָר־אויל!...

אָדער:

— דריי מאָל אַ טאָג צו גראַן כינין!...

שלעכט איז געווען פאַר יענע קראַנקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געליטן פון אומדערקענבאַרע רומאַטישע, אָדער נערוועזע קראַנקהייטן. זיי, כאָטש זיי זענען מאַמעש אויסגעגאַנגען פון ווייטיקן, האָבן — אין בעסטן פאַל — באַקומען אַ טאָג אָפּרו מיט אַ צוגאָב פון...

„פינף גראַם קאַסטאָר־אויל...דריי מאָל אַ טאָג — כינין...”

דערפאַר זענען אָבער ניט פאַרפאַלן געוואָרן יענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַרמאָגט, אָדער געקאָנט צוזאַמענקראַצן צו עטלעכע קערבלעך. מיט געלט האָט מען זייער לייכט געקאָנט דורכקומען מיטן פעלדשער פון דער אַמבולאַטאָריע, אַז ער זאָל אַרויפיאָגן די טעמפּעראַטור, זאָגן אַ גוט וואָרט דעם דאָקטאָר און רעקאָמענדירן ווי אַ געפערלעך־קראַנקן, וועמען מען דאַרף אָפּשיקן אין שפּיטאָל אַריין. מיט געלט האָט מען זיך אַפילע געקאָנט קויפן ביי אים אַן עמעסדיקע קראַנקהייט. אין געהיים און דורך אַ פּאָרזיכטיקער רעקאָמענדאַציע, האָט מען זיך געקאָנט ביי אים אויסקלויבן אַזעלכע מינים קראַנקהייטן, וואָס זאָלן זיין סיי לויטן געשמאַק און סיי לויט דער קעשענע. פאַר צוויי רובל, לעמאָשל, — האָט מען שוין געוואוסט — קאָן מען באַקומען אַ קאַפּסול מיט עטלעכע טראָפּן פערדישן קאַסטאָר־אויל, פון וועלכן מען קריגט אַ דיזינטעריע, וואָס האַלט אָן פון דריי ביז זיבן טעג. פאַר אַ פינפערל — אַ קאַפּסולקע מיט עפּעס אַזאַ געלן פּודער אין דעם, וואָס באַשאַפט אַ געלזוכט אויפן קערפּער און האַלט אַזוי אָן ביז דריי, אָדער פיר וואָכן. און פאַר אַ צענערל האָט מען געקאָנט באַקומען איינגעשפּריצט אַ נאָדל מיט אַביסל קעראָסין אונטער דער הויט, וואָס האָט געמאַכט אַ געשוואָלענעם פוס, אָדער האַנט, און וואָס האָט אָנגעהאַלטן ניט נאָר אַ גאַנץ לאַנגע צייט, נאָר וואָס איז אָפט אַפילע פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן. טיילמאָל, איבער דער אומסאַניטאַרישקייט פון דער איינשפּריצונג, צי גאָר איבער דער אומריינקייט פונעם אַריינגעשפּריצטן, — האָט עס דערפירט דערצו, אַז דער גאַנצער איווער איז געוואָרן אַזוי אָנגעגריפן און געשוואָלן, אַז ער האָט אָנגעהויבן פוילן און מען האָט אים סאָף־קאָל־סאָף געמוזט אַמפּוטירן. קיינער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט דערויף. כעוורע האָבן מאַמעש איינגעשטעלט דאָס געזונט מיטן לעבן אין קאָן, אַבי זיך אַרויסצורייסן פונעם שלאַכט־פעלד און פון אַ זיכערן טויט...

מיר, פון דער קאָמאַנדע, האָבן צו אַזעלכע מיטלען ניט געדאַרפט אָנקומען. דערװײַל האָט מען אונדז ניט באַנוצט פאַר פּאָזיציע אַרבעט. און אויב מען האָט אונדז אַמאָל אין אַ זעלטנהייט יאָ אַרויפגעשיקט אַף דער ליניע צו קלויבן פאַרוואונדעטע, — האָט אַף אונדז אויך ניט געלויערט אַזאַ דירעקטע געפאַר. איבער דער צייט האָבן מיר זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט ניט צו קריכן אַזוי אָפן אונטערן פייער. אָפט, באַלד ווי עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן אַ באַנייטע שלאַכט, האָט מען אונדז — ווי ציטערדיקע בען־יאָכידלעך — גלייך אַוועקגעשיקט פון דער פּאָזיציע צום צווייטן ראַנג פון אָבאָז און אונדז דאָרט אָנגעהאַלטן ביז די שלאַכטן האָבן זיך ווידער געהאַט פאַרענדיקט...

*****

**איבער** די נייע שלאַכטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט, האָט מען אונדז ווידעראַמאָל אַוועקגעשיקט צום ערשטן ראַנג אָבאָז. דאָרט איז אונדז אָבער דאָסמאָל שוין ניט געווען אַזוי גוט ווי עס איז אונדז געווען פריער, און ווי מיר האָבן געהאָפט. עס איז דאָרט קימאַט אינגאַנצן ניט געווען וואָס צום עסן. דאָס ביסעלע שפּייז, וואָס איז אָנגעקומען אין דער טיפעניש פון טערקיי, — איז קימאַט אינגאַנצן אָפּגעשיקט געוואָרן ווייטער, פאַר די פּאָזיציע־סאָלדאַטן, וועלכע האָבן — שוין מיט דער גאַנצער צוגעשיקטער שפּייז — אויך גאַנץ היפּש אונטערגעהונגערט. דאָס ראָוו אָבאָז־וועגעלעך איז געווען פאַרנומען מיט פירן סנאַריאַדן פאַר די קאַנאָנען, קוילן פאַר די ביקסן און די פּולעמיאָטן און אויך פוראַזש פאַר די פערד. מען האָט אויך ניט פאַר־פעלט צו באַזאָרגן די אָפיצירן מיט ווייסע ברויט, שינקע און אַפילע מיט פעסעלעך וויין. פאַר אונדז, צווייט־ראַנגיקע, איז געבליבן בלויז דאָס איבערבלייבעכץ, וואָס איז אויך געווען אַ זעלטנהייט. מיר האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט די פאַרדאַרטע, אָפט ווערעמדיקע סוכאַרעס, וואָס מען האָט אונדז אַרויסגעגעבן איינמאָל אין אַ צוויי טעג, און מיט דעם ביסל שיטערע יושקע, וואָס מען האָט געקאָכט אַמאָל, אָדער צוויי אין וואָך. אין די אַרומיקע פאַרנומענע טערקישע דערפלעך איז שוין אויך ניט געווען וואָס צו געפינען. ניט געווען מער קיין מעל, אָדער אַנדערע שפּייזן, אַזוי ווי אין אָנהויב מילכאָמע. אַפּאָנים, אַז ביי די טערקן האָט זיך שוין געהאַט אַלץ אויסגעלאָזט, אָדער איז פאַרנומען געוואָרן פון זייער אייגן מיליטער פאַר זייער אָפּטרעטן.

אויסער די דענשטשיקעס און אָפיצירישע קוכערס, וועלכע האָבן

געהאַט עטוואָס מער ווי אַרונטערגעפאַלענע ברעקלעך פון די אָפיצירישע טישן, — האָט קיינער פון אונדז קיין עמעסדיקן מאָלצייט ניט געזען. יעדער איינער פון אונדז האָט דעריבער געזוכט זיך צוצושאַרן צו עפּעס אַ דענשטשיק, אָדער שליסן באַקענטשאַפט מיט אַ קוכער, קעדיי אויסצושנאָרען אַזויאַרום אַ שטיקל איבערגעבליבענע שינקע, אַ ברעקל ווייס ברויט, אָדער עפּעס אַנדערש מיט וואָס זיך צו דערקוויקן. אָבער דענשטשיקעס און קוכערס זענען געווען ווינציקער ווי מיר און דערפאַר איז פיל פון אונדז פאַשעט אויסגעקומען צו הונגערן. מען האָט מאַמעש געשלונגען די סלינע און אין שלאָף געכאָלעמט וועגן שפּייז...

און פּונקט ווי הונגערן אַליין וואָלט פאַר אונדז געווען ווינציק אָפּקומעניש, איז נאָך צוגעקומען אַ נייע צאָרע. דער קאָמאַנדיר פּונעם אָבאָז איז גאָר מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן און מען האָט אים אַוועקגענומען אין שפּיטאָל. אויף זיין פּלאַץ איז צייטווייליק באַשטימט געוואָרן דע-פּאָלע-פּאָלסקי, דער אייגענער באַטאַליאָן-קאָמאַנדיר, דורך וועמעס הענט עס זענען אומגעקומען מאַסן אומשולדיקע סאָלדאַטן, און פאַר וועמעס נאָמען אַליין טויזנטער אַנדערע האָבן געציטערט.

דער בלויזער געדאַנק, אַז ער איז איצט אונדזער באַלעבאָס; אַז מיר זענען אונטערגעוואָרפן אונטער זיין ווילדער הערשאַפט און זיינע מעשוגענע קאַפּריזן — האָט אונדז געפּייניקט. דער באַגריף, אַז ער קאָן צו אונדז אויסלאָזן דעם ביטערן קאַאַס, וואָס ער האָט אויף אונדז געטראָגן פון זינט יענעם בלוטיקן טאָג, ווען די פיר סאָלדאַטן זענען דורך אים דערשאָסן געוואָרן, — האָט קיינעם פון אונדז קיין רו ניט געגעבן. און קעדיי אויסצומיידן דעם דאָזיקן ווילדן הונט, קעדיי זיך אויסצובאַהאַלטן פון זיין גיפטיקן האַס צו סאָלדאַטן, — האָבן מיר זיך געפלייסט זיך ניט אָנצוגעגענען מיט אים. קימאַט גאַנצע טעג זענען מיר דעריבער געזעסן אינעם הייזל ביי זיך און זיך אַפילע ניט באַוויזן אויף דער דאָרף-גאַס. מען האָט בעסער געשפּילט אין קאָרטן.

איבער ביידע צימערלעך, אין אַלע ווינקלען, זענען ביי אונדז געזעסן גרופּקעס און געריבן די שפּיל. און האָט עמעצער ניט געשפּילט אין קיין קאָרטן, — איז ער געווען באַשעפטיקט מיט עפּעס אַנדערש. איינער האָט געשריבן, אָדער געלייענט אַ בריוו. אַ צווייטער האָט דורכגעקוקט עפשער צום טויזנטסטן מאָל זיין אייגן סאָלדאַטסקע ביכל, אין וועלכן עס איז געווען פאַרשריבן זיין געהאַלט, אַלע אַרויסבאַקומענע שטיוול און וועש, און נאָך אַזעלכע קלייניקייטן. דוקעל האָט גאָר געשניצט אַ „פידל״ פון עפּעס אַ שטיק האָלץ. דאַווידאָוו מיט טשעריאַקן האָבן געקנאָטן און צעקייט פּיצלעך ליימיקן טייג פון שטיקלעך ברויט,

וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט, דאָס צוזאַמענגעמישט מיט צעמאָלענע ציגל, און דערפֿון אויסגעפֿורעמט שאַך־מאַט־פֿיגורן. דראַבּוּלקין און נאָך עטלעכע יאַטן האָבן פֿאַרבייַט, אָדער געלייגט לאַטעס אף זייערע הויזן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן באַ זיי אין איין צערייסן. אַנדערע האָבן גאָר געלאַטעט די שטיוול מיט שטיקלעך דראָט פֿון די היי־בינטלעך. בלויז איין גודמאַן האָט גאָרניט געטאָן. יעדעסמאָל, אַז ער האָט יאָ געדאַרפֿט עפּעס פֿאַריכטן, האָט ער באַצאָלט עמעצן יענער זאָל עס טאָן פֿאַר אים. ער אַליין, גודמאַן, האָט זיך דערפֿאַר אַרומגעדרייט איבער די צוויי צימערלעך און, ווי שטענדיק, אייַנקאַסירט די קאָפּיקעס פֿון די גרוי־פּעס שפּילער און אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל ניט צערייסן זייַנע קאָרטן און ניט צעשלעפּן די פֿאַרבליבענע פּיצלעך לעכט.

בעאייסן שפּילן איז אין קאָמאַנדע בײַ אונדז זייער שטיל געוועזן. קיינער האָט קיין הויך וואָרט ניט אויסגערעדט. מען האָט צווישן זיך גערעדט מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל. יעדער איינער האָט זיך געהיטן, אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי זאָל אַמאָל בײַם פֿאַרבײַגיין דאָס געסל, ניט צופֿעליק אויפֿכאַפּן וואָס בײַ אונדז אין קאָמאַנדע קומט פֿאָר און אונדז דערפֿאַר אַרייַנרייבן לויט זייַנע באַגריפֿן...

*****

# איינמאָל, בייַנאַכט, איז די קאָרטן־שפּיל

בײַ אונדז געווען צעפֿלאַקערט ביזן העכסטן גראַד עקסטאַז. יענעם טאָג האָט מען בײַ אונדז געהאַט אַרויסגעגעבן דעם כוידעש־געהאַלט און קימאַט יעדן איינעם האָט זיך געוואָלט אַ פּרואוו טאָן זיין מאַזל, אָדער סטאַם דורכשטופּן די צייַט. יאַטן זענען געזעסן אין גרופּקעס, אַרום צאַנקנדיקע לעכט, און געשפּילט. שאָטנס — שוואַרצע און אומגעלומ־פּערטע — האָבן אַרומגעשוועבט אף די גרויע ווענט, אפֿן שוואַרצן באַלקן, און אויסגעגאָסן אף אַלעמען אַ שווערן אומעט. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז אָפּטמאָל האָט זיך געדאַכט, ווי אַלע שפּילער וועלן אָט־אָט איינשלאָפֿן איבער דער באַצוואָונגענער שטילקייַט. מיטאַמאָל...

פֿון ערגעץ אינדרויסן האָט זיך פּלוצלונג אַ טראָג געטאָן עפּעס אַ שווערער קנאַל, ווי אַ קאָלערנדיקער דונער. אונדזער הייזל האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן און די ערד אונטער אונדז האָט זיך מאַמעש ווי אונטערגערויגט. אַלע זענען געבליבן זיצן דערשראָקענע, מיט אָפֿענע מיילער, פֿאַרשטייפֿטע גלידער און בלאַסע פּענימער. מיט שטאַר־צעעפֿנטע אויגן האָט מען געקוקט איינער אפֿן צווייטן און ניט געקאָנט באַגרייפֿן

וואָס אַזעלכעס עס האָט געקאָנט געשען.

אַז די ערשטע שרעק איז אַריבער, האָט מען צו ביסלעך גענומען קומען צוריק צו זיך און אָנגעהויבן אַרויסצוזאָגן פאַרשידענע סאָרטן מיינונגען. איינער האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט אַוואַדע געמוזט זיין אַ טרוקענער היץ־דונער, וואָס איז געפאַלן דאָ ניט ווייט פון אונדז. אַ צווייטער האָט געטענהט, אַז דאָס איז זיכער געווען אַן ערד־ציטערניש. אַ דריטער האָט געהאַלטן, אַז דאָס האָט זיך מיסטאָמע ערגעץ דערביי אַ באַרג צעשאָטן. עמעצער האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז דאָס איז געווען ניט אַנדערש, נאָר אַ פאָשעטער קאַנאָן־שאָס און...אַז די טערקן האָבן אונדז אַוואַדע נאָכאַמאָל אַרומגערינגלט. די דאָזיקע באַמערקונג האָט אויסגעזען צו זיין די וואַרשיינדלעכסטע. אין מויעך האָט אַ געדאַנק, — ווי מיט אַ מעסער — אַ שאַרפן קאָרב געטאָן:

„די טערקן...אַ פּאַסטקע...״

אַלע האָבן, זעט אויס, געטראַכט וועגן דעם אייגענעם, אָבער דאָס אָפן אַרויסזאָגן האָט קיינער ניט געוואַגט. יעדער איז געבליבן זיצן שטום אפן פלאַץ און אַפילו מיט קיין איינער ניט באַוועגט.

פון גרויס פאַרלוירנקייט און שרעק האָבן די שפּילער אויסגעלאָשן אַלע לעכט און מען איז געבליבן זיצן קימאַט ווי אין דער פינצטער. בלויז דאָס קליינינקע קעראָסין־לעמפּל, וואָס איז געהאנגען אף דער וואַנט, אינעם ביישטידל צווישן די צוויי צימערלעך, האָט אַרונטערצע־זייעט ציטערדיק־פלאַטערנדיקע, גרויע פּאַסיקלעך און אויסגעגאָסן נאָך מער שרעק און אומעט אפן גאַנצן אַרום...

אין דעם האָט די טיר פון קאָמאַנדע אַ סקריפּע געטאָן און שמאָל, אף אַ קליינער שפּאַרונקע, זיך געעפנט. אַ טונקעלער קאָפּ האָט זיך פאָרזיכטיק אַריינגערוקט און איז אַזוי געבליבן שטעקן אין פאָרנט פון דער פּאַלאַטקע, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַרהאנגען אינעווייניק. איבער דער טיר, קעדיי עטוואָס איינצוהאַלטן דעם ווינט, וואָס האָט זיך, בעאיסן עפענען די טיר, יעדעסמאָל פון דרויסן אַריינגעריסן.

מיר האָבן זיך קימאַט אַלע פאַראַמאָל מאַגנעטיש אַ צי געטאָן מיט די בליקן צו דער טיר און אין טונקעלער שרעק גענומען שטאַר קוקן אפן סילועט־מעסיקן פּאָנים פונעם גאַסט. עס איז אָבער געווען אַזוי פינצטער דאָרט, ביי דער טיר, אַז מען האָט ניט געקאָנט זען ווער דאָס איז. גודמאַן האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס לעמפּל פון וואַנט, דאָס אַרויפ־געהויבן אינדערהויך, צוגעוואָרפן אַ פּאַסיקל גרויע ליכט צו דער טיר און דערמיט באַלויכטן דאָס גאַנצע ווינקל. ערשט דעמלט האָבן מיר דערזען דאָס טרוקענע פּאָנים און דערקענט, אַז דאָס איז גריגאָריעוו,

דער עלצטער פון דער טעלעגראַפיסטן־קאָמאַנדע. דערביי האָבן מיר זיך ערשט דערמאָנט, אַז טאָמיד, ווען ער איז גאָר אַריינגעקומען צו אונדז, פלעגט ער ליב האָבן פאַר אַ ווייל זיך אַוועקצושטעלן אין דער טיר און מיט זיינע גלאַנציק־לעבעדיקע אויגן זיך אַרומקוקן אַרום זיך, צי ביי אונדז איז אַמאָל ניט פאַראַן סוואָראָק, אָדער אַזוי עפּעס אַן אָפיציר, וועמען ער וואָלט ניט וועלן באַגעגענען. ער, גריגאָריעוו, — אַז ער האָט געזען ער מעג, האָט ער אַ שטעל געטאָן עטלעכע ברייטע שפּרייזן צו אונדז, און זיך ווידעראַמאָל אַרומגעקוקט. ערשט ווען ער האָט באַמערקט, אַז מיר האָבן אַזוי שטאַרק אויסגעגלאָצט די אויגן אויף אים און ווי מיר זענען אַזוי שטאַרק צעטומלט, — האָט ער אַ שעלמיש שמייכעלע געטאָן. און, פּונקט ווי ער וואָלט טאַקע געוואוסט אונדזערע געדאַנקען, — האָט ער איראָניש אַ וואָרף צו געטאָן:

— וואָס זשע, יאַטן, זיך אַפּאָנים גאַנץ גוט דערשראָקן, האַ?... אוואַדע געמיינט, אַז די טערקן האָבן אונדז שוין ווידעראַמאָל איצט אַרומגעריגלט און אַז אָט־אָט פאַלן מיר אַריין אין פלען צו זיי?...

מיר האָבן געשוויגן. ער האָט זיך צעלאַכט און צוגעגעבן:

— איז עס אָבער דאָסמאָל ניט קיין טערקן און ניט קיין טערקישע קאַנאָנען. דאָסמאָל איז עס בלויז אַ פּאָשעט רוסיש גראַנאַטקעלע, מיט וועלכן עמעצער, אַ געזונט אין זיינע הענטלעך אַריין, האָט מעכאַבעד געווען דעם נייעם אָבאָז־קאָמאַנדיר, זיין מאַיעסטעט דע־פּאָלע־פּאָלסקין. דאָס האָט עס עמעצער אים אַזוי אַ גלעט געטאָן איבער דעם באַזערשן שניוקעלע און... די איינציקע צאָרע איז, אָבער, וואָס עס האָט אים, זאָגט מען, בלויז אַביסעלע אָפּגעבריט און ניט מער...

ער איז שטיל געבליבן און מיר — ווי לויט אַ דיריגיר־שטעקעלע — האָבן קימאַט אַלע פאַראַמאָל טיף אָפּגעאָטעמט. עס האָט זיך גלייך דערפילט אַ היפּשע דערלייכטערונג. עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַפילע אויפגעהויבן פון זייערע פּלעצער און געוואָלט צוגיין צום טעלעגראַפיסט און אים אויספרעגן מער איינצלהייטן וועגן דער געשעעניש. אָבער איידער זיי האָבן עס באַוויזן צו טאָן, — האָט ער זיך געטאָן אַ דריי אויס און איז ניט געוואָרן. אָט, פּונקט אַזוי אומגעריכט ווי ער האָט זיך באַוויזן, אַזוי פּלוצלונג איז ער פאַרשוואונדן הינטער דער פּאַלאַטקע און פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך...

מיר זענען געבליבן זיצן פאַראינטריגירטע און צערעגטע. עטלעכע יאַטן האָבן אַפילע געוואָלט אַרויסגיין אינדרויסן אַרויס, צו דערוויסן זיך עפּעס מער וועגן דעם, אָבער די אויסגעגאָסענע שרעק פון פריער האָט איבערגעוועגט דעם נייגיר. געשפּילט האָט מען שוין מער ניט.

אין קאַמאַנדע האָט זיך געפילט אַ מאָדנע שווערע געדריקטקייט. דאָס ניט וויסן אף קלאָר וואָס עס איז געשען און ווי אַזוי, האָט זיך געלייגט שווער אף די געמיטער. מען האָט ניט גערעדט, אָבער דאַווקע אַזוי, האָט זיך ערשט געפילט אַ שאַרפער פאַרלאַנג צו רעדן. און עס האָט טאַקע לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס האָט געפּלאַצט. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן רעדן טשעריאַק:

— אַ שאָד, — האָט ער ווי צו זיך אַ ברום געטאָן, — אַז שוין יאָ איינגעפּאַטשקעט די הענט, האָט עס כאָטש געדאַרפט זיין אַזוי ווי עס געהער צו זיין און ניט אַזוי... אָט אַ הונט האָט עס מאַזל!...

דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָווו האָט אַנדערש געהאַלטן:

— נישקאָשע, ווי עס זאָל ניט זיין, איז עס גוט... וואָרים ווי האָט עס אַמאָל געזאָגט מיין פאָטערל, אָסיפּ גאַווריליאָוויטש, אַ ליכ־טיקן גאַניידן זאָל ער האָבן? — „בעקאָמע”, האָט ער געזאָגט, „מעג זי זיין ווי קליין, איז זי דאָך זיסער ווי גאָר קיין בעקאָמע ניט...”

עמעצער האָט אַ לאַך געטאָן. דאַווידאָוו האָט געזאָגט:

— גערעכט, אף מיין ערן וואָרט. אַ קלוגיטשקער, זעט עס אויס, איז געווען דיין פאָטערל. יאָ, גענוג ער זאָל וויסן, אַז מען האַלט אַן אויג אף אים און אַז מען האָט ניט פאַרגעסן...

עס איז פאַרביי אַ שטיקל צייט. ווידער האָט די טיר אַ סקריפּע געטאָן, אף גיך זיך אַן עפן געטאָן און גלייך זיך ווידער צוגעמאַכט. די פּאַלאַטקע איבער דער טיר האָט זיך פאַרהויבן און...

גרישונין מיט קאַטאַיעוון האָבן זיך ביידע צוזאַמען שווייגנדיקע אַריינגערוקט. מיר האָבן אַ קוק געטאָן אף זיי און זיך גלייך דערמאָנט, אַז נאָך אינדערפרי, קימאַט פאַרטאָג, זענען זיי ביידע אַוועק אף אַ שפּאַציר אין די בערג. זיי זענען געגאַנגען זוכן ברילּיאַנטן, וועלכע האָבן — ווי איינער פון די אָבאָזלייט האָט אונדז פאַרזיכערט — געדאַרפט וואַקסן ערגעץ אף אַ דערבייאיקן באַרג. ביים אַריינקומען האָבן זיי, גרישונין און קאַטאַיעוו, מידע אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד זייערע צוויי אַמוניציע־זעק, וואָס זענען — ווי עס האָט אויסגעזען לויטן פאַל און קלאַנג — געווען אָנגעפּאַקט מיט שטיינער. אַליין — ווי פרעמדע, — זענען זיי שווייגנדיקע אַוועק צו זייערע געלעגערס און מידע זיך אַוועקגעלייגט. עטלעכע יאַטן זענען צוגעגאַנגען, זיך אַרומגעשטעלט אַרום זייערע געלעגערס און זיי גענומען באַוואַרפן מיט פראַגעס:

— וואָס זשע, זיך כאָטש געלוינט דער גאַנג, עפּעס געבראַכט?

— טאַקע געפונען ברילּיאַנטן? וואו האָט איר זיי?...

אַנדערע ווידער, אין גלויבן, אַז יענע, ווייל זיי קומען איצט פון

דרויסן, מוזן זיי מיסטאָמע וויסן מער ווי מיר — זענען צוגעשטאַנען:

— נו, כאָטש עפּעס אַ נישקאָשעדיק קייקעלע געווען?...

— ס'האָט אים כאָטש גוט צעגעריקט, דער סטערוועץ?...

— איז עס כאָטש אָפּגעגאַנגען גלאַטיק?...

גרישונין האָט טרוקן, ווי מיט גלעזערנע אויגן, אַ קוק געטאָן אויף די פרעגנדיקע יאַטן און זיי נאַרניש געענטפערט. ער האָט בלויז בייז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אומגעקערט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט. קאַטאַיעוו, אָבער,— ווען אַ גרופּע האָט בעאיין אויפן ניט געוואָלט אָפּלאָזן ביז ער וועט ניט ענטפערן — האָט געלאַסן אַרונטער־געצויגן די שטיוול פון זיך, זיך פּויל אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק און — ווי זיין שטענדיקע געוואוינשאַפט אין אַזעלכע פאַלן, — האָט ער מאָדנע קאָמיש אַ קרייע געטאָן און דערנאָך אויסגעשריגן:

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר, טיפּשים?!...וואָס פרעגט איר ביי אונדז, אַז מיר זענען דאָרט אַפילו ניט געווען?!... טוט בעסער אַ קוק אויף די בריליאַנטן, וואָס מיר האָבן געבראַכט און...

כעוורע זענען אָפּגעטראָטן. בלויז איין „וויעטער" איז נאָך אַלץ געשטאַנען איבער אים און ווייטער געפרעגט:

— ווייסט מען גאָרניט ווער?...

— אָ, ווער? — האָט קאַטאַיעוו טאַמעוואַטע אויסגעצויגן, — אָ, דאָס האָבן זיכער געמוזט זיין די בעשאָמעס פון די פיר דערשאָסענע יאַטן, וועלכע זענען געקומען בעקאָמע נעמען פאַר זייערע יונגע לעבנס...

קאַטאַיעוו האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט און פון דאָרט, שוין אַ בייזער, צוגעוואָרפן:

— נו, איצט ווייסטו שוין און טשעפּע זיך אָפּ!...

ער האָט זיך איינגעגעראָרעט אין דער קאָלדרע און איז אַנטשוויגן געוואָרן. די יאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די צוויי זעקלעך, וואָס זענען געלעגן אויף דער ערד, אין מיטן שטוב. עמעצער האָט אויסגע־שפּרייט אַ פּאַלאַטקע אויף דער ערד און „וויעטער" — אַן אומגעדולדיקער — האָט צעעפנט אַ זעקל און אויסגעשאָטן אַלץ וואָס דאָרט איז געווען אויף דער פאַנאַנדערגעשפּרייטער פּאַלאַטקע אַרויף.

ווי מאַסן קליינינקע, אַרונטערגעפאַלענע שטערן, אַזוי האָבן אַ בליאַסק געטאָן די אַרויסגעשאָטענע שטיינער. פינקלענדיק־שיינענדיקע שטראַלן האָבן זיך צעבליצט פון די גלאַט-געשליפענע קאַנטן. פון גרויס איבעראַשונג זענען אַלע געבליבן שטיין און — ווי פאַרגאַפטע — געקוקט אפן דאָזיקן אוצער, מוירע האָבנדיק זיך צוצורירן דערצו. די איבעראַשונג איז געווען אַזוי גרויס, — אַז מען האָט זיך אַפילו ניט

געכאַפּט, אַז די שטיינער — כאַטש גענומען אפן פּלאַץ וואו זיי זענען געוואַקסן — זענען שוין געווען געשליפן און אויסגעזעצט ווי שטיקער צירונג-בראַשקעס, אף עפּעס אַזאַ ווייסער, גיפּסענער באַזע, צו עטלעכע אין אַ ריי. ענדלעך האָבן יאַטן גענומען צו עטלעכע אַזעלכע שטיקער אין די הענט אַריין און זיי גענומען באַטראַכטן. דערביי האָט יעדער איינער ווי פאַרכידעשט געדרייט מיטן קאָפּ און געפּראָבירט אָפּצושאַצן וויפל אַזאַ גרויסער אויצער קאָן עס ווערט זיין. אַלע פּנימער האָבן אויפגעלויכטן מיט האָפנונגספולער פרייד. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן געטראַכט איין זאַך: וועגן דער מעגלעכקייט אַהיימצופאָרן פון דער מילכאָמע מיט אַ גרויסן פאַרמעגן...

„וויעטער" האָט עס טאַקע מער פון אַלעמען עפּנטלעך און פּאָשעט מיט היסלייוועס אַרויסגעוויזן.

— גאָט דו מיינער! — האָט ער איבעראַשט, אָבער דאָך צופרידן געפּלאַפּלט, — זינט איך בין אַרויסגעפאָרן אפן יאַם, האָב איך טאָמיד געהערט וועגן באַהאַלטענע אויצרעס וואָס מאַטראָזן האָבן געפונען אף פאַרוואָרפענע אינדזלען און בערג; וועגן קאַסטנס מיט גאָלד, זילבער און מיט טייערע איידלשטיינער, אָבער אַליין קיינמאָל ניט געהאַט דאָס גליק דערצו. איצט אָבער, מאַמעלעך מיינע!... אויב אַזוי, האָט זיך דאָך, הייסט עס, געלוינט אויסצושטיין אָט די אַלע צאָרעס און פּיין, אַבי... באַרעכנט נאָר אינמיסטן, ברידערלעך, באַרעכנט נאָר: מיר אַלע וועלן דאָך אַהיימקומען פון דער מילכאָמע עמעסע מיליאָנערן!...

גודמאַן האָט אָבער גלייך צעשטערט אַלעמענס ניי-אויפגעבליצטע האָפנונגען. ער — וואָס איז פונדערהיים געווען, אַ כוץ סאַרוועד אף כאַסענעס, אויך אַ שטיקל זייגערמאַכער און גאָלדשמיד, און דעריבער אויך אַ מייוון אף איידלשטיינער — האָט גענומען אַזאַ שטיקל שטיין אף דער דלאָניע אַרויף, פון דער צווייטער האַנט זיינער געמאַכט אַ רערל און ווי דורך אַ שפּאַקטיוו באַטראַכט וואָס דאָס איז אַזעלכעס. אַ ווייל שפּעטער האָט ער אויסגעזעצט אין אַ שטאַרקן געלעכטער, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט מער ווייטיק ווי כויזעק, און ער האָט ענדלעך אַ פאַרביטערטער אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— יאָ, בייט זיך גרויסע בייטעלעך, יאַטעלעך... זייער גרויסע בייטעלעך... מיר ווערן מאַמעש מיליאָנערן, כע-כע...

אַלע האָבן אויסגעשאָסן אף אים מיט פאַרכידעשטע בליקן, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן ביכלאַל ניט באַגריפן וואָס ער מיינט. קלאָר, אַז די יאַטן זענען צו שטאַרק פאַרכאַפּט געווען מיטן געדאַנק פון באַלדיקן רייך ווערן, אַז זיי זאָלן קאָנען דערלאָזן אַ צווייפל אַפילע. גודמאַן

האָט אָבער פאָרגעזעצט:

— וואָרים בריליאַנטן זענען דען דאָס?...אָ, נאַרעלעך וואָס איר זענט!...שטיינער זענען דאָס, אָט וואָס!...יאָ, פּאָשעטע שטיינער, כאָטש נעמען און ברוקירן די גאַסן מיט זיי...אָט, קוקט אײַנמיסטן...

ער האָט גענומען אַ שטיקל, אַף וועלכן עס זענען געווען אָנגעזעצט עטלעכע אַזעלכע „בריליאַנטן" און אַרונטערגעבראָכן אײַנעם פון דעם. מיטאַמאָל, ווי דורך אַ קישעף, איז דער גאַנצער גלאַנץ דערפון פאַרשוואונדן און דער שטיין איז געבליבן ליגן אין זײַן האַנט ווי אָן לעבן. די יאַטן זענען געבליבן שטיין מיט צעעפנטע מײַלער און ניט געוואַגט קיין אײנציק וואָרט אויסצורעדן. מיט אומגלויבן האָט יעדער אײנער גענומען אַזאַ שטיקל אין דער אײגענער האַנט אַרײַן, דאָס גוט באַטראַכט פאַר אַ ווײַל און אויך פאַרזיכטיק אָפּגעבראָכן דערפון אַזאַ שטיקל. אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט נאָר אָפּגעטײלט דעם „בריליאַנט" פון דער באַזע, איז גלײַך בײַ יעדן אין דער האַנט געבליבן ליגן אַ טויטע און מאַטע שטיק סאָליטרע...

מיט צעווײַטיקטער אַנטוישונג האָבן יאַטן דאַן צוריקגעוואָרפן די שטײַנער אַף דער פּאַלאַטקע אַרויף און אַלײן — ווי פאַרשעמטע און אויסגעבויזעקטע— זיך ברויגעז אָפּגעקערט. בלויז אײנער, „וויעטער", האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוואָלט אָפּרײַסן דערפון. ער איז געשטאַנען אַף די קניען לעבן דער פּאַלאַטקע מיט שטײַנער און זיי אַרומגעטאַפּט מיט די הענט אַזוי צערטלעך, ווי דאָס וואָלט געווען זײַנס אַ נאַר־וואָס געבוירן קינד און ער קאָן זיך ניט גלויבן, אַז עס איז געשטאָרבן... ער האָט עפּעס געמורמלט צו זיך און מען האָט געקאָנט זען, ער וויינט. פּלוצים האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַ נעם געטאָן זײַן אײגענעם זאַק, וואָס איז געלעגן אַפן געלעגער, אַרויסגעוואָרפן דערפון אַ טײל פון די זאַכן און גענומען אַרײַנשטופּן אינעם זאַק אַרײַן אַזויפיל שטײנער וויפל ער האָט נאָר געקאָנט. דערבײַ האָט ער עפּעס אונטערגעמורמלט אין דער שטיל צו זיך און מיטאַמאָל אַפן קאָל אַ זאָג געטאָן:

— און ווער זאָגט עס, אַז מען מוז דאַווקע אָפּטײלן די שטײנער פונעם קרײַד?...אָט איך וועל זיי אַהײמנעמען מיט זיך אָט אַזוי ווי זיי זענען און דאָרט לאָזן מאַכן דערפון בראַסלעטן, שפּילקעס, ברעלאָקן, און אַנדערע זאַכן. איך וועל זיי האָבן פאַר קאַלע־מאַטאָנעס, פאַר די אײגענע און...נישקאָשע, איך וועל נאָך געפינען קוינים אויך...

אונטערגעוואָרעמט פון „וויעטערס" רייד, האָבן עטלעכע יאַטן זיך אויך גענומען צום אָנשטופּן זײערע קעשענעס מיט די שטײנער. אָבער די איבעריקע, דאָס ראָוו יאַטן פון קאָמאַנדע, האָבן שוין אַפילו מער

ניט געוואָלט קוקן דערויף און ווידער זיך גענומען רעדן וועגן דעם נאָר־וואָס געהערטן קנאַל, וואָס מען האָט צוליב די „בריליאַנטן" קימאַט שוין געהאַט ווי פאַרגעסן.

יאַטן האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף די געלעגערס, אָבער איינשלאָפן איז געווען אוממעגלעך. מען האָט קעסיידער גערעדט און זיך געאַמפּערט. יעדער איינער האָט אַרויסגעזאָגט עפּעס אַן אַנדער השערה און דאַווקע איבערגעשפּאַרט דעם צווייטנס מיינונג.

גרישונין איז אַלץ געלעגן אויף זיין געלעגער, זיך איינגעהערט אין די אַלע רייד און געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך ראַפּטאָוונע אַ הויב געטאָן פונעם פּלאַץ, זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן:

— העי, איר דאָרט, אויספּאָרשער מיינע, וואָס גייט עס אייך אַזוי שטאַרק אין לעבן צו וויסן ווער, וואָס און ווי אַזוי?!... טאָמער וואָלט איר שוין אַמאָל איינגענומען אַ פּאָרציע שטומעניש און אויפגעהערט צו פּלאַפּלען און אונטערזוכן?!... וואָס איז, איר זענט עפּשער ניט צופרידן, וואָס דערווייל איז אַלץ דורכגעגאַנגען גלאַטיק און מען האָט נאָך קיינעם ניט געכאַפּט?...עס זעט אויס, אַז אייך ווילט זיך דאַווקע, אַז נאַטשאַלסטווע זאָל טאַקע אויסגעפינען און אייך מעכאַבעד זיין מיט אַן אומזיסטיקע פאָרשטעלונג, אַזוי ווי דעמלט צווישן די בערג?... און אויב אַזוי, אויב עס גייט אייך אַזוי שטאַרק אין לעבן, טאָ פאַרוואָס זשע גייט איר ניט אַרויס איבדרויסן אַרויס און... נעמט זיך ניט צום העלפן זוכן?...אָ, נישקאָשע, נאַטשאַלסטווע האָט שוין צוגעגרייט בייע מעדאַלן פאַר די וואָס וועלן איר העלפן אויסגעפינען...

ס'איז שטיל געוואָרן. גרישונינס רייד האָבן אַלעמען עפּעס נאָר ווי צעפּאַטשט און די מיילער פאַרמאַכט. יאַטן האָבן זיך פאַרשעמט און זיך גענומען איינגנורען אין די קאָלדרעס אַריין. גודמאַן, וועלכער איז יענע נאַכט געשטאַנען דעזשורנע אין קאָמאַנדע, האָט טונקעלער אַרונטערגעדרייט דאָס ליכט פונעם קעראָסין־לעמפּל און עס איז מיטאַמאָל אָנגעפאַלן אַ שווערע פינצטערניש. עס האָט אויסגעקוקט, ווי אַלץ אַרום וואָלט זיך מיטאַמאָל איינגעהילט אין שוואַרצע, שווערע דעקן. די פינצטערניש האָט געטאַנצט געאָרעמט מיט דער שטילקייט. ערשט אַביסל שפּעטער, ווען אַלע אין קאָמאַנדע זענען שוין געשלאָפן, אָדער געהאַלטן ביים אַנטשלאָפן ווערן, האָט גודמאַן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, אַריבערגעצויגן אַ קאָלדרע איבערן קאָפּ און — שטילערהייט, ביי אַ פיצל ניט דערברענטן לעכטל, וואָס ער האָט אַרומגעשטעלט מיט עטלעכע נאָטן־ביכער— צונויפגענומען און אַרומגעבונדן מיט שטיקלעך פּאָדים די טאַליעס קאָרטן און אַרומגעקראַצט די בערגן מיט אַ מעסערל. נאָך

דעם האָט ער פון זײַנע קעשענעס אַרויס אַרויסגענומען דאָס גאַנצע קלײנגעלט, וואָס ער האָט פריער דורכן אָוונט געהאַט צונויפגענומען, אויסגעסאָרטירט די מאַטבייעס און זיי שטויסלעכווייז אײַנגעוויקלט אין באַזונדערע פּאַפּירלעך אַריין.

אינדערפרי האָט מען איבערן גאַנצן דערפל געהערט וועגן דער נעכטיקער געשעעניש. מען האָט דערציילט, אַז אַלץ וואָס האָט זיך באַר געפונען אין הייזל ביי דע־פּאָלע־פּאָלסקין, איז פון דער אויפגעריי־סענער גראַנאַטע צעשמעטערט געוואָרן אויף פּיצלעך, נאָר אַז אים אַליין, דע־פּאָלע־פּאָלסקין, האָט עס קימאַט ווי גאָרניט געשאַט. לויט ווי דער פעלדשער פון אַמבולאַטאָריע האָט דערציילט, האָט ער פון דאָקטאָר גופא געהערט, אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי איז בלויז גאַנץ לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן און אַז ער וועט אַוואַדע אינגיכן צוריקקומען פונעם שפּיטאָל, וואוהין מען האָט אים גלייך נאָכן אויפרייס אַוועקגעפירט. ער, דער פעלדשער, האָט אַפילע געהאַלטן, אַז דאָס איז גאָרניט געווען קיין געמאַכטער אויפרייס, אַז קיינער האָט די גראַנאַטקע ניט געוואָרפן, נאָר אַז דע־פּאָלע־פּאָלסקי האָט אַוואַדע בעאייסן עקספּערימענטירן מיט אַ גראַנאַטקע, זי אומפאָרזיכטיק אַ קלאַפּ געטאָן און...

אינמיטן טאָג זענען אין דאָרף צו אונדז אָנגעקומען צו רייטן עטלעכע אָפיצירן פונעם שטאַב. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס דער פּאָלק־קאָמאַנדיר האָט גלייך נאָך דער געשעעניש באַשטימט אויף אויסצופאָרשן דעם אינייען. באַלד נאָך זייער אָנקומען האָבן זיי זיך גלייך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער אַלע הייזלעך פונעם דאָרף, צווישן די קאָמאַנדעס און אויסגעפרעגט קימאַט יעדן איינציקן סאָלדאַט וואו ער איז געווען אין יענער צייט און וואָס ער האָט געטאָן. זיי האָבן אָבער גאָרניט אויפגעטאָן. זיי האָבן אַפילע גלייך נאָכן אויספרעגן פריגעלאָזט דע־פּאָלע־פּאָלסקיס פערזענלעכן דענשטשיק, אויף וועמען זיי האָבן לעכאַטכילע געוואָרפן אַ כשאַד. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ער, דער דענשטשיק, גראָד אין דער צייט פונעם אויפרייס גאָר ביכלאַל אין דאָרף ניט געווען. ער האָט זיך פונקט דעמלט געפונען אויף אַ שליכעס פון דע־פּאָלע־פּאָלסקין צו אַן אָפיציר פון אַ צווייטן פּאָלק, ערגעץ אין אַ דערבייאיקן דאָרף. אויפן דריטן טאָג נאָכן אָנקומען, האָט די קאָמיסיע זיך צוריקגעקערט אין שטאַב מיט גאָרניט. עטלעכע טעג שפּעטער איז אין פּאָלק־באַפעל געווען געמאָלדן, אַז לויט אַלע באַווייזן איז דער אויפרייס ביי דע־פּאָלע־פּאָלסקין אין הייזל געווען אַ ריינער צופאַל; אַז דאָס האָט אויפגעריסן אַ פאַרוואַלגערטע האַנט־

גראַנאַט און אַז דעריבער ווערט דער איניען געשליכטעט...

יאַטן, אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן אונטערגעשמייכלט. קימאַט אַלע זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז שוין גאָר קיין צופאַל ניט געווען, נאָר אַז נאַטשאַלסטווע איז פּאָשעט געצוואונגען געווען דעם איניען צו פאַרגלעטן, קעדיי ניט אַרויסצורופן קיין כיישעק ביי אַנדערע סאָלדאַטן דאָס נאָכצוטאָן. ביי יאַטן איז בלויז געווען אַ פראַגע וועגן די רעזולטאַטן. טייל יאַטן האָבן געהאַלטן, אַז דער בלויזער פאַקט, וואָס מען האָט דע־פּאַלע־פּאָלסקין באַוויזן, אַז מען האַלט אַן אויג אַף אים, איז שוין אַליין געווען אַ גרויסער אויפטו און אַז דאָס וועט אים אָבלערנען אף ווייטער. אַנדערע האָבן אָבער געהאַלטן, אַז אויב עס איז טאַקע ניט קיין צופאַל, האָט זיך דער גאַנצער אייסעק ניט געלוינט, ווייל — האָבן זיי געזוכט צו באַווייזן — דאָס וועט אים נאָך מער פאַר־ביטערן און, אויב עס זאָל זיך כאָלילע איינגעבן צו כאַפּן יענעם, אָדער יענע, וועט מען דערפאַר דאַרפן צו טייער באַצאָלן...

סיי ווי סיי האָט זיך דערווייל ביי אונדז אין דאָרף געפילט עפּעס נאָר ווי אַן עמעסער יאָנטעוו. כעוורע האָבן זיך פריידיק באַגריסט איינער מיט דעם צווייטן און פילדייטיק צוגעפּינטלט מיט די אויגן... אַפילע גרישונין און קאַטאַיעוו, די צוויי יאַטן, וואָס האָבן די ערשטע עטלעכע טעג נאָך דער פאַסירונג ניט געוואָלט פאַרליידן ווען עמעצער האָט נאָר געגומען רעדן וועגן דעם, — האָבן שוין איצט אַליין אויך אָנגעהויבן פריילעך צו פּלוידערן. ערשט דעמלט האָט גרישונין אַ נעם געטאָן ביידע זעקלעך מיט די „בריליאַנטן" און זיי אַרויסגעשאָטן אין גאַס אַרויס. דערביי האָט ער אַ וואונק געטאָן צו קאַטאַיעוון:

— יאָ בריליאַנטן, אָדער ניט,— האָט ער שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן,— אָבער אַן אויפטו איז עס פאָרט געווען אַ גוטער. ניט אַזוי?!...

דערנאָך האָבן זיי זיך ביידע אַרומגענומען, פריילעך אַריינגעטאַנצט אין קאָמאַנדע אַריין און גרישונין האָט דערביי צוגעגעבן:

— נו, כעוורע, אַ צווייטמאָל אַז מיר וועלן ווען אַוועקגיין נאָך איידלשטיינער, מעגט איר שוין זיכער זיין, אַז עס וועט אונדז מער געלינגען ווי דאָסמאָל. ווי זאָגסטו, קאַטאַיעוו ברודער, האַ?...

יענער האָט דערויף גאָרניט געענטפערט...



# קאַפּיטל אַכטונצוואַנציק

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט פאַרפרי. ער איז מיטאַמאָל אָנגעקומען מיט זיין גאַנצער רויקייט און האָט אַזוי ווי אומגעריכט אַלעמען פאַרכאַפּט מיט שווערע פרעסט.

די שלאַכטן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אַ שטיקל צייט צוריק, האָבן זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט אפן גאַנצן פראָנט. אונדזער אַרמיי האָט געמאַכט אַ געוויסן פאָרויסמאַרש. אונדזער פּאָלק האָט דאַן פאַרנומען נייע פּאָזיציעס ערגעץ אף אַ הויכן באַרג. צוליבן שטילשטאַנד האָט דער קאָמאַנדיר — ווי געוויינטלעך — ווידער באַפוילן, אַז מיר, די קאָמאַנדע, זאָלן צוריק אַריבערגיין פאָרויס, צו דעם ערשטן ראַנג אָבאָז, וואָס איז געווען קוואַרטירט אין אַ דערפל, ביים סאַמע פוס פון דעם באַרג, אף וועלכן דער פּאָלק האָט געהאַט זיינע פּאָזיציעס.

ווי עס האָט אויסגעזען, איז דער איצטיקער שטילשטאַנד געווען אַ פונדאַמענטאַלער. עס האָט זיך דערפאַר געקאָנט דאַכטן, אַז דאָס איז געווען אַזאַ אָפּמאַך צווישןביידע צדדים, און אַז אַזוי וועט עס שוין אַוואַדע אָנהאַלטן ביז אַריבער ווינטער. דאָס צו באַשטעטיקן, האָבן די יאַטן אָנגעוויזן דערויף, וואָס מען האָט איצט — צום ערשטן מאָל זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן און זינט מיר זענען אָנגעקומען אפן פראָנט — זיך פאַרנומען מאַסיוו זיך איינצוגראָבן אף דער פּאָזיציע... און בעעמעס: אף דער גאַנצער שלאַכט-ליניע, עטוואָס נידעריקער פונעם באַרג-שפּיץ, דאָרט וואו אונדזער פּאָזיציע איז געווען, האָט מען זיך מיטאַמאָל גענומען צום גראָבן טיפע, האַלב-געדעקטע טראַנשייען פאַר די פּאָזיציע-האַלטער. נאָך מער: אַפילע אַרונטערצו, צוריקצו פון דער ליניע, און אפן סאַמע באַרג-פלאַך, דאָרט וואו עס איז געשטאַנען דער פּאָלק-שטאַב, האָט מען גענומען בויען סאָלידע „זעמליאַנקעס" *). מען האָט געגראָבן באַזונדערע ערד-הייזלעך פאַר דער קאַנצעלאַריע און פאַר

*) ערד-שטיבלעך.

די שרייבער; באַזונדערע הייזלעך פאַר די אָפיצירן, שטאַפּעטן און פאַר די דענשטשיקעס. מען האָט געבויט באַזונדערע „זעמליאַנקעס" פאַר די טעלעגראַפיסטן און פאַר אַלע אַנדערע באַדינונג-קאָמאַנדעס פונעם פּאָלק-שטאַב. עס האָבן זיך גענומען שפּרייטן קלאַנגען, אַז טערקיי זאָל האָבן געבעטן אַ סעפּעראַטן שאָלעם ביי אונדז. דאָס האָט ווידער אויף דאָס ניי אַרויסגערופן פרישע האָפנונגען צווישן די סאָלדאַטן, אַז עפּשער, עפּשער וועט די מילכאָמע דאָסמאָל זיך פּונקט פאַרענדיקן...

פונעם דערפל, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ביז צו דער סאַמע פּאָזיציע-ליניע איז געווען אַזוי נאָענט, אַז אין לויטערע נעכט האָט מען פון אונטן גאַנץ קלאָר געקאָנט זען די פייערלעך, וואָס אונדזערע קאַראַאול-און אויסשפּיר-גרופּן האָבן צעלייגט אויפן באַרג, קעדיי זיך אָפּצוהאַלטן פון דערפרירן אין די קאַלטע נעכט און טיי צו קאָכן. עס איז געווען אַ מאָדנע געפיל ביי אונדז: כאָטש אינדערהויך, אויפן באַרג, האָבן שוין איצט געגליט ברענענדיקע פרעסט, — איז ביי אונדז, אינעם דאָרף אונטן, נאָך געווען גאַנץ וואַרעם. אויבן, האָט זיך געזען, איז אַלץ געווען באַדעקט מיט אַ דיקן פּלאַסט שניי, אָבער ביי אונדז אונטן, האָבן זיך נאָך געבליבן די גרינע גראָזן, און די קוסטעס מיט די בוימער האָבן נאָך געטראָגן גרין-שמעקנדיקע בלעטער אויף זיך...

די טערקישע פּויערים, וועלכע זענען, אָדער פאַרכאַפּט געוואָרן, אָדער האָבן סטאַם ניט באַוויזן צו אַנטלויפן פון דאָרף ווען אונדזער אַרמיי האָט עס מיט אַ צייט צוריק פאַרנומען, — האָבן געהונגערט. די טוואָרע זייערע, וואָס זיי האָבן אונטער צוואַנג געהאַט אַרונטערגענומען דעם פאַרגאַנגענעם זומער פון די שטיינערדיק-באַרגיקע פעלדער, — איז אינגאַנצן געווען פאַרנומען פון דער רוסישער אָקופּירנדיקער מאַכט. זיי, די פּויערים, האָבן קעסיידער און אומאויפהערלעך געשיקט דעלעגאַציעס צום קאָרפּוס-שטאַב, און געבעטן, אַז מען זאָל זיי כאָטש אַרויסגעבן אַ טייל פון דער פאַרנומענער טוואָרע, וואָס איז זיי געקומען לויטן אָפּמאַך, אָבער...דער שטאַב האָט אַלץ אָפּגעלייגט און אָפּגעלייגט און די פּויערים האָבן אַלץ מער און מער געהונגערט. די איינציקע שפּייז וואָס זיי האָבן נאָך יאָ ווי עס איז געהאַט, איז באַשטאַנען פון אַביסל קוקורוזע און פון אַ מין ראָז-קאָלירטע מעל — געמאָלן פון... אַרבעס, וואָס איז געווען עפּעס אַזוי פריקרע-זיס, אַז מיר, ווען מיר האָבן עס פאַרזוכט, האָבן עס ניט געקאָנט אין מויל נעמען.

אויסער דעם האָבן אויך די פּויערים פון דאָזיקן דאָרף פאַרמאָגט זייער אַ סאַך ניס. אַ סוואָרע, אַז פאַר דער מילכאָמע איז אָט די געגנט געווען פאַרנומען מיט פּראָדוצירן און אַרויסשיקן דעם סאָרט ניס, וואָס

ווערט געוויינטלעך באַצייכנט ווי „טערקישע". אָבער די ניס, באַטש פאַר אונדז, סאָלדאַטן, איז דאָס געווען ווי אַ לאַקאָמע־נאַשוואַרג, וואָס מיר האָבן אָפּט אָפּגעקויפט, אָדער אויסגעביטן פאַר פיצלעך ברויט ביי די פויערים, — איז עס אָבער פאַר זיי, פאַר די פויערים, געווען ווייט ניט געבוג צו פאַרבייטן די פעלנדיקע רעגולערע שפייז.

די גאַנצע דאָרפישע באַפעלקערונג האָט דעריבער געהונגערט. ווי מייסים — בלייכע און אָפּגעשוואַכטע — זענען די פויערים אַרומגעקראָכן איבערן דאָרף, אַרום זייערע איינגעבורעטע שטיבלעך, און מיט די פון פיין־צעשראָקענע, בעטנדיקע אויגן, געקוקט אין די הענט אַריין ביי די סאָלדאַטן, אין דער האָפנונג, אַז עפשער וועלן זיי ביי אונדז קאָנען קריגן עפעס אף אָפּצועסן. גאַנץ אָפּט האָט זיך פון די שטיבלעך אַרויס געהערט דאָס קרעכצנדיקע וואָיען פון די אַלטיטשקע, אויסגעהונגערטע פויערים, און דאָס פיסטשענדיקע געוויין פון די ראַכיטישע קינדער, וואָס האָבן זיך געבעטן „עק־מעק". אין די ביינאַכטן האָט מען אָפּט געקאָנט באַמערקן אַ פאַרביישלייכנדיק־פאַרדעקטע פרויען־פיגור, וואָס האָט פאַר אַ שטיקל ברויט פאָרגעלייגט איר קערפער אַן אָנגעגעבטן סאָלדאַט.

גרויס איז דעריבער געווען די פרייד ביי די פויערים, ווען אין, אָדער אַרום דאָרף, איז געפאַלן אַן אָבאָז־פערד. דעמלט זענען זיי — מאַמעש איבערגליקלעכע, מיט אויפגעשיינטע בליקן אין זייערע אויגן — אַרויסגעלאָפן צום פלאַץ וואו דאָס געפייגערטע פערד איז געלעגן און, אין עטלעכע מינוטן צייט איז עס שוין געלעגן אַ צעטרייבערטס, און צעשניטן אף שטיקער, וואָס יעדער פויער האָט מיט שטאַרקער פרייד אַהיימגעטראָגן צו דער פאַרשמאַכטער פאַמיליע זיינער...

גאָר אַ גרויסער יאָנטעוו איז געווען באַ זיי, ווען פון קאָרפוס־שטאַב איז ענדלעך אָנגעקומען אַ מעלדונג, אַז זיי זאָלן קומען נאָך זייער טייל טוואוע, וואָס איז זיי געקומען. די פויערים האָבן מאַמעש גע־טאַנצט פאַר פרייד בעאייס די קרעכצנדיקע „אַרבאַס"[1] און די עטלעכע „אישאַקעס"[2] זענען — באַלאָדענע מיט זעק טוואוע — צוריקגעקומען און אַריינגעפאָרן אפן פלאַץ אינמיטן דאָרף. דער „מוכטאַר"[3] פונעם דאָרף האָט עפעס גערעדט צו די פויערים און — אַפּאָנים דערפאַר וואָס אַלע זענען אַזוי זשעדנע געווען נאָך אַ שטיקל ברויט, — האָבן זיי זיך טאַקע גלייך גענומען צום דרעשן...

דאָס דרעשן איז צוגעגאַנגען אף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער:

דאָרט, אינמיטן דאָרף, האָט זיך געפונען אַ שטיק פלאַץ, וואָס איז געווען איינגעטיילט אין עטלעכע גרויסע רונדן. די ערד אין זיי איז

1) וועגענער. 2) אייזעלעך. 3) סטאַראָסטע, עלטסטער.

געוועז שטייף-איינגעטאָפּטשעט ווי אַ שטיין און אויסגעגלאַטיקט ווי אַ טיש-פּלאַך. אף איינעם פון די רונדן האָבן די פויערים אַרויסגעשאָטן די געבראַכטע זאַנג-קעפּ פון עטלעכע זעק אַרויס און זיי צעשפּרייט. איינער פון די פויערים האָט צוגעפירט אַן אָקס — איינגעשפּאַנט אין עפּעס אַזאַ דיקן שווערן ברעט, מיט אַ פאַרהויבענעם פראָנט-טייל, ווי אַ שליטן. ער האָט באַטראַכט דעם אונטערשטן פלאַך, צי די געדיכט-איינגעפּאַסטע, שאַרף-שפּיציקע קרעמניץ-שטיינדלעך זיצן פעסט און — איבערציגט אין דעם — האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אפן ברעט, געטאָן אַ געשריי צום אָקס און אים גענומען אַרומטרייבן אַרום און אַרום איבערן צירקל, און אַזוי־אַרום אַרויסגעהאַקט די קערנער פון די זאַנג-נעסטן.

נאָך אַ געוויסער צייט איז דער פויער מיטן שליטן-ברעט אַריבער אפן אַנדערן, דערבייאיקן צירקל און דאָרט איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע. דערווייל האָבן אַנדערע פויערים גענומען פאַנאַנדערטיילן די קערנער פון דעם צעריבענעם שטרוי. מיט הילצערנע לאָפּעטעס האָבן זיי אָנגענומען די צעריבענע מאַסע און דאָס געוואָרפן אין דער לופטן. דער ווינט האָט די שטרוי-טיילן פאַרטראָגן אָן אַ זייט, בעאייס די קערנער, שווערערע, זענען צוריקגעפאַלן און זיך צעלייגט אין אַ בערגל, באַזונדער.

אַז די פויערים זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָט דער „מוכטאַר" יעדן פויער איינגעטיילט צו עטלעכע מעסטלעך, מיט וועלכע זיי זענען פריידיקע און איילנדיקע אַהיימגעלאָפן. די פרויען האָבן עס גלייך צעמאָלן מיט שטיינערדיקע, קליינע האַנט-מילעכלעך. צוויי טעג שפּעטער איז שוין אין דאָרף געווען פרישע, האַלב-ווייסע ברויט, אַ טייל פון וועלכן די פויערים — מער אויס מוירע ווי צוליב האַנדל — האָבן אונדז פאַרקויפט. סיי ווי, די פרייד ביי די פויערים — זאַטע צום ערשטן מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט — האָט איבערשטיגן אַפילו אונדזער פרייד צוליב דעם שטילשטאַנד...

*****

**צווישן** די אָבאָזלייט אין דאָרף האָט מען געשמועסט, אַז דער שטילשטאַנד איז גאָר געקומען דערפאַר, וואָס מען האָט פלוצלונג פון אונדזער אַרמיי אַרויסגענומען אַ גרויסן טייל פון די בעסטע סאָלדאַטן און זיי אַריבערגעשיקט אפן אייראָפּעאישן פראָנט, וואו עס איז אונדזערע ניט אַזוי פויגלדיק צוגעגאַנגען אין די לעצטע צייטן. געזאָגט האָט מען, אַז די דייטשן האָבן זיך אַ רוק געטאָן גאַנץ טיף אין רוסלאַנד, פאַרנומען מאַסן שטעט און שטעטלעך און אַז זיי

זענען שוין אַצינד טיפער ביי אונדז אין לאַנד, ווי מיר אין טערקיי. קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן, אַז אונדז, טורקעסטאַנצעס, — צוליב אונדזער שלאָג־פייאיקייט, אַקשאָנעס און אויסדויער־קראַפט — וועט מען גאָר אינגיכן אויך אינגאַנצן אַריבערוואַרפן אפן אייראָפּעאישן פראָנט, קעדיי צו העלפן אָפּשלאָגן דעם שטאַרקן דייטשישן אָנגריף.

וועגן די סיבעס פון אונדזערע דורכפאַלן דאָרט, אפן אייראָפּעאישן פראָנט, האָט מען ביי אונדז דערציילט אינטערעסאַנטע און — צו דער זעלבער צייט — גאָר שטורענדיקע זאַכן. מען האָט אָפן געמורמלט, אַז אין די גאָר־הויכע פענצטער האָט מען אונדז פאַראַטן; אַז דער סאַמע קריגס־מיניסטער אונדזערער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ פאָשעטער אונטערגעקויפטער אַגענט פון די דייטשן און...אַז ער זיצט שוין אַפילע אַרעסטירט אין דער שליסלבורגער פעסטונג... די דאָזיקע געשיכטעס האָבן אָבער פיל סאָלדאַטן ניט געוואָלט גלויבן. זיי האָבן געטענעט, אַז דאָס האָבן די דייטשישע אַגענטן בעקיוון אויסגעטראַכט, קעדיי צו שאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר זיך, אַוועקצושטעלן אויף יענעמס פלאַץ אַן אייגענעם מענטשן, אַן עמעסן דייטש. און מאָדנע: בלויז אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אינעם פריקאַז געמאָלדן, אַז דער קריגס־מיניסטער איז טאַקע אַ נייער, מיט אַן עמעס־דייטשישן נאָמען אַפילע. געשושקעט האָט מען זיך ביי אונדז, אַז דאָס איז געשען לויט דעם ווילן און באַפעל פון דעם „הייליקן" פאָפ ראַספּוטין, דער צאַריצעס געליבטן, וועלכער פירט די גרענדע אינעם צאַרישן הויף און באַשטימט אַפילע די פּאָליטיק פאַרן צאַר. די דאָזיקע נייעס איז געווען ווי אַ באַשטעטיקונג פון יענעם בריוו, וואָס מיר האָבן מיט אַ שטיקל צייט צוריק געהאַט געפונען אין איינעם פון די מאַטאָנע־זעקלעך.

אַגעוו האָט מען וועגן דעם זעלבן פאָפ דערציילט, אַז זינט ער איז געוואָרן אַ נאָענטער אַריינגייער אין צאַרישן הויף, — האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן אויסערגעוויינטלעך־צעלאָזענע אָרגיעס און סקאַנדאַלן, וואָס האָבן מאַמעש אויפגעריסן די אויגן ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די הויפּט־שטעט. מען האָט איבערגעגעבן, אַז אַפילע פּרינצן, פירשטן, און נאָך אַנדערע הויך־געשטעלטע פערזאָנען אין צאַרישן הויף, האָבן זיך אָנגעהויבן באַזאָרגן וועגן דעם פאָלקס־צאָרן, וואָס האָט זיך ווי אַ וואַלד־פייער געבומען שפּרייטן איבערן לאַנד פון טאָג צו טאָג. זיי האָבן אין דעם דערזען אַ געפאַר פאַר דער אייגענער פעל בייכלאַל און פאַר דער סאַמע עקזיסטענץ פון צאַרישן טראָן ביפראַט. מיטאַמאָל האָט מען אָנגעהויבן אונטערמורמלען, אַז אָט די דאָזיקע גרויסע לייט, — קעדיי צו ראַטעווען די לאַגע, — האָבן דעם זעלבן פאָפ גאָר פאַרנאַרט

ערגעץ אין אַ פּאַלאַץ אױף אַ הוליאַנקע, אים דאָרט אַנגעטרונקען מיט אַ סאַמיקן װײַן און דערנאָך — אַ צעשניטענעם אױף שטיקער — אים גאָר אַרײַנגעװאָרפן אין אַ פּאַרפּרוירענעם זומפּ ערגעץ הינטערן שטאָט...

אױף װיפל דאָס װעט ראַטעװען די לאַגע, האָט קײנער בײַ אונדז ניט געװאוסט און ניט געקאָנט זאָגן. מען האָט אַפילו גערעדט װעגן בײַע אומרוען, סטרײַקן און אָפענע אַרױסטרעטונגען אין די שטעט, אָבער זיך נאָכצופרעגן איז ניט געװען בײַ װעמען. דערפאַר האָבן זיך בײַ אונדז געפונען אַזעלכע, װאָס האָבן ביכלאַל ניט געװאָלט גלױבן קײן אײנע פון די געשיכטעס און געטײנעט, אַז דאָס איז בלױז פּלאַפּלערײַ פון אײנעװײניקסטע סאָנים, װאָס זוכן אױפצוהעצן דאָס רוסישע פאָלק און װילן אומברענגען דאָס הײליקע רוסלאַנד. ביסלעכװײַז אָבער, װען אײגענע יאַטן, װאָס זענען צוריקגעקומען פון אורלױבן, אָדער פון קאָמאַנדיראָװקעס אין טיל, און האָבן איבערגעגעבן דאָס זעלביקע, האָט עס זיך ערשט דעמלט אָנגענומען און די אױפרעגונג בײַ די סאָלדאַטן איז געװאַקסן פון טאָג צו טאָג.

און װי צו באַשטעטיקן די אַלע מורמלערײַען, איז מיטאַמאָל גאָר אינעם קאָרפּוס־באַפעל געװען אַ מעלדונג, אַז דער צאַר אַלײן האָט איצט איבערגענומען די הױפּט־קאָמאַנדע איבער אַלע אַרמײען פון לאַנד אין זײַנע אײגענע הענט אַרײַן און אַז ער אַלײן װעט פון יענעם טאָג אָן אָנפירן מיט אַלע מיליטערישע אַקציעס אױף די פראָנטן. געשמועסט האָט מען, אַז געשען איז דאָס דערפאַר, װײַל דער שפּיאָנאַזש און פאַראַט אין די העכסטע פּענצטער איז שױן דערגאַנגען צו אַזאַ מאַדרײַגע, אַז מען האָט אין לאַנד פאַרלױרן דעם צוטרוי צו דער רעגירונג, צו די מיניסטאָרן און צו די הױפּט־קאָמאַנדירן. עס איז דעריבער שױן קלאָר געװען, אַז דורך דעם האָט דער צאַר געװאָלט ראַטעװען די מאַראָכע, אױפהױבן דעם געפאַלענעם גײַסט בײַ דער אַרמײ אױף די פראָנטן און — איבערהױפּט — קעדײ אָפּצושטעלן די כװאַליעס פון סטרײַקן און אומרוען, װאָס האָבן זיך די לעצטע פאַר װאָכן, װי דורך אַ סיגנאַל, גלײַכצײַטיק צעגאָסן אין פיל שטעט פונעם טיל, צװישן די אַרבעטער, און — אױף די פראָנטן — צװישן די סאָלדאַטן...

אױף װיפל די דאָזיקע קלאַנגען װעגן סטרײַקן און אומרוען אינעם טיל זענען געװען עמעס, האָבן מיר, נאַטירלעך, ניט געקענט װיסן. מיר האָבן זיך געשפּײַזט בלױז מיט ברעקלעך אָפּגעריסענע ידיעס, װאָס האָבן צו אונדז דערגרײכט דורך אָנגעקומענע סאָלדאַטן. דערפאַר האָבן מיר אָבער שױן גאָר גוט געװאוסט װעגן קימאַט אַלע אומרוען און בונטן, װאָס זענען שיר ניט טעגלעך פאָרגעקומען בײַ אונדז, אױף

אונדזער אייגענעם פראָנט. און כאָטש אויך די דאָזיקע ידיעס זענען מערסטנס געווען אומאָפּיציעלע — פון מויל צו מויל, אַזוי צו זאָגן — האָט זיך אָבער יעדע איינע באַלד באַשטעטיקט. אָט האָט מען געהערט, אַז דאָ און דאָרט איז פאָרגעקומען אַן אומרו, אָדער אַ בונט; אַז אָט האָבן סאָלדאַטן ערגעץ געוואָרפן אַ גראַנאַטע צו אַן אָפיציר אין דער פאַלאַטקע אַריין, אָדער געשאָסן אַ קאָמאַנדיר דערפאַר וואָס מען האָט זיי געשיקט אומבאַשיצטע אויף אַ זיכערן טויט, אָדער ווייל מען האָט זיי קיין ברויט ניט אַרויסגעגעבן. אָט, אַפילו ביי אונדז, אין אונדזער אייגענעם פאָלק, אויפן סאַמע לינקן פליגל, האָבן די סאָלדאַטן זיך פּאָשעט אָפּגעזאָגט צו גיין אין אַטאַקע אויף די טערקן. אין סאַמע הייסן מאָמענט, ווען עס איז אָנגעקומען דער באַפעל אָנצוהויבן שיסן,— האָט זיך פון צווישן די סאָלדאַטן אין טראַנשיי אַ טראָג געטאָן אויסרופן:

— האָט מען כאָטש אָנגעפרעגט ביי ראַספּוטינען און סוכאָמלינאָוון, צי עס לוינט זיך פאַר זיי?!...

— צי עס לוינט זיך יאָ פאַר זיי, אָדער ניט,— אָבער פאַר אונדז לוינט עס זיך געוויס ניט!...

— שוין גענוג פאַרלייגט מיט אונדזערע קערפּערס די קוואָרים, וואָס די הויך-געשטעלטע שפּיאָנען האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט!...מער וועלן מיר ניט גיין און אַ סאָף זאָל עס נעמען!...

דאָס איז גענוג געווען. די סאָלדאַטן האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט. די אָפיצירן און פעלדפעבלען, הינטער זיי, האָבן געשריגן און געדראָעט, אָבער יענע ראָטע האָט זיך אַלץ ניט אַרויסגעהויבן פון דער טראַנשייע. דער ערשטער קנופּ-פּאָדים פון דיסציפּלין איז שוין געווען צעריסן. עמעס, שפּעטער מיט אַ טאָג האָט מען דורכגעפירט אַ פעלד-געריכט און דערשאָסן עטלעכע סאָלדאַטן פון דער ראָטע, אָבער דאָס האָט שוין, אַפּאָנים, קיינעם מער ניט אָפּגעשראָקן. אַזעלכע געשעענישן האָבן זיך איבערגעכאַזערט קימאַט יעדן טאָג און איבער קימאַט יעדער ראָטע פון יעדן פאָלק ביי אונדז אויפן פראָנט. קימאַט יעדע פאָר טעג איז געווען איינעם קאָרפּוס-באַפעל עפּעס אַ פאַרשטעלטע מעלדונג וועגן אַזאַ געשעעניש. כאָטש איבערבאויפיק אומשולדיק, האָט מען דאָך קלאָר געקאָנט זען, אַז עפּעס רירט זיך. אָט האָט זיך איינעם באַפעל באַוויזן אַן אָפּגעהאַקטער באַריכט, אַז אין דעם און דעם פאָלק האָט מען נעכטן דערשאָסן עטלעכע פאַרעטער, פאַר אויפרייצן די סאָלדאַטן צו מאַכן אַן אויפשטאַנד; אַז דאָרט האָט מען איבערגעגעבן צום פעלד-געריכט עפּעס איינעם, פאַר רופן די סאָלדאַטן ניט אויסצופאָלגן די באַפעלן פון דער נאַטשאַלסטווע; אָט איז געווען געמאָלדן, אַז ערגעץ אין אַ ראָטע האָט

אַ סאָלדאַט באַקומען אַ „געאָרגי־קרייץ״ פאַר האָבן געראַטעוועט זיינס אַן אָפיציר, אף וועמען עטלעכע בונטאָוושטשיקעס האָבן זיך געוואָרפן פון הינטן אַרום. די אַלע נייעסן — כאָטש ווי אומקלאָר זיי זענען געווען, האָבן אָבער קלאָר אָנגעזאָגט וועגן פאַרשטאַרקטע אומרוען, וואָס זענען טאָג־טעגלעך אויסגעבראָכן אין אַלע זייטן פון אונדזער גאַנץ־לאַנגן און היפּש־צעצויגענעם פראָנט...

*****

**קעדיי** אָפּצוציען די סאָלדאַטן פון טראַכטן און זיי מאַכן פאַרגעסן אין זייערע אומצופרידנקייטן, — האָט אונדזער פאָלק־קאָמאַנדיר געזוכט פאַרשידענע וועגן און מיטלען. פון איין זייט האָט ער שטייפער אָנגעצויגן די דיסציפּלין אף די סאָלדאַטן, און — פון דער צווייטער — געזען, אַז זיי זאָלן באַקומען מער, אָפטער און בעסערס צום עסן. ער האָט אויך באַפוילן אויסצוגראָבן אַ ספּעציעלע, באַזונדערע „זעמליאַנקע״ און איינגעאָרדנט אַ קרעמל אפן באַרג, באַלד הינטער דער סאַמע פּאָזיציע, קעדיי סאָלדאַטן זאָלן קאָנען קויפן פאַר זיך מאַכאָרקע, פּאַפּיראָסן, שוועבעלעך, רויכער־פּאַפּיר און — אָפטמאָל אַפילע ווייסע, כאָטש שוין אַלט־געבאַקענע פראַנצויזישע זעמל. צוליב דעם האָט ער באַשטימט אַ גרופּע סאָלדאַטן, וואָס פלעגן פאָרלעכווייז און קעסיידער פאָרן אַהין און צוריק קיין אָלטי, טראַפּעזאָנד, אָדער אַפילע אַזוי ווייט ווי באַטום און טיפליס, און אַהערברענגען פון דאָרטן אַלע סאָרטן פון פאַרשידענע סכוירעס, ווי שפּייז און אַנדערע זאַכן. אינעם קרעמל פלעגט טיילמאָל זיין צום פאַרקויפן הערינג, געטריקנטע פישן, קאָלבאַסן, קוואַס און נאַשוואַרג...אַלס פאַרקויפער אין אָט דעם קרעמל האָט דער קאָמאַנדיר באַשטימט אייבעם אַ צוויי בענדלדיקן סאָלדאַט פון ערשטן ראַנג אָבאָז, אַ געוויסן ציפּראָוויטש, וואָס האָט געדאַרפט זען, אַז אין קרעמל זאָל טאָמיד זיין וואָס צו קויפן...

אַ כוץ דעם, האָט דער פאָלק־קאָמאַנדיר אויך באַפוילן, אַז מיר, די מוזיקאַנטן, זאָלן יעדן זונטיק אַרויפקומען אפן באַרג צום שטאַב און דאָרט שפּילן צו עטלעכע שאָ, קעדיי אונטערצוהאַלטן די סאָלדאַטן מיט טאַנץ־מוזיק און מיט פריילעכע פאָלקס־לידער.

יעדן זונטיק פאַרטאָג זענען מיר, דעריבער, אַרויפגעגאַנגען אפן באַרג אַרויף. דער וועג — כאָטש ניט קיין ווייטער — איז געווען ביז גאָר אַ שווערער און אויסמוטשענדיקער. ער האָט זיך זיגזאַגיש געדרייט ווי אַ שלאַנג אף אַהין און אַהער און זיך געהויבן זייער מעשופּעדיק

און גראַד. אָפּט האָט מען דעריבער געמוזט גיין אײַנגעבויגן אין דרײַען און זיך אָנהאַלטן מיט די הענט בײַ די שטיינער־שפּיצן, קעדיי מען זאָל ניט אומפאַלן. די מאַסן צעבערעקלטע שטיינדלעך, וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט אונטער די פיס, צוזאַמען מיטן שטייף־אײַנגעפרוירענעם, גליטשיקן שניי, האָט אונדז פּאָשעט אויסגעמוטשעט.

דאָרט, אויפן באַרג, האָבן מיר זיך געוויינטלעך אָפּגעשטעלט לעבן דער קאַנצעלאַריע־זעמליאַנקע. אַ מאַסע סאָלדאַטן, פון די טראַנשייען אַרויס, האָבן זיך פאַרזאַמלט, זיך אַרומגעזעצט אויף דער דורכגעפרוירע־נער ערד אַרום אונדז, אָדער אויף די ברעגן פון די זעמליאַנקע־דעכלעך, און זיך אײַנגעהערט אין אונדזער שפּילן. דער פּאָלק־קאָמאַנדיר — קעדיי אַרײַנצוטראָגן מער אינטערעס און פריילעכקייט — האָט גלייך באַשטימט אַ באַלוינונג פאַר יענע סאָלדאַטן, וואָס וועלן דורכפירן די בעסטע טענץ, און אַפילו פּערזענלעך דערמוטיקט די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן צופּאַטשן מיט די הענט. און יאַטן האָבן געטאַנצט און געזונגען. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך טאַקע פאַרגעסן אין אַלעם... פונדעסטוועגן, אַזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר איבערגעהאַקט דאָס שפּילן פאַר אַ מינוט אָפּרו,— אַזוי האָבן זיך די יאַטן גלייך פאַרקליבן אין גרופּקעס און גענומען רעדן צווישן זיך וועגן די לעצטע געשעענישן און וועגן די געהערטע קלאַנגען. דער קאָמאַנדיר האָט דאָס אַפּאָנים דערשנאַפּט און געוואָלט אָפּהיטן פון רעדן. ער האָט דעריבער, איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן זיך אָפּצורוען אַ ווייל, אונדז געמונטערט:

— נו, כעוורע, שפּילט עפּעס אַ פריילעכס!...

מיר האָבן געהאַקט די מאַרשן און די טענץ קימאַט איינעם נאָכן אַנדערן. און יאַטן — דערמוטיקט פון קאָמאַנדירס צוזאָג צו באַלוינען זיי — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויסצוקאָנקורירן די קאַמאַרינסקעס, קאַזאַטשקעס און האָפּאַקן. עס איז, עמעס, טאַקע געווען זייער טומלדיק, אָבער אין די אַלע טענץ האָט זיך דאָך ניט געפילט דער געוויינטלעכער ברען און דאָס פייער פון אַמאָל. עס האָט זיך אַפילו ניט געשפּירט דער אייפער, וואָס וואָלט געדאַרפט ברענען אין אַזאַ קאָנקורענץ. און כאָטש דער קאָמאַנדיר האָט יעדע ווייל אונטערגעמונטערט דעם אוילעם צו פּאַטשן מיט די הענט,— האָט זיך פאָרט ניט געשפּירט יענער מין וואַרעמקייט, ווי עס פלעגט געוויינטלעך זײַן בײַ אַזעלכע טענץ. ער, דער קאָמאַנדיר, האָט אַפּאָנים אויך דערפילט די אָנגעצויגנקייט און — דערפאַר, אַזוי גיך ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טונקלען,— האָט ער אונדז געהייסן זיך צוריק אַרונטערלאָזן אין דאָרף אַריין. ער אַליין — אַקוראַט ווי ער וואָלט מוירע געהאַט פאַר דער טונקלקייט — האָט ער

זיך אַף גיך אַ דריי אויס געטאָן און איז מיט איילנדיקע טריט אַוועק צוריק צו זיך אין „זעמליאַנקע" אַריין...

איינמאָל אין אַזאַ זונטיק, ווען מיר האָבן — ווי שטענדיק—שוין געהאַט פאַרענדיקט דאָס שפּילן און זיך געקליבן אַרונטערצוגיין פונעם באַרג, איז דער קאָמאַנדיר מיטאַמאָל אַריין אין קרייז צו אונדז און געמאָלדן, אַז ער האָט פאַר אונדז עפּעס אַ ספּעציעל-וויכטיקע מיסיע, און אַז מיר זאָלן זיך דעריבער אַף צומאָרגנס צוזאַמענבעמען מיט דעם גאַנצן האָב און גוטס אונדזערן און זיך איינגאַנצן אַריבערקלייבן אַפן באַרג אַרויף, שוין דאָרט צו פאַרבלייבן אַף איבער ווינטער.

פאַראינטעריגירטע פון קאָמאַנדירס רייד וועגן אַ וויכטיקער מיסיע, האָבן מיר, מיט אַ מאָדנע שווער געמיט, אַף צומאָרגנס,—מיטיקצייט,— איינגעפּאַקט אונדזערע זאַכן: די קאָלדרעס מיט די באַטן-ביכער, און — מיט אַ געדריקטער אַפּאַטיע— זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אַרויף צו דער פּאָזיציע...

איידער מיר זענען אַרויפגעקומען אַפן באַרג, — איז שוין דער אָוונט געלעגן אויסגעשפּרייט אַף אים ווי אַ צודעק. אין דער דאָזיקער טונקלקייט האָט דער גאַנצער באַרג אויסגעזען עפּעס אַזוי סוידעסדיק פאַרטראַכט, אַז עס האָט אַזש אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד אַף אונדז אַלעמען. די ווייטע, קליינע פייערלעך, האָבן פונדערהויך, ביי די באַרג-רונדן, געפינקלט און געצאַנקט ווי שטערן און צוגעוואונקען מיט עפּעס אַזאַ געהיימניספולער דראָאונג. איבער דער גרויסער, רויטער לעוואָנע, וואָס האָט זיך גענומען אַרויסהויבן פון צווישן די בערג, ווי אויך צוליבן פינקלדיקן שניי, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט פאַר די אויגן — האָבן די דאָזיקע פייערלעך אויסגעזען אַזוי נאָענט צו אונדז — ווי נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אָבער אַז מיר האָבן גענומען גיין ווייטער, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס וועט שוין קיינמאָל קיין סאָף ניט זיין. עפּעס האָבן זיי זיך אָפּגערוקט פון אונדז מיט יעדן טריט. צוליב דער שווערער מאַסע, וואָס מיר האָבן געהאַט צו שלעפּן אַף זיך, איז דער וועג דאָסמאָל נאָר ווי אויסגעצויגן געוואָרן און האָט אַפילע געדויערט פיל לענגער ווי טאָמיד. מיר האָבן זיך געשלעפּט איבער די פאַרשנייטע, ווייס געדעקטע טעראַסעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גאָר גרויסע, געטישטעכטע טישן. מיר האָבן זיך געדרייט פאַרביי יונגע, פאַרווייסטע סאָסנע-וועלדלעך, וואָס האָבן — ווי מידע באַשעפענישן — זיך געטוליעט אין טיפן שניי. מיר האָבן געאָטעמט מיט פריש-קאַלטע ווינטעלעך — אויסגעמישטע מיט שאַרף-שמעקעדיקער זשיוויצע — וואָס די בוימלעך האָבן אַרויסגעאָטעמט פון זיך. ענדלעך זענען מיר דאָך

דערגאַנגען צום סאַמע באַרג־פּלאַך, אינדערהויך. פונוויטן האָבן זיך שוין געזען די שוואַרצע ערד־דעכלעך פון די „זעמליאַנקעס”, וועלכע זענען געלעגן אונטער דעם רויטלעך־בלאַסן לעוואָנע־ליכט און האָבן — מיט זייערע רויכנדיקע קוימענדלעך — אויסגעזען ווי צעוואַליעטע ריזן, וואָס האָבן זיך פויל פאַנאַנדערגעלייגט צו רויכערן פאַנטאַסטיש־גרויסע ליולקעס גלייך צום הימל אַרויף...

ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען צום פּלאַץ, איז שוין גאַנץ שפּעט געווען. מען האָט שוין מער קיינעם ניט געזען אינדרויסן. מיר זענען דעריבער אַוועק אין פּאָלק־קאַנצעלאַריע און זיך געמאָלדן. אַ דעזשורנע שרייבער האָט אונדז גלייך צוגעפירט צו עפּעס אַ זעמליאַנקע וואָס איז אַפּאָבים שוין געווען באַשטימט פאַר אונדזערטוועגן. זי איז אָבער געווען פּוסט און קאַלט, אַז עס איז מאַמעש געווען אַ שרעק אַהין אַרייַנצוגיין. דאָך האָבן מיר זיך ווי ניט איז גענומען אייַנצואָרדענען. מיר האָבן אָנגעשלעפּט אַביסל באַסע צווייגן און פּיצלעך האָלץ, וואָס מיר האָבן אין דער פינצטער געקאָנט צונויפקלייבן אַפן באַרג אַרום, גלייך פאַרלייגט אַ פייער אינעם קאַלטן, פון שטיינער־געמויערטן קאָך־אויוון, און אַוועקגעשטעלט עטלעכע עמערס וואַסער אויפצוזידן טיי. ווען מיר האָבן אָפּגעטרונקען די טיי און פאַרביסן מיט סוכאַרעס, וואָס מיר האָבן אַרויסגעקראָגן אין דער פּאָלק־קיך, האָבן מיר זיך דאַן — שטאַרק־מידע — אַוועקגעלייגט אַף דער הוילער ערד־נאַרע, וואָס איז געווען אויסגעשניטן אין דער ערד, לענג־אויס פון דער „זעמליאַנקע”.

באַלד אינדערפרי איז אָנגעלאָפן אַ שעליעך פונעם קאָמאַנדיר און אונדז איבערגעגעבן זיין באַפעל, אַז מיר זאָלן זיך גלייך מעלדן צו אים. מיר זענען צוגעגאַנגען. ער, דער קאָמאַנדיר, איז אַרויסגעקומען פון זיין זעמליאַנקע אַן אייַנגעהילטער אין אַ קאַזאַקישער בורקע מיט אַ שווערן וואָלענעם שאַל און מיט אַ הויכער פוטער־פּאַפּאַכע אַפן קאָפּ. ער האָט אונדז אויפגענומען מיט זיין געווייַנטלעך־טרוקענעם שמייכל און אונדז גענומען דערקלערן וועגן דער מיסיע. געזאָגט האָט ער, אַז אַזוי ווי דער פּאָלק וועט וואַרשייַנדלעך בלייבן שטיין אַ לענגערע צייט דאָ, אַפן זעלבן פּלאַץ, וויל ער דעריבער לאָזן מאַכן פאַר די סאָלדאַטן אַ טעאַטער מיט אַ קירך, און אַז דאָס גיט ער אונדז, מוזיקאַנטן, איבער צו באַשאַפן. דערביי האָט ער אונדז געשמייכלט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז וואָס שייך די פּאָשעטע גראָבע אַרבעטן, ווי גראָבן די ערד פאַר די זעמליאַנקעס פאַרן טעאַטערל מיט דער קירך, און דאָס אויספּאַרטיקן זיי, — וועלן מיר קאָנען באַנוצן אַזויפיל סאָלדאַטן פון די ראָטעס, וויפל מיר וועלן נאָר באַדאַרפן. וועגן אַקטיאָרן פאַרן טעאַטער און

זינגער פֿאַר דער קירך, האָט ער געהייסן, אַז מיר זאָלן פֿון צווישן זיך באַשטימען עטלעכע יאַטן, וואָס זאָלן זיך אַרויסלאָזן איבער די טראַנ־שייען פֿונעם פּאָלק און דאָרט, אין די ראָטעס, אויסקלייבן אַ געוויסע צאָל סאָלדאַטן, וועלכע מיר וועלן געפֿינען צו זיין טאַלאַנטירטע און מוזיקאַלישע און...זיך טאַקע גלייך נעמען צו דער אַרבעט...

— איר וועט מיך פֿאַרשטיין,—האָט ער פֿילדייטיק אַ זאָג געטאָן, —אַז עס איז פֿאַראַן אַ צייט ווען דאָס איז זייער בויטיק...

מיר זעבען אַוועק פֿונעם קאָמאַנדיר, אָבער בעשום אויפֿן ניט געקאָנט באַגרייפֿן, צוליב וואָס מען דאַרף עס גאָר מיטאַמאָל האָבן אַ טעאַטער מיט אַ קירך אפֿן פֿראָנט, אַף דער סאַמע פּאָזיציע. דער גאַנצער אייסעק איז אויסגעקומען עפּעס זייער מאָדנע, ספּעציעל טאַקע זיינע לעצטע צוגעוואָרפֿענע פּאָר ווערטער. מיר האָבן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס דער קאָמאַנדיר האָט פּלוצלונג, אינמיטן פֿון דריטן מילכאָמע־יאָר, זיך מיטאַמאָל גאָר גענומען איינפֿירן פֿאַרוויילונגען מיט קירכעס פֿאַר די סאָלדאַטן, עפּעס נאָר ווי זיי וואָלטן שוין אַלץ געהאַט, נאָר דאָס אַליין פֿעלט נאָך. מיר האָבן פֿאַרכידעשטע געקוקט איינער אפֿן צווייטן און אין די געדאַנקען געפּרוווט צוטראַכטן אַ דערקלערונג דערפֿאַר. מיטאַמאָל האָט גרישונין אַ זאָג געטאָן צו דאַווידאָוון:

— נו, דאָס קען איך נאָך פֿאַרשטיין: מען דאַרף, ווי דו זאָגסט, פֿאַרשפּילן און אַזוי ווייטער...וואָס מיך אַרט אָבער איז דאָס: צי שוין זשע קלייבט מען זיך אַף אַן עמעס דאָ אייביק צו פֿאַרבלייבן?...

דאַווידאָוו, ווי ער וואָלט ניט געהערט, האָט אַ ברום געטאָן:

— יאָ, אַז מען נעמט זיך צו אַזעלכע מיטלען, מוז שוין האַלטן זייער פֿאַסקודנע... דער פֿאַרדראָס איז אָבער, וואָס נאָך אַפּילע איצט, שוין אַזוי ווייט, קאָן מען נאָך אַלץ מיט פֿאַרוויילונגען און מיט טפֿילעס פֿאַרטויבן די מויכעס באַ די יאַטן, כאָטש זיי האָבן שוין צו ביסלעך יאָ אָנגעהויבן טראַכטן און באַגרייפֿן... דער ווייטיק איז...

— וואָס מיר דאַרפֿן עס נאָך זיין די אַרויסהעלפֿער אין דעם; — האָט גרישונין בייז אַ שפּיי אויס געטאָן, — וואָס מיר דאַרפֿן דאָס צוהעלפֿן איינצאַמען און באַרואיקן... יאָ, נאָך אַ גליק, וואָס מען האָט אונדז נאָך ניט געהייסן באַרואיקן מיט געווער...

דאַווידאָוו האָט נערוועז געדרייט אַ וואָנצעלע:

— וואָסער פֿאַרגלייך?!... עס האַלט נאָך ניט דערביי...

— אָבער,— האָט גרישונין זיך ניט געקאָנט באַרואיקן, — הייגט איז עס טאַקע נאָך אַן אומשולדיקע קלייניקייט, אָבער מאָרגן, קאָן זיין, כ׳וויס... ניט גענוג וואָס מען איז אַליין אַ שקלאַף באַ זיי, צווינגען

זיי דיך נאָך צו זיין אַ מערדער אויך,— אַ מערדער פון די אייגענע ברידער...ווייסט זען, דאַווידושקע, מיינע רייד...

— נו, דאָס ווייסטו, ברודער,— האָט דאַווידאָוו אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ווי אים צו באַרואיקן,— אַז עס וועט האַלטן דערביי און מיר וועלן פאָלגן, וועלן מיר קיין בעסערס ניט ווערט זיין...

גרישונין האָט אויפגעלויכטן און אַנטשלאָסן אַ וואָרף געטאָן:

— וואָס זשע, אַז עס וועט האַלטן דערביי, וועט מען טאַקע ניט דאַרפן פאָלגן און אַ סאָף זאָל עס נעמען!...

*****

ווי דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן, אַזוי האָבן מיר, די קאָמאַנדע, זיך איינגעטיילט אין דריי גרופּעס. איינע — וואָס האָט זיך געדאַרפט נעמען צום אויספלאַנירן און אויסצובויען די צוויי זעמליאַנקעס גופא, אַ צווייטע — אף צוצוגרייטן די נויטיקע צודאַטן פאַר די זעמליאַנקעס: קאָסטיומען מיט דעקאָראַציעס פאַרן טעאַטערל און די נויטיקע „הייליקע" קלאַפּערגעצייג פאַר דער קירך, די דריטע — אף צום אויסגעפינען אַ צאָל טאַלאַנטירטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געדאַרפט ווערן צוגעגרייט צום זינגען און צום שפּילן.

באַלד אף צומאָרגנס האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט. די ערשטע גרופּע האָט באַקומען דעם אויפזיכט איבער צוויי זואָדן סאָל־דאַטן, וועלכע זענען איינגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע גרופּעס. איינע האָט געגראָבן די גריבער פאַר די זעמליאַנקעס, אַ צווייטע האָט געאַרבעט אין דערבייאיקן וועלדל, אויסגעהאַקט בוימלעך, אַרומגע־טעשעט די צווייגן און פאַרפאַרטיקט קלעצער אף צו דעקן די דעכער פון די זעמליאַנקעס. דער קאָמאַנדיר אַליין האָט זיך אָפט אַרומגעדרייט איבערן פלאַץ און אונטערגעיאָגט די אַרבעט, אַקוראַט ווי ער וואָלט מוירע געהאַט עפּעס צו פאַרשפּעטיקן.

אונדזער צווייטע גרופּע האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער די ראָטעס, אין די טראַנשייען, וועלכע האָבן זיך געפונען אַרום עטלעכע הונדערט טריט אַרונטער, אף דער צווייטער זייט פון באַרג־פלאַך. דאָרט, צווישן די סאָלדאַטן, האָבן זיי אויסגעזוכט אַ צאָל כעוורע מיט זינגעוודיקע שטימעס — פאַר דער קירך, און אַזוי פריילעכע יאַטן מיט פּייאיקייטן, אָדער לייצים — צו שפּילן טעאַטער. סאָף וואָך זענען שוין די ביידע נייע קאָמאַנדעס געווען אָרגאַניזירט און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. סטאַוואָראָף, וועמען מען האָט ספּעציעל אַרויסגעפאָדערט פון

צווייטן ראַנג אָבאָז, וואו ער איז פאַר אַ צייט געווען, האָט — צוזאַמען מיטן גאַלעך פון פאָלק — גענומען איינזינגען מיט דער ערשטער גרופע פאַרשידענע קירך־נעגונים און טפילעס. איינער פון די יונגע, ניט־לאַנג־צוריק אָנגעקומענע אָפיצירן, אַ פראַפאַרשטשיק, — האָט גענומען איינלערנען פאַרשידענע טעאַטער־שפילן מיט דער צווייטער...

ביידע זעמליאַנקעס האָט מען געבויט איינמיטן פון פלאַץ, פאַראַלעל איינע לעבן דער צווייטער. יעדע פון זיי — גענוג גרויס, אף צו קאָנען אַריינעמען אין זיך אַרום אַ ראָטע סאָלדאַטן פאַראַמאָל. די איינעווייניק־סטע איינריכטונגען — די בענק, שטענדערס, די בינע און אַפילע דעם אַלטאַר, האָט מען פּאָשעט אויסגעשניטן פון דער ערד, קעדיי זיך איינצושפּאָרן איבעריקע אַרבעט, האָלץ און צייט. באַלד ווי די איינע־ווייניקסטע אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען איבער די גריבער אַריבערגעלייגט די קלעצער און געמאַכט העגנגל־דעכער. איבער אָט די קלעצער האָט מען געדיכט פאַרלייגט מיט צווייגן און אף זיי, פון אויבן, באַשאָטן מיט דער אויסגעגראָבענער ערד. עס איז געווען גאַנץ פּאָשעט און פּראָסט. פונדעסטוועגן, ווען אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, האָט עס אויסגעזען גאָר נישקאָשעדיק. ביידע זעמליאַנקעס — סיי דאָס טעאַטערל און סיי די קירך — זענען געווען קימאַט ווי עמעסע, מיט קימאַט אַלע נויטיקסטע איינריכטונגען.

ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן געבוי, האָט מען זיך ערשט גענומען צו דער איבעריקער אַרבעט. סטאָליאַרעס האָבן פון בוימער געשניטן ברעטער און לייסטן, אויפגעקלאַפּט ראַמען און זיי באַצויגן מיט לייוונט, וואָס די שניידער פון פאָלק האָבן צונויפגענייט פון אַלטע פאַלאַטקעס. פונעם שטעטל בייבורט האָט מען געבראַכט צו פירן עטלעכע קעסטלעך און זעקלעך מיט פאַרשידענע קאָלירן טרוקענע פאַרבן. אַ פּאָר פאַרבער פונעם פאָלק — צווישן זיי אַפילע איינער, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ דעקאָראַטאָר, — האָבן דאַן די פאַרבן פאַרמישט מיט פּראָסטע וואַסער און — מיט באַרשטן געמאַכט פון פערדישע עקן — זיך גענומען צום מאָלן דעקאָראַציעס. זיי האָבן געמאַכט אַ וואַלד, וואָס האָט שוין געדאַרפט דינען אויך פאַר אַ גאָרטן ווען עס וועט זיין נויטיק; אַ צווייטע דעקאָראַציע פון אַ פויערשער כאַטע, וואָס איז אף דער לינקער זייט גאָר געווען אַ שטאָטישער באַלעבאַטישער צימער און — מיט גאָר קליינע אומבייטונגען — אַפילע געקאָנט ווערן אַ רייכער, פריצישער פאַלאַץ. זיי האָבן אויך אויסגעצאַצקעוועט צוויי זייטיקע פּראָנט־פליגל מיט פרויען־פיגורן אף זיי און אַ געמאָלטן פאָרהאַנג. דערויף האָבן זיי אויסגעמאָלט אַ בלויען יאַם, וואָס האָט אויסגעזען ווי לאַנגע שטיקער

צעפלאָנטערטע סטענגעס, און איבער דעם — אויף פונקט אַזאַ הימל מיט „וואַטע"־וואָלקנס — אַן אויסטערלישן, צוויי־קעפּיקן אָדלער, וועלכער האָט אין איינער פון די לאַפּעס געהאַלטן דעם וועלט־קיילעך און אין דער צווייטער — אַ רוסיש־נאַציאָנאַלע פאָן, מיט אַן אויפשריפט:
„פאַרן צאַר און פאָטערלאַנד!"...

אַלץ איז בעעמעס צוגעגאַנגען ווי „געשמירט". בלויז די פראַגע וועגן באַזאָרגן דאָס טעאַטערל מיט קאָסטיומען איז געווען צו שווער צו פאַרענטפערן. עמעס, עטלעכע קליידער האָט מען אַפילו געבראַכט פון טיפליס, צוליב וועלכע עס איז געשיקט געוואָרן אַ ספּעציעלער שעליעך. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. מיט מענער־קליידער האָט מען זיך נאָך ווי עס איז אַן אייצע געגעבן. עטלעכע קאָסטיומען האָבן די שניידער אויפגענייט פון אַלטע, פאַרשידנקאָלירטע פּאַלאַטקעס און אַלטע מונדירן. פרויען־קליידער האָט מען אָבער פון קיין פּאַלאַטקעס ניט געקאָנט מאַכן, צוליבן מאַנגל אין קאָלירן און פאַרשידנאַרטיקייטן. צום גליק איז דאַן איינעם פון די שניידער איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז מען זאָל דערצו באַנוצן די ליַיוונט פון די דריי קאָלירן, וואָס אויף די נאַציאָנאַלע פענער. און דאָס האָט טאַקע געראַטעוועט די לאַגע. מען האָט דעריבער פונעם אָבאָז אַרויסגעפאָדערט אַ גרויסע צאָל נאַציאָנאַלע פענער און פאַנאַנדערגענומען די נעט, וואָס האָבן צונויפגעהאַלטן די דריי פאַסן. די דאָזיקע שטיקער ליַיוונט האָט מען אויסגעוואַשן ביים טייכל, זיי אויסגעפּרעסט, און די שניידער — מיט נאָדל־פאָדים אין די הענט — האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין אין דער „גאַרדעראָבע" פונעם טעאַטערל געווען אויפגעהאנגען אַ גאַנצע ריי פאַרשידנאַרטיקע פרויען־קליידער, אָנגעהויבן פון אַן איינפאַכער פויערשער קאָפטל, ביז אַפילו אַן אימפּראָוויזירטן, רייכן באַל־קלייד מיט אַ טיפן האַלדז־אויסשניט...

די הויפּט־פּראָבלעם איז איצט געווען די פראַגע וועגן באַלייכטונג פאַרן טעאַטער און פאַר דער קירך. דער קאָמאַנדיר האָט אַפילו וועגן דעם אַוועקגעשיקט אַ סאַפּיאָר קיין טיפליס, ער זאָל ברענגען פון דאָרט אַ קליינע דינאַמאָ־מאַשין, אויף צו שאַפן עלעקטריציטעט ביי אונדז אויפן באַרג. מען האָט שוין אַפילו געשאַפן אַ קליינעם וואַסער־פאַל, אונטן אין דאָרף, וואו מען האָט געזאָלט אַוועקשטעלן אַזאַ ספּעציעל־געבויטן ראָד — ווי אַ וואַסער־מיל — און דורך דעם שאַפן די קראַפט. עס איז אָבער ניט געלונגען צו קריגן אַזאַ דינאַמאָ. דער סאַפּיאָר האָט דערפאַר געבראַכט מיט זיך פּאָשעטע „בליץ"־לאָמפּן, וועלכע ברענען טאַקע אויף קעראָסין, נאָר וואָס ווערט פריער פאַרוואַנדלט אין גאַז, און — דאָס

פייער — אונטער אַזאַ ווייסן, זיידן הויבעלע — שאַפט אַ בלענדנדיק־ווייסע ליכט, נאָר ווי עמעסע גאַז־באַלייכטונג.

דערפאַר איז שוין אָבער געווען אַ גרויס גערעטעניש אין רעפּער־טואַר צום שפּילן. דאָס איז אָנגעקומען לייכטער ווי אַלע אַנדערע זאַכן. קימאַט אַלע אָפּיצירן פון דעם פּאָלק האָבן געבראַכט צו טראָגן מאַסן פאַרשריבענע העפטלעך און סטאַם בויגעלעך פּאַפּיר מיט איין־אַקטערס, שפּילן, סצענקעס און שפּאַסערייען, וואָס זיי אַליין האָבן פאַרפאַסט. אַ קאָמיסיע פון דריי שטאַב־אָפּיצירן האָבן דורכגעקוקט דעם געבראַכטן מאַטעריאַל, אויסגעקליבן דאָס פּאַסיקסטע לויט זייער איינזען און דאָס איבערגעגעבן דעם פראַפּאָרשטשיק, וואָס האָט דאָס איינגעלערנט מיט דער „אַקטיאָרן״־קאָמאַנדע. קימאַט אַלע זאַכן אינעם רעפּערטואַר זענען געווען פון פּאַטריאָטיש־נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער: מערסטנס גראָבע קאַריקאַטורן איבערן סאָלדאַטישן לעבנס־שטייגער, באַווירצט מיט דער געוויינטלעכער אָפּלאַכונג פונעם נאַרישן קליינרוסישן און שטענדיק־לוי־איצלעכדיקן לעקישעוואַטן דענשטשיק, אָדער גאָר אַן אָפּכויזיקונג פון אַ פאַרלוירענעם אידישן באָוואָבראַניעץ...

אין קורצן, פיל גיכער ווי מיר אַליין האָבן זיך גערעכט אַפילע, איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן. מען האָט דורכגעפירט אַ גענעראַל־פּראָבע און דער קאָמאַנדיר האָט מאַמעש אָנגעקוואָלן. קיין באַפעל אָבער, ווען מען וועט אָנהויבן שפּילן, אָדער אַפילע בלויז אַן אָנצוהערעניש וועגן דעם — האָט ער ניט געגעבן. ער האָט בלויז געהייסן, אַז מען זאָל ווייטער אָנגיין מיטן איינשטודירן בייע זאַכן און זיין גרייט פאַר אַ פאַרשטעלונג פאַר אַ ספּעציעלן רוף, ווייל ער ריכט זיך אף עפּעס גאָר אַ געהויבענעם גאַסט פון פּעטערבורג, עפּעס אַ גאָר וויכטיקער פּערזענ־לעכקייט, וואָס קומט פון צאַר דירעקט. די רעגלמעסיקע פאָרשטעלונגען, האָט ער געזאָגט, וועלן זיך אָנהויבן, ווען די ראָטעס פונעם פּאָלק וועלן אָנהויבן „גאַוועיען״ פאַר די פּייסעכדיקע יאָמטויוויים...

*****

צוליב דער געהויבענער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן באַקומען פונעם קאָמאַנדיר, איז אונדזער קאָמאַנדע אויך אף דעם באַרג געוואָרן דער צענטער פון פּאָלק. צווישן די סאָלדאַטן האָט מען וועגן אונדז גערעדט ווי וועגן גוטע און אַלץ וויסנדיקע יאַטן.

אויך דאָרט, אפן באַרג, איז אונדזער זעמליאַנקע געוואָרן אַ מין קלוב פאַר יענע שטאַב־סאָלדאַטן, וואָס האָבן געוואָלט דורכשטופּן אַן

אָונט אין קאָרטן־שפּיל, דאַמקע, שאַך־מאַט און אַנדערע שפּילן. מען האָט צווישן זיך דערציילט פאַרשידענע אויסגעטראַכטע מאַיסעס, אָבער דערביי טאָמיד איבערגעכאַפּט מיט אַביסל בייזעס וועגן דער מילכאָמע. מען האָט איבערגעגעבן וועגן דעם צושטאַנד אויף די פראָנטן, וועגן דער אויפרעגונג ביים מיליטער און נאָך אַזעלכע מינע סוידעס, וואָס מען האָט ערגעץ אַנדערש מוירע געהאַט אַפילע פאַרן מויל צו ברענגען. ביי אונדז איז געווען דער „איר־מיקלעט” פאַר פיל שרייבער, טעלעגראַפיסטן, ווי פאַר שטאַפּעטן, דענשטשיקעס און אַנדערע אַזעלכע גוט־אינפאָרמירטע „בידעריק־ראַנגיקע”, וועלכע האָבן טאָמיד געהאַט וואָס צו דערציילן...

טיילמאָל, אַז די קאָרטן־שפּיל און אַנדערע פאַרווײַלונגען זענען בימעס געוואָרן, האָבן זיך אַלע צונויפגענומען אינאיינעם און מען האָט גאָר גענומען זינגען טרויעריק־פאַרבענקטע לידער. גריגאָריעוו, דער עלצטער פון די טעלעגראַפיסטן, האָט איינגעזונגען מיט די יאַטן אַ ביי ליד, וואָס מען האָט געוויינטלעך ביט געוואָגט פריי צו זינגען. די יאַטן האָבן עס דאַווקע אויפגענומען און — שטיל, כאָטש מיט פייער — איז אַוועק אַ געזאַנג:

„כ׳האָב פיל לידער געהערט אינעם אייגענעם לאַנד,
וועגן ליידן און פריידן געזונגען.
פון די לידער, די אַלע, מיך האַלט נאָר געשפּאַנט —
ס׳ליד פון אַכדעס ביי אַרבעטער־יונגען:
עך, דובינקעלע, — אַ כמאַל טאָן!
עך, דאָס גרינינקע וועט גיין אַ גאַנג!
ד׳געגומען, ד׳געגומען, און כמאַלע!...
עס האָט ענגלענדער כאָכעם צו דער אַרבעט געשטעלט
ביי־פאַרטראַכטע מאַשין און מאַשינען.
נאָר דער רוסישער פויער, ווען קויעך אים פעלט —
גלייך פאַרציט ער די ליבע דובינע:
עך, דובינקעלע, — אַ כמאַל טאָן! (א. אַ. וו.)
נאָר ס׳וועט קומען אַ צייט און דערוואַכן וועט ס׳פאָלק
צו באַפרייען זיך פון באַצווינגער;
אָפּצעטרייסלען דעם יאָך און צו מאַכן אַ טאָלק, —
וועט ער ס׳ליד פון דובינע דאַן זינגען:
עך, דובינקעלע, — אַ כמאַל טאָן!
עך, דאָס גרינינקע וועט גיין אַ גאַנג!
ד׳געגומען, ד׳געגומען, און כמאַלע!...

גודמאַן, — כאָטש צופרידן וואָס אַזויפיל כעוורע זענען געקומען

און געבעטן קאָרטן ביי אים,— איז מערסטנטייל אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַרזויערטער און באַזאָרגטער. געווען איז עס דערפאַר, וואָס ער האָט ניט פאַרמאָגט אַזויפיל לעכט, אַף אַלעמען צופרידן צו שטעלן. ער האָט שוין אַפילע געהאַט אויספראָבירט אַלע מעגלעכע מיטלען: אויסגענוצט אַלע יאַטן, וואָס זענען נאָר געפאָרן אַף אורלויב, אָדער אַזוי אַף אַ שעליכעס; צוגעזאָגט יעדן אַ באַלוינונג, אַז מען זאָל אים מיטברענגען לעכט, אָבער עס האָט ווינציק וואָס געהאָלפן. ניט יעדער האָט געוואָלט שלעפן אַף זיך אַן איבעריקע מאַסע אינעם לאַנגן וועג צופוס. דערפאַר האָט מען אים אָבער יאָ געבראַכט גענוג קאָרטן, ווייל עס איז געווען באַקוועמער און לייכטער. דערצו נאָך האָט ער פאָשעט געקאָנט באַנוצן די קאָרטן קימאַט אָן אַן אויפהער, אַזוי לאַנג, ביז מען האָט זיי שוין לאַכלוטן מער אין די הענט ניט געקאָנט האַלטן. לעכט אָבער, אויב עס האָט עמעצער אים יאָ אַמאָל געבראַכט אַ פונט, אָדער צוויי — האָט עס ביי אים קוים געסטייעט אַף עטלעכע טעג בלויז. באַלד איז ווידער ביי אים אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן באַלייכטונג...

עס איז מאַמעש דערגאַנגען דערצו, אַז די שפילער האָבן גענומען דראָען, אַז אויב ער וועט אַזוי קאַרגן יעדעס פיצל לעכט, וועט מען דעם גאַנצן געשעפט איבערגעבן צו אַן אַנדערן. גודמאַן האָט אָט די דראָאונגען געהערט מיט האַרצווייטיק, כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זאָגט מען אים נאָר בלויז אַזוי, קעדיי אים אָפצושרעקן. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אַלע באַגרייפן די שוועריקייט און אַז קיינער וועט סיי ווי ניט קענען באַווייזן מער פון אים. ער איז שוין געווען דערפאַרן און געוואוסט וואו זיך אַ קער צו טאָן. די פראַגע וועגן דער באַלייכטונג איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ שאַרפער. ניט אַלעמאָל האָט מען אַפילע געקאָנט באַקומען דאָס ביסל קעראָסין אַף אָנצוצינדן אונדזער פיצל לעמפל, אַז מען זאָל זיך דערמיט העלפן...

גודמאַן איז דערפאַר קעסיידער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און געזוכט עפעס אַ מיטל. ער האָט שוין אַפילע געפראָבירט אַליין צו מאַכן לעכט פון האָניק־וואַקס, וואָס ער האָט געקויפט ערגעץ ביי אַ טערקישן פויער, אונטן, אינעם דערפל. אָבער — צי ווייל דער וואַקס האָט ניט געטויגט, צי ווייל ער האָט סטאַם ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס צו מאַכן — די לעכט האָבן ניט געוואָלט ברענען. באַלטעק איז אים אָבער גלייך געקומען צו הילף. ער האָט אים אַן אייצע געגעבן, צו מאַכן לעמפלעך פון כאַזער־פעטס. דאָס איז גודמאַנען געפעלן געוואָרן און ער האָט אים, באַלטעקן טאַקע, צוגענומען פאַר אַ געהילף. יענער איז פאַר אים אַרויסגעגאַנגען איבער די ראָטעס און אָפגעקויפט ביי די סאָלדאַטן די

שטיקלעך סאַלע, וואָס מען האָט זיי געפּלעגט אַרויסגעבן צו עטלעכע זאָלאָטניקעס יעדן דריטן טאָג. ער, באַלטעק, האָט געשמאָלצן די סאַלע, דאָס צעגאָסן אין אַלטע, אויסגעליידיקטע קאָנסערוון־פּושקעס, צעשניטן אַן אַלטן שינעל אויף קרייקעס און געמאַכט קנויטן פון זיי. און כאָטש די דאָזיקע לאָמפּן האָבן גאַנץ היפּשלעך געקאָפּטשעט און זיך צעלייגט ביי אַלעמען אויף די הערצער און לונגען מיט אַ שווערער, געדיכטער סאַזשע,— איז דאָס פאָרט געווען דאָס בעסטע, וואָס מען האָט געקאָנט קריגן אויף דער פּאָזיציע, און מען האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט דערצו, פּונקט ווי קיין בעסערס וואָלט גאָרניט עקזיסטירט...

*****

**אפן באַרג** זענען געשטאַנען קאָנאַקאָנדיקע פרעסט. קיין שלאַכטן זענען ניט געווען. אַ שטילשטאַנד האָט באַדעקט די גאַנצע פראָנט־ליניע. אַלץ האָט אויסגעזען ווי איינגעשלאָפן. בלויז טיילמאָל, אינמיטן נאַכט, האָט זיך פון ערגעץ אומגעריכט אַ טראָג געטאָן אַ טויבער ביקסן־שאָס, וואָס אַן אויסשפּיר־גרופּע, אָדער אַ פּאָרפּאָסט־וואַך, האָט דורך אַ טאָעס אַרויסגעלאָזט, מייבענדיק אַוואַדע אַז עמעצער רוקט זיך אויף זיי אין דער שנייאיקער ווינטער־נאַכט. דאָס האָט אַביסל אויפגערעגט און דערשראָקן. מען האָט געמיינט, אַז עס הייבט זיך שוין ווידער אָן. אָבער באַלד איז ווידער אַלץ איינגעשטילט און באַרואיקט געוואָרן. די סאָלדאַטן אויף די פּאָסטנס האָבן זיך מיסטאָמע ווידער איינגעהויקערט, ווידער פאַרנורעט די קעפּ, וואָס אין די גרויסע פּוטערנע פּאַפּאַכעס, אין די אויפגעשטעלטע שינעל־קעלנער אַריין און די דורכגעפרוירענע הענט — פאַררוקט אין די ברייטע שינעל־אַרבל אַריין. זיי האָבן געהאַלטן די ביקסן צווישן די פאַרשטייפטע אָרעמס און די שאַרפע באַגנעט־שפּיצן אונטער די מאָרדעס אונטערגעשפּאַרט, קעדיי — אין פאַל פון אַ דרעמל — ניט איינצושלאָפן. פון ווייטן האָט זיך געטראָגן אַן אומענדלעך־צעצויגענע שוואַרצע שרעק, וואָס האָט — ווי שאָטנס פון פאַנטאַסטישע, ווילדע בריעס — פאַרטייעט געלויערט מיט מיליאָנען אומגעזעענע אויגן און — ווי מיט לאַנגע אויסטערלישע לאַפּעס — זיך עפּעס נאָר ווי געצויגן פון צווישן די סקאַלעס אַרויס, קעדיי אָנצופאַלן אויף די וועכטער און זיי דערשטיקן. מיטן אָנקומען, אָבער, פונעם ערשטן זון־שטראַל איז די גאַנצע נאַכט־שרעק ווידער פאַרשוואונדן, פּונקט ווי זי וואָלט אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט דער שווערער נאַכט, ערגעץ אין די געדרייטע בערג־שפּאַלטן.

אינדערפרי, צוגלייך מיט דער ליכטיקייט, איז אויף דער גאַנצער פּאָזיציע-ליניע מיטאַמאָל געוואָרן לעבעדיקער. אויף דער גאַנצער לענג פון די טראַנשייען האָבן זיך גענומען דרייען און הויבן געדיכטע רויכעלעך פון צעליגטע פייער-שייטערס, ביי וועלכע די דורכגעפרוירענע סאָלדאַטן זענען געזעסן אַרומגעזעצט ווי רייטנדיק אין דער לופטן, זיך געוואַרעמט און טיי געקאָכט. אַ סאַך יאַטן זענען אַרויס פון זייערע בלאָטיקע גריבער, געווישט די אויסגעשמוציקטע הענט אין די הויזן, און זיך אויסגעזעצט אויף די אָנגעשאָטענע ערד-בערגלעך אין פראָנט פון די טראַנשייען, קעדיי ווי ניט איז זיך אַ וואַרעם צו טאָן אַנטקעגן דער קאַלטער זון. יאַטן האָבן פאַררויכערט מאַכאָרקע און שטילערהייט געפּלאַפּלט צווישן זיך, אָדער געכאַלעמט פון זייערע היימען און פון די אייגענע דאָרט. אָפּטמאָל, ווען עס איז אויסגעגאַנגען די מאַכאָרקע און אין פאָלק-קרעמל האָט מען עס אויך ניט געקאָנט באַקומען, איז מען גרופּעסווייז אַרונטערגעגאַנגען די עטלעכע הונדערט טריט פונעם באַרג און אַריבערגעשפּרייזט דאָס שמאָלע טייכעלע, וואָס האָט אָפּגעטיילט די צוויי פיינטלעכע לאַגערן איינס פונעם צווייטן. און אויב מען האָט אונטן, ביים טייכעלע, גראָד ניט באַגעגנט קיין טערקישן סאָלדאַט, איז מען דאַן גאַנץ געמיטלעך אַרויפגעגאַנגען צו די טערקישע טראַנשייען און דאָרט, — פאַר שטיקלעך ברויט, צוקער, זייף, שטיין-זאַלץ, אָדער פאַר אַנדערע אָפּגעשפּאָרטע אַרטיקלען, וואָס מען האָט פאַרמאָגט — לייכט איינגעהאַנדלט צו ביסלעך טאַבאַק און רויכער-פּאַפּיר בײַ די טערקן.

די ראָטע-קאָמאַנדירן, וואָס זענען געוויינטלעך געשלאָפן הינטער דער פּאָזיציע, אין זייערע זעמליאַנקעס אויפן באַרג-פלאַך, לעבן דעם שטאַב, — האָבן ניט געוואוסט וועגן די דאָזיקע שפּאַצירן. ווידער די פעלדפעבלען פון די ראָטעס — פלעגן זיך מאַכן ניט-וויסנדיק, ווייל גאַנץ אָפט זענען זיי אַליין געבליבן אָן טאַבאַק און באַפוילן זייערע סאָלדאַטן דאָס צו קריגן פאַר זיי. סאָלדאַטן האָבן זיך דעריבער יעדן טאָג צו עטלעכע מאָל אַרונטערגעלאָזט צום טייכל נאָך וואַסער. ווייל צו דעם קוואַל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַרג, הינטער דער פּאָזיציע, איז געווען אַ מעהאַלעך-ראַוו און דערצו נאָך האָט זיך דאָס וואַסער דאָרט געגאָסן טראָפּנווייז. אונטן, אָבער, בעאייסן צוזאַמענטרעפן זיך מיט די טערקן, האָט מען שוין פאַר איין וועג — אַ כוצן האַנדל — אויך אַריינגעכאַפּט אַ שטיקל שמועס צווישן זיך. ווי געוויינטלעך האָט מען זיך צונויפגערעדט מיט די טערקן אויף אַ געמיש פון צעבראָכענעם רוסיש מיט טערקיש, — אַזאַ ספּעציעלע שפּראַך, וואָס האָט זיך איבער דער צייט, ווי פון זיך אַליין אויסגעאַרבעט, און וועלכע פלעגט שוין

באַנוצט ווערן אַפילע פון יענע אַרמענישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן יאָ געקענט רעדן טערקיש. עס האָט אויסגעזען, אַז אַף אָט דער דאָזיקער מיש־מאַש־שפּראַך האָבן די טערקן אונדז בעסער פאַרשטאַנען און מיר זיי — ווי פון דעם געמוטשעטן טערקיש, וואָס גאָר ווינציק האָבן גע־קענט. אַף אָט דער שפּראַך, מיט דער הילף פון אַביסל אַף שטום־לאָשן און אַביסל מיט די הענט, האָט מען אויסדערציילט און אויסגעפרעגט פאַרשידענע זאַכן. מער פון אַלעם, באַסירלעך, האָט מען גערעדט וועגן שאָלעם און וועגן אַ גיכער מעגלעכקייט אַהיימצוגיין. יאַטן האָבן דערביי געשטיפט צווישן זיך און געלאַכט. איינער האָט דעם צווייטן געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל ניט געווען פון צוויי באַזונדערע אַרמייען, וואָס זענען „סאָנים" צווישן זיך. די רייד פלעגן דאַן געוויינטלעך גיין אַזוי:

— נו, ווען אָסמאַנטשיק, כאַרדאַש, דו...איך...— אַהיים?... מער ניט מאַכן איינער אפן צווייטן קיין פּיף־פּוף־פּאַף?...

— נו, ווען טערק, ברודערל, ווערסט...איך...— שוין זיין צוריק אינדערהיים, האַלובען דאָס ווייב און ניאַנטשען דאָס קינד?...האַ?...

און די טערקישע סאָלדאַטן האָבן דערויף אַלץ געשמייכלט:

— שען יאַכשי, מאַסקאַפליאַר, רוסקאַ, אַללאַ־וואַללאַ, יאַכשי!...*)

ניט זעלטן האָט זיך פון צווישן אונדזערע יאַטן דאַן אַף אַ קאָל אַ טראָג געטאָן אַזאַ מין אויסרוף:

— ווער, טוראָק, זאָג מיר, האַלט אונדז דאָ, צו אַלדע טייוול?... האַ?... אָט, פאַרוואָס, זאָג מיר, שטייען מיר דאָ ווי סאָנים?... און וואָס האָסטו דען צו מיר, און וואָס האָב איך דען צו דיר?...

פון אַזאַ אויסרוף זענען אַלע געבליבן שטיין עפּעס ווי זיי וואָלטן געפּלעפט געוואָרן און מען האָט מער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט...

*****

**ביי אונדז** אין פּאָלק־שטאַב האָט מען זיך אָנגעהויבן ריכטן אפן גאַסט פון פּעטערבורג. דער פּאָלק־קאָמאַנדיר האָט באַפוילן, צו זיין צוגעגרייט מיט אַ פּאָרשטעלונג אין אונדזער טעאַטערל, לעקאָוועד דעם גאַסט. די שטאַב־שרייבער האָבן דערציילט, אַז דער גאַסט, אַף וועמען דער קאָמאַנדיר האָט עס אַזוי געוואַרט, איז גאָר אַ פּרוי, אַ „פרייליגע" פונעם צאַרישן הויף, וואָס קומט מיט אַ גאַנצער סוויטע; אַז זי קומט אפן פראָנט דאָ דורכצוקוקן דאָס מיליטער,

*) דו ביסט גוט, רוסישער, ביי גאָט, אַ גוטער!

אַרויסגעבן „געאָרגי־קרייצן״ צו יענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך מיט עפּעס אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן, און צעטיילן מאַטאָנעס צו די איבעריקע. מען האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דער הויפּט־צוועק פון אָט דעם דאָזיקן באַזוך, איז קעדיי אויפצומונטערן די אַרמיי און כאָטש עטוואָס אויפצוהויבן באַ די סאָלדאַטן דעם געפאַלענעם גייסט, וואָס האָט זיך די לעצטע צייט זייער שטאַרק געמערקט.

צוליב אָט דעם גאַסט האָט זיך ביי אונדז, אפן באַרג, אָנגעהויבן אַ פיבערדיקע צוגרייטונג. אין גאַנצן פאָלק איז קימאַט ניט געווען קיין איינציקער סאָלדאַט, וואָס זאָל ניט האָבן באַקומען עפּעס וואָס צו טאָן. גאַנצע טעג האָט מען גערייניקט דעם פלאַץ און געפּוצט די זעמליאַנ־קעס. אין די אַרומיקע וועלדלעך האָט מען אָפּגעשניטן מאַסן צווייגן און אַרומגעקערט דעם צעבלאָטיקט־שנייאיקן וועג. איןביידע זייטן פונעם וועג האָט מען איינגעגראָבן יונגע סאָסנע־בוימלעך, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרפלאַנצטער אַלייע. די אַריינגאַנגען צו די זעמליאַנקעס און אינעווייניק, אף די ווענט, האָט מען באַהאַנגען מיט באָדל־צווייגן, אַז עס זאָל אויסקוקן יאָנטעוודיק און שיין. אַפילע די שטיינדלעך, וואָס האָבן זיך טאָמיד געהאַט געוואַלגערט אונטער די פיס, איבערן גאַנצן באַרג, — האָט מען אויך צוגעקליבן, און געמאַכט גלאַטע צוגאַנגען צו אַלע זעמליאַנקעס.

אין די ראָטעס זענען די סאָלדאַטן געווען אָנגעפילט מיט אַ מין שווערע שרעק פאַרן קומענדיקן גאַסט און האָבן מיט האַרץ־קלאַפּעניש זיך צוגעגרייט. יעדער האָט געפּוצט די פּאַסיק־בלעכלעך, געשייערט די קנעפּ, גערייניקט די ביקסן, געשוואַרצט די שטיוול און פאַריכט די צעריסענע הויזן און העמדלעך. יענע, וועלכע האָבן שוין ניט געהאַט וואָס צו פאַריכטן, ווייל זייערע קליידער זענען שוין געווען ניט מער ווי שמאַטעס, — האָט מען פונעם אָבאָז אַרויסגעגעבן עטוואָס בעסערע. גאַנצע טעג האָט מען, באַטאַליאָנענווייז, געמושטירט דעם פאָלק ווייטער אַוועק אפן באַרג־פלאַך, און געלערנט די סאָלדאַטן ווי אַזוי זיי זאָלן אָפּענטפערן אף דעם גאַסטס מעגלעכע באַגריסונגען. דערצו האָט מען אַלעמען באַאַרבעט אַזוי, אַז זיי זאָלן אויסזען ווי צופרידענע און ווי גליקלעכע; ווי אַזעלכע — וואָס זענען, ניט נאָר גרייט ווייטער צו זיין אפן פראָנט און קעמפן ביז צו אַן ענדגילטיקן זיג, נאָר ווען מען קאָן אַפילע מיט קיין בייטשן ניט פאַרטרייבן... מען האָט אויסגעקליבן אַ גרופּע מיטליעריקע, גרויס־בערדיקע כעוורע, וועלכע האָבן מיט זיך געדאַרפט פאָרשטעלן פאָלק־פאַטריאָטן, וואָס זאָלן האָבן געשוואוירן, ניט אָפּצוגאָלן זייערע בערד, ביז...בערלין, ווין און קאָנסטאַנטינאָפּאָל,

וועלן ניט זיין אונטער דער רוסישער פאָן און ביז דער דייטש, דער עסטרייכער און דער טערק וועלן ניט שטיין אף די קניען פאַר דעם צאַר־פאַטערל און ניט בעטן ביי אים ראַכמים, אַז ער זאָל זיי מויכל זיין און שליסן אַ שאָלעם מיט זיי...

אין פאָלק האָט מען אַרויסגעגעבן די סאָלדאַטן כוידעש־געהאַלט און דאַווקע נאָך פאַר צוויי כאַדאָשים מיטאַמאָל און אין פאָרויס דערצו. מען האָט אָבער דערביי אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל כאַלילע ניט שפּילן אין קאָרטן, נאָר טאַקע גלייך אַריבערגיין אין פאָלק־קרעמל און דאָרט איינקויפן טאַבאַק, פּאַפּיראָסן, מאַכאָרקע און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס מען האָט מיט עטלעכע טעג פריער אָנגעבראַכט אין מאַסן גרויסע קאַסטנס. דערצו האָט מען יעדן איינציקן סאָלדאַט אויך אַרויסגעגעבן צו צוויי פונט סוכאַרע־קיכלעך, וואָס מען האָט זעלטן פריער געזען; צו פונטן צוקער, צו ציגעלעך געפּרעסטן טיי, שטיקלעך שטיין־זאַלץ, און צו בלעכלעך פלייש־קאָנסערוון. מען האָט אָבער יעדן גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט, כאָלילע ניט צו פאַרנוצן קיין פּיצל פון דעם, נאָר האַלטן ביז מען וועט עס צוריקנעמען, אַנדערש וועט מען באַשטראָפט ווערן. מען האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די יאַטן צו גרעסערע שטיקלעך סאַלע, אָפטער באַזאָרגט מיט געקאָכטער שפּייז און דערצו אַ סאַך מער ברויט. ביי אַלעמען איז פּאָשעט געווען אַ וואונדער, פונוואַנען די דאָזיקע אַלע פּראָדוקטן האָבן זיך מיטאַמאָל דערנומען.

און מאָדנע: גראָד דאָס, וואָס באַטשאַלסטווע האָט אַפּאָנים געוואָלט פאַרמיידן דורך אַרויסגעבן די שפּייז־פּראָדוקטן, האָט עס — פונקט פאַרקערט — אַרויסגערופן נאָך מער אויפרעגונג בא יעדן איינעם. מען האָט פון די סאָלדאַטן איצט געהערט אַזעלכע רייד:

— אָ, הייסט עס, אַז עסן איז יאָ פאַראַן, נאָר פּאָשעט, מען האָט עס אונדז ניט געגעבן, ווייל מען האָט אונדז אין דער ערד!?...

עס איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז דערמיט האָט באַטשאַלסטווע געוואָלט באַווייזן דעם גאַסט פון פּעטערבורג, אַז די סאָלדאַטן ווערן גוט באַהאַנדלט פון זיי און באַקומען גענוג צו עסן, און אַז עס איז דעריבער ניטאָ די מינדסטע געפאַר זיך צו שרעקן פאַר אומרוען און בונטן, ספּעציעל טאַקע ווען דער גאַסט וועט זיין ביי אונדז...



# קאַפּיטל נײַנונצוואַנציק

דער טאָג, וואָס דער גאַסט פון פּעטערבורג האָט געדאַרפט אָנקומען, האָט זיך ענדלעך אָנגערוקט. יאַטן, וואָס זענען צודיקגעקומען אין פּאָלק פון קאָמאַנדיראָוועס, אָדער אורלויבן, האָבן דערציילט, אַז בעאייס זיי זענען פאַרבײַגעגאַנגען די פּלעצער, וואו עס האָבן זיך געפונען די שטאַבן פון אונדזער קאָרפּוס, אָדער בריגאַדע, איז די דאַמע שוין דאָרט געהאַט געווען. מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז זי איז שוין מיסטאָמע אַוועק פון דאָרטן צום צווייטן ראַנג אָבאָז פון אונדזער פּאָלק, וואו זי וועט זיך אַוואַדע פאַרהאַלטן אף אַ שאָ צוויי, זיך דערנאָך, אַפּאָנים, אָפּשטעלן אף אַ שאָ אינעם ערשטן אָבאָז, אונטן, אין דערפל ביים באַרג-פוס, און — פון דאָרט — גלייך צו אונדז, ווי צום קאָפּ-פּאָלק פונעם קאָרפּוס. מיר האָבן זיך דעריבער געריכט אף איר יעדע מינוט. מיטאַמאָל, פאַרמיטיקצייט, האָבן מיר, די מוזיקאַנטן, באַקומען אַ באַפעל פונעם קאָמאַנדיר, זיך גלייך צו פאַרנעמען מיט די אינסטרומענטן און אַנטקעגנגיין דעם דערוואַרטעטן גאַסט אפן באַרג-אַרונטער און דאָרט, אַביסל נידעריקער, פאַראַדנע מעקאַבל-פּאָנים זיין מיט מוזיק דעם גאַסט מיט דער סוויטע...

מיר האָבן זיך אויסגעפּוצט אין גאַנצן געווער, זיך באַוואָפנט מיט אונדזערע אויסגעבליאַנקטע אינסטרומענטן, און זיך אַרונטערגעלאָזט צום אָנגעגעבענעם פּלאַץ. דאָרט האָבן מיר זיך צוגעזעצט וואַרטן אפן זייט וועג און דערווייל געדויכערט. אַביסל שפּעטער איז פונעם טאָל אָנגעריטן אַן אָפיציר פונעם פּאָלק, וואָס איז אַרונטערגעשיקט געוואָרן נאָך פריער צו באַגעגענען די געסט. ער האָט פונווייטן אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט הינטער זיך, צום באַרג אַרונטער, און באַפוילן:

— זיי קומען!... זייט גרייט!...

אפן באַרג-ראַנד האָט זיך באַוויזן אַ קאַראַוואַן פערד, וואָס האָט — אין גאַלאָפּ — זיך דערנעענטערט צו אונדז. מיר האָבן אַ כאַפּ געטאָן

די אינסטרומענטן צו די ליפּן און — לויטן באַפעל — אויפגעשפּילט „באָזשע־צאַריאַ־כראַני״, קעדיי דערמיט אויסצודריקן אונדזער פאָלקס לאָיאַלקייט און אונטערטעניקייט צום צאַר און צו זיינע שעלוכים, און גלייך זענען מיר אַריבער אין אַ הילכיק־פרייליכן מאַרש.

דער קאַראַוואַן האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז. מיר האָבן גע־קוקט אף די רייטער, אָבער בעאיין אויפן ניט געקאָנט דערקענען ווער צווישן זיי עס איז די הויף־דאַמע. אַלע—מיט הויכע, כוואַטיש־ווייסע באַראַשקענע פּאַפּאַכעס, אין שוואַרצע, פּאַלערינע־אַרטיקע בורקעס און אין פיינע באַשליקן מיט גאָלדענע סאַשמעס און פראַנדזן,— האָבן גאָר אויסגעזען ווי יונגינקע קאָזאַקישע אָפיצירלעך. באַלד איז פון צווישן די אָרויסגעריטן אַ רייטער אין פאָרויס און אונדז אַ צייכן געגעבן, אַז מיר זאָלן אויפהערן צו שפּילן. מיט אַ שמייכל אף אַ צאַרטן, שוואַרץ־כיינעוודיקן פּענימל און מיט אַ פיין־קלינגענדיקער פרויען־שטימע,— האָט דער רייטער זיך באַגריסט מיט אונדז און — אַזוי גיך ווי מיר האָבן באַר אָפּגעענטפערט— אונדז געהייסן זיך פאַרנעמען אַרויפצו, אפן וועג צוריק צום שטאָב.

מיר האָבן ווידער אויפגעשפּילט אַ מאַרש, קעדיי דורך דעם צו לאָזן וויסן אין פּאָלק, אַז מיר קומען שוין אָן, און מיט שווערע טריט געבומען קלעטערן אפן באַרג אַרויף. דער קאַראַוואַן איז געגאַנגען הינטער אונדז. די פערד האָבן געשפּאַנט אין אונדזער טאַקט און זיך צוזאַמען מיט אונדז געהויבן אַלץ העכער און העכער אַרויף און אַלץ נעענטער צום באַרג־פּלאַך.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אַרויף, אפן באַרג,— איז שוין דער פּאָלק געשטאַנען אויסגעשטעלט אין דריי קאָלאָנעס אפן גרויסן פּלאַץ, אַנטקעגן דער קאַנצעלאַריע. ראָטעסווייז, מיט די קאָמאַנדירן בעראָש, זענען די סאָלדאַטן געשטאַנען אָנגעצויגענע און גלייכע, ווי לויט אַן אָנגעצויגענעם שטריק. אַלץ אַרום איז געווען באַוועגלאָז און שטיל. די סאָלדאַטן האָבן אויסגעזען עפּעס אַזוי שטייף און טרוקן,— נאָר ווי טויטע סטאַטועס. ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט, האָט מיטאַמאָל איבערן פּלאַץ אָפּגעהילכט אַ צעפּלאַצטער ווידערקאָל פון קאָמאַנדירס הילכיקן אויסרוף:

— פּאָלק, — אַכטונג!...אף קאַ־ראַ־אול!...

הענט האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. ביקסן האָבן זיך ריטמיש און מיט אַ שטילן געזשום אַ הויב אַרויף געטאָן, געבליבן שטיין אינמיטן די סאָלדאַטישע פּענימער, און אַלץ איז ווידער געבליבן פאַרשטייפט און פאַרגלייווערט אַזוי ווי פריער.

מיר, די מוזיקאַנטן, האָבן זיך שטיל, קימאַט אָן אַ שום גערויש, אַוועקגעשטעלט באַם סאַמע עק פונעם רעכטן פלאַנג און זיך אויסגעגלייכט מיט דער ליניע. פאַר אַ ווייל איז אַלץ שטיל געווען. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס ריטמישע טרעטן פון די פערדישע פּאַדקאָוועס איבער דער האַרטער, איינגעטראָטענער ערד. די הויף־דאַמע — צוזאַמען מיט איר סוויטע — איז אַריינגעריטן אינמיטן דעם פּלאַץ, צווישן דעם אויסגעשטעלטן פּאָלק, און זיך אָפּגעשטעלט. מיט אַ לייכטן שמייכל האָט זי אַ סעקונדע באַטראַכט די שטייפע, אומבאַוועגלעכע סאָלדאַטן, וואָס האָבן — מיט אויסגעגלאָצטע אויגן — געקוקט אַף איר, און עס האָט איר, אַפּאָנים, האַנאָע געטאָן. עס האָט אויסגעזען, אַז איר איז געפעלן געוואָרן סיי די אויפנאַמע און סיי די דיסציפּלין. באַלד האָט זי קאָקעטיש־כיינעוודיק און שטאָלץ אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, אַרויסגעשטעלט איר הויכע ברוסט אַף פּאָרויס, אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט און, מיט אַ פרויאיש־ווייכער, געקינצלט־צערטלעכער, אָבער דאָך גענוג קרעפטיק־קלינגענדיקער שטימע, אויסגעשריגן:

— אַ געזונט אייך, הערלעכע טורקעסטאַנצעס!...

דער פּאָלק האָט אין אַן איינהייטלעך־צוזאַמענגעגאָסענעם ענטפער — ווי מיט אַן איינציקער שטימע — אָפּגעדונערט:

— מיר ווינטשן געזונט אייער הויכע עקסעלענץ!...

זי האָט צעשפּרייט אַ שמייכל אַפן פּאָנים און ווידער אויסגערופן:

— אין נאָמען פון זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט, דעם צאַר־פּאָטערל, און אין נאָמען פון אונדזער מוטער רוסלאַנד, באַגריס איך אייך, טורקעסטאַנער העלדן און אומבאַזיגבאַרע לויבנסווערטע אָדלערס!...

— מיר זענען גליקלעך זיך צו פלייסן, אייער הויכע עקסעלענץ! — איז דערויף געקומען דעם פּאָלקס ענטפער.

זי איז פלינק אַרונטערגעשפּרונגען פון איר פערד, דאָס געלאָזט פריי לויפן און אַליין — מיט אַ שלאַנקן, אָבער געהאַקטן גאַנג, — זיך אַ לאָז געטאָן פאָרויס, אַנטקעגן דעם פּאָלק־קאָמאַנדיר, וועלכער איז — מיט אַן אַרויפגעהויבענער האַנט צום שטערן — איר אַנטקעגנגעגאַנגען. זי האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, אַף גיך אַריבערגעצויגן איבער די פינגער די אויבערשטע העלפט פון דער ווייסער הענטשקע און — קאָקעטיש־עלעגאַנט, אַפן פרויאיש־פּריצישן שטייגער — נאָך פונוויסטן אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אים, ווי אַף צום קושן. דער קאָמאַנדיר האָט זיך אָפּגעשטעלט עטלעכע טריט פון איר, כוואַטיש אָפּגעקלאַפּט איין שטיוול אין צווייטן, אַז די שפּאָרעס האָבן אַזש אָפּגעקלונגען, און — איידל אַריבערבויגנדיק זיך צו איר — גאַלאַנט אָנגענומען איר

הענטל און לייכט אַ באַוועג געטאָן. זי האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן. ער האָט אָפּסאַלוטירט און גלייך באַפוילן דעם פּאָלק אַרונטערצולאָזן די ביקסן. דערנאָך האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן ביי איר זייט און — צוזאַמען מיט איר — געגומען צושפּאַצירן צו דער גרופּע פון עלטערע אָפיצירן, וואָס זענען געשטאַנען אַביסל ווייטער, אין אַ באַזונדערער קאָלאָנע, עטוואָס נעענטער פון די אויסגעשטעלטע ראָטעס.

די איבעריקע רייטער פון איר סוויטע, דאָס ראָוו פרויען, זענען צוזאַמען מיט די באַדינער סאָלדאַטן אויך אַרונטער פון די פערד. די סאָלדאַטן האָבן אַ כאַפּ געטאָן די פערד בּאַ די ציימלעך און אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט מיט זיי. די מיידלעך האָבן זיך גלייך אויסגעשטעלט אין אַן איינצל־ריי, אפן פּלאַץ, קימאַט פונקט אַנטקעגן דער אָפיצירן־קאָלאָנע.

מיט אַ באַזונדערן האַנט־באַריר פאַר יעדן, האָט די הויף־דאַמע זיך באַגריסט מיט יעדן פון די עלטערע אָפיצירן. דאָ און דאָרט האָט זי דערווייל איינעם פון זיי עפּעס אַ פרעג געטאָן, אַ צווייטן עפּעס אַ זאָג געטאָן און דערביי אַלץ ניט אויפגעהערט צו שמייכלען. טיילמאָל האָט זי אַפילע אויסגעבראָכן אין אַ שטילינקן, איינגעהאַלטן־קלינגענדיקן געלעכטערל, און דערביי אַרויסגעשטעלט די אויסערגעוויינטלעך־ווייסע ציין, צווישן די צעעפנטע, גאַנץ פעטלעכע רויטע ליפּן. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אין פאָרויס פון איר סוויטע, מיטן פּאָנים צום פּאָלק, צוריק אָנגעצויגן אַן ערנסטן אויסדרוק אפן פּאָנים און הויך — מיט אַ שטימע, וואָס איז געווען צו באַוואונדערן צוליב דער פעסטקייט און קלינגעדיקייט — געגומען רעדן צו די סאָלדאַטן.

צום אָנהויב האָט זי, אין אַ טאָן פון זיכערקייט, אויסגעפרעגט ווי עס דערגייט אונדז; צי מיר באַקומען געגוג שפּייז און קליידער; צי באַטשאַלסטווע באַנעמט זיך גוט און איידל מיט אונדז און צי מיר זענען ביכלאַל צופרידן פון אַלעם. די פראַגעס אירע האָט זי אָבער געשטעלט אַזוי, אַז ניט נאָר וואָלט זיך קיינער מער ניט געפּרואווט צו באַקלאָגן, נאָר עס איז שוין אַפילע ניט געבליבן אַזאַ מעגלעכקייט, ווען עמעצער וואָלט עס יאָ געוואָלט טאָן. זי האָט גערעדט זייער גיך, געוואָרפן איין פראַגע נאָך דער צווייטער און ביכלאַל גערעדט אין אַזאַ טאָן, פונקט ווי עס וואָלט גאָר קיין פראַגע ניט געווען, נאָר פאַרקערט, אַ זיכערקייט, אַז עס קאָן גאָר אַנדערש ניט געמאָלט זיין.

נאָכדעם ווי די דאַמע האָט פאַרענדיקט די פראַגעס, האָט זי זיך גאָר געגומען אונדז בייעס צו דערציילן. זי האָט דערקלערט, אַז דער איבערברוך — דער מילכאָמע־קריזיס, אַזוי צו זאָגן, — איז שוין איצט איינגאַנצן פאָריבער. זי האָט דערביי פאַרזיכערט, אַז די לאַגע אף די

פראָנטן איז געוואָרן פיל גינסטיקער און בעסער פאַר אונדזער צאַד, ווי פאַר אונדזערע סאָנים. זי האָט אָנגעוויזן אַף געשיכטלעכע מאָמענטן און פאַרגליכן די איצטיקע לאַגע צו דעם, וואָס שוין ניט איינמאָל זענען פאַרשידענע פרעמדע סאָנים אָנגעפאַלן אַף אונדז, אָפטמאָל אַפילע טיף אַריינגעדרונגען אין לאַנד גופא, אין סאַמע האַרץ, אַזוי צו זאָגן, אָבער קיינער פון זיי האָט דאָך קיינמאָל ניט געקאָנט באַזיגן אונדזער פון גאָט געבענטשטן און הייליקן פאָטערלאַנד...

— אַלע סאָנים, — האָט זי אין אַ געהויבענעם פּאַטאָס קימאַט ווי אויסגעזונגען, — האָבן סאָף־קאָל־סאָף, — צעבראָכענע, צעשלאָגענע און באַזיגטע, — טאָמיד געמוזט אַנטלויפן מיט כאַרפּע און מיט שמאַך פון אונדזער הייליקער מוטער רוסלאַנד און דערנאָך פאַרזאָגן אַ צענטן, זיך בעסער ניט אָנצופאַנגען מיט אונדז!...

זי האָט מיטאַמאָל געביטן דעם טאָן:

— האָט עמעצער פון אייך געהערט וועגן די באַרימטע ווערטער, וואָס אונדזער גרעסטער סוינע, דער דייטשישער קייזער ווילהעלם, האָט געזאָגט מיקויעך דעם, ווער עס וועט אַרויסקומען דער זיגער פון דער איצטיקער מילכאָמע?...

קיינער האָט ניט געענטפערט. אַפאָנים, אַז פון די סאָלדאַטן האָט עס קיינער ניט געוואוסט, אָדער זיך אַפילע ניט געכאַפּט וואָס זי האָט געמיינט מיט דער פראַגע. זי האָט אַ שמייכל געטאָן פון צופרידנקייט:

— יאָ, ניט נאָר זענען דאָס געווען קלוגע ווערטער, כאָטש דאָס איז געקומען פון אַ סוינע, — האָט זי פאָרגעזעצט, — נאָר אויך גאַנץ עמעסע. און געזאָגט האָט ער, — איז זי אָנגעגאַנגען, — אַז געווינען די מילכאָמע וועט בלויז יענער צאַד, וואָס וועט אַרויסווייזן אין איר מער געדולד, מער אויסדויער און אַ שטאַרקערע צוזאַמענגעשמאָלצנקייט פון דער אַרמיי אַף די פראָנטן — אַ בעסערע דיסציפּלין!...

זי איז ווידער שטיל געבליבן פאַר אַ ווייל, אַרומגענומען דעם פאָלק מיט אירע בליקן און שוין העכער ווי פריער אַ פרעג געטאָן:

— איז וואָס זשע, טייערע ברידערלעך מיינע, וואָס דענקט איר, איר אומבאַזיגבאַרע העלדישע אָדלערס? ווען זיך אונדזערע סאָנים ווען עס איז קאָנען באַרימען, אַז זיי האָבן פאַרמאָגט מער געדולד און אויסדויער ווי מיר?... וועט איר זיי געבן אַזאַ געלעגנהייט?... און וועט איר דערלאָזן, אַז זיי זאָלן אַרומטרעטן מיט זייערע באַרבאַרישע שטיוול אַף אונדזער הייליקער ערד און פאַרשקלאַפן אונדז, הייליקע רוסישע מענטשן?...

— בעשום אויפן ניט, אייער הויכע ליכטיקייט!... — האָט דער

גאַנצער פאָלק — אפּן קאָמאַנדירס אַ וואונק — הילכיק און ריטמיש, ווי דער שטייגער אין מיליטער, אָפּגעענטפערט.

זי, צופרידן פונעם ענטפער, האָט גלייך צוגעוואָרפן:

— אויסגעצייכנט!... דאַן וועט נאָך אַלץ גוט זיין!... מיר, און מיט אונדז — אונדזערע וואונדערלעכע פאַרבינדעטע — די ענגלענדער און די פראַנצויזן, וועלן איינגיכן אַ סאָף מאַכן פון די באַרבאַרישע טעווטאָנען, וואָס ווילן פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט און פאַרניכטן די פּראַוואָסלאַוונע עמונע און די פּראַוואָסלאַוונע לייט!... דער קעניג פון ענגלאַנד, פּונקט ווי דער קעניג פון פראַנקרייך, האָבן היילִיק גע־שוואוירן אונדזער באַליבטן צאַר, אַז זיי וועלן ניט אָוועקלייגן זייער געווער פון די הענט, ביז דער סוינע וועט ניט פאַרניכטעט ווערן!...

די לעצטע באַמערקונג אירע, וועגן דעם „קעניג" פון פראַנקרייך, האָט אַרויסגערופן שמייכלען אויף די פּעני‌מער ביי אַ צאָל יאַטן פון דער קאָמאַנדע. אַפּאָנים, אַז זי האָט ניט געוואָלט, אַז די פּאָשעטע סאָלדאַטן זאָלן וויסן עס איז גאָר פאַראַן אַזאַ לאַנד וואו קיין קעניג און קיין צאַר איז ביכלאַל ניטאָ. אָבער סיי ווי סיי איז זי נאָך מיט דעם ניט אָפּ־געקומען. אַפּאָנים, אַז זי האָט זיך איצט טאַקע אויף אַן עמעס פאַרנומען גרינטלעך צו באַאַרבעטן דעם פאָלק, אויפצוועקן דעם איינגעדרימלטן אויפגעבלאָזענעם פּאַטריאָטיזם בײַ די סאָלדאַטן און זיי ביכלאַל אַביסל אונטערוואַרעמען. זי האָט זיך דעריבער גלייך פאַרנומען אין אָט דער ריכטונג. געזאָגט האָט זי, אַז דאָס, וואָס זיין קייזערלעכע מאַיעסטעט, דער צאַר אַליין, האָט איבערגענומען די הויפּט־קאָמאַנדע איבער אַלע אַרמייען און פראָנטן אין זיינע אייגענע ווירדיקע הענט אַריין, — איז נאָכאַמאָל אַ באַווייז וועגן דער איבערגעגעבענער ליבשאַפט און געטריי־קייט פונעם צאַר פאָטערל צו זיין היילִיקן לאַנד, צו זיינע באַליבטע אונטערטאַנען און צו זיין, פון גאָט־געבענטשטער, אַרמיי... זי האָט שאַרף באַטאָנט, אַז דער דאָזיקער פאַקט אַליין האָט שוין, איינעם סאַמע אָנהויב, געבראַכט וואונדערלעכע רעזולטאַטן: אַז אויף דעם עראָפּעאישן פראָנט האָט עס ביי אונדזער מיליטער אַרויסגערופן אַ גרויסע פרייד און אַ זיכערקייט אין אַ באַלדיקן זיג איבער אונדזערע סאָנים. און ניט נאָר — האָט זי צוגעגעבן — האָט עס ביי אונדזערע סאָלדאַטן אַרויס־גערופן אַ קאָמפּסלוסטיקייט און אַ גרייטקייט ווייטער זיך צו שלאָגן מיט די סאָנים ביז צו אַ זיג, — נאָר עס האָט טאַקע מאַמעש צעטומלט די דייטשישע מיליטערישע פירער. ווייל זיי וויסן גאַנץ גוט, — האָט זי מיט פּאַטאָס אויסגעשריגן, — ווי שטאַרק מיר, רוסישע מענטשן, האָבן ליב אונדזער לאַנד מיט אונדזער צאַר, און אויף וויפל מיר זענען זיך

גרייט מויסער־נעפּעש צו זיין פּאַר זיי. אַפילו אין טיל, — האָט זי שאַרף דעקלאַמירט,— אַפילו אין די סאַמע פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון אונדזער גרויסן לאַנד, אין אַלע דערפער און שטעט, זענען אַלע מאַמעס גרייט ניט נאָר צוליידן הונגער און נויט ביי זיך אין דער היים, נאָר זיי רייסן זיך פּאָשעט מיט געוואַלד, אַז מען זאָל זיי נעמען אויף די פראָנטן און זיי געבן די זכיע מאַקריוו צו זיין מיט זייערע לעבנס אַפילו, אַבי וואָס גיכער צו פאַרטרייבן די ווילדע טעווטאָנען פון אונדזער הייליקער ערד. זיי האָפן, אָבער, — האָט זי שוין שטייף פאַרענדיקט, — אַז איר, פראָנטאָוויקעס, ווען— פונקט ווי זיי — אַליין פאַרשטיין די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער זאַך און אויך אויף ווייטער בלייבן שטיין אויף די פראָנטן מיט דער זעלביקער אַקשאָנעס ווי ביז איצט, ביז דער לעצטער דייטש וועט ניט אַרויסגעטריבן ווערן פונעם לאַנד, אָדער אינגאַנצן פאַרטיליקט ווערן!...

*****

דורך דער צייט, וואָס די הויף־דאַמע האָט גערעדט צו די סאָלדאַטן, האָט זיך פונעם טאָל אַרויס געהאַלטן אין איין אַרויפהויבן צו אונדז אויפן באַרג אַרויף, אַ טראַנספּאָרט פון אַ צענדליק צוויי־רעדערדיקע מילכאָמע־וועגעלעך. אַלע — אָנגעלאָדן מיט זעק און מיט קאַסטנס. די וועגעלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון דעם אויסגעסטראָיעטן פּאָלק, אויפן פלאַץ לעבן דער קאַנצעלאַריע.

די דאַמע, פונקט ווי זי וואָלט נאָר געוואַרט דערויף, האָט אויף גיך פאַרענדיקט דאָס רעדן און צוגערופן צו זיך איינע פון אירע אייגענע אַדיוטאַנטקעס. זי האָט יענער עפּעס אָנגעזאָגט און דערביי אָנגעוויזן אַהין, צו די וועגעלעך. די מיידל איז פלינק אַוועק אַהינצו און דאָרט גענומען רעדן מיט איינעם פון די אָנטרייבער. יענער האָט קעסיידער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, צוזאַמענגערופן די איבעריקע און גלייך האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן צו רודערן. זיי האָבן אויסגעשפּרייט אויף דער ערד עפּעס אַ גרויסע ברעזענטענע פּאַלאַטקע און — פון די זעק און קאַסטנס אַרויס — אַרויסגעשאָטן דערויף מאַסן מאַטאָנע־זעקעלעך.

זי, די דאַמע, האָט זיך פונדערווייטנס צוגעקוקט און מיטאַמאָל — ווי זי וואָלט זיך דערמאַנט אין עפּעס — זיך ווידער אויסגעדרייט צום פּאָלק און ווידער גענומען רעדן:

— איז וואָס זשע, ברידערלעך, זאָל איך איבערגעבן דעם צאַר־פאָטערל, ווען איך וועל זיך צוריק אומקערן אַהיים?... זאָל איך אים

זאָגן, אַז איר זענט ווייטער גרייט צו שטיין אף די פראָנטן און ווייטער פאַרטיידיקן אונדזערע הייליקע פּאָזיציעס און גרענעצן?... זאָל איך אים זאָגן, אַז מען קאָן זיך אף אייך אויך אף ווייטער פאַרלאָזן אַזוי ווי ביז איצט, און אַז איר וועט מיט דעם זעלביקן מעסירעס־נעפעש אָפּשלאָגן אַלע פאַרזוכן פון די סאָנים צו פאַרכאַפּן אונדזער הייליק פאָטערלאַנד?...זאָל איך פאַרזיכערן אין אייער נאָמען דעם צאַר־פאָטערל, אַז איר וועט ווייטער דינען געטריי און — פונקט ווי אַלעמאָל — העלפן פאַרטרייבן פון אייערע רייען אָט יענע פאַרשאָלטענע אַגיטאַטאָרן און אויסוואורפן, וואָס פּרואוון איצט — מער ווי טאָמיד — אַריינצוגאַנווענען זיך צווישן אייך און מיט סאַמיק־זיסע, נאָר פאַלשע רייד, זוכן זיי אייך אויפצורייצן קעגן גאָט־געזאַלבטן צאַר־פאָטערל?... זאָל איך אים איבערגעבן, אַז איר האָט צוגעזאָגט זיך ביז צוצעהערן צו די דאָזיקע קרעציקע הינט און אַז איר וועט זיי איבערגעבן אין די הענט פון דער באַטשאַלסטווע, אַזוי גיך ווי איר וועט זיי נאָר דערשמעקן?...

— גאַנץ ריכטיק, אייער לויכטנדיקייט! — האָבן אַלע, דער גאַנצער פּאָלק, אפן קאָמאַנדירס אַ וואונק, אָפּגעענטפערט.

פון צופרידנקייט האָט זי אַזש אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט ווי אַ קינד און צוגעגעבן:

— אויסגעצייכנט!... אויסגעצייכנט, כוואַטישע טורקעסטאַנצעס!...

— צופרידן זיך צו פלייסן, אייער לויכטנדיקייט! — האָט דער פּאָלק, ווי טאָמיד, אָפּגעענטפערט. עס איז אָבער קלאָר געווען, אַז די גאַנצע פּראָצעדורע האָט זיך שוין אַלעמען געהאַט צוגעגעסן.

אויך זי אַליין האָט שוין, ווייזט אויס, דערפילט, אַז עס איז גענוג און זיך דעריבער גענומען גרייטן צום צווייטן טייל פון איר אויפגאַבע: אַרויסצוגעבן די באַלוינונגען און מאַטאָנעס. דעם פּאָלק האָט זי דערוווייל — דורכן קאָמאַנדיר — געהייסן זיך פילן פריי, זיך אָפּרוען און אַפילע פאַרדריכערן, אויב עמעצער וויל. אַליין האָט זי גענומען רעדן מיטן קאָמאַנדיר וועגן עפּעס. יענער איז געשטאַנען אויסגעצויגן פאַר איר, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אָפּט זיך געכאַפּט סאַלוטירן. דערנאָך האָט ער צוגערופן צו זיך איינעם פון די שטאַב־שרייבער, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּעקל מיט פּאַפּירן, אַליין אַ נישטער געטאָן צווישן זיי און אַרויסגענומען עטלעכע פאַרשריבענע בויגנס. ער האָט דורכגעקוקט דאָס געשריבענע, פונקט ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן צי דאָס איז טאַקע דאָס ריכטיקע פּאַפּיר און — מיט אַ מין בײַפעדיקן שמייכל דאָס איבערגעגעבן דער הויף־דאַמע. זי איז אויך אף גיך איבערגעלאָפן דאָס פּאַפּיר מיט די אויגן און עס איבערגעגעבן

אײנער פון אירע מײדל-אַדיוטאַנטקעס.

דערווײל האָבן עטלעכע סאָלדאַטן פון איר סוויטע צוגעטראָגן אַ צונויפגעלײגט וועג-טישל מיט צוויי אַזעלכע שטולן און זײ אויפגעשטעלט לעבן דער דאַמע. אויפן טישל האָבן זײ אַוועקגעשטעלט צוויי צוגעדעקטע, פײן-געפאַרבטע קעסטעלעך, און אַלײן זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זײט. די דאַמע האָט זיך צוגעזעצט, צוגעבעטן דעם קאָמאַנדיר, אַז ער זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן איר, אויפן צווייטן בענקל, און זיך גענומען אויפשליסן די קעסטעלעך.

גלײך ווי זי האָט אַן עפן געטאָן דאָס דעקל פון ערשטן קעסטל, האָט פון אינעווייניק, קעגן דער קאַלטער זון, אַ בליאַסקע געטאָן אַ קופּע גאָלדענע געאָרגי-קרײצן מיט קאָלירטע טאַשמעס. פונעם צווייטן קעסטעלע האָבן פונקט אַזוי אַרויסגעבליאַנקט אַ מאַסע מיט זילבערנע האַלב-רובלדיקע מאַטבייעס...

די מײדל, וועלכע האָט געהאַלטן דעם בויגן פּאַפּיר, האָט זיך אַרויסגערוקט עטלעכע טריט אויף פאָרויס, אויסגערופן אַ נומער פון אַ ראָטע און אַ נאָמען פון אַ סאָלדאַט. דערויף האָט זיך גלײך פון יענער ראָטע אַ טראָג געטאָן אַ ציטערדיקער אָפּרוף:

— פאַראַן!...

די מײדל האָט נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט דעם נאָמען, אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַהינצו, פונוואַנען דער ענטפער איז געקומען, און מיט אַ פינגער אָנגעוויזן יענעם סאָלדאַט, אַז ער זאָל צוקומען צו איר. יענער האָט זיך מאַשמאָעס פאַרלוירן און — אַ דערשראָקענער — זיך גענומען אַרומקוקן. מיט ציטערדיקע בליקן האָט ער געקוקט צו זײן ראָטע-קאָמאַנדיר, אין דערוואַרטונג, מיסטאָמע, אַז יענער זאָל אים געבן די דערלויבעניש אַרויסצוגײן פון דער רײ. ערשט נאָכן ווי ער האָט אויפגעכאַפּט יענעמס פאַרגיטיקנדיקן באַוועג מיטן קאָפּ און דעם גוטמוטיקן שמײכל, — האָט ער מיט ציטערדיקע, אָבער דאָך גאַנץ פעסטע און ריטמישע טריט, זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ.

מיט אַ הילכיקן שטיוול-קלאַפּ האָט דער סאָלדאַט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן דער מײדל און איר סאַלוטירט. די הויף-דאַמע האָט דאַן אַ נעם געטאָן אין האַנט אַרײן אַ גאָלדיק-פּערלמוטערנע לאָרנעטקע, וואָס איז געהאנגען אויף אַ קײטעלע פון איר האַלדז אַרונטער, און דורך דעם אַ קוק געטאָן אויפן צוגעקומענעם סאָלדאַט. זי האָט אים מאַמעש אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַרונטער, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך דאָ וועלן איבערצײגן, צי דאָס איז טאַקע דער זעלביקער און צי איז ער

טאַקע בעעמעס ווערט די באַלוינונג. דערנאָך האָט זי פונעם קעסטעלע אַרויסגענומען אַ קרייץ, איז אַליין צוגעגאַנגען צום סאָלדאַט און האָט מיט אירע אייגענע דינע פינגער דאָס צוגעשפיליעט צו זיין העמדל, איבער דער ברוסט. דערביי האָט זי אים אין צאַרס נאָמען באַדאַנקט פאַר זיין העלדישקייט און געטריישאַפט און אויך אויסגעדריקט איר האָפנונג, אַז ער וועט זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט דעם אייציקן קרייץ, נאָר וועט זוכן זיך צו דערדינען צו נאָך קרייצן און אַנדערע באַלוינונגען. צום סאָף האָט זי פון צווייטן קעסטעלע אַרויסגענומען צוויי מאַטבייעס און אים איבערגעגעבן, ווי זי האָט אים פאַרזיכערט, אַ פערזענלעכע מאַטאָנע, פון איר אייגענעם נאָמען.

דער סאָלדאַט איז געשטאַנען און געציטערט. מען האָט געקאָנט באַמערקן, ווי זיינע קניען האָבן זיך ביי אים אַרונטערגעבויגן. ער האָט ווידער גענומען סאַלוטירן און עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן און ווייסט ניט וואָס ווייטער צו טאָן. די מיידל האָט אים דאַן קאָקעטיש אַ ווייז געטאָן אויפן ברעזענט מיט די מאַטאָנע־זעקלעך, און אים געהייסן אַהינגיין נאָך זיין כיילעק. אַ דערלייכטערטער האָט ער זיך דאַן כוואַטיש אַ דריי אויס געטאָן, ווידער אָפּגעקלאַפּט מיט די שטיוול און — מיט ברייטע, געהאַקטע שפּרייזן — אַוועקמאַרשירט. דאָרט, באַ די וועגעלעך, האָט אים שוין אַן אַנדער מיידל פון דער סוויטע אונטערגעטראָגן צוויי אַזעלכע מאַטאָנע־זעקעלעך, — צוזאַמען מיט אַ קוים־באַמערקבאַרן, שנעל־פאַרשוואונדענעם שמייכל...

*****

**אַזוי־אָ** איז עס צוגעגאַנגען קעטיידער. די מיידל האָט אייציקווייז אויסגערופן די נעמען פון איין סאָלדאַט נאָכן צווייטן. די אַרויסגערופענע זענען צוגעקומען און — פונקט ווי דער ערשטער — באַקומען פון דער דאַמע זייערע געאָרגי־קרייצן מיט די מאַטבייעס. די פּראָצעדורע האָט אָנגעהויבן ווערן צוגעגעסן און די פיס האָבן אָנגעהויבן ברעכן פון דעם לאַנגן שטיין. ענדלעך איז די דאַמע פאַרטיק געוואָרן מיט דעם אויסטיילן די קרייצן פאַר די עטלעכע און צוואַנציק רעקאָמענדירטע געאָרגי־קאַוואַליערן פונעם פאָלק.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. ערשט נאָך די קאַוואַליערן, איז געקומען די ריי פאַר די באַבערדלטע. אויך זיי האָבן לויטן פּלאַן געדאַרפט באַקומען באַלוינונגען. און כאָטש זיי האָבן זיך אין קיין שום באַזונדערע העלדישקייטן ניט אויסגעצייכנט, אויסער דעם וואָס

זיי האָבן געטראָגן בערד, — האָבן זיי אָבער, ווייזט אויס, געהאַט אַ באַזונדערע מיסיע. דורך זיי האָט מען, אַפּאָנים, געוואָלט אויפהויבן די פּאַטריאָטישע געפילן בײַ די סאָלדאַטן פונעם פאָלק.

מיט די באַבערדלטע סאָלדאַטן איז די פּראָצעדורע שוין צוגעגאַנגען פּאָשעטער און גיכער. מען האָט זיי שוין ניט אַרויסגערופן אייבציקווייז, ווי די געאָרגי־קאַוואַליערן. דער קאָמאַנדיר האָט בלויז אַ וואונק געטאָן צו די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן, יענע — צו די ראָטנע און, אין אַ ווייל אַרום זענען זיי אַלע, די באַבערדלטע, אַרויסגעטראָטן פון די ראָטעס און זיך צונויפגעקומען אינמיטן פּלאַץ, ווי עס איז געווען באַשלאָסן פון פריער. איינער פון זיי, אַן אונטעראָפיציר, האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע און, אונטער זיין קאָמאַנדע, זיי צוגעפירט נעענטער, צום טישל לעבן דער דאַמע. דאָרט האָט ער זיי ווידער איבערגעשטעלט אין אַ צעצויגענער איינצל־ריי און זיי גערופן צו אויפמערקזאַמקייט. יענע זענען געשטאַנען מיט שטאָלץ־פּאַרריסענע קעפּ, מיט העלדיש־אַרויסגעשטעלטע ברוסטן, און האָבן זיך כוואַטיש איינגעגעסן מיט זייערע בליקן אין פּאָנים פון דער הויף־דאַמע.

אַרום עטלעכע און דרייסיק יאַטן זענען זיי געווען. אַלע — דאַווקע גרויס־געוויקסיקע, ברייט־פּלייציקע און געזונטע. די בערד זייערע — פאַרשידנאַרטיקע און פאַרשידנקאָלירטע. עס זענען געווען בלאָנדע און ברוינע, שוואַרצע און רויטע; ברייטע, פיר־עקיקע ווי שפּאַדלעס, און צוויי־שפּיציקע, באַקן־בערדיקע, פאַרונדיקט־צוגעשוירענע, אָדער גלאַט־פאַרקאַמטע און צעשויבערטע; געדיכטע און שיטערע...

די דאַמע האָט זיך באַגריסט מיט זיי, געקוקט דורך איר לאָרנעטקע אויף די בערדיקע סאָלדאַטן, זיי באַדאַנקט פאַר זייער פּאַטריאָטיזם און בעריעשקייט, און צוגעוואָרפן, אַז זי וועט אויך וועגן זיי דערציילן דעם צאַר און זיי דערמאַנען צום גוטן. באַלד האָט זי אַ וואונק געטאָן צו צוויי מיידלעך פון איר סוויטע און יענע — מיט קוישעלעך אין די הענט — זענען צוגעטראָטן צו דער אויסגעשטעלטער ריי. איינע פון די מיידלעך האָט יעדן פון זיי דערלאַנגט אַ גרויסן באַבראָנזעטן מעדאַל, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקוועטשט דעם צאַרס ביוסט, מיט אַן אויפשריפט: „פאַר בעריעשקייט". די צווייטע מיידל האָט צוגלייך יעדן פון זיי געגעבן צו צוויי האַלב־רובלדיקע מאַטבייעס — אַ מאַטאָנע, ווי עס האָט געהייסן, פון דער הויף־דאַמע פערזענלעך.

מיר זענען געשטאַנען און זיך מעכאַניש צוגעקוקט. עס איז שוין אַלעמען, זעט אויס, געווען דערעסן. מיטאַמאָל האָט עמעצער פון דער קאָמאַנדע אַ מורמל געטאָן אין דער ריי:

— הערט נאָר, כעוורע, ווי קומט עס גאָר, וואָס קאַלינסקי איז עפּעס ניטאָ צווישן די באַבערדלטע?...

אַלע האָבן אויסגעשפּיצט די אויגן. עס איז קלאָר געווען, אַז עס האָט אַלעמען טאַקע געכידעשט. וואָרים קאַלינסקי, דער מייסטער פונעם געוועזער־וואַרשטאַט, האָט געהאַט די שענסטע און גרעסטע באָרד ניט נאָר אין פאָלק, נאָר אַוואַדע אין דער גאַנצער אַרמיי...אָבער סיי ווי סיי, לאַנג טראַכטן וועגן קאַלינסקין איז ניט אויסגעקומען. גרישונין, — קוקנדיק אויף די באַבערדלטע — האָט מיטאַמאָל איבערגעשלאָגן:

— איר ווייסט, יאַטן, וואָס איך טראַכט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — מיר דאַכט זיך, אַז דורך דעם אַרויסגעבן די מעדאַלן און געלט צו די באַבערדלטע, ווילן זיי זיך איצט אויסקויפן פונעם פאַרברעכן וואָס זיי זענען באַגאַנגען דעמלט, דורכן דערשיסן די פיר אומשולדיקע, באַבערדלטע סאָלדאַטן...

די עטלעכע ווערטער, גרישונינס, האָבן אַלעמען אַריינגעוואָרפן אין עפּעס אַזאַ טיפער מאָרע־שכוירע, אַז מען האָט אַזש איבער דעם, פאַרשעמטע, אַרונטערגעלאָזט די קעפּ. עס האָט זיך געוואָלט שרייען:

— עס וועט אייך ניט העלפן! איר וועט זיך ניט אויסקויפן מיט קיין מעדאַלן און מיט קיין געלט פאַר יענעם פאַרברעכן!...

פאַרטיק געוואָרן מיט די ספּעציעל־אויסדערוויילטע, מיט די אַלע „מעיוכאָסים”, אַזוי צו זאָגן, — האָט די דאָמע זיך ערשט גענומען צו די איבעריקע סאָלדאַטן, צום פאָלק ביכלאַל. צוליב דעם האָט מען דעם פאָלק איבערגעשטעלט אין קאָלאָנעס, בלויז צו פיר אין אַ ריי, און אָפּגעטיילט איינער פונעם צווייטן אויף אַן אויסגעצויגענער האַנט. דערנאָך האָט מען זיי אויסגעקירעוועט און געהייסן מאַרשירן מיט אַ שיטערן און געלאַסענעם טראָט. פיר מיידלעך — יעדע מיט אַ קוישל אין דער האַנט — זענען געשטאַנען אַזוי, אַז זיי זענען אויסגעקומען צווישן די דורכמאַרשירנדיקע סאָלדאַטן, און אַזויאַרום האָבן זיי יעדן איינציקן סאָלדאַט, — בעאייס ער איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, — דערלאַנגט אין האַנט אַריין אַ האַלב־רובלדיקע מאַטבייע. פון דאָרט האָט מען שוין די סאָלדאַטן פאַרבייגעפירט פאַרביי די אויסגעשפּרייטע ברעזענטן, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעשאָטן די מאַטאָנע־זעקלעך, און יעדן פון זיי געהייסן זיך אַרונטערבויגן און נעמען אַ זעקעלע פאַר זיך.

די לעצטע פון אַלעמען זענען געווען די קאָמאַנדעס פון פאָלק. די שרייבער, טעלעגראַפיסטן, שטאַפּעטן, דענשטשיקעס, טעלעפאָניסטן, אָבאָז־לייט, קוכערס, באַלמעלאָכעס און מיר, — די מוזיקאַנטן. מיר, מיט די אינסטרומענטן אויף זיך, זענען צוגעגאַנגען מיט אַ הילכיקן

מאַרש. די דאַמע האָט אונדז באַדאַנקט און אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן אויך אין ווייטער זען פריילעך מאַכן די סאָלדאַטן און אַרויסטרייבן פון זיי די שוואַרצע מאַרע־שכורע. מיר האָבן — ווי געוויינטלעך — איר אָפּגעענטפערט, אַז מיר זעגען צופרידן זיך צו פּלייסן, און גענומען וואַרטן אויף אונדזערע מאַטאָנעס. עטלעכע מיידלעך פון איר סוויטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין צווישן אונדזערע רייען און יעדן פון אונדז דערלאַנגט צו צוויי מאַטבייעס. ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן מיר, די מוזיקאַנטן, באַזונדערס גוטע־ביין געווען ביי דער הויף־דאַמע. אַפילו מאַטאָנע־זעקלעך האָבן מיר באַקומען צו צוויי פּאַר אַ מענטשן...

באַלד האָבן זיך די ראָטעס אויסגעשטעלט אין ברייטע רייען. די ראָטע־קאָמאַנדירן — פּאָרויס, און גלייך האָט זיך דערהערט דעם פּאָלק־קאָמאַנדירס געהאַקטער באַפעל:

— פּאָלק — ביקסן אויף אַק־סלען! טראַטוויייז — מאַרש!...

עס האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ שטורעמדיקער שטיוול־קלאַפּ איבערן פּלאַץ, און אָפּגעהילכט פונוווייטן מיט אַן אומרעגלמעסיקן ווידערקאָל. דער קאָמאַנדיר — אָפּאָנים צו באַווייזן דער דאַמע די בעריעשקייט פון זיין פּאָלק — האָט פונוווייטן צוגעוואָרפן אַ באַפעל:

— נו, יאַטן, געזונגען עפּעס אַ פריילעכס!...

די סאָלדאַטן האָבן זיך מיט כיישעק גלייך אַ נעם געטאָן דערצו. פון ערגעץ האָט אַ פּאָרזינגער — מיט אַ קוויטשיק־הילכיקער שטימע — אַ וואָרף געטאָן אַ האַלבע אָנהויב־פראַזע. גלייך דערויף האָט אַ צווייטער פּאָרזינגער — שוין מיט אַ פעסטער דיקער שטימע — ווי אין קאָנטראַסט צום ערשטן — אונטערגעכאַפּט די געוואָרפענע האַלבע פראַזע און — אָקצענטירנדיק זי אַנדערש ווי יענער — זי פאַרגעזעצט. און אַז זיי האָבן זיך אַזוי איבערגערופן צו צוויי מאָל, זענען ערשט אַלע סאָלדאַטן אַריינגעפאַלן, אויפגעכאַפּט די זעלביקע פראַזע, זי פאַרענדיקט און איבערגעכאַזערט. דאָס איז פאַרגעקומען עפּעס נאָר ווי אַ מין שפּיל און איז אַוועק אין אַ לעבעדיק־שנעלן טעמפּאָ:

„אין קר... אין קר־אוד־ניע... (2 מאָל)
אין דער קוזניע שטייען יונגע שמידן צוויי... (2 מאָל)
און זיי... און זיי שמידן...
און זיי שמידן און זיי שמועסן זיך אַזוי...
לאָ־מיר... לאָ־מיר דוניען...
לאָ־מיר דוניען נעמען מיט זיך אויף שפּאַציר...
אַ גע... אַ געשאַנק...
אַ געשאַנק אַ זיידן קאָפּטל קויפן איר...

נאַ־דיר... נאַ־דיר, דוניע...
נאַ־דיר, דוניע, טראָג און שמיר עס נאָר ניט אויס...
אף יאָ... אף יאָמטויוויים...
אף יאָמטויוויים טראָגן זאָלסטו עס נאָר בלויז...
איז קאַ... איז קאַ נאַכעס ניט...
איז קאַ נאַכעס דוניען ניט געווען באַשערט...
ס׳האָט אַ... ס׳האָט אַ טאַראַקאַן...
ס׳האָט אַ טאַראַקאַן דאָס קאָפּטל איר פאַרצערט...

אָט אַזוי, זינגענדיק, איז דער פאָלק זיך צעפאַלן אף ראָטעס און יעדע ראָטע איז ענדלעך אַוועק צו זיך אין טראַנשייע...

מיר, צופרידענע, וואָס מיר זענען שוין איבערגעקומען די דאָזיקע פּראָצעדורע, האָבן זיך אויך אַ לאָז געטאָן צוריק צו דער זעמליאַנקע. מיט זשעדנע אומגעדולד האָבן מיר גענומען צעעפענען די באַקומענע מאַטאָנע־זעקעלעך, — אין האָפנונג צו געפינען אין זיי ברייוולעך, וואָס זאָלן אונדז דערציילן וואָס עס הערט זיך עפּעס בייעס אין טיל, אין די שטעט. דאָס, וואָס די הויף־דאַמע האָט פריער געהאַט דערציילט, האָבן מיר באַגריפט, — איז געווען ניט בלויז איבערפלעכלעך, נאָר טאַקע גראָב צוגעפאַרבט. די לויב־רייד און פאַטריאָטישע זעלבסט־נאַרעריי, האָט שטאַרק געריסן אין די אויערן. ווי אף צו לעהאַכעס, אָבער, האָבן מיר דאָסמאָל אין קיין איינציקן פון די זעקעלעך קיין שום בריוו ניט געפונען. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט מען אָט די דאָזיקע זעקעלעך, אָדער ספּעציעל צוגעגרייט אין עפּעס אַ פאַטריאָטישער אינסטיטוציע און ניט פונעם פאָלק, אָדער מען האָט זיי פריער שטאַרק דורכגעריווידירט, איידער מען האָט זיי אַרויסגעשיקט אפן פראָנט. מער ווי פּעקעלעך מיט מאַכאָרקע, אַ בויגעלע רויכער־פּאַפּיר, נאָדל־פאָדים, שרייב־פּאַפּיר מיט אַ קאָנווערט, אַ פּיצל בלייפעדער און עטלעכע ניס מיט אַ פּאָר ביליקע קאָנפעטלעך — איז אין די זעקעלעך דאָסמאָל ניט געווען...

*****

ביינאַכט איז ביי די אָפיצירן פאָרגעקומען אַ הוליאַנקע לעקאָוועד דעם גאַסט מיט דער סוויטע. אינעם אָפיצירישן קלוב — אַ זעמליאַנקע לעבן קאָמאַנדירס — האָבן זיך די אָפיצירן פון פאָלק פאַרזאַמלט און געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט. עס איז אָבער געווען מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ביי אָט דער הוליאַנקע האָבן ניט — ווי טאָמיד — די דענשטשיקעס באַדינט די געסט, נאָר די יונגע,

ערשט־אָ־אָנגעקומענע, פּראַפּאָרשטשיקעס. עס האָט אויך געכּידעשט, פאַרוואָס מען האָט מיטאַמאָל פון אַרום דער זעמליאַנקע צוגענומען דעם געוויינטלעכן פּאַטרול און אים פאַרביטן מיט אַ פּאַטרול פון בלויז אָפיצירלעך, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט אַרומגעדרייט אינדרויסן בעאייס דער הוליאַנקע. און ניט נאָר האָבן קיין סאָלדאַטן ניט געקאָנט נאָענט צוקומען, נאָר אַפילע אָפיצירן, וואָס זענען — ווי געוויינטלעך — אָנגעקומען פון די דערבייַשטייענדיקע אָפּטיילונגען, און האָבן ניט געהאַט קיין פּערזענלעכע איינלאַדונגען פון קאָמאַנדיר, האָבן אויך ניט געקאָנט אַרייַנגיין. קלאָר איז געווען, אַז דאָרט קומט פאָר עפּעס מער ווי אַ פּאָשעטע אָפיצירישע הוליאַנקע.

צווישן די סאָלדאַטן האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרומגיין פאַרשידענע מאַיסעס און קלאַנגען. מען האָט דערציילט, אַז איינעם פון די סאַפּיאָרן איז דורך עפּעס אַ קונץ געלונגען זיך איינצוהערן און וויסן יעדעס וואָרט וואָס דאָרט איז גערעדט געוואָרן. צומאָרגנס אינדערפרי האָט אַ סאַפּיאָר ביי אונדז בעסאָד דערציילט, אַז איינער פון זיי — בעאייס ער האָט געמאַכט די באַלייכטונג אין יענער זעמליאַנקע, — האָט דאָרט אין געהיים אונטער אַ טיש פאַרלייגט אַ דראָט מיט אַזאַ טעלעפאָן־טרייבל, דאָס פאַרצויגן ערגעץ אינדרויסן אַרויס און...ווידער אַנדערע סאָלדאַטן האָבן גאָר געזאָגט, אַז דאָס האָט זיך גאָר אַ דענשטשיק באַהאַלטן אין דער זעמליאַנקע גופע, צווישן די קעסלען אין קיך און אַזויאַרום...

אַז עמעצער איז צוגעשטאַנען און דאַווקע געוואָלט וויסן ווער עס איז געווען דער סאַפּיאָר, אָדער דענשטשיק, האָט דאַן גריגאָריעוו, דער עלצטער טעלעגראַפּיסט, שפּאַסיק אָפּגעענטפערט:

— אָ, ס'איז געווען אַזאַ סאַפּיאָר, וואָס בויט זיך נעסטן אין די ברימער...אָ, ס'איז געווען אַזאַ קליין, בלוי פויגעלע...

סיי ווי סיי, געוואוסט האָט מען, אַז דאָרט איז געווען ניט אַזוי אַ הוליאַנקע, ווי אַ פּאָשעטע פאַרזאַמלונג און אַ מאָביליזאַציע פאַר אַלע פאָלק־אָפיצירן. מען האָט איבערגעגעבן, אַז דאָרט האָט די הויף־דאַמע געהאַלטן אַ רעדע פאַר די אָפיצירן און דערציילט, אַז אַף די פראָנטן איז זייער טרויעריק; אַז אין אַלע גרעסערע שטעט פון לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ כוואַליע פון אומרועןאון סטרייקן, און אַז אַפילע אין די שטאַרק־אָפּגעהיטענע און „זיכערע" אַמוניציע־פאַבריקן האַלט עס שוין ביים אָפּשטעלן די אַרבעט. מיט געבייזער האָט זי אויך גערעדט, אַז די אויסוואורפן, די סאָציאַליסטן־זאַבאַסטאָווטשיקעס און בונטאָווטשיקעס האָבן געצוואונגען די דומע־דעפּוטאַטן, די בלייענע גוילעמס, און יענע האָבן גאָר צוגעשטעלט אַ כוצפּעדיקע פאָדערונג צו

אונדזער באַליבטן צאַר-פּאַטערל, אַז ער זאָל גלייך באַשטימען אַ נייע, פאַראַנטוואָרטלעכע רעגירונג, מיט פאַראַנטוואָרטלעכע מיניסטאָרן, וואָס זאָלן פון איצט אָפּגעבן אַ דין-וועכעזשבן צו זיי, צו דער דומע. דערצו האָבן אויך די פויערים אין די דערפער — אויפגערייצטע פון שטאַטישע אַגיטאַטאָרן — אויפגעהערט צאָלן די צינדזן און ווילן אַפילע מער ניט ברענגען קיין טוואָרס אין די שטעט אַריין. און אין די שטעט איז אַ הונגער. און די אַרבעטער פאָדערן אָפּצושטעלן די מילכאָמע. און די פרויען פאָדערן ברויט. מען האָט אויך דערציילט, אַז זי, די דאַמע, האָט פאַרענדיקט אירע רייד מיט אַ ווענדונג צו די אָפיצירן, אַז זיי זאָלן איצט פאַרטאָפּלען זייער ענערגיע און וואַכזאַמקייט; אַז זיי זאָלן שטיין אף דער וואַך און זען מיט אַלע מיטלען אויסצומיידן אומרועןאון אויפשטאַנדן צווישן די סאָלדאַטן:

— באַנוצט ווייכקייט און מאַנעוורע, — האָט זי געזאָגט, — ווען מען מוז, און שטרענגקייט — ווען מען דאַרף!... פאַרהיט פון אַ פונק, וואָס קאָן אויפרייסן דעם פאַס פּולווער און אָנצינדן גאַנץ רוסלאַנד!... וואָס-וואָס, נאָר די אַרמיי מוזן מיר אָפּהיטן און איינהאַלטן פאַר זיך און פאַרן צאַר-פּאַטערל!...

און דערנאָך:

— געדענקט, הערן אָפיצירן, אַז אַ לאַנד און אַ רעגירונג איז צו-זאַמענגעהאַלטן ווי אַ געשטריקטער זאַק... און קוים וועט נאָר עמעצן געלינגען אָנצוכאַפּן דעם פאַרקנופּטן עק, וואָס האַלט צוזאַמען דעם זאַק; און אים נעמען ציען, וועט דער זאַק זיך דאַן נעמען אויסדריוולען פּאַס נאָך פּאַס, ריי נאָך ריי, ביז ער וועט זיך אַזוי אינגאַנצן אויסדריוולען און פונעם זאַק וועט מער גאָרניט ניט בלייבן. ער וועט זיך צעפאַלן!... היט זשע דעם קנופּ, — האָט זי אין פּאַטאָס געשריגן, — היט דעם קנופּ, וואָס איז אייער צאַר און אייער רעגירונג!... דערלאָזט קיינמאָל ניט די מעגלעכקייט, אַז עס זאָל עמעצן ווען עס איז געלינגען צוצוטרעטן און אָנצוכאַפּן אָט דעם פאַרבונדענעם קנופּ!...

מען האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז זי, די הויף-דאַמע, האָט אַפילע אויסגערעדט דעם קאָמאַנדיר, פאַרוואָס ער האָט דערלאָזט, אַז זיינער אַן אָפיציר, דע-פאָלע-פּאָלסקי, זאָל דערפירן אַ באַטאַליאָן צו שיר-ניט אַ בונט. זי האָט אָבער פאַרגיטיקט דעם אויסגעפירטן טויט-שטראָף איבער יענע פיר סאָלדאַטן. ווייל, — האָט זי צוגעשטימט, — דאָס איז אונטער דער געשאַפּענער לאַגע געווען דאָס איינציקע, וואָס מען האָט געדאַרפט און געמוזט טאָן, קעדיי איינצוצאַמען די איבעריקע סאָלדאַטן און זיי באַווייזן, אַז עס לעבט נאָך אין דער אַרמיי אַ דיסציפּלין און

פּאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָבער דערלאָזן, אַז עס זאָל פּאַסירן, — האָט מען פּאָרט ניט געטאָרט. אַ פּונק, היינטיקע צייטן, — האָט זי געזאָגט, — איז אַ פּאָטענציעלער פּלאַקער און איר האָט בלויז גליקלעך אָפּגעשפּילט...

צום סאָף, נאָך די אַלע רייד, האָט זי ווידעראַמאָל גערופן אַלע אָפיצירן, אַז זיי זאָלן קוקן מיט אָפענע אויגן. און כאָטש עס איז איר פּערזענלעכע מיינונג, אַז ביכלאַל קאָן מען אונדזער פּאָלק פּאַררעכענען פּאַר אַ גוט-דיסציפּלינירטן און אַ זיכערן, דאַרף מען פונדעסטוועגן זיך גוט צוקוקן, קעדיי מען זאָל אַמאָל ניט פּאַרכאַפּט ווערן אומגעריכט אין אַזאַ סיטואַציע, פון וועלכער עס וועט דערנאָך אינגאַנצן אומעגלעך זיין זיך אַרויסצעדרייען...

אַז אין דער זעמליאַנקע איז טאַקע עפּעס אַזעלכעס געדעדט געוואָרן און אַז דאָס וואָס מען האָט איבערגעגעבן האָט אַ גרונט, האָט מען געקאָנט זען טאַקע נאָך אין זעלביקן אָונט, דורך אַזאַ פּאַסירונג:

אין יענעם אָונט, נאָך קימאַט ביים אָנהייב פון דער הוליאַנקע, — האָבן צוויי אָפיצירן פּלוצלונג אַרויסגעפירט פון דער זעמליאַנקע אַרויס דעם הויך-געוויקסיקן און דאַרן פּאָד-פּאָרוטשיק מעדאָטשקין. ער, — וואָס סיי לויט זיין אויסזען און סיי לויט ווי מען האָט דערציילט, — איז געווען אַ פּאָשעטער פּויערים-זון, וואָס האָט זיך דערדינט צו אַן אָפיצירן-ראַנג דורך עטלעכע העלדישע אַקציעס, וועלכע ער האָט נאָך בעאייס דער יאַפּאַנישער מילכאָמע געהאַט אַרויסגעוויזן. מען האָט ביי אונדז שטענדיק, אַפילע נאָך אין פרידן-צייט, געהאַט דערציילט, אַז ער, אָט דער פּאָד-פּאָרוטשיק מעדאָטשקין, ווערט געהאַלטן פונוויטן פון אַלע איבעריקע אָפיצירן, וועלכע זענען פונעם גוט-באַזיצערישן אָפּשטאַם און האַלטן אים פּאַר אַ נידעריקערן מין. טאַקע דערפּאַר, האָט מען געדעדט, דערהויבט מען אים ניט צו קיין העכערן ראַנג, — אַ זאַך, וואָס יונגערע אָפיצירלעך פון אים האָבן אָפּט יאָ באַקומען און זענען דעריבער שנעל אים אַריבערגעוואַקסן.

דער דאָזיקער פּאָד-פּאָרוטשיק מעדאָטשקין האָט, — אַפּאַנים איבער אָט דער באַציאונג צו אים מיצאַד די אָפיצירן, — אַליין זיך געהאַלטן פּאָשעט און צוגעלאָזן צו סאָלדאַטן. זעלטן — ער זאָל עמעצן פון זיי באַשטראָפן. ער האָט דעריבער אויך אָפּט ליב געהאַט אַן איבעריק ביסל בראַנפן און פּלעגט אַפילע, האָט מען דערציילט, אויך אָפּט טאַקע ליב האָבן אַ רעד צו טאָן ניט דאָס וואָס זיינע קאָלעגן האָבן פּאַרגיטיקט.

האָט מען אים בעאייס אָט דער הוליאַנקע אַרויסגעפירט פון דער זעמליאַנקע אַרויס און אים אָפּגעשיקט אין אַרעסט-הויז פונעם פּאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ צווייטער, ספּעציעלער זעמליאַנקע, טיף

אין וועלדל אפּן באַרג. געשמועסט האָט מען, אַז דער קאָמאַנדיר האָט אים אַוואַדע אַרעסטירט פאַר קומען צו דער הוליאַנקע אַ באַטרונקענער. דער עמעס איז אָבער געווען, אַז אַלע אָפיצירן זענען דעמלט געווען שיקער און אים האָט מען, זעט אויס, פּאָשעט באַזייטיקט, אַז ער זאָל ניט זיין דערביי און ניט הערן דאָס, וואָס מען האָט מוירע געהאַט אים צו געטרויען.

אף צומאָרגנס איז אין פאָלק־באַפעל געווען אָפיציעל געמאָלדן, אַז דער פאָד־פּאָרוטשיק מעדאָטשקין איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר אַ דיסציפּלין־ברוך און וועט דערפאַר דאַרפן אָפּזיצן פיר וואָכן...

סיי ווי סיי, דער פאַל מיט מעדאָטשקינען האָט אַרויסגערופן אַן אומעט צווישן די סאָלדאַטן פונעם פאָלק, און איבערהויפּט בּאַ יאַטן פונעם שטאַב. מען האָט געוואוסט, אַז ביז אַהער האָט נאָך קיינמאָל דער קאָמאַנדיר ניט געלאָזט אַרעסטירן אַן אָפיציר פאַר אַט אַזאַ זאַך. מען האָט דעריבער געפילט, אַז עפּעס קומט דאָ פאָר; אַז עפּעס באַהאַלט מען... און דאַווקע אַזוי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן שפּרייטן צווישן די יאַטן אַ מאָדנע אומעט און אַן אָנזעבאַרער אומרו... איינער האָט געקוקט אפן אַנדערן מיט פרעגנדיקע אויגן און מוירע געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן... און אַז מען האָט צווישן זיך עפּעס גערעדט, — האָט מען זיך געהיטן, אַז קיין זייטיק אויער זאָל עס אַמאָל כאָלילע ניט הערן. מען האָט גערעדט בלויז צו אַזעלכע, צו וועמען מען האָט געהאַט צו־טרוי... יאָ, אינעם פאָלק זענען נאָך געווען זייער אַ סאַך פון יענעם שטייגער יאַטן, וואָס וואָלטן — אויב זיי וואָלטן נאָר געהערט אַזעלכע רייד — געהאַלטן, אַז דאָס איז שפּיאָנאַזש און פאַראַט... אף יעדער געהערטער זאַך האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס איז בעקיוון אויסגעטראַכט פון אינעווייניקסטע סאָנים, קעדיי אויפצוהעצן און אויפצובונטעווען די סאָלדאַטן. אַנדערע ווידער האָבן זיך, אין בעסטן פאַל, אויסגעלאַכט און געטייבעט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַן אויסגעטראַכטער בילבל פון עפּעס אַ באַהאַלטענעם סוינע... מען האָט זיך דעריבער ערשט ריכטיק גענומען היטן איינער פאַרן צווייטן און זיך מאַמעש אָפּגעזונדערט... יעדער איינער האָט זיך עפּעס אַזוי ווי אָפּגעשלאָסן אין זיך...אָבער דאַווקע אַזוי, איז ערשט דער אומרו געוואַקסן און געוואַקסן...



# קאַפּיטל דרייסיק

פּאָנים, אַז אונדזער נאַטשאַלסטווע — פּונקט ווי די הויף־דאַמע גופא — האָבן געהאַלטן, אַז איר אַרבעט ביי אונדז אין פּאָלק איז נאָך ניט פאַרטיק און אַז עס האָט נאָך ניט געבראַכט די געווינטשטע רעזולטאַטן. זי איז דעריבער פאַרבליבן ביי אונדז נאָך אַף עטלעכע טעג. און אַפּאָנים קעדיי צו באַשאַפן ביי די סאָלדאַטן אַ גוטע שטימונג און צוטרוי צו זיך, האָט זי זיך — צוזאַמען מיט נאָך צוויי מיידלעך פון דער סוויטע — אַרויסגעלאָזט איבערן באַרג, אַף צו באַזוכן די סאָלדאַטן אין זייערע „היימען".

זי איז געגאַנגען פון איין זעמליאַנקע צו דער צווייטער און, אין יעדער פון זיי פאַרבראַכט צו עטלעכע מינוטן. זי איז אַריינגעקומען צו אונדז און האָט אַרומגעקוקט אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר אין דער זעמליאַנקע געפונען. מיט באַגייסטערונג און היסלייוועס האָט זי גערעדט וועגן יעדער קלייניקייט, וואָס זי האָט נאָר באַמערקט. און כאָטש מען האָט אָן שום באַזונדערע שוועריקייטן געקאָנט זען די מאַסן פּאַראַזיטישע לייז, וואָס זענען גאַנץ פריי אַרומגעקראָכן אַף אונדזערע געלעגערס און קאָלדרעס; די שפּינען מיטן שפּינוועבס, וואָס זענען — ווי זיידענע פראַנדזן — געהאנגען אין די ווינקלען פון די קלעצער אַרונטער, ווי אויך די בלאָטע, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פון דעם איינגעטראָטענעם שניי אינעם שמאָלן דורכגאַנג פון זעמליאַנקע — האָט זי דאָך דאָס אַלץ ווי גאָרניט באַמערקט. פאַרקערט: זי האָט זיך ניט געקאָנט אָנלויבן פון אונדזער ציכטיקייט און באַקוועמלעכקייט. מיט סענטימענטאַלע כיינדלעך, פּאָטיש־צעקראָכענע אויסדרוקן און מיט פרום־פאַרגלאָצטע אויגן צו דעם ווינטערדיקן, פאַרוואָלקנטן הימל און צו אונדזער פאַרקאָפּטשעט־שוואַרצן זעמליאַנקע־באַלקן, — האָט זי זיך אַ וועגד געטאָן צו אירע באַגלייטערנס און — מיקלוימערשט דירעקט צו זיי, אָבער דאָך גענוג הויך, אַז אַלע אין דער זעמליאַנקע זאָלן

עס הערן, — עפּעס אַזוי מאָדנע צעקראָכן אויסגעזונגען:

— אַך, טייערינקע מיינע, ליבינקע, האַרציקע!... זעט נאָר ווי פּראַכטפול־שיין דאָ איז אַלץ, ווי פּאָעטיש!... גאָט מיינער, דאָ דאַרף דאָך זיין ווי אין עמעסן גאַן־איידן צו לעבן!...אָ, דאָ איז דאָך אַזוי גוט, אַזוי ליבלעך, אַזוי...

איינע פון אירע אַדיוטאַנטקעס איז אַזש אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ ציג אף אירע פיס, קינדיש אַ פּאַטש געטאָן מיט אירע הענט און האָט ווי מיט באַגייסטערונג אין עקסטאַז אויסגעשריגן:

— אָ, פירשטן, דאָ איז דאָך בעעמעס וואונדערבאַר!... איך אַליין וואָלט זיך געפילט גליקלעך ווען איך וואָלט דאָ געקאָנט פאַרבלייבן!... און וואָלט איך נאָר ניט געהאַט אף זיך די פליכטן צו מיין טייערן פאָטערלאַנד, וואָלט איך געבעטן אייער דערלויבעניש...

די צווייטע מיידל האָט צוגעשטימט און מיט פּאַטאָס צוגעגעבן:

— גאָט מיינער! דאָ צו וואוינען קאָן מען, דאַכט זיך, גאָר לעבן צוויי מאָל אַזוי לאַנג ווי ביי אונדז, אין דער פאַרשטיקטער שטאָט, איינעם שענצטן פּאַלאַץ אַפילע!...

— נו, זאָגט שוין אַליין, טייערינקע, איז עס ניט אַ הערלעכע און וואונדערלעכע אומגעבונג דאָ?!... — האָט די הויף־דאַמע ניט אויפגעהערט זיך ברעכן מיט אַ פלעגמאַטיש־אויסגעווייקטער שטימע, וואָס האָט ביי אונדז מאַמעש געקלונגען ווי כויזעק.— ס'איז דאָך...

דערווייל האָט זי באַמערקט די גרויסע, שוואַרצע ברויטן, וואָס דער דעזשורנע האָט גראָד אַריינגעטראָגן פאַר דער קאָמאַנדע, און זי האָט געבעטן, אַז מען זאָל איר אָפּשניידן אַ שטיקל ברויט אף צום פאַרזוכן. סטעפּאַקין האָט מיט אַ פּאַפּיר פאָרזיכטיק און אויפמערקזאַם אָפּגעווישט דאָס גרויסע קאָמאַנדע־מעסער, וואָס איז געווען באַקלעפּט מיט ליימיק־פאַרבאַקענעם טייג, אָפּגעשניטן אַ רעפטעלע און דאָס איר דערלאַנגט. זי האָט מיט איידעלע פינגער אָפּגעבראָכן דערפון אַ קליין פּענעצל, דאָס פאָרזיכטיק אַרויפגעלייגט אף דער צונג און, כאָטש עס איז קלאָר געווען, אַז זי קרימט זיך און ציט אַזש איין די באַקן, ווי צום באַהערשן זיך פון אויסשפּייען דאָס זויערע שטיקל טייג, — האָט די פונדעסטוועגן מיט אַ געמאַכטער צופרידנקייט אַ זאָג געטאָן:

— אָ, מאַמעלעך, וואָס פאַר אַ געשמאַקער ברויט דאָס איז!... אָ, וואָס פאַר אַן אַנגענעמער טאַאַם!...

איינע פון די מיידלעך האָט אַ ווייז געטאָן אף אונדז און ווידער מיט כביפע אַ זאָג געטאָן:

— ניט בעכינעם, פירשטן, האָבן די סאָלדאַטיקלעך דאָ אַזעלכע

שיינע און געזונטע קאָלירן אין זייערע באַקן!... ניט בעכינעם זענען זיי דאָ אַלע אַזוי מונטער און...

— וואָס דען,— האָט די אַנדערע אונטערגעכאַפּט, — פון אונדזער ווייסער קליאַטשע, וועלכע איז געוואָרן צענדליקער מאָל דורכגעריבן און איבערגעזיפּט, קאָן מען אַזוי געזונט אויסזען?...

די דאַמע האָט זיך פריינטלעך געזעגנט מיט אונדז און — בעאייסן אַרויסגיין פון זעמליאַנקע — צוגעוואָרפן, אַז עס איז אַ גרויסע און אַ הייליקע זכיע אנטייל צו נעמען אין דער הייליקער מילכאָמע, אף צו ראַטעווען דאָס גאָט-געבענטשטע פאָטערלאַנד פון די ווילדע דייטשישע באַרבאַרן און טערקישע אומגלויביקע. מיקלוימערשט אומווילנדיק און בעסאָד האָט זי אונדז דערביי דערקלערט, אַז דער צאַר-פּאָטערל אַליין איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם גורל און וואוילזיין פון זיינע ליבע סאָלדאַטיקלעך, וועלכע עס קומט אויס אַזויפיל מאַקרעוו צו זיין פאַר זיין קאָוועד, דורך זיין אַזאַ לאַנגע צייט אָפּגעריסן פון זייערע היימען און פון זייערע נאָענטע און ליבסטע. זי האָט פאַרזיכערט, אַז דער צאַר האָט איר געהייסן אונדז איבערגעבן זיין פערזענלעכן גרוס און זיין צוזאָג, אַז יעדער סאָלדאַט, וועז ער וועט בעשאָלעם אַהיימקומען פון דער מילכאָמע, וועט פון זיין אייגענער, גנעדיקער האַנט, באַלוינט ווערן; אַז יענע, וואָס וועלן עס באַר דאַרפן,— וועלן אַפילו באַקומען אייגענע כאַלאָקים ערד פאַר זיך און...

די מיידלעך, אירע באַגלייטערנס, האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, ווי אַ צייכן פון צושטימונג און באַשטעטיקונג. די גרופּע איז אַוועק ווייטער, צו אַן אַנדער זעמליאַנקע, און— ווי מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט — דאָרט דורכגעפירט קימאַט די זעלביקע סצענעס...

*****

**איבער** די פּאָר טעג, וואָס די הויף-דאַמע מיט איר סוויטע האָבן זיך געפונען ביי אונדז אף דעם באַרג, האָבן זיי אויסגענוצט אַלע מיטלען צו באַאַרבעטן די סאָלדאַטן. אין דעם פּראַט האָבן די מיידלעך געאַרבעט אומדערמידלעך. מיט פאַרשידענע קונץ-שטיק, כיינדלעך און זיסע רייד, האָבן זיי זיך געפלייסט אַרויפצוהויבן דאָס פאַרשלאָפענע געמיט ביי די דערשלאָגענע סאָלדאַטן. און פּונקט ווי די דאַמע האָט עס געטאָן מיט גרופּעס, אַזוי האָבן עס די מיידלעך געטאָן מיט אייבציקע. צוגעגאַנגען איז עס אף אַזאַ שטייגער:

אין די פאַרנאַכטן, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען, האָבן

די מיידלעך — שוין איבערגעטאָנענע אין קאָקעטיש־רייצנדיקע, שיינע פּרויען־קליידער און, שטאַרק־צוגעפאַרבטע, זיך איינציקווייז אַרויס־געלאָזט איבערן באַרג, פאַר אַ מיקלוימערשט־אומשולדיקן שפּאַצירגאַנג. און קוים האָט וועלכע עס איז פון זיי זיך אָנגעגעגנט מיט אַן איינזאַם־פאַרבייגייענדיקן סאָלדאַט, — האָט יענע אים קוידעם־קאָל צוגעוואָרפן אַ קאָקעטיש־זיס שמייכעלע, זיך באַגריסט מיט אים ווי מיט אַן אַלטן באַקענטן און זיך אָפּגעשטעלט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט אים. דערביי האָט זי אים אויסגעפרעגט ווער ער איז, פונוואַנען ער שטאַמט און מיט וואָס ער האָט זיך פאַרנומען פאַר זיין מיליטער־דינסט. זי האָט דאַן פאַרשריבן דעם סאָלדאַטס נאָמען צו זיך אין אַ ביכעלע אַריין און אָן צערעמאָניעס אויסגעשטרעקט צו אים איר ווייך, איידל־ווייס הענטל. מיט וואַרעמקייט האָט זי אַ דרוק געטאָן זיין שווערע פאַרמאָזאָליעטע האַנט און — מיט אַ קאָקעטיש־רייצנדיקן, אַרויסרופערישן שמייכעלע — זיך פאַרגעשטעלט פאַר אים:

— און איך...איך בין פירשטן, אָדער פּרינצעסן אַזאַ און אַזאַ...אָ, גאָט מיינער! איר, אייער נאָמען, און אַפילו אייער אויסזען, דערמאַנט דאָך מיך אַזויפיל אין דעם פירשט...

אָדער אַזוי:

— איך בין אַזוי גליקלעך און צופרידן, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך פערזענלעך צו באַקענען מיט אייך, איינעם פון די באַרימטע טורקעסטאַנער העלדן, וועגן וועלכע דאָס גאַנצע לאַנד רעדט מיט קינע און ערפורכט, און אין וועלכע אַלע מיידלעך פונעם לאַנד זענען מאַמעש פאַרליבט...

זי האָט דעם סאָלדאַט אַ גלי געטאָן מיט אירע פלאַמיקע אויגן און — ווען זי האָט באַמערקט, אַז ער רעזיגנירט — אים דערצו נאָך געטאָן אַ גלעט מיט איר גלאַטיק הענטל איבער דער באַק. דערנאָך האָט זי אים ערשט אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און — פונקט ווי זי וואָלט זיך געהיטן פון אַ זייטיק אויג— אַוועקגעשפּאַצירט מיט אים צום דערביי־איקן וועלדל. דערביי האָט זי מיט אַ געמאַכטן שעמעוודיק־באַאיון טאָן צו אים אַ זאָג געטאָן:

— ווערט איר ניט בייז זיין אף מיר, אַז איך וועל אייך אָנרופן פּאָשעט וואַסיאַ?...אָ, איר דערמאַנט מיך דאָך אַזויפיל אין דעם פירשט וואַסילי פעטראָוויטש... אָט, און איר קענט מיך אויך רופן פּאָשעט, — אַזוי ווי ער — ליזאָק...

שפּעטער, ביים געזעגענען זיך מיט אים, האָט זי — זיך היטנדיק מיקלוימערשט, אַז איר שעף זאָל עס אַמאָל כאָלילע ניט באַמערקן, —

צעעפנט איר האַנט-בײטל, אַרויסגענומען פון אינעווייניק אַן אָפּגעדרוקט פאָטאָגראַפיש-בילדל פון זיך, וואָס האָט שוין אַפילו געהאַט אױף זיך אַ פּאַרטיקן אונטערשריפט אירן און האָט זיך געלייענט אַזוי, אַקוראַט ווי עס וואָלט געווען אויפגעשריבן טאַקע ספּעציעל פאַר אים פּערזענלעך. די האָט עס אים דערלאַנגט, דערביי אים ווידער אַ סאַרפּע געטאָן מיט די אויגן און מיט אַ געקינצלט-צנועדיק שמייכעלע, צוגעגעבן:

— באַהאַלט עס, וואַסינקאַ טײַערער, צום אָנדענק פון אונדזער באַקענען זיך... און אַז איר וועט נאָר דינען געטריי דעם צאַר, וועט איר שטענדיק האָבן אַן עמעצן פריינט אין מיר... איך האָב ליב העלדן און פּאַטריאָטישע מענטשן און... אַז איר וועט זיך אַמאָל דערמאנען אין מיר, — שרייבט מיר צו אַ בריוועלע דירעקט קיין פּעטערבורג...

דער סאָלדאַט, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ באַגעגעניש, — איז דאַן געווייינטלעך צעטומלט געוואָרן און זיך דערפילט ווי אפן זיבעטן הימל. אף איר אָנזאָג קיינעם ניט צו ווייזן דאָס פאָטאָגראַפישע בילדל, האָט ער גלייך, טאַקע אפן פּלאַץ, דאָס פאַררוקט צו זיך אין זיין שטיוול-כאָליעוואַ אַריין און איז — עפּעס נאָר ווי אַן אונטערגעשאָסענער, מיט קאָפּ-שווינדל, — אַנטלאָפן, ניט באַמערקנדיק אַפילו איר כויזעק-שמייכל הינטער זיך. געווייינטלעך האָט ער זיך דערנאָך פאַרגאַנוועט ערגעץ אין אַ ווינקל, געקוקט מיט פאַרליבטער ליידנשאַפט אפן בילדל און אַפילו עטלעכע מאָל געקושט דאָס בלאַסע פּאָנים פון דער „פּרינצעסן", וואָס האָט אים, טאַקע בלויז אים אַליין, אויסדערוויילט צווישן אַלע אַנדערע סאָלדאַטן פונעם פּאָלק און...

דאָס זעלביקע האָט די מיידל אין איין אָוונט איבערגעכאַזערט מיט אַ צווייטן, אַ דריטן, און אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין...

צו אָט-אַזאַ יאַט האָט מען שוין פון יענער מינוט אָן ניט געטאָרט אַרויסרעדן קיין וואָרט, וואָס זאָל כאָלילע זיין קעגן דער רעגירונג, קעגן נאַטשאַלסטווע, אָדער אַפילו קעגן דער מילכאָמע. אַזאַ איז ניט נאָר גרייט געווען אַוועקצולויפן צו זיין קאָמאַנדיר און אים דערציילן וואָס ער האָט געזען, אָדער געהערט, נאָר איז אַפילו גרייט געווען מיט דער אייגענער האַנט צו דערשיסן יעדן איינציקן, וואָס האָט נאָר געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן. אַזאַ איז געווען זיכער ביי זיך, אַז זאָל זיך נאָר די מילכאָמע פאַרענדיקן, וועט ער גלייך אַוועקפאָרן קיין פּעטערבורג, דאָרט אויפזוכן די פּירשטן, וועלכע האָט אים געשענקט דאָס בילדל און... „אָ, ניט בעכינעם האָט זי דאָך עפּעס אַזוי ליבלעך גערעדט צו אים, אים גערופן ביים ערשטן נאָמען און ביכלאַל..."

*****

**ענדלעך** האָט די הויף־דאַמע זיך גענומען קלייבן צום אַוועקפאָרן ווייטער. מיר האָבן לעקאָוועד איר געגעבן די צוגעגרייטע פאָרשטעלונג אין אונדזער זעמליאַנקע־טעאַטערל. אַ כּרץ איר מיט דער סוויטע, — זענען צו דער פאָרשטעלונג געווען פאַרבעטן אַלע אָפיצירן פון אונדזער פּאָלק גופא, ווי אויך אַ צאָל אַנגעזעענע העכערע אָפיצירן פון די דערבייאיקע אָפּטיילונגען. פאַרן אָנהויבן די שפּיל איז דער קאָמאַנדיר די גאַנצע צייט געזעסן אין איין ציטערניש, טאָמער וועט עס איר ניט געפעלן ווערן; טאָמער וועט זי אים דערצו נאָך פאָרוואַרפן, אַז טעאַטער אויף דער פּאָזיציע איז גאָר אומנוציטיק און פאַרשווענדעריש. יעדע ווייל האָט ער אַרויסגעשיקט זיין שטאָפּעט אויף דער בינע אַרויף, דורכן זייטיקן טירל, און אונטערגעיאָגט, אַז מען זאָל שוין אַמאָל אָנהויבן און אַ סאָף מאַכן...

צו זיין גרויסער איבעראַשונג, איז אָבער די דאַמע די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג געזעסן מיט געשפּאַנטקייט. זי האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צום שפּילן און ניט דורכגעלאָזט קיין איינציק וואָרט אַפילו. זי האָט געלאַכט מיט אַן אָפן מויל, קעסיידער אַפּלאָדירט און זיך מאַמעש ניט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם שפּילן, אָט אַקוראַט ווי זי וואָלט טאַקע צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געזען אַזעלכעס. שפּעטער, — ביי דעם איבעררייס, — האָט זי אַ באַגייסטערטע גערעדט צו די אַרומפּאַדיעדיקע אָפיצירן:

— גאָט מיינער! דאָס איז דאָך אַ טייערער אויפטו, גאָר אַ גרויסע זאַך!... איך וועל וועגן דעם אומבאַדינגט מעלדן זיין מאַיעסטעט!... אָ, מען וועט דאַרפן איינפירן אָט אַזעלכע טעאַטערלעך אומעטום, אויף אַלע פראָנטן, אין אַלע פּאָלקן!... אָ־יאָ, דאָס איז אַן אויפטו!...

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט זי אַליין אויסגעשטרעקט איר הענטל דעם קאָמאַנדיר און אין פאַרגיטיקונג אים אַ זאָג געטאָן:

— דערלויבט מיר, ניקאָליי סטעפּאַניטש, אייך צו באַגריסן פאַר דעם געלונגענעם און וויכטיקן אויפטו!...איר האָט בעעמעס אָנגעטאַפּט וואָס מען דאַרף פאַר די סאָלדאַטן אין דער איצטיקער צייט!...

דער קאָמאַנדיר, האָט מען געזען, האָט זיך דערפילט עפּעס אַזוי ווי דערהויבן. ער האָט גאַלאַנט געקושט איר אויסגעשטרעקטע ווייס־געהענטשקעטע האַנט און קימאַט דעקלאַמאַטאָריש געענטפערט:

— יאָ, פירשטן יעוודאָקיאַ וואַסיליעווונאַ, איך דאַנק אייך זייער. און ווי האָט עס אַמאָל צעזאָגט? —„גיט דעם פּאָלק טעאַטער־שפּיל

מיט בעדער, און איר האָט דאָס פאָלק מיט זיך..." איך אָבער מאַך דאָס איבער אַזוי: „גיט די סאָלדאַטן פאַרווײלונגען מיט טפילעס און איר קאָנט זײַ דאַן שיקן אַפילע הונגעריקערהייט קעגן מעכטיקסטן סוינע..."

די דאַמע איז מאַמעש געווען באַגײַסטערט:

— בראַוואָ, ניקאָליי סטעפּאַנאָוויטש, בראַוואָ! — האָט זי צו אים אַ זאָג געטאָן. — איך זאָג אײַך, אַז אײַך קומט אַ מעדאַל פאַרן דאָזיקן אײַנפאַל. אַ מעדאַל, ערן וואָרט, אַ געאָרגי קרײַץ... יאָ, און איך...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אַ שטיף־אויסגעצויגענער אַ שטעל געטאָן פאַר איר, אָפּסאַלוטירט, און דערבײַ עפּעס אַזוי אינגליש געשמייכלט. קלאָר איז געווען, אַז דערויף האָט ער טאַקע געוואַרט.

די דאַמע האָט מיט פאַרזיכערונג צוריקגעשמייכלט און אים ווידער צוגעטראָגן איר האַנט צום קושן. אויך זי איז געווען צופרידן.

באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג, שוין שפּעט אין אָוונט, האָבן מיר זי מיט איר סוויטע באַגלייט מיט מוזיק און מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן אַרונטערצו, ביז צום סאַמע באַרג־פוס. אין דאָרף אַרײַן, פונוואַנען זי איז גלייך אָפּגעריטן ווייטער, אפן וועג צו די שטאַבן פון בריגאַדע און קאָרפּוס, אין דער ריכטונג פונעם טיל...

*****

**באַלד** נאָכדעם ווי די הויף־דאַמע מיט איר סוויטע איז אַוועקגעפאָרן פון דעם באַזוך ביי אונדז אין פאָלק, האָט זיך די נייעס וועגן אונדזער טעאַטער און קירכע פאַרשפּרייט איבער די אַלע אַרומשטייענדיקע אָפּטיילונגען. אין די זונטיקס, בעאייס מען האָט ביי אונדז געגעבן אַ פאָרשטעלונג, זענען אָנגעקומען אָפיצירן פון די דערבייאיקע טיילן, צו זען וואָס דאָס איז אַזעלכעס. אויך פּאָשעטע סאָלדאַטן פון גאַנצן אַרום האָבן אויסגעבעטן דערלויבענישן באַ זייער באַטשאַלסטווע און זיך אַרײַנגעגאַנוועט צו אַ פאָרשטעלונג. די נייעס איז ענדלעך דערגאַנגען צום קאָרפּוס־קאָמאַנדיר. איינגיכן איז פון אים אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מיר, אונדזער פאָלק, זאָל געבן באַזונדערע פאָרשטעלונגען אויך פאַר שכיינישע מיליטער־טיילן און באַדינען יענע סאָלדאַטן מיט דער קירך־דינסט. דער פאָלק־קאָמאַנדיר האָט דעריבער גלייך באַפוילן, אַז אָנשטאָט צו געבן איין פאָרשטעלונג, בלויז איינמאָל אין וואָך, אין זונטיק, — זאָל מען אָנהייבן צו געבן פאָרשטעלונגען יעדן טאָג. דאָס האָט מען געמוזט טאָן, קעדיי צו קאָנען דורכלאָזן אַלע סאָלדאַטן אף צום „גאַוועיען" אין קירך ביז פּאַסכע, וואָס איז אַגעוו

שוין גאָר נאָענט געווען. מען האָט דעריבער אָנגעהויבן די טעגלעכע פאָרשטעלונגען און דאָס „גאַוועיען״ גלייך נאָך „מאַסלעניצע״.

צוליב די דאָזיקע טעגלעכע פאָרשטעלונגען, האָט זיך ביי אונדז, איבערן גאַנץ־גרויסן פּלאַץ, וואָס אפן באַרג צווישן דעם טעאַטערל און דער קאַנצעלאַריע־זעמליאַנקע, יעדן טאָג מאַמעש גערודערט ווי אין אַ בינשטאָק. טאָג־טעגלעך איז אָנגעגאַנגען אַ קעסיידערדיקער טומל און אַ האַוועריי. עס האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי ערעוו עפּעס אַ גרויסן יאָנטעוו. פון באַגינען אָן האָבן זיך יאָטן אַרומגעפּאָרעט מיט צוגרייטן דעם ספּעציעלן יאָנטעווודיקן מיטיק פאַר דער ראָטע, וואָס האָט געדאַרפט קומען „גאַוועיען״ אין קלויסטערל און זען די פאָרשטעלונג. אַרום דער ספּעציעלער קיך, וואָס האָט זיך געפונען אונטער אַ דעכל פון קלעצער מיט צווייגן, — איז שטענדיק געזעסן אַ גרופּע סאָלדאַטן און געשיילט קאַרטאָפל אין אַ גרויסן פאַס אַריין, אָדער געטאָן עפּעס אַן אַנדערע אַרבעט. עטוואָס ווייטער האָבן עטלעכע יאָטן געשונדן אַ נאָר־וואָס געקוילעטן שעפּסל, פון וועלכן עס האָט זיך נאָך געטראָגן אַ וואַרעמע פּאַרע. אף אַ צווייט פּלאַץ, ניט ווייט פון דאָרט, — האָבן אַנדערע יאָטן צעזעגט בוימער אף קלעצער, זיי צעשפּאָלטן אף ברען־האָלץ און די שטיקער צונויפגעלייגט אין אַ קופּע, לעבן דער קיך. גרויסע קופּערנע קעסלען זענען געווען איינגעמויערט אין שטיינער אף דער ערד, און פון אונטער זיי האָבן זיך שטענדיק אַרויסגעהויבן פלאַמיקע פייער־צונגען און רויך־קנוילן. אַרום, איבערן גאַנצן פּלאַץ, האָט טאָמיד געשוועבט אַ געמיש פון שטיקנדיקן רויך מיט געשמאַקער פּאַרע פון באַטאַאַמטן, פרעגלדיקן פלייש. אַ ספּעציעלער קוכער, — אַן אַרמענער, מיט אַ פאַרגעלט־שוואַרץ לאַפּעטע־בערדל, און ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך אף אונדזער אַמאָליקן קוכער אַראַמיאַנץ, — האָט זיך, אין אַן אויסגעשמוציקט־ווייסן פאַרטעך, אַרומגעפּאָרעט אַרום די קעסלען און — מיט אַ קווישיקן קאָל — געשריגן צו זיינע מיטהעלפער:

— העי, לעבעדיק, זעגליאַק בראַט!... ראָטע וועט באַלד געקומט זיין און זיינס מיטיק נאָך ניט פאַרטיק איז געמאַכט!...

שפּעטער, אַרום מיטנטאָג, איז פונדערהויך, פון די טראַנשייען אַרויס, וואָס אף יענער זייט איבערן באַרג־ראַנד, אָנגעגאַנגען אַ ראָטע סאָלדאַטן, צוזאַמען מיט די אָפיצירן, און — מיט געהאַקטע טריט, גלייך אַוועק אין קלויסטער־זעמליאַנקע אַריין. באַלד האָט זיך פון דאָרטן, פונעם קלויסטערל, דערהערט דאָס צעצויגענע בלעקעצן פונעם גאַלעכס טפילעס, באַגלייט פון אַ טומלדיקן געזאַנג פון זיינע מעשאָרים, וואָס האָט זיך צעלייגט איבערן באַרג מיט אַן אומעט פון אַ טויטן־געזאַנג.

אַרום אַ שאָ שפּעטער זענען די סאָלדאַטן אַרויסגעקומען פונעם קלויסטערל. פאַרשוויצטע און צעפּאַרעטע פון דער שטיקנדיקער ענג־שאַפט אינעווייניק, — האָבן כעוורע, מיט אומגעדולדיקן בייגיר, זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טעאַטער־זעמליאַנקע און דאָרט באַלאַגערט די פאַרמאַכטע טירן, ביז מען האָט זיי צעעפנט און אַריינגעלאָזט. עפּעס נאָר ווי ווילדע האָבן זיך די יאַטן אַ לאָז אַריין געטאָן אין די ברייט־צעפּראַלטע טירן און זיך געוואָרפן צום פאַרכאַפּן ערטער אף די ערד־בענק, וואָס נעענטער צו דער סצענע. מיט ברייט־צעעפנטע מײַלער און אויגן, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט און מיט וואונדער באַטראַכט יעדעס פּיצל אין דער זעמליאַנקע. זיי האָבן באַוואונדערט די ליכטיקע גאַז־לאָמפּן, וואָס האָבן — פון אונטער זיידענע ווייסע הויבלעך—צעוואָרפן אַ זילבערדיק־ווייסע ליכט, וועלכע האָט אַזש אין די אויגן געבלענדט. מיט פאַרגאַפטע בליקן האָבן זיי געקוקט צו דער סצענע, באַטראַכט דעם פאָרהאַנג און אפן קאָל באַוואונדערט דעם אויסגעמאָלטן צוויי־קעפּיקן אָדלער, וואָס האָט אויסגעזען — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדרוקט — פונקט אַזוי ווי לעבעדיק, און געהאַלטן אין דער לאַפּע אַ ברייט־צעוויייעטע דריי־קאָלירנדיקע נאַציאָנאַלע פאָן, מיט אַן אויפשריפט אף איר: „פאַרן צאַר און פאָטערלאַנד”, וואָס האָט באַ זיי אַרויסגערופן באַוואונדערונג און, צו גלייכער צייט, אויך שרעק.

געשפּילט האָט מען נאָך ניט. מען האָט געוויינטלעך געוואַרט, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל אָנקומען. דערווייל האָבן יאַטן געקנאַקט ניסלעך אָדער קערלעך, גערעדט צווישן זיך, געטומלט און אַפילע צוגעוואָרפן ווערטלעך איינער צום אַנדערן איבער יעדער געזעענער זאַך. טיילמאָל האָט עמעצער אויך אַ וואָרף געטאָן אַ שאַרפן אויסדרוק צו די שפּילער אף דער סצענע, בעאַייס זיי האָבן זיך — אין סילועטן — פאַרבייגעטראָגן הינטער דעם פאָרהאַנג ווי שאָטנס. זיי האָבן געשריגן און געפייפט, אַז יענע זאָלן זיך שוין אַמאָל באַווייזן און אָנהויבן די שפּיל.

ענדלעך איז דער קאָמאַנדיר אָנגעקומען. ער האָט זיך באַגריסט מיט די סאָלדאַטן, זיך אַוועקגעזעצט אין דער פאָדערשטער ריי, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פאַר אָפיצירן. באַלד האָט ער דורך זיין שטאַ־פּעט באַפוילן, אַז מען זאָל גלייך אָנהויבן די פאָרשטעלונג. מיר, די מוזיקאַנטן,— אין דעם ספּעציעל־אויסגעגראָבענעם גרוב, ביים פאָרנט פון דער סצענע — האָבן אויפגעשפּילט אַ לעבעדיקן מאַרש און...דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן.

אַ פרייד־שטורעם איז גלייך אויסגעבראָכן צווישן די סאָלדאַטן. זיי זענען געשפּרונגען פון היסלייוועס און מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען

יעדעס בילד און יעדע סצענע. זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון יעדן וואָרט און זיך מאַמעש געקאַטשעט פון געלעכטער בײַ יעדער קונץ און וויץ. יעדע ווייל האָט אַן אַנדערער פון די סאָלדאַטן־געסט צוגעוואָרפן צו דער סצענע עפּעס אַן אַנדערן אויסדרוך, אַ באַמערקונג, אַ ווערטל, און אַפילו אַ גוטמוטיקן זידל אפן רעכבונג פון די שפּילער. די עמעסע אויפלעבונג, היסלאַיוועס און עקסטאַז,— איז ערשט געקומען דעמלט, ווען אף דער סצענע, צווישן די שפּילער, האָט זיך באַוויזן אַ יאַט פון דער אייגענער ראָטע, אָדער אַזוי עפּעס אַ באַקענטער סאָלדאַט, וועלכער איז געווען פאַרשטעלט פאַר אַ יונגער, שיינער פרוי. יאַטן האָבן דאַן גענומען אַזוי טומלען און שרייען,— מאַמעש נאָר פאַרטויבט צו ווערן. אַנדערע זעבן פּאָשעט אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער און אף אַ קאָל צוגעוואָרפן באַמערקונגען:

— זעט נאָר, יאַטעלעך, — האָט עמעצער אויסגעשריגן, — זעט, דאָס איז דאָך וואַסקע, אונדזער וואַסקע!...וואַסקע דער בלאַסינקער!... יעי באָגו, ער איז דאָך ווי אַן עמעסע נעקייווע, אַ ריכטיקע באַפקע, זאָל איך שוין אַזוי לעבן!...

— וואַסקע?— האָט אַ צווייטער זיך געכידעשט, — גיי שוין, גיי. פונוואַנען זשע האָט זיך עס מיטאַמאָל גענומען צו אים אַזאַ ווייבערשע פיגורקע מיט אַזעלכע היפּשע ציצקעס?...

— ביסט אַ שוטע!— האָט זיך אַ דריטער אָפּגערופן,— ס'איז ניט קיין ציצקעס, נאָר שמאַטעס. פּאָשעטע שמאַטעס, יעי באָגו!...

— שמאַטעס?—האָט יענער זיך גענומען דינגען,— נו, און דער אונטער־כיילעק וואָס איז?...וועסט מיר עפּשער גיין איינרעדן, אַז דאָס איז אויך שמאַטעס?...

— אַוואַדע שמאַטעס!— האָט יענער געלאַכט, — עמעסע שמאַטעס. יאָ, איך ווייס...

— אָ, פלאַפּלסט, זאָלסט מיר מויכל זיין גרישקע, — האָט שוין אַן אַנדערער זיך אַריינגעמישט, — מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך, אַז דאָס איז ניט קיין שמאַטעס, נאָר עמעסע סכוירע!...

דער, וועמען מען האָט גערופן גרישקע, האָט אָפּגעענטפערט:

— ווי איר ווילט זיך, ברידערלעך. מיר האָט אַפילו דערציילט איינער פון די קאָמעדיאַנטשיקעס, ווי אַזוי מען מאַכט עס און...

— אַזוי?... — האָט יענער שוין רעזיגנירט, אָבער גלייך זיך ווידער אַ כאַפּ געטאָן, — נו, וועסט מיר עפּשער דערציילן, אַז דער צאָפּ זיינער איז אויך געמאַכט פון שמאַטעס?...

— ניין.— האָט יענער צוגעגעבן.— דאָס, זעסטו, איז שוין גאָר

געמאַכט געוואָרן פון אַן איבערגעפּאַרבטן פערדישן עק...

— אַ גרויסער כילעק איך וואָס און פון וואָס דאָס איז,— האָט שוין דער ערשטער גענומען מאַכן אַ פשאָרע,— אַבי ער זעט אויס ווי אַן עמעסע נעקייווע... איך זאָג אייך, יאַטן, אַז די בלוטן האָבן אַזש ביי מיר אויפגעזאָטן, דער טייוול זאָל אים נעמען!...

— וואָס זשע, כע-כע,— האָט דער אַלץ-ווייסער אַ לאַך געטאָן, — נעמט מען און מען באַשטעלט זיך אַ ראַנטקע מיט „איר”, כע-כע... טראָג אַריין אַ בוקעט בלומען, ווי עס פירט זיך בּאַ די פּריצים און...

און אַז די סצענקע האָט זיך געהאַט געענדיקט, האָט ערשט ער, דער אַלץ-ווייסער, זיך אויפגעשטעלט, מיט אָנשטעל געמאַכט אַ רעווערענס, פאַרשטעלנדיק ווי ער וואָלט „יענער שפּילערן” דערלאַנגט אַ בוקעט, און לוישן מוסטער פון אַן אָפּערעטישן העלד זיך דערקלערט אין ליבע:

— אָ, איך ליב אייך, קראַסאַוויצע, זייט מיין פרוי!...

יאַטן האָבן זיך אַזוי צעקאָכט אין די היסלייוועסדיקע אויסרופן, אַז זיי האָבן, זעט אויס, בעאייס דעב ווי פאַרגעסן, אַז אַרום זיי, אין דער זעמליאַנקע, געפינען זיך אָפיצירן און אַז דער פאָלק-קאָמאַנדיר אַליין איז אַפילע דאָ דערביי. זיי האָבן קעסיידער געוואָרפן ווערטלעך און זידלערייען, גלייך ווי גאָרניט...

דעם קאָמאַנדיר גופע האָט עס, ווייזט אויס, ניט געאַרט. ער איז זיך געזעסן גאַנץ רואיק און זיך געמאַכט ווי ער וואָלט קלוימערשט גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט. פאַרקערט: צייטנווייז האָט ער נאָך צוגעוואָרפן אַ שטילן שמייכל מיט אַ גוטמוטיקן וואונק צו די יונגערע אָפיצירן וואָס אַרום אים, אַז אויך יענע זאָלן זיך מאַכן ניט-וויסנדיק און ניט שטערן די סאָלדאַטן צו טומלען:

— זאָלן זיי קאָמאַנדעווען.— האָט ער געוויינטלעך שטיל אַ זאָג געטאָן צום קאָמאַנדיר פון דער גאַסט-ראָטע, און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, בעאייס יענער האָט קווענקלענדיק זיך גענומען פאַר אים פאַרענטפערן, פאַרוואָס זייבע סאָלדאַטן האָבן זיך עס אַזוי פאַנאַנדערגעלאָזט,— לאָזט זיי געמאַך, אַקאַקי גאַווריליאָוויטש, לאָזט זיי געמאַך... זאָלן זיי זיך לאָזן וואוילגיין...

עס איז קלאָר געווען, אַז דער קאָמאַנדיר איז ביז גאָר צופרידן געווען פונעם דאָזיקן גערויש און געטומל. נאָך אַלעמען, איז דאָך דאָס טאַקע לעכאַטכילע געווען זיין גאַנצער ציל. ער האָט דאָך טאַקע געוואָלט, אַז בעוורע זאָלן זיך פאַרשפּילן מיט עפּעס...

און בעוורע,— אַז זיי האָבן זיך דערפילט אומגעשטערט,— האָבן זיי ערשט מיט יעדער מינוט אַלץ מער געטומלט. ביים אַרונטערלאָזן

דעם פאָרהאַנג, האָבן זיי זיך ערשט גאָר פאַנאַנדערגעלאָזט. זיי האָבן געפאַטשט מיט די הענט, געטופעט מיט די פיס, געוואָרפן מיט זייערע היטלען אינדערהויך, געפייפט און געהיקעט. גוטמוטיק — אפן רוסישן ברייט־האַרציקן שטייגער — האָבן זיי איינער דעם אַנדערן געזידלט אף וואָס די וועלט שטייט, ניט מיינענדיק אַפילע קיין שלעכטס, אָדער בייז דערביי. די אָפיצירן האָבן עס שוין, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען. זיי האָבן געשמייכלט און געשוויגן, אַקוראַט ווי דער גאַנצער איניען וואָלט זיי גאָרניט אָנגעגאַנגען אַפילע...

*****

**צווישן** דעם פאָרלעצטן און לעצטן אַקט, האָט מען אַלעמען געהייסן בלייבן זיצן אף די פּלעצער. דער קאָמאַנדיר איז אַרויף אף דער סצענע און, פון דאָרט, געהאַלטן אַ רעדע צו די סאָלדאַטן. טאָג־טעגלעך — ווי פון אַ פאַפיר אַרויס — האָט ער ווידער איבערגעכאַזערט די זעלביקע ווערטער. ער האָט געזאָגט, אַז צו שטיין אין קאַמף קעגן די אויסערלעכע סאָנים פון לאַנד — איז טאַקע זייער אַ גרויסע און אַ הייליקע פליכט. די הויפּט־זאַך, אָבער, — האָט ער צוגעגעבן, — איז אָפּצוהיטן דאָס לאַנד פון די אינעווייניקסטע סאָנים, פון די „זאַבאַסטאָוושטשיקעס” און סאָציאַליסטן...

— ברידערלעך! — האָט ער געדונערט, — די דאָזיקע סאָנים פון אינעווייניק בוצן אויס די געלעגנהייט, וואָס מיר אַלע זענען אַביסל אויסגעמידט. זיי זוכן אַרויסצורופן צווישן אונדז אַן אומצופרידנהייט. אָט, — האָט ער אַ הויב געטאָן זיין האַנט, געטייטלט ערגעץ אין דער ווייט און מיט פאַטאָס אויסגעשריגן, — אָט יענע סאָנים, וואָס ווילן איבערגעבן דאָס לאַנד צו די בונטאָוושטשיקעס, — יענע אויסצוראָטן — איז ערשט טאַקע דער עמעסער פאַטריאָטישער כויוו פון יעדן איינציקן צו אונדזער לאַנד און צו אונדזער באַליבטן צאַר!...

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם פּאָנים און צוגעגעבן:

— איך האָף, דעריבער, טייערע ברידערלעך, אַז יעדער איינער פון אייך, ווי אַן עמעס־פּראַוואָסלאַוונער מענטש, ווי דעם ליבן צאַרס אַ געטרייער אונטערטאַן, — וועט דאָס נעמען אין אַכט און גלייך לאָזן וויסן זיין באַטשאַלסטווע, אויב ער וועט זיך באַר אָנטרעפן מיט אַזאַ אויסוואורף און פאַרעטער...מעלדן וועגן אים — מעג ער אַפילע זיין אַן אייגענער גוטער ברודער און אַ פריינט... יאָ, דאָס וועט זיין די

עמעסע העלדישקייט... און אַ כּוח דעם, וואָס דערמיט וועט דערפילט ווערן אַ הייליקער, פּאַטריאָטישער כּיוון,— וועט עס נאָך פאַרזעגלען פון מיר באַלוינט ווערן מיט אַ געאָרגי-קרייץ...

בעאייס זיין רעדן האָט געהערשט אַ שווער שטילשווייגן. דערפאַר אָבער, אַזוי גיך ווי ער האָט געענדיקט,— האָבן די סאָלדאַטן, לויטן באַפעל פון זייער ראָטע-קאָמאַנדיר, אויסגעבראָכן מיט אַ שטורעמדיקן הוראַ-געשריי. דערנאָך האָבן זיי זיך ערשט אויפגעשטעלט און, אַלע צוזאַמען, געגומען זינגען „באָזשע צאַריאַ כראַני”...

נאָך דער פאָרשטעלונג האָבן זיך די סאָלדאַטן-געסט פאַרנומען צוגרייטן צום יאָנטעוודיקן פליישיקן מאָלצייט, וועגן וועלכן מען האָט איבערן גאַנצן פּאָלק געריעדט מיט סליונע אף די ליפּן. אין געאייל האָבן זיך אַלע איבערגעזעצט אף די בענק — צו זעקס אין אַ גרופּע און פּאָנים צו פּאָנים — אַזוי, אַז איין באַנק, צווישן זיי, זאָל דינען פאַר אַ טיש צום עסן...

יעדע גרופּע האָט זיך אַליין באַדינט. איינער פון יעדער גרופּע איז אַוועק אף דער קיך און פון דאָרט געבראַכט פאַר זיינע יאַטן זעקס שטיקער אַלטגעבאַקענע און עטוואָס שוין צוגעשימלטע ווייסע ברויט. אַ צווייטער האָט געבראַכט אַן עמער מיט פאַרפאַרעטער, אָנגעצוקערטער טיי. אַ דריטער — אַ בעקן מיט זופּ, אָדער באָרשט, אין וועלכן עס זענען אַרומגעשוואומען צעקרישלטע פיצלעך פלייש. אַ פערטער — אַ בעקן מיט „פלאָף” — אַזאַ געמיש פון געדאַמפּטער רייז מיט שטיקלעך געבראָטענע שאָפן-פלייש און ראָזשינקעס. אַ פינפטער איז אַוועק אין קאַנצעלאַריע און פון דאָרט געבראַכט אין אַ קעסעלע אַביסל זויערלעך-מוטנעם וויין, וואָס מען האָט לעקאָוועד דעם „יאָנטעוו” אַרויסגעגעבן. דער לעצטער פון דער גרופּע, וואָס האָט ניט געהאַט וואָס צוצוגרייטן, — האָט אָבער שפּעטער, נאָכן אָפּעסן, דערפאַר געדאַרפט אָפּרייניקן דאָס פלאַץ, אויסוואַשן די קיילים און זיי צוריקטראָגן אין דער קיך.

צו אָט דער דאָזיקער „יאָנטעוודיקער” סודע האָבן די יאַטן זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַזאַ ליידנשאַפטלעכן אַפּעטיט און זשעדנעקייט, אָט אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעהונגערטע וועלף. און ניט קיין וואונדער: ווייל פאַר דער גאַנצער צייט וואָס מיר זענען געווען אפן פראָנט, ספּעציעל טאַקע די לעצטע צייט, האָט מען — אויב מען האָט ביכלאַל געהאַט געקאָכטע שפּייז — באַקומען באָרשט פון געטרוקנטע קרויט און אַמאָל עטוואָס פאַרבראָקט מיט געטרוקנט-געזאַלצענע פיש, וואָס זענען געווען פאַרשטונקען און אף וועלכע מען האָט אָפט גע-פונען אָפּגעקאָכטע טויטע ווערעם... אַנטקעגן יענער שפּייז איז אָט די

איצטיקע געווען קימאַט ווי אַן עמעס־פּריצישע. דאָס פעטס האָט זיך
מאַמעש געגאָסן איבער די לעפל אַריבער און פאַרווייקט די ליפּן...

די יאַטן האָבן געכאַפּט לעפל נאָך לעפל, געפּאַקט אין די מײַלער
אַרײַן און גיך געשלונגען. עס האָט אויסגעזען, ווי יעדער איינער פון
זיי וואָלט מוירע געהאַט, אַז אויב ער וועט זיך ביט אונטעריאָגן, —
וועט אַ צווייטער אויסכאַפּן זײַן כײליק און פאַר אים וועט בעמײלע ביט
בלײַבן אַזויפיל. אָפּט האָט דעריבער עמעצער ביגנײווע אַ וואָרף געטאָן
אַ לעפל „פלאָף" צו זיך אין דער צווייטער, פרײַער האַנט אַרײַן, און
ערשט דערנאָך, ווען אין בעקן איז שוין גאָרניט געבליבן וואָס צום
אָננעמען,— דאָס געלאַסן פאַרצערט. טאָמיד האָבן זיך דערפאַר געהערט
געשרײען און קריגערײַען, און טײלמאָל איז עס אַפילע שיר געקומען
צו קלעפּ. נאָכן עסן האָבן די יאַטן פאַרוואַשן דאָס געגליווערטע פעטס
מיט צו ביסלעך טיי, אָדער ווײַן, און דערבײַ — צווישן זיך, געלויבט
דעם קאָמאַנדיר, וואָס ער איז די לעצטע צײַט אַזוי גוט געוואָרן און
געהייסן קאָכן פאַר זיי אַזעלכע פײַנע יאָנטעוודיקע שפּײַזן...

מיר, די מוזיקאַנטן, זענען ביט געווען אַזוי זשעדנע אויפן עסן,
פּאָשעט דערפאַר, וואָס מיר, צוזאַמען מיט די „אַקטיאָרן" און „קירכן־
זינגער", האָבן יעדן טאָג מיטגעגעסן מיט דער גאַסט־ראָטע און עס
איז שוין דעריבער בײַ אונדז קײן נאָווינע ביט געווען.

דערפאַר אָבער האָבן מיר, די מוזיקאַנטן, שוין נאָכן מאָלצײַט,
זיך ערשט געדאַרפט שטעלן שפּילן פאַר די סאָלדאַטן. קעדײ אויסצופילן
דעם יאָנטעוו, האָבן מיר, אויפן אָפענעם פּלאַץ לעבן דער קאַנצעלאַריע,
פאַר שאָען לאַנג געשפּילט פרײלעכע לידער און טענץ. די סאָלדאַטן —
שוין אָנגעזעטיקטע און, דעריבער, פרײלעכע — האָבן זיך זאָרגלאָזע
צעטאַנצט און צעהוליעט. אַרום, אויפן פּלאַץ און אויף די ברעגן פון די
זעמליאַנקע־דעכלעך, האָבן זיך אויסגעזעצט די איבעריקע יאַטן און
צוגעפּאַטשט מיט די הענט, צוגעזונגען, אָדער צוגעפײַפט. אַנדערע
גרופּקעס סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אַהין און צוריק איבערן
פּלאַץ, געקנאַקט ניסלעך, אָדער קערלעך, געשמועסט צווישן זיך און
גערויכערט פּאַפּיראָסלעך, וואָס זיי האָבן דאָ, זײַענדיק בײַם שטאַב,
אײַנגעקויפט אינעם פאָלק־קרעמל.

שפּעטער צו, אַרום פאַרנאַכט שוין, האָט זיך די ראָטע פאַרנומען
אויף צוריק צו די טראַנשייען. אָבער דעמלט, ווי מען האָט געקאָנט
באַמערקן, האָט זיך צעשפּילט אַ שטאַרקע בענקשאַפט בײַ די יאַטן. עס
איז זיי אַפּאָנים גאַנץ שווער געווען זיך אַזוי שנעל אָפּצורײַסן פון
דער אײַנמאָליקער פרײלעכער יאָנטעוודיקייט, וואָס האָט דעם גאַנצן

טאָג אָנגעהאַלטן. פיל יאַטן האָבן זיך דעריבער געבעטן און אויך באַקומען דערלויבענישן באַ זייער נאַטשאַלסטווע אָף צו בלייבן ביז שפּעט אין אָונט ביים שטאַב. אַנדערע אָבער, די וואָס האָבן אַזאַ דערלויבעניש ניט באַקומען, — האָבן זיך אַליין ווי ניט איז אַזוי אַוועקגעדרייט, זיך פאַרגאַנוועט אין אַ זייט און דאָרט פאַרבליבן. אַ טייל איז געגאַנגען צו גאַסט צו פריינט און צו לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געדינט אין די פאַרשידענע קאָמאַנדעס, אָדער קאַנצעלאַריעס. אַנדערע האָבן זיך אַזוי, — פאַרבענקטע און עלנטע — אייניציקע אַליין אַרומגעדרייט אַפן באַרג־פלאַך. ווי שוואַרצע שאָטנס האָבן זיי זיך אַרומגעבלאָנקעט ביז אין דער שפּעטער נאַכט, אָדער גאָר זיך פאַרקליבן צווישן די קוסטעס און דאָרט, — ליגנדיק מיט זיך אַליין — פאַרבענקטע געקוקט צום ווייטן אויסגעשטערנטן הימל און געטראַכט און געטראַכט...

צומאָל האָט זיך דאַן פון ערגעץ, פון הינטער אַ קוסט אַרויס, — אַ טראָג געטאָן עפּעס אַזאַ מאָדנע פאַרוויינט און פאַרבענקט ליד, וואָס האָט זיך צעטראָגן מיט טרויער איבערן ברייטן פלאַץ אַרום. טיילמאָל האָט זיך פון אַן איינזאַמען פלאַץ אַ טראָג געטאָן אַ פאַרבענקטער זיפץ אַפן אַרום און ס'האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט אַזוי געבליבן הענגען אין דער אומבאַשטימטער פוסטקייט, וואַרטנדיק אָף דערלייזונג. און באַלד, טאַקע ווי אין ענטפער דערויף, האָט פון אַ צווייטער זייט זיך צעצויגן אַ שטיל־געזונגען פאָלקס־ליד, וואָס האָט זיך מאַמעש אַזוי ווי געצאַפּלט אָף וויינענדיקע סטרונעס. אַלץ אַרום איז געווען פול מיט שאַרפער בענקשאַפט און טרויער. אַפאָנים, אַז די וואַכעדיקייט פון דער טראַנשייע, וואָס האָט זיי דאָרט, אָף דער ליניע, דערוואַרט, איז געווען אַ צו שאַרפער קאָנטראַסט צו דער נאָר־וואָס איבערגעלעבטער פרייד, פון וועלכער עס איז שווער געווען זיך צו שיידן...

*****

**שווערע** מאָנאָטאָנע טעג זענען אָנגעקומען צו אונדז אין פאָלק. און כאָטש אויבנאויפיק איז ביי אונדז אינעם פאָלק אַלץ געבליבן ווי עס איז געווען פריער, איידער די הויף־דאַמע האָט אונדז באַזוכט, — האָט זיך דאָך געשפּירט אַן אומפאַרשטענדלעכע און ניט־דערקלערבאַרע ענדערונג. מאַסן סאָלדאַטן זענען עפּעס גאָר געוואָרן אַזוי ווי אָנגעבלאָזן און ברויגעז. אַ מאָדנע אומצופרידנקייט האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. אַפילו יאַטן, וואָס זענען פון סאַמע אָנהויב פון דער מילכאָמע געווען צוזאַמען, אין איין ראָטע, אָדער קאָמאַנדע, און

האָבן זיך אַפילע געהאַלטן פאַר גוטע פריינט — זענען מיטאַמאָל געוואָרן נאָר ווי פרעמדע צווישן זיך. פיל זענען געוואָרן שווייגנדיקער און צוריקגעהאַלטענער. אַנדערע זענען געוואָרן פאַרביסן און טרוקן. אַ טייל סאָלדאַטן זענען געוואָרן אַזוי פּאַטריאָטיש־פרום, אַז זיי זענען מאַמעש גרייט געווען אַרונטערצודריייען די קעפ ביי די אייגענע גוטע־ברידער, וועלכע האָבן געוואַגט אָנצעווייזן, אַז אין דער געשאַפענער פרעמדקייט זענען שולדיק די הויף־דאַמע און איר סוויטע, וואָס האָבן אונדז באַזוכט. זיי זענען גרייט געווען צו דערשטיקן יענע, וועלכע האָבן אין זייער געגנוואַרט געוואַגט אויסצורעדן אַ שלעכט וואָרט אף נאַטשאַלסטווע, אָדער כאָלילע אף דער רעגירונג. באַזונדערס זענען דאָס געווען די ביי־אויפגעקומענע געאָרגי־קאַוואַליערן פון פּאָלק; די באַבערדלטע מעיוכאָסים, און יענע, וואָס האָבן ביי זיך אין די שטיוול־כאָליעוועס אַרומגעטראָגן די געשענקטע פאָטאָגראַפישע בילדלעך פון די מיידלעך אין דער הויף־דאַמעס סוויטע.

און ווי אַ צוגאָב צו דער אָנגעצויגנקייט, איז מיטאַמאָל אויך די דיסציפּלין אינעם פּאָלק געוואָרן שווערער. מען האָט אָפּגעשטעלט אַלע קאָמאַנדיראָווקעס פון סאָלדאַטן, וועלכע פלעגן פריער פאָרן אין טיל, אף איינצוקויפן פּראָדוקטן פאַרן פּאָלק־קרעמל. מען האָט אויך מער קיינעם ניט אָפּגעלאָזט אף קיין אורלויב. יעדער טאָג איז אָנגעקומען אַ נייער פּריקאַז מיט עפּעס אַ נייעם פאַרבאָט. אָט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז ניט געקוקט דערויף וואָס עס קומען ניט פאָר קיין שלאַכטן, זאָל פונדעסט־וועגן קיין איינציקער סאָלדאַט ניט וואַגן צו פאַרלאָזן די טראַנשייע אָן דער דערלויבעניש פון פעלדפעבעל, אָדער זוואָדנעם. אַפילע אין די קאָמאַנדעס, וואָס אַרום דעם שטאַב, — אויך דאָס זעלביקע. מען האָט פּלוצים אויפגעהערט צו לאָזן די סאָלדאַטן, ווי געוויינטלעך, צוגיין צום פּאָלק־קרעמל, איינצוקויפן מאַכאָרקע און די אַנדערע קליייניקייטן. אָנשטאָט דעם האָט מען איינגעפירט, אַז יעדער סאָלדאַט, אויב ער האָט געוואָלט עפּעס קויפן, האָט ער וועגן דעם אינדערפרי געדאַרפט לאָזן וויסן זיין פעלדפעבעל און אים געבן געלט דערויף. יענער האָט אַלץ פאַרשריבן אף אַ צעטל און צוגעשיקט צום קרעמל צוויי סאָלדאַטן, וואָס האָבן שוין איינגעקויפט פאַר אַלעמען אין דער ראָטע...

און ווי דאָס אַלץ צו דערגאַנצן, — איז אַרויס אַ באַפעל איבערן פּאָלק, אַז מען זאָל אין יעדער ראָטע, פונקט ווי אין אַלע קאָמאַנדעס, שאַרף און געטרוי זען דורכצוקאָנטראָלירן די סאָלדאַטן צו דריי מאָל יעדן טאָג, אָנשטאָט די געוויינטלעכע צוויי מאָל, אינדערפרי און אין אָוונט, קעדיי צו פאַרהיטן די סאָלדאַטן פון אַ העפקערדיקן אַוועקגיין. פאַר אַן

אומדערלויבטן אַוועקגיין, אַפּילו בלויז צו די סאַניטאַר-גריבער אינעם דערבייאיקן וועלדל,— האָט מען באַשטראָפט מיט צו שטיין עטלעכע שאָ אונטער ביקס. גאָר אַ שטרענגער אָנזאָג איז געגעבן געוואָרן צו די פראָנט-ליניעדיקע, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן צו אַריבערגיין מער ווי פינף טריט אין פּאָדויס פון דער טראַנשייע, סיידן בלויז אין אויסשפּיר, אָדער אין קאַראַאול-באַשטימונגען. מיט טויט-שטראָף האָט מען געדראָעט, אויב מען וועט עמעצן כאַפּן ביים אַרונטערגיין צום טייכל, צווישן די פּאָזיציעס, נאָך וואַסער, און רעדן, אָדער באַווערן זיך מיט אַ טערקישן סאָלדאַט. עס איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן צו רעדן, דערציילן, אָדער איבערגעבן געהערטע קלאַנגען, וואָס האָבן אַפּילו געמעגט זיין עמעסע, נאָר וואָס זענען נאָך ניט אָפּגעדרוקט געווען אין טעגלעכן פּאָלק-פּריקאַז. אין פּאָלק איז איבער דעם גלייך געוואָרן אַזאַ צושטאַנד, אַז איינער פאַרן צווייטן האָט מוירע געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אָדער — ווער שמועסט נאָך — כאָלילע אַרויסווייזן די מינדסטע אומצופרידנהייט. אומבאַוואוסט ווי אַזוי און דורך וועמען, איז אַלץ גלייך אָפּגעטראָגן געוואָרן צו נאַטשאַלסטווע. עס איז געוואָרן אַזוי שטרענג, אַז עס איז פּאָשעט שווער געווען זיך אויסצעהיטן פון אַריינצופאַלן, און נאָך שווערער זיך אַרויסצעדרייען פון שטראָף...

אַ שטיקל גליק איז בלויז געווען פאַר אונדז, וואָס צוזאַמען מיט דעם האָט זיך עפּעס גענומען מערקן, אַז די אָפיצירן פונעם שטאַב האָבן לעצטנס אָנגעהויבן אויסצומיידן פון צו באַווייזן זיך איבער די אָוונטן אפן באַרג און ביכלאַל ווי געהיטן זיך פון צו באַגעגענען זיך מיט די סאָלדאַטן אין דער פינצטער. דאָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. מען האָט געפילט, אַז דאָס איז ניט בעכינעם און אַז עפּעס קומט אַוואַדע ערגעץ פאָר...

סאָלדאַטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון טיל — פון שפּיטאָל, אָדער פאַרשפּעטיקטע קאָמאַנדיראָוקעס, זענען געווען מאָדנע סוידעסדיק. אַז מען האָט אַזעלכן געפרעגט, וואָס עס הערט זיך עפּעס אין טיל, — האָט ער, געוויינטלעך אויס מוירע, ניט געוואָלט ענטפערן. עס איז אָבער דאָך געלונגען זיך בעסאָד צו דערוויסן, אַז עפּעס רודערט זיך אין טיל; אַז דאָ און דאָרט זענען פאָרגעקומען סטרייקן מיט אומרועןָ, און אַפּילו אַן אָפענע אַרויסטרעטונג פונעם פאָלק קעגן דער פאַרשלעפּטער מילכאָמע און קעגן דעם הונגער און יאַקרעס...

ביי אונדז אין דער זעמליאַנקע איז פונדעסטוועגן קימאַט אַלץ אָנגעגאַנגען ווי אַמאָל. וואָס-וואָס — נאָר קאָרטן-שפּיל, דערצו נאָך אָן געלט — איז ניט געווען פאַרבאָטן. פלעגט מען זיך טאַקע אָפּט

אַוועקזעצן שפּילן, אָבער עס איז שוין גאָרניט געווען דאָס אַמאָליקע ראַשיקע צוזאַמענקומען. און אויב מען איז זיך שוין יאָ צונויפגעקומען אף אַ קערטל — איז יעדער איינער געזעסן שטיל און קיין איבעריק וואָרט ניט אַרויסגערעדט, — שוין אָפּגערעדט פון זינגען אַ לידל ווי אַמאָל. איינער האָט געקוקט אפן צווייטן מיט אומצוטרוי און כשאַד. עס האָט אַלץ אויסגעוויזן, אַז מען שפּיאָנירט אונדז נאָך. גריגאָריעוו, דער עלצטער פון דער טעלעגראַפּיסטן־קאָמאַנדע, פלעגט טאַקע זעלטן אַריינקומען צו אונדז, אָבער דערפאַר האָט ער בײַ יעדן מאָל אַריינקומען זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און זיך מאָדנע איבערגעוואָרנקען אָדער מיט דאַווידאָוון, אָדער מיט גרישובינען, און דערבײַ אַזוי גוטמוטיק, אָבער באַדייטינגספול אונטערגעשמייכלט:

אָבער בלויז אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אויך דאָס איבערגע־ריסן געוואָרן. אַלע יעדיעס און מעלדונגען, וואָס די טעלעגראַפּיסטן פלעגן פון צייט צו צייט פריער איבערגעבן אין קאָמאַנדע — זענען עפּעס ווי מיט אַ מעסער איבערגעשניטן געוואָרן. זעלטן ווען עמעצער פון זיי איז שוין בּיכלאַל אַריינגעקומען צו אונדז. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך געהיטן פאַר עמעצן אין דער קאָמאַנדע. איבּער דעם, פונקט ווי איבער דער אָנגעצויגן־שווערער דיסציפּלין, — זענען מיר אין קאָמאַנדע אַרומגעגאַנגען אומעטיקע און מיט שווערע געמיטער. עס האָט זיך געפילט, ווי אין דער לופטן וואָלט געהאנגען אַן אומזעבּאַרע און שאַרפע שווערד, וואָס איז גרייט זיך אַרונטערצולאָזן אפן קאָפּ. קיינער האָט ניט געוואוסט ווי און מיט וואָס דאָס צו דערקלערן. עס האָט זיך בלויז געפילט איין זאַך: אַז עפּעס קומט ערגעץ פאָר. דער נייגיר האָט דעריבער מאַמעש געפרעסן דעם מויעך און דער אומגעדולד האָט שיר געטריבן צו מעשוגאַאַס. קלאָר איז געווען, אַז אויב די דאָזיקע אומבאַשטימטקייט וועט אָנהאַלטן אַביסל לענגער, וועט מען טאַקע פּאָשעט פונעם זינען אַרונטער...

*** סאָף פון צווייטן טייל ***

1) די זון גייט אויף און גייט אונטער —— געלאַסן



2) די בערעזע —— מאַרש־טעמפּאָ



3) עך, פאַרוואָס יענע נאַכט —— מעסיק



4) ביסטו מיט מיר —— לעבעדיק



5) כ׳בין געווען —— מעסיק




6) ווער עס קאָן גאַנווענען —— מעסיק



7) ס׳האָט דער גאַלעך —— לעבעדיק



8) ס׳וואַיען ווינטן — פּאַמעלעך



9) סאָלאָוועי — מאַרש־טעמפּאָ



10) קאָרבאָנעס געפאַלן — פּאַמעלעך



11) די דובינקע — מעסיק




12) אין קוזניע — מאַרש־טעמפּאָ

